# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

■

אָרגאַן פון שרײַבערפאַרבאַנד פון ססר

■

דערשײַנט פון 1961

■

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

10

אָקטיאַבער

1987

# אינהאַלט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער (**שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר**),

ש. גאָרדאָן, ט. גען,

א. טווערסקאָי, נאָטע לוריע,

ב. מאָגילנער, ב. מילער,

כ. מעלאַמוד, ה. פּאָליאַנקער,

י. שוסטער (**פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר**), י. שרײַבמאַן

# איבערבויונג און זיטלעכקייט

## אַרויסטרעטונג פֿונעם מיטגליד פֿון דער פּאָליטביוראָ, סעקרעטאַר

## פֿון צק קפּסס א. נ. יאַקאָוולעוו אויפֿן פּאַרטאַקטיוו

## אין דער שט. קאַלוגע דעם 14 יולי 1987

די פּלענומס פֿון צק קפּסס אין מאַרט און אין אַפּריל 1985 האָבן באַצייכנט אַ קאַרדינאַלן איבערבראָך אינעם לעבן פֿון דער פּאַרטיי און פֿונעם לאַנד. פֿון זיי האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרינציפּיעל נײַער עטאַפּ פֿון דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג, וועלכער איז אָנגעצילט אויף צו דערגרייכן אַ נײַעם קוואַליטאַטיוון מאַצעוו פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט. זיי האָבן געעפֿנט מעגלעכקײַטן אויף צו לייזן גרינטלעכע פֿראַגן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער איבערבויונג, פֿון סאָציאַליסטישן פּראָגרעס אויף די הויפּט־ריכטונגען פֿונעם לעבן. סײַכל און מאָראַל, מויעך און געוויסן, געזונטער פֿאַרשטאַנד קעמפֿן אויף אַ פּאָזיציע נאָך אַ פּאָזיציע, אַרויסטרעטנדיק אַלס מעכטיקע הייבערס פֿון די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען.

דער XXVII צוזאַמענפֿאָר פֿון קפּסס האָט פֿאַרפֿעסטיקט דעם אַפּריל־קורס, אויסגעאַרבעט אַן אַלזײַטיקע פּראָגראַם פֿון פֿאַרשנעלערן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פֿונעם לאַנד, אַ פּראָגראַם, וואָס איז געוואָרן פֿאַר דער פּאַרטיי, פֿאַר די אַרבעטנדיקע אַ יעסוידעסדיקע.

איר טאַך איז אין דעם, עס זאָל קאָנסעקווענט און ציל־געווענדט באַגרײַפֿט ווערן דאָס אויפֿגעטאָנענע און באַזײַטיקט ווערן אַלץ, וואָס האַמעוועט די אַנטוויקלונג פֿונעם סאָציאַליזם, וואָס עס איז געוואָרן אַ רעזולטאַט פֿון ניט לײַכטע אָביעקטיווע אומשטאַנדן אָדער פֿון גראָבע סוביעקטיווע פֿעלערן, פֿון ניט־גענוגנדיקן טעאָרעטישן וויסן אָדער פֿון אויפֿריכטיקע פֿאַרבלאָנדזשענישן, פֿון ניט־קענען אָדער פֿון ניט־וועלן באַצײַטנס באַפֿרײַען זיך פֿון זיי, זען די לעבנס־רעאַלקײַט אין אַלע זייערע קאָמפּליצירטקײַטן און ווידערשפּרוכן און בויען די פּאָליטיק אויפֿן גרונט פֿון זייערע וויסנשאַפֿטלעכע אָפּשאַצונגען.

דער טאַך פֿון דער פּלאַטפֿאָרם פֿונעם XXVII צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּאַרטיי איז, ווײַטער, אין דעם, אַז די פּאָליטיק און די פּראַקטיק זאָלן אַנטשיידן אויסגעקערעוועט ווערן צום מענטשן אַזוי, אַז דער מאַטעריעלער פּראָגרעס זאָל ניט דערגרייכט ווערן מיט דער פּרײַז פֿון מאָראַלישע און זיטלעכע פֿאַרלוסטן, אַז יעדער טראָט, יעדער טאַט זאָל קאָנטראָלירט ווערן דורך הויכע אידעאַלן פֿונעם סאָציאַליזם.

דער טאַך פֿון דער פּלאַטפֿאָרם פֿונעם XXVII צוזאַמענפֿאָר פֿון קפּסס איז אויך אין דעם, אַז די פֿאַרשנעלערונג פֿון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַן אויפֿדעקונג פֿון נײַע מעגלעכקײַטן פֿונעם סאָציאַליזם דורך נײַע מעגלעכקײַטן פֿון דעם מענטשן.

די צוויי לעצטע פּלענומס פֿון צק — אין יאַנוואַר און אין יוני — צילן אָן אויף דעם, אַז די פּאַנאַנדערגעאַרבעטע אידייִש־טעאָרעטישע פּלאַטפֿאָרמע זאָל איבערגעפֿירט ווערן אויף דער שפּראַך פֿון פּראַקטישע האַנדלונגען און דערמיט פֿאַרטיפֿערן די פּראָצעסן פֿון רעוואָלוציאָנערע איבערגעשטאַלטיקונגען.

דער יאַנוואַר־פּלענום פֿון צק האָט אויפֿגעשטעלט אין צענטער די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע

---

ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט אין אַן אויסלייג.

אַלס נייטיקן באַדינג פֿון דער ווײַטערדיקער לעבנספֿעיִקער אַנטוויקלונג. וועגן וואָס גייט אַ רייד? וועגן דעם, אַז אַף וויפֿל דער סאָציאַליזם ווערט געבויט פֿאַרן פֿאָלק, דאַרף אים טאַקע דאָס פֿאָלק שאַפֿן. וועגן דעם, אַז מע דאַרף אַף אַ רעוואָליוציאָנערן אויפֿן מאַכן אַ סאַך צו דער פּראַקטיק, ווען אײנע האָבן בלויז הערשעריש געפּריידיקט און אַנדערע האָבן האַכנאָעדיק אויסגעהערט. באַם סאָציאַליזם קאָן מען ניט דולדן אַזאַ לאַגע, ווען מענטשן ווערן אָפּגעווײַטערט פֿון לייזן די עיניאָנים פֿון דער מעלוכע, פֿון דער געזעלשאַפֿט, פֿונעם קאָלעקטיוו. דאָס איז ניט סאָציאַליזם, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז פֿרעמד זײַנע פּרינציפּן.

די באַשלוסן פֿונעם יון־פּלענום האָבן ווי פֿאַרענדיקט דאָס באַשטימען דעם פּראַקטישן אינהאַלט פֿון דער איבערבויונג, דאָס שאַפֿן דעם אָרגאַניזאַציאָנעל־פּאָליטישן פֿונדאַמענט פֿון דער פֿאַרשנעלערונג.

די איבערבויונג איז אַרײַן אין אונדזער טאָגטעגלעכקײַט, געוואָרן איר אומאָפּנעמבאַרער טייל. אַרײַן איז זי ניט פֿראָסט און ניט פֿאַראַדנע. זי האָט געבוירן ניט בלויז ענטוזיאַזם און האָפֿענונג, נאָר אויך ווידערשפּרוכן, וועלכע שטרײַכן אונטער די טיפֿקײַט פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע פּראָצעסן, זי דערמוטיקט צו לעבן און צו אַרבעטן געוויסנהאַפֿט, קומט בײַ די פּאַסיווקײַט און דעם גלײַכגילט. זי הייבט אויף ניט ווייניק שווערע, אומאָנגענעמע, צומאָל אַפֿילו ווייטיקלעכע פֿראַגן, נאָר באַגײַסטערט מיט די פּערספּעקטיוון.

ניט אומעטום האָט די איבערבויונג זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אין דער פֿולער קראַפֿט. ס'לאָזן זיך פֿילן סײַ די שוועריקײַטן פֿונעם איבערגאַנגס־פּעריאָד, סײַ די טאָרמאָזירנדיקע קראַפֿט פֿון אינערציע און קאָנסערוואַטיזם, סײַ פֿיל אַנדערס. און פֿונדעסטוועגן זײַנען פּאָזיטיווע רעזולטאַטן באַשײַמפּערלעך — סײַ מאַטעריעלע, סײַ אויך מאָראַליש־פּאָליטישע. אַפֿילו פֿאַרביסענע סקעפּטיקער קאָנען נישט ניט זען, אַז אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַרפֿעסטיקט זיך אַ דעמאָקראַטישע אַטמאָספֿער פֿון עפֿנטלעכקײַט, אָפֿנקײַט, פֿרײַהײַט, מענטשלעכקײַט. דערמיט ווערט רעאַליזירט דער פּאָטענציאַל פֿון דער סאָציאַליסטישער מאָראַל, עס קומט דאָס באַגרײַפֿן, אַז ס'איז נייטיק, ס'איז נויטווענדיק דרינגענדיק אָפּצושאַצן אַף אַ נײַעם אויפֿן די באַדײַטונג פֿונעם מאָראַלישן פֿאַקטאָר — סײַ אין די קאַוואָנעס, סײַ אין די טאָטן.

פֿאַרוואָס האָט זיך הײַנט אַרויסגעוויזן אַזוי שאַרף די נייטיקײַט פֿון רעוואָליוציאָנערע איבערגעשטאַלטיקונגען אין אַלע ספֿערן פֿון דער געזעלשאַפֿט? פֿאַרוואָס האָט אַזוי באַדײַטנדיק זיך דעפֿאָרמירט די מאָראַל? פֿאַרוואָס האָט די רויִנירנדיקע קליינבירגערלעכקײַט אײַנגעפֿלאַנצט ספּייקעס אין דער עצם מעגלעכקײַט צו לעבן ערלעך און אַרבעטן געוויסנהאַפֿט?

די דאָזיקע פֿראַגן שטעלן לאַכלוטן ניט אונטער אַ סאָפֿעק דעם הומאַניזם פֿון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג. ער האָט דערוויזן זײַן היסטאָרישע מענטשלעכקײַט שוין אַליין מיטן אַראָפּוואַרפֿן די אַלטע סיסטעם פֿון אומגערעכטיקײַט און עקספּלואַטאַציע. נאָר דער שווערער גורל פֿון די ערשטע בויער האָט ניט געגעבן קיין צײַט זיך אַרומצוקוקן אַרום זיך און אַף הינטן, ער האָט אונטערגעײַלט מיט דער דערוואַרטונג פֿון קומענדיקע אויספֿרווון. די באַרעכטיקטע אַרכי־אויפֿגאַבע פֿון דערגרייכן אַן עקאָנאָמישע מעכטיקײַט האָט אומבאַרעכטיקט פֿאַרקוועטשט אונטער זיך די סאָציאַלע ספֿערע, און די פֿײַנטלעכקײַט פֿון דער אַרומיקער וועלט, די עקסטרעמקײַט פֿון דער פֿאַרמילכאָמעדיקער לאַגע האָבן געגעבן אַ מעגלעכקײַט צו באַרעכטיקן די פּאָליטישע דעפֿאָרמאַציע פֿון דער פּראַקטיק, אַזש ביז פֿאַרברעכנס פֿאַרן סאָציאַליזם.

די רודימענטן פֿון אַזאַ סאָרט לאָגיק אין די מיינונגען און אין דער פּראַקטיק האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר לעבנספֿעיִקע. די צײַט האָט זיי טראַנספֿאָרמירט, נאָר די דאָמינירנדיקע ווירקונג פֿונעם טעכנאָקראַטיזם האָט טראָט נאָך טראָט דערפֿירט דערצו, אַז אין די מיטלען צו דערגרייכן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע צילן איז אַלץ אָפֿטער אויסגעמיטן געוואָרן דער מענטש, און נאָך מער — ער אַליין האָט אָנגעהויבן מערקבאַרער אַרויסטרעטן אַלס מיטל, האַגאַם אינדערעמעסן איז ער פֿאַרבליבן דער ציל. דער דאָזיקער פּראָצעס איז טאַקע געוואָרן די סיבע פֿון פֿיל זיטלעכע דעפֿאָרמאַציעס.

דאָס לעבן האָט שאַרף און אײַנגעשפּאַרט דערמאָנט: פּאָליטישע און עקאָנאָמישע דערפֿאָלגן זײַנען היסטאָריש איבערגייענדיק. אייביק איז דער מענטש און ניט איבערגייענדיק זײַנען זײַנע זיטלעכע ווערטן. זײַן לעבן, זײַנע פֿריידן און דײַגעס, האָפֿענונגען און אַנטוישונגען, זײַן גלויבן און די ספּייקעס, האַקלאָל, אַלץ, וואָס עס דריקט אויס דעם טאָך פֿונעם מענטשנס קיִעם. דאָס איז שיִר ניט דער גאַנצער ספּעקטער פֿון פֿאַרהאַנאָכעס פֿון אַ געזונטער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. די שטוב און די מישפּאָכע. דאָס היימלאַנד און דאָס פֿאָלק. די פֿרײַהײַט און דער כויוו. די ערלעכקײַט, אָנשטענדיקײַט און גערעכטיקײַט. די פֿרידלעכקײַט, מענטשלעכקײַט און גרויסמוט. די מוטיקײַט, טרײַהײַט און מעסירעסנעפֿעשדיקײַט. די ליבע, פֿרײַנטשאַפֿט און אומייגננוץ. די נאַטור, דאָס ברויט און דאָס וואַסער. דער גרויסער ציל, דאָס דערהויבענע וואָרט און דער גרויסער טאַט. די אַרבעט און די שאַפֿונג. דער סייכל און דער טאַלאַנט. און אַזוי ווײַטער.

אין צענטער פון דער גאַנצער אַרבעט הײַנט — טאַקע פון דער גאַנצער, און ניט דער צעטײלטער אויף כאַלאָקים — דאַרפן שטײן סאָציאַל־גײַסטיקע, מאָראַלישע כאַראַקטעריסטיקעס פון דער געזעלשאַפט און פונעם מענטשן. נאָר דאָס באַטײַט, אַז אַ באַליביקע געשטרויכלטקײַט אין דער געזעלשאַפטלעכער זיטלעכקײַט דאַרף אַרויסרופן אַן אַלאַרם־סיגנאַל וועגן פעלערן אין דער פּאָליטיק — דער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער, קולטורעלער.

אויב עס ווערט געזאָגט אײנס, נאָר עס ווערט געטאָן עפּעס אַנדערש, קאָן מען ניט האָבן קײן דערפאָלג, ווײַל עס ווערט געבראָכן אײנער פון די גרונט־פּרינציפּן פון דער מאָראַל, פון דער פּאָליטישער ערלעכקײַט.

אויב צוליב באַלעבאַטעווען מיט מאַקסימאַלער נוץ פאַר דער געזעלשאַפט זײַנען די טוער געצווונגען צו כיטרעווען, זיך אויסדרייען, זיך פאַרנעמען מיט קאָלעריי „פּאַקוסן“ בענעגייע די צײַגערס, הייסט עס, אַז עס זײַנען פון לאַנג רײַף געוואָרן און עס קלאַפּן אין טיר איבערגעשטאַלטיקונגען אין דער עקאָנאָמיק, ווײַל די סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק קאָן ניט, האָט ניט קײן רעכט צו זײַן אַמאָראַליש.

אויב אין דער קולטור, קונסט, וויסנשאַפט, פּובליציסטיק, פּעדאַגאָגיק, מעדיצין וואַקסט יאָרנלאַנג און אין מעשער פון צענדליקער יאָרן די גרויקײַט, מיטלמעסיקײַט, אומפּרינצעפּלעכקײַט צו דעם, וואָס עס איז ווירקלעך נאָוואַטאָריש, טאַלאַנטפול, אײגנאַרטיק, — הייסט עס, אַז עס ווערט געבראָכן די סאָציאַליסטישע מאָראַל.

און דער ענדלעכער טאָך פון די איבערגעשטאַלטיקונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אַפּרעל, באַשטייט, פונעם שטאַנדפּונקט פון דער פּערספּעקטיוו, אין אופשטעלן די מאָראַלישקײַט אומעטום און אין אַלץ ווי אַ פעסטע לעבנס־נאָרמע, פּאַרפּעסטיקן איר באַדײַטונג אין דער פּראַקטיק. אין אויסוואָרצלען ניט בלויז באַזונדערע פאַלן און רעצידיוון פון צוויִעס, שעקער, נידערטרעכטיקײַט, אומאָנשטענדיקײַט און דעסגלײַכן, נאָר אויך אין באַזײַטיקן אַלץ, וואָס געבירט און שטיצט זיי ווי דערשײַנונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דעריבער איז לאָגיש יענער הויכער מאָראַלישער אָנגלי, וועלכע ס'האָבן באַקומען אין די לעצטע צוויי יאָר די קריטישע אַרויסטרעטונגען אויף פּאַרטײַישע און אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, אויף דאָרפישע סכאָדן, אין די מיטלען פון מאַסן־אינפאָרמאַציע, אַן אָנגלי, וועלכער איז ניט פאַר יעדערן געוויינלעך און באַקוועם, וועלכער שרעקט, אָפּן גערעדט, אײניקע מיט זײַן ענערגיע, מיט דער אינערלעכער קראַפט, נאָר ער גיט אויך אויסלײַטערונג, וואָס עס איז אַזוי נייטיק הײַנט.

קריטישע אַרויסטרעטונגען דאַרפן אָפּגעשאַצט ווערן לויט אײן און בלויז לויט אײן קריטעריִ: צי אַנטשפּרעכן זיי דער ווירקלעכער זאַכלאַגע. יאָ, פאַר די לעצטע צוויי מיט אַ האַלבן יאָר איז געזאָגט געוואָרן ניט ווייניק ביטערס. נאָר אַלץ, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן, איז עמעס. מ. ס. גאָרבאַטשאָווס פאַרטראָגן אויף די פּלענומס פון צק אין אַפּרעל 1985, אין יאַנוואַר און אין יוני 1987, אויפן XXVII צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי זײַנען ניט בלויז כאַראַקטעריסטיש מיט זייער מאַקסימאַלן רעאַליזם, נאָר מיטן פּאָליטישן מוט, זיי זײַנען דורכגעדרונגען מיט אָפּבריִענדיקן, נאָר אויך אויסלײַטערנדיקן עמעס. און אויב הײַנט ברעכט אָט דער עמעס די געוויינלעכע רויִקײַט און דעם גײַסטיקן קאָמפאָרט, איז עס בלויז דערפאַר, וואָס צו לאַנג האָבן מיר אים געהאַלטן ווי „אין־זיך“, אינוועייניק. צופיל האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזוינס, וועגן וואָס מע האָט געדאַרפט ריידן מיט אַ הויך קאָל נאָך מיט 10, 20 און 50 יאָר צוריק.

פאַרשטייט זיך, די אַטמאָספער פון דעמאָקראַטיזם, עפנטלעכקײַט, וועלכע גלידערן זיך אײַן אין לעבן, האָבן אין זינען אַ הויכע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פון דער פּערזענלעכקײַט. די דערפאַרונג פון די לעצטע צוויי יאָר האָט באַוויזן, אַז די קריטישע איבערבאַזיניקונג פון די אייגענע מײַסים — פון אויבן ביז אַראָפּ — איז אַ נאָרמע פון דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע. אַזאַ וועט זי אויך פאַרבלײַבן. און ס'איז צײַט צו גויוער זײַן די נאַטשאַלסטווענע און ניט־נאַטשאַלסטווענע אַלערגיע אויף קריטיק.

נאָר אומשטרײַטבאַר איז אויך דאָס אַנדערע: אַלע אַרויסטרעטונגען דאַרפן זײַן וואָרהאַפטיקע, ערלעכע, פאַרינטערעסירטע אינעם טאָך פון דער זאַך. דאָס איז אויך דער וויכטיקסטער אַספּעקט פון זיטלעכקײַט.

מע קאָן זאָגן, אַז צווישן אַפּרעל 1985 און יאַנוואַר הײַנטיקס יאָר איז פאָרגעקומען אונדזער קאָלעקטיווער אומקער צום עמעס. און אַן אופגאַבע שטייט אַצינד אַ צווייענדיקע.

ערשטנס, פאַרוואַנדלען אַזאַ צושטאַנד אין אַן אומבאַדינגטער לעבנס־נאָרמע. פאַרנעמען צוליב דעם אַלע נייטיקע שריט אין סאָציאַלע פראַגן, דערציִונג, אידעאָלאָגישער אַרבעט, פּאָליטישער פּראַקטיק — אומעטום און אין אַלץ. צווייטנס, ניט בלויז וויסן און זאָגן דעם עמעס, זיך דערשלאָגן, אַז לעבן און אַרבעטן געוויסנהאַפט זאָל ווערן אַ פעסטער קלאַל, און ניט קײן לאָזונג־רוטינע.

די ענדערונגען אין די לעצטע יאָרצענדליקער זײַנען אַזוי גראַנדיעז, אַז זיי פֿאָדערן אַן אָביעקטיוון אַנאַליז, אָן דאָגמאַטישע פֿאָרורטיילן, זיי פֿאָדערן דרייסטע אויספֿירן און לייזונגען, וועלכע עס דיקטירט די קאָנקרעטע היסטאָרישע אומגעבונג.

אַף אַ געוויסער סטאַדיע פֿון אונדזער אַנטוויקלונג האָבן מיר זיך, אַזוי צו זאָגן, „צוזאַמענגעשטויסן" מיט אַקשאָנעסדיקע פֿאַקטאָרן פֿון אויסער־עקאָנאָמישן כאַראַקטער: אין דעם, וואָס עס טוט זיך אין דער סאָציאַלער ספֿערע — וווינונגען, דערנערונג, סכוירעס פֿון פֿאָלקס־געברויך, געפֿעליקײַטן, געזונט־פֿאַרהיטונג, בילדונג; אין דעם, מיט וואָס פֿאַר אַ שטימונג עס לעבן און מיִען זיך די מענטשן; אין דעם, אַף וויפֿל עס זײַנען אַנטוויקלט אָדער שטייען אָפּ די שכייניעסדיקע מיט דער עקאָנאָמיק ספֿערן: די סאָציאַלע און מאַטעריעלע אינפֿראַסטרוקטורן. די דאָזיקע פֿאַקטאָרן האָבן אויפֿגעהערט צו זײַן נאָכגיביקע צו ריין טעכנאָקראַטישע לייזונגען. אין טאָך האָט באַוויזן איר „כאַראַקטער" גראָד די מאָראַלישע ספֿערע: דורך דעם, וואָס עס איז געפֿאַלן דער פּרעסטיזש פֿון ערלעכער, פּראָדוקטיווער און קוואַליטאַטיווער אַרבעט, דורך גלײַכגילטיקײַט און סאָציאַלער אַפּאַטיע, דורך דעפֿאָרמאַציע פֿון די זיטן.

דאָס לעבן האָט דערמאָנט דעם, צום באַדויערן, פֿאַרגעסענעם עמעס: אַ באַליביקע ווירטשאַפֿט פֿירט זיך אין לעצטן סאַכאַקל צוליב דעם מענטשן, צוליב זײַן וווילזײַן, און ניט צוליב עפּעס אַנדערס. און אויב זי הייבט זיך אָן דרייען אַרום זיך אַליין, ווערט פֿאַרצויגן מיט דער מאַגיע פֿון ציפֿערן, אין סטירע צו דער געזעלשאַפֿטלעכער נוץ, צאָלן איר די מענטשן אויך מיט דער זעלבער מאַטבייע.

אַ פּרינציפּיעלער שליסל צו פֿאַרשטיין און באַהערשן דאָס נײַע דענקען, די נײַע צוגאַנגען — סײַ אין דער טעאָריע, סײַ אויך אין דער פּראַקטיק — איז וויסנשאַפֿטלעך פֿאַרשטיין די ווידערשפּרוכן באַם סאָציאַליזם. דאָס איז ניט קיין אַבסטראַקציע פֿון „הויכער פֿילאָסאָפֿיע". ניטאָ קיין מער קאָנקרעטס, קיין מער פּראַקטישס, איידער אָט די פֿראַגע.

אַן און פֿאַר זיך איז די עקזיסטענץ פֿון פּראָבלעמען און די קעגנזײַטיקע ווירקונג פֿון ווידערשפּרוכן אַ נאָרמאַלע לעבנס־סיטואַציע. אומנאָרמאַל איז געווען דאָס, וואָס אין מעשך פֿון אַ דויערנ־שפּרוכן דיקער צײַט האָט די אָנזאַמלונג פֿון פּראָבלעמען איבערגעשטיגן די טעמפּן פֿון זייער לייזונג. טאַקע דאָס רופֿט אַרויס די נויטווענדיקײַט צו שאַפֿן פֿעסטע באַריערן קעגן דער טאָרמאָזירנדיקער זעלבסטפֿאַרבלענדעניש, אָנעמען די סאַמע שטרענגע מאָסמיטלען, קעדיי אין באַגרענעצטע טערמינען צעשאַרן די אָנוואַלגערונגען, וועלכע האָבן זיך אויסגעבילדעט, אַראָפּוואַרפֿן די לאַסט, וואָס ציט אַף אַראָפּ און צווינגט זיך צעצאָלן פֿאַר דעם, וואָס עס איז ניט דערטאָן געוואָרן נעכטן און אייערנעכטן. אייגנטלעך באַשטייט טאַקע אין דעם דער טאָך פֿון דער פֿאַרשנעלערונג, איר, אויב איר ווילט וויסן, פּראַקטישער אַספּעקט.

פֿיל מענטשן ריידן איצט גערן וועגן דעמאָקראַטיע, עפֿנטלעכקײַט, איבערבויונג בכלל, נאָר זיי טוען פּראַקטיש גאָר ווייניק פֿאַרן טריומף פֿון די דאָזיקע פּרינציפּן. אויב פֿריִער פֿלעג אָפֿן באָדן פֿון דעם אײַנרײַס צווישן וואָרט און טאַט געבוירן ווערן ציניזם, ווערט איצטער געבוירן אַ סאָציאַלפּאָליטישע מימיקריע. אין עפּעס־וואָס איז זי קרוביש מיט קליינבירגערלעכקײַט, וועלכע איז מאַקסימאַל רעוואָליוציאָנער ביז דער רעוואָליוציע און פֿאַלט אַרײַן אין פּאַניק און מאָרעשכוירע, ווען די רעוואָליוציע ברעכט אויס. אָט דער מין מימיקריע, דער אײַנרײַס צווישן דער פֿילאָסאָפֿיע פֿון איבערבויונג און איר פּראַקטיק, איז אַן ערנסטער, טאָרמאָזירנדיקער פֿאַקטאָר, וואָס אַף צו בײַקומען אים פֿאָדערן זיך מאָסמיטלען סײַ אַף אַנטוויקלען די טעאָריע, סײַ אַף איבערפֿירן די טעאָריע אַף דער שפּראַך פֿונעם לעבן, קעדיי דאָס לעבן זאָל זי קאָנטראָלירן, באַפֿרײַען פֿון סכאָלאַסטיק.

מע דאַרף ערנסט, גרינטלעך פֿאַנאַנדערוויקלען דעם טעאָרעטישן פּראָנט פֿון דער איבערבויונג, און צוליב דעם — צוליב ליקווידירן די דאָגמאַטישע סעקטאַנטסטווע, פֿאַרפֿעסטיקן דעם טעאָרעטישן יעסאָד — קוידעם־כּאָל דערציִען אַ קולטור פֿון דיסקוסיעס, סײַ פֿון וויסנשאַפֿטלעכע, סײַ פֿון געזעלשאַפֿטלעכע.

די פּאַרטיי האָט געשטעלט נאָכן אַפּרעל־פּלענום די אויפֿגאַבע בײַצוקומען אַלץ, וואָס איז שוין פֿאַרעלטערט, פֿאַרגליווערט, קאָנסערוואַטיוו. אין וואָס באַשטייט דער העכסטער זין פֿון דער דאָזיקער אויפֿגאַבע? ניט פּאָשעט אין פֿאַרבײַטן איצטער, הײַנט מיט נײַעם דאָס, וואָס טויג ניט, און דערנאָך אַרײַנפֿאַלן אין זעלבסטבאַרויִקטקײַט. אַזעלכע בײַשפּילן זײַנען געווען. איין גרופּע מענטשן האָט פֿאַרביטן אַן אַנדערע, דערבײַ אַף אַלע ניוואָען. און דערווײַל איז די זאַכלאַגע פֿאַרבליבן אָפֿן זעלבן אָרט, די פֿאַרגליווערטקײַט האָט זיך פֿאַרקאָנסערווירט, פֿאַרטיפֿערט.

הייסט עס, אַז קעמפֿן דאַרף מען קעגן דער דערשײַנונג, קעגן די סיבעס, וועלכע רופֿן זי אַרויס. און איינס פֿון די מעכטיקסטע מיטלען איז — זעלבסטרעגולירונג דורך זיטלעכקײַט פֿונעם מענטשן.

מיר קריטיקירן מיט רעכט דעם אויסברענגערישן מעכאַניזם, וועלכער האָט זיך געשאַפֿן אין די לעצטע יאָרצענדליקער. מיר קריטיקירן זײַן אָריענטירטקײַט אַף עקסטענסיווע פֿאָרמען פֿון אַנט־

ווירקלונג, זײַן ניט־עפֿעקטיווקייט. נאָר מע דאַרף זען אויך עפּעס אַנדערש. דער אויסברענגערישער מעכאַניזם געבירט צורעכענונגען (פּריפּיסקעס), אויגן־פֿאַרבלענדעניש, אויספּײַנערישקייט, קאָרופּציע, אַף וויפֿל ער שאַפֿט ברייטע מעגלעכקייטן פֿאַר אַזעלכע קעגנרעכטלעכע, אַמאָראַלע טאַטן, פֿאַרבלײַבנדיק אין דער זעלבער צײַט טויב צו סטימולירן ערלעכע אַרבעט און ערלעכע אויפֿירונג.

דער אויסברענגערישער מעכאַניזם איז אַמאָראַליש אויך דערפֿאַר, ווײַל ער לאָזט ניט, עס זאָלן זיך אַנטפּלעקן די אינערלעכע מעגלעכקייטן פֿונעם מענטשן, פֿונעם קאָלעקטיוו, פֿון דער געזעלשאַפֿט. דערמיט לייקנט ער אַף אַ קוואַליטאַטיווע באַוועגונג פֿאָרויס, לייקנט אַף די אַנטוויקלונג. און דאָס זײַנען ניט קיין האַשאָרעס — טאַקע אַזוי, ווייסן מיר, איז פֿאָרגעקומען אין דער ווירקלעכקייט.

וויאַזוי אויסלערנען אַן אַרבעטער, אַ קאָלווירטניק, אַן אינזשעניער, ער זאָל זײַן שפּאָרעוודיק, באַלעבאַטיש זיך באַציִען צו דער זאַך, ווען אַף זײַנע אויגן ווערן צעשטערט עקאָלאָגיש גאַנצע רעגיאָנען? די פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ צײַטווײַליקן מענטשן פּאַרט זיך ניט מיט עכטן סאָציאַליזם. און זי איז אַ פּראָדוקט ניט אַזוי פֿון די כעסרוינעס פֿון אַ באַזונדערער פּערזענלעכקייט, ווי פֿון די פֿאָרויסבאַשטימטע באַדינגונגען פֿון דער עקאָנאָמישער טעטיקייט. נאָר דאָס געוויסן, די מאָראַל, די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, זייערע זעלבסטרעגולירנדיקע אייגנשאַפֿטן וואָלטן דאָ געקאָנט שפּילן אַ פֿיל גרעסערע ראָליע.

אַפֿאָנעם, איינע פֿון די סאַמע אומאָפּלייגבאַרע אויפֿגאַבן איז דערציִען אינעם מענטשן דאָס געפֿיל פֿון זעלבסטווירדע. דאָס איז אַ גרויסער געפֿיל, אויב ערנסט אַ טראַכט טאָן, אַן אומאָפּטײלבאַרער פּנים געוויסן. ער פֿאַרבײַט אַ באַליביקע מאַסע קאָנטראָליאָרן, און דער מענטש וועט אַרבעטן ניט פֿון מוירע־וועגן, נאָר מיט געוויסן, ניט דערפֿאַר, וואָס עמעצער קאָנטראָלירט אָדער דאָס וועט זיך אָפּרופֿן אַפֿן פֿאַרדינסט, נאָר דערפֿאַר, ווײַל דער אַפּשײַ צו זיך אַליין דערלאָזט ניט צו אַרבעטן אַנדערש. ער וועט זיך אויפֿירן ניט גראָב, ניט כאַמיש, זאָל דאָס זײַן אַפֿן אַרבעטס־אָרט אָדער נאָך דער אַרבעט, ניט דערפֿאַר, וואָס עמעצער וועט באַשטראָפֿן, נאָר ווײַל אַזאַ אויפֿירונג פּאַרט זיך ניט מיט אַפּשײַ צו זיך אַליין.

אין מעשעך פֿון יאָרהונדערטער און יאָרטויזנטער זײַנען מאָראַל און זיטלעכקייט אויסגענוצט געוואָרן צוליב באַרעכטיקן די עקזיסטירנדיקע זאַכלאַגע, צוליב פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון די הערשנדיקע קלאַסן, פֿאַרטונקלען דעם באַוווּסטזײַן פֿון די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע, געבן זיי אַ פּסיכאָלאָגישע טרייסט. וואָרפֿן ווערטער וועגן דעם, אַז דער מענטש זאָל זײַן ערלעך, יושרדיק, בעסער, ליכטיקער, ריינער, בייס אַף דער פּראַקטיק עקזיסטירט אַ רעאַלע געזעלשאַפֿט, וואָס לויט איר נאַטור איז זי ניט פֿעיִק צו זיכערן די פּרינציפּן פֿון מענטשלעכער צוזאַמענוווינונג, וועלכע זי פּריידיקט.

דער גרויסער אַקטיאַבער איז צוגעגרייט געוואָרן אויך ווי אַ זיטלעכע רעוואָליוציע פֿון פּראָטעסט קעגן דער הימלשרײַענדיקער אומרעכט פֿון דער אַלטער וועלט, ווי אַ לײַדנשאַפֿטלעכע שטרעבונג צו מאַכן דאָס לעבן, די געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג ווירדיק פֿאַרן מענטשן, פֿעיִק צו אַנטשקלאַפֿן, און ניט פֿאַרהלושען אין אים די שטים פֿון געוויסן. דער גאַנצער וועג, וועלכן דער סאָציאַליזם האָט פֿון דעמלט אָן דורכגעמאַכט, — דאָס איז אַ וועג פֿון ניצכוינעס און דערגרייכונגען ניט בלויז פֿון מאַטעריעלער, פּאָליטישער, סאָציאַלער, נאָר אויך פֿון זיטלעכער באַדײַטונג.

און דערפֿאַר איז די פֿראַגע וועגן דעם, וויאַזוי די געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראַקטיק אַנטשפּרעכט די מאָראַלישע אידעאַלן פֿונעם סאָציאַליזם ניט בלויז לויטן היסטאָרישן כעזשבן, נאָר אויך אין אַלע טאָגטעגלעכע איניאָנים — אַ באַזונדערע פֿראַגע. דאָס איז אין טאָך אַ פֿראַגע פֿון טרײַהייט די יעסוידעס, דער אָנפֿאַנגלעכער נאַטור פֿונעם סאָציאַליזם, און אַזויאַרום אויך טרײַהייט צו זײַן צוקונפֿט. טרײַהייט אָפּדערעמעסן, אין יעדן שריט, אין יעדן אויפֿטו, פֿון וואָס עס באַשטייט די געשיכטע פֿון דער נײַער ציוויליזאַציע.

אָט פֿאַרוואָס מע דאַרף דעם קורס פֿונעם יוני־פּלענום פֿון צק (1987) באַטראַכטן ניט בלויז פֿון דעם שטאַנדפּונקט פֿון לייזן קאַרדינאַלע פּראָבלעמען פֿון אָנפֿירן מיט דער עקאָנאָמיק פֿונעם לאַנד, נאָך אויך פֿון די פּאָזיציעס פֿון באַזיניקן און פּראַקטיש זיך אַ קער טאָן צו די לעבנסוויכטיקסטע פֿראַגן פֿון דעם מענטשלעכן קיִעם — צו אַזעלכע, ווי פּערזענלעכע פֿרײַהייט, סאָציאַלע באַשיצלעכקייט, וווינונג, דערנערונג, סכוירעס און געפֿעליקייטן, וועלכע דער מענטש דאַרף האָבן. עכטע זיטלעכקייט, שטרעבונג צו אַ גײַסטיק רײַך לעבן, צו זעלבסטרעאַליזירונג אַנטוויקלען זיך אַלץ עפֿעקטיווער, אויב זיי האָבן אונטער זיך אַ סטאַבילן, גענוג הויכן ניוואָ פֿון באַפֿרידיקן די טאָגטעגלעכע באַדערפֿענישן פֿונעם מענטשן אַלס באַדינגונגען פֿון אַ ווירדיק שטייגער־לעבן.

אין דעם באַשטייט דער זיטלעכער טאָך פֿונעם קער, וואָס עס האָט געמאַכט דער מאַרט־פּלענום פֿון צק (1985). עס קאָנען ניט זײַן קיין רעוואָליוציאָנערע איבערגעשטאַלטיקונגען אָן טיפֿע זיטלעכע פֿאָרויסגענג, זייער פֿאַרפֿעסטיקונג אין די עצעם יעסוידעס און אינעם טאָגטעגלעכן קיִעם פֿון דער

געזעלשאַפט, פון יעדן מענטשן. נעמלעך אין דעם איז דער זין און דער טאַך פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציאָנערער איבערבויונג.

ניט ווייניק פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער זיטלעכער אַטמאָספער אין דער געזעלשאַפט, האָבן זיך אויסגעבילדעט אויך אין געביט פון קולטור. דער דרוק פון ביוראָקראַטישע מעטאָדן פון אָנפירן האָט דאָ געגעבן באַזונדערס נעגאַטיווע רעזולטאַטן. ס׳האָט זיך געלאָזט פילן אויך דאָס, וואָס דער אײַנרײַס צווישן וואָרט און טאַט האָט דאָ געהאַט אַ באַזונדערס פאַרדאַרבלעכע ווירקונג.

דער מעכאַניזם פון אַדמיניסטראַטיווער טאַרמאָזירונג האָט געבראַכט צו ערנסטע פאַרלוסטן אויך אינווייניק אין דער קולטור גופא. פײַנשמעקערײַ, אומבאַקלערטע פאַרבאָטנקײַט, אַנטפּלעקונגען פון גרופּאָוושטשינע האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער סאָוועטישער מענטש האָט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן אַ געוויסן אומצוטרוי צו דעם, וואָס עס איז אים אונטערגעטראָגן געוואָרן אַלס גײַסטיקע שפּײַז. עס זײַנען געפאַלן די טיראַזשן פון צײַטונגען און זשורנאַלן. דער צושויער איז ניט געגאַנגען אין טעאַטער — דאָס האָט זיך פאַרדעקט מיט צוואַנג־פאַרשפּרייטונג פון בילעטן און מיט דאָטאַציעס. ער איז ניט געגאַנגען אויף פילמען — האָט זיך עס פאַרדעקט מיט מאַכינאַציעס אין די באַריכט־דאָקומענטן. ניט ווייניק אַרבעטן, גרויע לויט זייערע קינסטלערישע מײַלעס, מאָראַליש פאַלשע האָבן באַקומען הויכע באַלוינונגען.

קיינער קאָן ניט אָפּלייקענען אויך די דערגרייכונגען. עס האָבן זיך באַוויזן וווּנדערלעכע, טיפע ביכער, אינטערעסאַנטע פילמען און ספּעקטאַקלען. נאָר ס׳האָבן געלאָזט פאַר זיי ווייניק אָרט פאַרשיידענערליי מאַכערײַקעס און אימיטאַציעס. און דערמיט האָט זיך באַפרײַט אַ ראַכוועס פאַר דער אַרײַנדרינגונג פון דער „מאַסן־קולטור“.

עס איז שוין ניט איין מאָל געזאָגט געוואָרן, נאָר איך וועל איבערכאַזערן: מיר זײַנען פאַר דעם, אַז מיט אַלע פעלקער זאָל פאָרקומען אַן אויסטויש מיט עכט גײַסטיקע ווערטן. דאָ איז די פּאָזיציע אַ קלאָרע. נאָר זי איז אַ קלאָרע אויך אין אַן אַנדער זין. אַלץ, וואָס שפּילט אויף פינצטערע אינסטינקטן, און ניט אָפּן באַוווּסטזײַן, וועלכער איז באַרײַכערט מיט יאָרטויזנטער פון דער ציוויליזאַציע, אַלץ, וואָס איז געבויט אויף אידעאָלאָגישער אויבערהערשאַפט, אויף גײַוועדיקער גרינגשעצונג צו דער פּערזענלעכקײַט און צום לעבן גופא, — דאָס אַלץ קאָן ניט זײַן קיין קונסט לויטן טאַך. שאַלעם מאַכן מיט אַזאַ מין „מאַסן־פּראָדוקציע“, מיט איר פאַרדאַרבנדיקער ווירקונג איז ניט דערלאָזבאַר לעשעם דעם מענטשן און זײַן צוקונפט. נאָר קעמפן מיט איר דאַרף מען מיט דער קוואַליטעט פון אייגענע ווערק פון אַלע זשאַנרען.

דערגרייכונגען זײַנען דאָ פאַראַן. נאָר די מעגלעכקײַטן, וועלכע די איבערבויונג האָט געעפנט, ווערן דערווײַל אויסגענוצט ניט־באַפרידיקנדיק. דער קאַמף פון אידייען, פון שעפערישע זוכונגען ווערט צומאָל פאַרביטן מיט אַ קאַמף צווישן מענטשן און אַמביציעס. די שטרעבונג צו אַ מין גרופּע־רעוואַנשטויסט אָפטמאָל אַרויס אַלדאָס איבעריקע. דאָס אָנפּאָמפּען „פּאַניק־שרעק“ אין שײַכעס מיט ניט־געוויינלעכע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אין דער גײַסטיקער ספערע, איז ניט קיין סימען פון געהעריקער סאָציאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט. עס זײַנען נאָך פאַראַן ניט ווייניק קולטור־טוער, וועלכע היטן אָפּ דעם אָנשטעל פון הויכגעשטעלטע שווײַגער בעשײַכעס די געזעלשאַפטלעכע פאַרענדערונגען, נאָר פּאַטערן זייערע קויכעס אויף זוכן ווירקלעכע און קלוימערשטע פעלערן בײַ יענע, וואָס האָבן אופּריכטיק און בעקויל ראָם באַשטימט זייערע פּאָזיציעס אין אונדזער איבערבראָך־צײַט.

הײַנט איז אויף דער טאָג־אָרדענונג אויך די לייזונג פון זיטלעך־אַנאַלאָגישע פראַגן אין דער ספערע פון דער וויסנשאַפט, באַזונדערס פון דער וויסנשאַפט פון געזעלשאַפט־קענטעניש און אין געביט פון בילדונג. די סיבע פון די נעגאַטיווע דערשײַנונגען באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס די וויסנשאַפט איז אומדערלאָזבאַר ווײַט פון לייזן פּראַקטישע אויפגאַבן. דער אײַנרײַס צווישן דער וויסנשאַפט און דער פּראַקטיק שאַפט מעגלעכקײַטן צו פאַרווענדן אַלע קויכעס ניט אויף דער זאַך גופא, נאָר אויף אינערלעכער רײַסערײַ, ער געבירט מאָנאָפּאָליעס פון גרופּעס און ריכטונגען, האַלט אונטער די לעבנספעיקײַט פון סכאָלאַסטיק און דאָגמאַטיזם.

אָנשטאָט פרײַע און פאַרינטערעסירטע דיסקוסיעס אויף צו באַגרײַפן דעם עמעס האָבן נאָך אַ גאַנג דאָס באַשמוצן, אָנקלעפּן עטיקעטקעס, די ווענדונגען אין אינסטאַנצן און אין רעכטבאַשיצנדיקע אָרגאַנען, מע זאָל „אָנעמען מיטלען“ בענעגייע די וויסנשאַפטלעכע אָפּאָנענטן. דאָס אַלץ איז די ירושע פון דער פאַרגאַנגענהײַט, וועלכע געבירט בלויז פאַרגליווערטקײַט, וואָס איז געריכטעט אויף אונטערצורײַסן אַלץ, וואָס איז טאַלאַנטפול און פעיִק. מיט אַזעלכע דערשײַנונגען זײַנען די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ניוואָען מעכויעוו צו פירן עפנטלעך, דעמאָקראַטיש אַן אַנטשיידענעם, אומבעשאָלעמדיקן קאַמף.

אַ באַזונדער אָרט האָבן איצט פאַרנומען אויף דער גרענעץ־ספערע פון דער קולטור, וויסנשאַפט און עטיק קאָמפּליצירטע פראַגן פון באַציִונג צו דער היסטאָרישער, קולטורעלער, נאַציאָנאַלער און

נאַטור־ירושע. מע דאַרף ניט פֿאַרײַנפֿאַכן — זײ זײַנען געבוירן ניט קינסטלער, ניט אױף קײן פּוסט אָרט, נאָר אױף די אַמאָליקע און אױף די נעענטערע צו אונדזער צײַט בלױזן, פֿעלערן, אױף דעם, װאָס רעאַלע פּראָבלעמען זײַנען ניט בלױז נישט געלײזט געװאָרן, נאָר מע האָט זײ אָפּט פֿאַריאָגט אין דער טיפֿעניש, און זײ זײַנען דערמיט געװאָרן נאָך שאַרפֿער. די דאָזיקע קאָמפּליצירטע פֿראַגן זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון דעם, װאָס ניט זעלטן פֿלעג די גערעכטע באַאומרויִקונג פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכקײט זיך אָנשטױסן ניט אױף קײן פֿאַרינטערעסירטער רעאַקציע, נאָר אױף אַדמיניסטראַטיװער ניט־צופֿרידנקײט, אױפֿגערײצטער אײגנליבע, אױף דער שטרעבונג צו פֿאַרבאָטן, „ניט מעגן און לאָזן".

הײַנט דאַרף מען זיך פֿאַרנעמען מיט פֿראַגן לױטן טאָך, און ניט דערטרינקען זײ אין אומענדלעכע רײדערײַען, זיך לערנען צו זען אין דער געזעלשאַפֿטלעכער מײנונג ניט קײן אײַנגעגעסענעם אָפּאָנענט, נאָר אַן ענערגישן און ערלעכן מיטהעלפֿער.

אונדזער לאַנד האָט זיך פֿון די אוראַלטסטע צײַטן אױסגעפֿורעמט װי אַ פֿילנאַציאָנאַלע מעלוכע. זיך אױסגעפֿורעמט שװער, צײַטנװײַז טראַגיש. פֿון אַ קאָלאָניאַלער אימפּעריע איז זי דורכגעגאַנגען אַן עכט היסטאָרישן װעג צו אַן אוניקאַלן פֿאַרבאַנד פֿון סוּװערענע נאַציעס און פֿעלקערשאַפֿטן, װעלכע זײַנען שטאָלץ מיט זײער סאָציאַליסטישער אײַנגעבוירנקײט און אַנטװיקלען פֿרײַ די נאַציאָנאַלע קולטור און אײגנאַרטיקײט.

פֿאַר אַ סאַך עמעסן און פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענער דערפֿאַרונג איז באַצאָלט געװאָרן מיט זײער און זײער אַ טײַערער פּרײַז. דעריבער איז נאָך מער אַמאָראַליש און געפֿערלעך, װען אײניקע אַזעלכע עמעסן הײבן אָן צו פֿאַרגעסן װערן אָדער מע רוקט זײ אָפּ אין אַ זײַט, נאָך ערגער — װען זײ װערן אַ קעגנשטאַנד פֿון פֿאַרשײדענערלײ מאָראַליש־פּאָליטישע ספּעקולאַציעס.

אינטערנאַציאָנאַליזם איז דער װינקלשטײן פֿון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער לערע, די מאָראַלישע װערטפֿולקײט פֿונעם סאָציאַליזם. אין אונדזער לאַנד איז אינטערנאַציאָנאַליזם אַ לעבנס־נאָרמע, דער פֿונדאַמענט פֿון דער פּאָליטיק. צװישן די נאַציעס און פֿעלקערשאַפֿטן זײַנען ניט פֿאַראַן קײן אָביעקטיװע, באַרעכטיקטע מאָטיװן פֿאַר ניט קײן געזונטע צװישנבאַציִונגען, פֿאַר נאַציאָנאַליזם און שאָװיניזם, פֿאַר ציוניזם און אַנטיסעמיטיזם.

עס װעט אָבער זײַן אַ טאָעס ניט צו זען באַזונדערע אַנטפּלעקונגען פֿון עקסטרעמיזם. װאָס נערט אַזעלכע „איבעריקע דערשײַנונגען"?

פֿון אײן זײַט, פֿעלערן אין דער סאָציאַלער און קאַדרען־פּאָליטיק, באַזונדערס אױפֿן אָרטיקן ניװאָ, װעלכע זײַנען ניט פֿאַריכט געװאָרן יאָרנלאַנג. די אַנדערע סיבה — פֿאַרשײדענע מינים גרופּן־ אָדער קלאַן־שטרעבונגען און אַמביציעס, װעלכע אַנטשטײען אױפֿן באָדן פֿון פּאַראַזיטאַרישקײט אָדער פֿון צעבלאָזן נאַציאָנאַלע אױסנעמלעכקײט, פֿון פּרוּװן „אַ שפּיל טאָן" מיט רעליגיעזע פֿאָרורטײלן, צופּוצן די פֿעאָדאַלע אָדער בורזשואַזע פֿאַרגאַנגענהײט, פֿאַרשטעלן גוזמעדיק שאַרפֿע קלאַסן־װידערשפּרוכן, אױסגלײַכן דאָס דעמאָקראַטישע מיטן רעאַקציאָנערן, דעם פּראָגרעס מיטן אָבסקוראַנטיזם אין דער ביז־סאָציאַליסטישער געשיכטע פֿון דעם אָדער יענעם פֿאָלק און דערמיט שטעלן אונטער אַ פֿראַגע די אָביעקטיװע געזעצמעסיקײט פֿון דער סאָציאַלער רעװאָלוציע. װ. אי. לענין האָט ניט אײן מאָל אונטערגעשטראָכן די נײטיקײט צולײגן אַלע באַמיִונגען אױף צו געבן „אַ װידערשטאַנד אַ באַליבּיקן נאַציאָנאַליזם, סײַ אַ גראָבן, אַ הערשערישן, אַ שװאַרצמײעדיקן, סײַ אַ סאַמע ראַפֿינירטן" (ב. 25, ז. 144).

נאָר אינעם קאַמף מיט עקסטרעמקײַטן זײַנען באַזונדערס געפֿערלעך עקסטרעמקײַטן. און אונדז שטופּט מען צומאָל צו אָט די עקסטרעמקײַטן, און גאַנץ צילגעװענדט. דאָס דאַרף מען זען און פֿאַרשטײן. מע שילדערט די זאַך אַזױ, אַז די קולטור־פּאָליטיק פֿון דער פּאַרטײ — סײַ אין דער פֿאַרגאַנגענהײט, סײַ אַצינד — איז קלױמערשט געריכטעט אױף קעגנשטעלן די ביז־סאָציאַליסטישע און די סאָציאַליסטישע געשיכטע פֿונעם לאַנד, אױף צו אַרונטעררײַסן די פֿאָלקס־טראַדיציעס.

װאָס זשע פֿאַר אַן אױספֿיר דרינגט אַרױס פֿון אַזאַ קעגנשטעלונג? אַ גאַנץ באַשײַמפּערלעכער: קלױמערשט, אַז דאָס פֿאַרהיטן און דאָס אַרײַנפֿירן אין אומזאַץ נאַציאָנאַלע, בכלל גײַסטיקע װערטן פֿונעם פֿאָלק װערט דערגרײכט אױסער, אַפֿילו טראָץ דער פּאַרטײ. און דער סאָציאַליסטישער צוגאַנג צו דער פּראָבלעם װערט געשילדערט אַלס ניהיליסטישער.

די פּראָבלעם פֿונעם היסטאָרישן זיקאָרן פֿאָדערט אַ ניט פֿאָרױסגענומענע אױפֿפֿאַסונג. די פּאַרטײ, די מעלוכע טרעטן אַרױס צוזאַמען מיט דער געזעלשאַפֿטלעכקײט אַלס פֿאַרטײדיקער פֿון אָפּהיטן די עכטע היסטאָרישע, קולטורעלע װערטן. אין דעם, אױב זיך װענדן צו פֿאַקטן, איז ניטאָ קײן ספֿק.

נאָך מער, מע דאַרף זיך אָפּגעבן אַ דין־װחשבון אין דעם, אַז ניט בלױז דער הײַנטיקער דאָר איז דער באַזיצער, דער ריכטער פֿון דער היסטאָרישער, קולטורעלער פֿאַרגאַנגענהײט, װי, אַגבֿ, פֿון דער קעגנװאַרט. דאָס האָט אַ שײַכות אױך צו אַנדערע דורות — ביז אונדז און נאָך אונדז. דאָס לעצטע װאָרט פֿאַרבלײַבט פֿאַר דער געשיכטע. אָט פֿאַרװאָס מע דאַרף פֿאַרהיטן און דערטראָגן צו

דער־צוקונפֿט אַלדאָס ווערטפֿולע, וואָס איז באַקומען געוואָרן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט, פֿון אונדזער קעגנוואַרט, און אומבאַדינגט אינעם עכטן, ניט־פֿאַרקריפּלטן אויסזען. דאָס איז ביז גאָר נויטווענדיק צוליב דעם זיטלעכן געזונט און צוליב דער גײַסטיקער קראַפֿט פֿון דער קאָמוניסטישער ציוויליזאַציע.

אַגעוו, ס'איז אַ פֿאַרבלענדעניש צו מיינען, אַז די מאַכט אין ביז־רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד איז געווען פֿאַרזאָרגט מיט אָפּהיטן היסטאָרישע דענקמעלער. דאָס איז לאַכלוטן ניט ריכטיק, ווי עס זאָגן אײדעס די פֿאַקטן.

הייסן צאַריזם זײַנען געווען ניט ווייניק פֿאַלן, ווען צוליב צילן פֿון דער שטאָט־בויונג זײַנען פֿאַרניכטעט געוואָרן ווערטפֿולסטע דענקמעלער פֿון אַרכיטעקטור. אין סאָף XVIII — אָנהייב XIX יה. איז אין מאָסקווע אַראָפּגעטראָגן געוואָרן דער באַרימטער „בעלי גאָראָד" (XVI יאָרהונדערט), אַפֿן אָרט פֿון וועלכן ס'איז אויסגעבויט די בולוואַרנאָיע קאָלצאָ. אַף דער טעריטאָריע פֿונעם קרעמל איז בייס דער בויונג פֿון אַ פּאַלאַץ פֿאַרניכטעט געוואָרן דער באַרימטער קלויסטער פֿון יאָהאַן פּרעדטעטשי (XIII יאָרהונדערט). דאָרט, אין קרעמל, זײַנען אין אָנהייב פֿונעם XIX יאָרהונדערט אַראָפּגעטראָגן געוואָרן דער סרעטענסקי סאָבאָר, די גערבאָוואַיאַ באַשניאַ, די טראָיִצקאָיע פּאָדוואָריע מיטן קלויסטער באָגאָיאַוולעניִאַ און אַנדערע דענקמעלער. אין XIX יאָרהונדערט איז לויטן באַפֿעל פֿונעם צאַר און פֿונעם סינאָד אַראָפּגעטראָגן געוואָרן דער ספּאַסאָ־פּרעאָבראַזשענסקי אַלעקסייעווסקי מאָנאַסטיר (XVI יאָרהונדערט), אַפֿן אָרט פֿון וועלכן עס איז אויסגעבויט געוואָרן דער טעמפּל כריסטאַ ספּאַסיטעליאַ. דעם קלויסטער ניקאָלאַיאַ גאָסטונסקאָוואָ (XVI יאָרהונדערט) אין מאָסקווער קרעמל האָט מען אַראָפּגעטראָגן בלויז דערפֿאַר, וואָס אַף אָט דעם אָרט האָט מען „געדאַרפֿט" אײַנאָרדענען אַ פּלאַץ פֿאַר סאָלדאַטישער מושטרע.

אין אייניקע אַלטרוסישע שטעט האָבן די דענקמעלער פֿון אוראַלטער אַרכיטעקטור געליטן אין סאָף פֿונעם XVIII יאָרהונדערט בייס מע האָט פֿאַרווירקלעכט דער קייסערינס יעקאַטערינעס „רעגולערע" אופֿבויונגען. אין רעזולטאַט פֿון מאַסן־צעוואַלגערונג זײַנען פֿאַרניכטעט געוואָרן ווערטפֿולסטע דענקמעלער אין די שטעט קאָלאָמנע, דמיטראָוו, פּאָלטאַווע, בראָניצי. אין XVIII—XIX יאָרהונדערטער זײַנען אומגעקומען אַ סאַך דענקמעלער פֿון הילצערנער אַרכיטעקטור אַפֿן צפֿון.

די דאָזיקע פֿאַקטן ווערן געבראַכט לאַכלוטן ניט צוליב דעם, עס זאָלן באַרעכטיקט ווערן די שפּעטערדיקע פֿלײַסיקע אַדמיניסטראַטאָרן אָדער די מענטשן, וואָס האָבן פֿאַרלאָרן דאָס געפֿיל פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט, נאָר קעדיי דערווײַזן, אַז עס האָבן ניט קיין גרונט די באַהויפּטונגען, אַז די רעזשימען פֿון די צאַרן און כאַנען, פֿון די אַדעליקע און בײַעזן האָבן קלוימערשט געזאָרגט וועגן אָפּהיטן דעם מאַטעריעלן זיכּאָרן וועגן דעם פֿאַרגאַנגענעם.

די ניט פֿאַרקריפּלטע געשיכטע שטעלט אַוועק פֿיל זאַכן אַף זייערע ערטער. די איבערבייגן פֿון די הײַנטצײַטיקע פֿלײַסיקע אַדמיניסטראַטאָרן, פּונקט ווי דער ניט־זעלטענער גלײַכגילט צו די דענקמעלער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט, זאָל זײַן אין די 30־ער יאָרן אָדער אין די 70־ער, שאַפֿן ניט אָפּ יענעם אומשטרײַטבאַרן פֿאַקט, אַז פֿון די ערשטע יאָרן פֿון דער סאָוועטנמאַכט האָט די פּאַרטיי געפֿירט און פֿירט אַ ליניע אַף אָפּצוהיטן, אופֿשטעלן און ברייט קולטורעל אויסניצן די ווערטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט.

אין דעם רויִנירטן מיצאַד דער פֿאַשיסטישער אינוואַזיע לאַנד האָט זיך אין באַדינגונגען פֿון דער קלאָגעדיקער מאַטעריעלער לאַגע פֿונעם פֿאָלק אָנגעהויבן און מיט דערפֿאָלג זיך פֿאַרענדיקט דאָס אופֿשטעלן די פֿאַרניכטעטע מיצאַד די היטלעראָווצעס שעדעווערס פֿון אַרכיטעקטור און קונסט אין לענינגראַד, פּושקין, פּאַוולאָווסק, נאָווגאָראָד, פּסקאָוו, קיִעוו. עס זײַנען אופֿגעשטאַנען אין דער פֿריִערדיקער פּראַכט די פּערל פֿון דער אוראַלטער אַרכיטעקטור פֿון אונדזערע מיטלאַזיִאַטישע רעפּובליקן, פֿון טראַנסקאַווקאַז. אַ ווערטפֿולסטע קאָלעקציע פֿון אוראַלטע קסאַוויאַדן און ביכער פֿון אַלטן דרוק איז געוואָרן דער מאַטענאַדאַראַן אין יערעוואַן.

פֿאַרשטייט זיך, אַרבעט שטייט נאָך פֿאַר ניט ווייניק, נאָר זי ווערט געטאָן, דענקמעלער פֿון געשיכטע און קולטור דאַרף מען אופֿשטעלן ענערגיש, נאָר דערבײַ געדענקען, אַז אָט די זאַך איז אַ טיף מאָראַלישע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע, זי דאַרף ניט האָבן קיין שום געמיינזאַמס מיט פּאָעטיזירן דאָס רעאַקציאָנערע אין דער געשיכטע און אין דער קולטור פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם. דאָס ייִכעס־צעטל פֿון דעם סאָציאַליזם איז אין דער פֿרײַהײַטליבנדיקײַט, אין דער פֿרײַהײַטדענקערישקײַט און פּראָגרעס. אַף דער אָקאָרשטער באַגעגעניש מיט די אָנפֿירער פֿון די מיטלען פֿון מאַסן־אינפֿאָרמאַציע און פֿון די שעפֿערישע פֿאַרבאַנדן האָט מ. ס. גאָרבאַטשאָוו בילדעריש אופֿגעקלערט דעם דאָזיקן געדאַנק: „מיר אַלע שטאַמען פֿונעם אָקטיאַבער..."

אַזעלכע פּראָבלעמען דאַרפֿן די פּאַרטיי־טוער גוט באַהערשן. אַנדערש וועלן מיר בלײַבן הינטערשטעליק צו די געשעענישן, און מיר וועלן זיי ניט ריכטן, גיכער וועלן מיר זײַן קאָרבאָנעס פֿון צופֿעליקע און סטיכײַישע שטימונגען, איידער לאָצמאַנען פֿון די אַנטשטייענדיקע סיטואַציעס.

דער סאמע עצעם־עלעמענט פון דער גאנצער איבערבויונג איז די דעמאָקראטיזאציע פונעם לעבן און פון דער ארבעט. דאָ לייזן זיך איינצײַטיק זייער פיל אופגאבן. דעמאָקראטיזאציע איז פאר אונדז הײַנט אויך א מיטל פון פאָרמירן דעם נײַעם באוווסטזײַן. מיר דארפן בײַקומען די ניט־געזונטע פארשיידנהײַטן, וואָס זייערע פאָלגן פילן מיר נאָך ביז הײַנט־צו־טאָג: צווישן וואָרט און טאט, צווישן דער רעאַלער ווירקלעכקײַט און דער פראָקלאַמירטער פאָליטיק, פארשיידנהײַטן, וועלכע האָבן, אָפּ־לייגנדיק זיך אין דעם באוווסטזײַן פון די מענטשן, צעגעסן די נעשאָמע, פונקט ווי זשאווער, געפּלאָ־דיעט אומגלויבן, ציניזם און פאסיווקײַט.

די אנטוויקלונג פון דער דעמאָקראטיע נעמט אראָפּ די דאָזיקע און אנדערע קינסטלעכע ווידער־שפּרוכן. אליין דער אָנטייל אין די דעמאָקראטישע פּראָצעדורן אָף אלע ניוואָען וועט ווערן א מעכטי־קער סטימול פון דער אנטוויקלונג פון דער פּערזענלעכקײַט און פון דער גאנצער געזעלשאפט.

נאָכן יון־פּלענום פון צק קפּסס באקומט א באזונדערע באדײַטונג די פאָדערונג צו דיסקאָנטירן די דיאַלעקטישע צווישנפארבינדונג פון צוויי ספערעס: פון דער עקאָנאָמישער און פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער. אָן פארינטערעסירטקײַט, אָן אונטערשטיצן מיט טאט די אידיי וועגן דעם, אז דעמאָקרא־טיע איז א ווירקזאם מיטל צו לייזן א סאך סאָציאַלע פראגן, קאָן מען די נייטיקע געזעלשאפטלעכע אקטיווקײַט ניט דערגרייכן.

מאָראַל און דעמאָקראטיע זײַנען אומצעטיילבאר. אפן יאנוואר־פּלענום פון צק איז געגאנגען א רייד אויך וועגן דעם, אז, לויט די ווערטער פון מ. ס. גאָרבאטשאָוו, „אָן אָרדענונג אין שטוב קאָן אײַנפירן בלויז א מענטש, וועלכער פילט זיך אין איר אלס באלעבאָס". און דאָ קאָן מען אָן דע־מאָקראטיע ניט מאכן קיין טראָט. נאָר לאָמיר פרעגן זיך אליין: צי זײַנען מיר גרייט אָף אלע ניוואָען אויסהערן די מיינונג איינער באם צווייטן, ערנסט אנאליזירן אן אנדער שטאנדפונקט, וועלכער שיידט זיך אונטער פון דײַן אייגענעם, און זיך רעכענען מיט אים? איך שטרײַך באזונדערס אונטער — אָף אלע ניוואָען! די פּסיכאָלאָגישע אספּעקטן פון דער דעמאָקראטיזאציע פאָדערן הײַנט א באזונדערס שטארקע אופמערקזאמקײַט. דעם קייסער האָבן מיר אראָפּגעוואָרפן, אָבער וויפל נאָך פיל קאָל הא־מינים „קייסערלעך" זיצן אין די נעשאָמעס פון די מענטשן! און זיי גיבן צו וויסן וועגן זיך, ווי נאָר אזא מענטש דערהייבט זיך עטוואָס העכער איבער אנדערע.

מיר געברויכן אָפּט די ווערטער „זיך לערנען דעמאָקראטיע". הינטער זיי געפינט זיך א רײַכער אינהאלט, ברייטע און פארשיידנערליי אופגאבן. דערצי̇ען טיפע דעמאָקראטישע קולטור, אנטוויקלען געזעלשאפטלעכן באוווסטזײַן, געדאנק, פארברייטערן דעם דיאַפּאזאָן פון אינפאָרמאציע און אנאליז, מאכן א באוווסטזיניקן, באגרינדעטן אָף דער זאָרג וועגן דעם אלגעמיינעם ווילזײַן, וועגן די אלגע־מיינע פּערספּעקטיוון אויסוואל צווישן פארשיידענע שטאנדפונקטן, פארשיידענע אלטערנאטיוון — אָט דאָס איז די הײַנטיקע אנטפּלעקונג פון קעמפערישקײַט פון די קאָמוניסטן, די עמעסע באשטע־טיקונג פון דער אָנפירנדיקער און ריכטנדיקער ראָליע פון דער פּארטיי אינעם לעבן פון דער געזעל־שאפט.

איינע פון די ריכטונגען, אָף וועלכע עס רעאליזירט זיך די איינהײַט פון וואָרט און טאט, איז קריטיק. די פּאָזיציע איז דאָ א קלאָרע, און מע דארף זיך דערשלאָגן, זי זאָל דורכגעפירט ווערן אומאָפּ־נייגבאר אין לעבן. דאָס דערשטיקן די קריטיק, באשמוצן יענע, ווער עס טרעט מיט איר ארויס, — אזוינס פּאָרט זיך ניט מיט די אינטערעסן פון דער פּארטיי, פונעם סאָציאַליזם, פונעם פאָלק.

די קויכעס פון דער רעאקציע אפן מײַרעוו פּראָוואָצירן אונדז דירעקט אָף אָפּצושטעלן די עפנט־לעכקײַט, דעם פּראָצעס פון דעמאָקראטיזאציע. זיי פארפאָלגן דעם ציל — אָפּוואַרפן אונדז אָף צוריק, פּאָרטאָרמאָזירן די איבערגעשטאלטיקונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן, ווײַל, ווי זיי פארשטייען, אָן דעמאָקראטיע און עפנטלעכקײַט קאָן מען ניט דורכפירן די דאָזיקע איבערגעשטאלטיקונגען.

אויך בא אונדז רעדט מען ניט זעלטן, אז עס וואָלט ניט געשאט אײַנצושטעלן גרענעצן פון עפנט־לעכקײַט. ס'איז קלאָר, אז אויב מע פארפירט א רייד וועגן אזעלכע גרענעצן, הייסט עס, אז די עפנטלעכקײַט שטערט עמעצן. נאָר אין דעם איז דאָך דער ציל פון עפנטלעכקײַט, דער ציל פון דעמאָ־קראטיע: שטערן צו לעבן ניט לויט דער מאָראַל און ניט לויטן געזעץ, ארויספירן אפן מישפּעט פון דער געזעלשאפטלעכקײַט יענע, ווער עס רעכנט זיך ניט מיט די אינטערעסן פונעם קאָלעקטיוו, שטעלט העכער פון אלץ זײַנע פּערזענלעכע אמביציעס. דעמאָקראטיע באגרינדעט זיך, לויט איר נאטור, אָף די אינטערעסן פונעם פאָלק, פון דער געזעלשאפט. זי קאָן און דארף זיך בויען בלויז אָף פּרינציפּן פון פרײַהײַט און געזעץ, אָף הויכער קולטור פון מענטשלעכע באצי̇ונגען. די דאָזיקע הומאניסטישע און מאָראַלישע ווערטן פונעם סאָציאַליזם דארף מען אלזײַטיק פעסטיקן און אנטוויקלען.

אנדערש גערעדט, זיטלעכקײַט באקומט הײַנט א פּאָליטישע באדײַטונג. זי ווירקט דירעקט ניט בלויז אָף די טעמפּן, נאָר דעריקער — אפן כאראקטער פון אונדזער באוועגונג, אָף די פּערספּעקטיוון פון די געשטעלטע צילן.

איצטער, ווען די נײַע פּרינציפּן פון באַלעבאַטעווען הייבן ערשט אָן אַרײַנגיין אין לעבן, פילט זיך באַזונדערס שאַרף די נויטווענדיקייט, עס זאָל אַרויסבאַווייזן ווערן זאַכלעכע פּאַרטיייִשע שטיצע יענע, וועלכע האָבן די ערשטע זיך געשטעלט אפן וועג פון איבערבויונג און זיך דערשלאָגן מאַמאַשעסדיקע רעזולטאַטן. אונטערהאַלטן די ערשטע בויער איז נאָך אַן אויפגאַבע פון קאָלאָסאַלער מאָראַלישער באַדײַטונג, וואָס דערמעגלעכט בײַצוקומען, אײַנברעכן די טיף אײַנגעוואָרצלטע פּסיכאָלאָגיע פון ניוועלירונג, פּאַראַזיטאַרישקײַט, געברויכערישקײַט, די פּסיכאָלאָגיע פון אָפּפרעמדונג און גלײַכגילטיקײַט.

די סאָוועטישע מענטשן דאַרפן שאַפן די איבערבויונג בלויז צוזאַמען. אָבער אָט דער „צוזאַמען" מײַנט — שטרענגער פאָדערן אײנער פונעם אַנדערן צוליב דעם אַלגעמיינעם וווילזײַן, און לעצטן סאַךּ־הכּל — צוליב דעם פּערזענלעכן וווילזײַן פון יעדערן.

די געשיכטע האָט געשטעלט אַ פּרינציפּיעל נײַע אויפגאַבע: זיך אויסלערנען אפן בעסטן אופן און אין דער גאַנצער פולקײַט אויסצונוצן דעם מאַטעריעלן, גײַסטיקן, געזעלשאַפטלעכן פּאָטענציאַל פונעם סאָציאַליזם. לויט די ענדגילטיקע סאַכאַקלען וועט מען מעסטן די מאָס פון סאָציאַלער עפעקטיווקײַט פון דער געזעלשאַפט, פון אַלץ, וואָס מיר האָבן געשאַפן, די מאָס פאַר אונדז אַליין און פאַר דער גאַנצער וועלט.

פאַר אַ היסטאָריש קורצן טערמין, פון אַפּרעל 1985, איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אַ בײַשפּיל פון זיטלעכער אויסלײַטערונג, פון דערהייבן דעם גײַסט מיט אַ ניט־געזעענער קראַפט. מע דאַרף, אַז די סאַכאַקלען פון דעם דאָזיקן פּראָצעס זאָלן ניט צעשווענקט ווערן מיט האַוועניש און מיט טאָגטעגלעכקײַט, מיט גלײַכגילטיקײַט און אייגננוציקײַט, אַז די מאָראַלישע באַנײַונג און פאַרפולקומונג פון דער געזעלשאַפט זאָלן גיין לעשעם דעם מענטשן, זאָלן גיין אומאָפּנייגלעך, אָן וואַקלענישן.

אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט זײַנען פאַראַן אַלע נייטיקע פּאַראַנאָכעס צוליב לעבן און אַרבעטן אין פולן העסקעם מיט די נאָרמעס פון דער סאָציאַליסטישער מאָראַל, און ניט אין סטירע מיט זיי. דאָ גייען דורך די פאַרבינדונגען ניט בלויז צווישן דעם מאַטעריעלן און גײַסטיקן, נאָר אויך צווישן דעם מענטשן מיט דער געזעלשאַפט. דאָ ווערט באַשטימט די באַציִונג פון דער פּערזענלעכקײַט צום קאָלעקטיוו, צו אַנדערע מענטשן, צו זיך אַליין, צו דער מעלוכע. דאָס איז דער אור־יעסאָד פון דער באַציִונג צו דער אַרבעט, פון דער אויפירונג אין דער מישפּאָכע. דאָס איז דער אַרויסגאַנג גראָד צו יענע פראַגן, וועלכע באַמרויִקט הײַנט מער פון אַלץ, פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק אונדזער גוירל.

■ ■ ■

## 70 יאָר אָקטיאַבער

פון אונדזער ליטעראַטור־אוצער

## שײַע שקאַראָווסקי

### פונעם ראָמאַן

# „אָדעס“

זאַרעך איז געקומען מיטן „זיידן“ אינעם פּערעסיפּער ראַיאָנעם ראַט. דער ראַט האָט זיך געפונען אויפן סאַמע העכסטן שטאָק פון דער געבײַדע פון דער געזעלשאַפט פאַר קעגנזײַטיקן קרעדיט. דער ראַט האָט נאָך ניט געוואַגט צו רעקווירירן דאָס גאַנצע הויז, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז פּאַקטיש געוואָרן דער איינציקער באַלעבאָס אויפן פּערעסיפּ. אין קיין שום ראַיאָן פון שטאָט האָט דער ראַט זיך ניט גענומען אַזויפיל פולמאַכטן, ווי דאָ אויפן פּערעסיפּ. מע גייט אַהער איבער די פאַרשטויבטע און פאַרמיסטיקטע טרעפּ אויף און אַפּ. קינד־און־קייט זיצן דאָ אויף די טרעפּ א גאַנצן טאָג ביז שפּעטער נאַכט. דער פּערעסיפּ ברענגט אַהער צו טראָגן אַלץ, וואָס האָט זיך יאָרנווײַז אָנגעקליבן בײַ יעדן איינעם אויפן האַרצן און געדריקט דעם שווערן געמיט. זיצט מען דאָ און מע וואַרט, דער ראַט זאָל פון יעדן איינעם אַראָפּנעמען די שווערע מאַסע פון לאַנגיאָריקער פּײַן און ווייטיק.

זאַרעך באַטייליקט זיך אינעם אָרגאַניזירן די רויטע גוואַרדיע. די דאָזיקע אַרבעט ווערט געטאָן אויף א האַלב־לעגאַלן אופן. אויפן פּערעסיפּ פונקציאָנירט נאָך אַלץ די מיליטערישע קאָמענדאַטור. ס'איז אַפילו ניט קלאָר, וואָס, אייגנטלעך, האָט זי דאָ נאָך צו טאָן, די קאָמענדאַטור, און פאַרוואָס שיקט זי נאָך יעדן פאַרטאָג אַרויס דעם פּאַטרול צו גענס זאַוואָד, אַז די דראָטענע פאַרצוימונגען בײַם זאַוואָד זײַנען שוין לאַנג פאַרניכטעט, און דער פּאַטרול גופא זיצט אינמיטן הויף און וואַרעמט זיך אַנטקעגן דער זון, און די טויערן זײַנען דאָרט א גאַנצענעם טאָג ברייט צעעפנט. אין דער קאָמענדאַטור דרייען זיך אַרום פאַרדעכטיקע פאַרשוינען אין ציווילן אָנטאָן, ס'קומען זיך אַהער צונויף פּרויען, פרעמדע און אומבאַקאַנטע פאַרן פּערעסיפּ, טוען זיך דאָ איבער אין סאָלדאַטישער אוניפאָרם און שפּאַנען נאָכדעם אַרום איבער די גאַסן, ווי אין מיליטערישן מאַרש, צו פיר אין א ריי.

מע זאָגט, די קאָמענדאַטור פאַרמירט דאָ א פּאַטריאָטישן פרויען־אָטריאַד. פּערעסיפּ לאַכט געשמאַק פון די דאָזיקע „סאָלדאַטקעס“, ווי מע האָט זיי שוין דאָ באַקרויגנט, און לייגט קיין אַכט ניט אויף זייערע מיליטערישע איבונגען, וואָס קומען פאָר יעדן טאָג אויף דער מאָסקאָווסקע. דער „זיידע“ אָבער האָט שוין דערויף דאָפּקע געלייגט אַכט. ער האָט אויפגעהויבן אין ראַט די פראַגע וועגן ליקווידירן די קאָמענדאַטור.

— איר פאַרשטייט, — האָט דער „זיידע“ געזאָגט, — פון אָט די שפּילכלעך וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען. מיר טאָרן ניט דערלאָזן, אַז ס'זאָל זיך פאַרפעסטיקן בײַ אונדז אויפן פּערעסיפּ א שוואַרצמייעדיקע נעסט...

דער „זיידע“ שטייט אויף גאַנצפרי, ווישט לאַנג די פענצטער. ס'דאַכט זיך אים, ס'וועט שוין אויף פּערעסיפּ זײַן מער זון. ער באַטראַכט די נידעריקע פלאַטשיקע געבײַדעס מיט די שינדל־דעכער, וואָס אין זײַן געסל. ער פאַרזשמורעט דאָס איינציקע לינקע אויג זײַנס. ער טראַכט, וויפל שטאָקן וואָלט מען נאָך געקאָנט אויפבויען אויף אָט די הײַזער און נאָכדעם אַרופציִען אויף זיי נײַעם קאָנאָקנדיקן בלעך

און אָפּפאַרבן זיי אין העלער פאַרב. נאָכדעם קעמט ער פליַיסיק דאָס גראָווע בערדל און אַ געפּיל איז בא אים דערביַי, ווי ער איז אונטערגעוואַקסן. און אַז ער רעדט אַף די זיצונגען פונעם פּערעסיפּער ראַיאָנעם ראַט, גייט ער צו צום סאַמע ראַנד פון דער סצענע און אַלע זעען אים און אַלע הערן זיך צו מיט גרויס ניַיגער צו זיַינע רייד. ער פילט, דער זיידע טימאָפּיי, דער אַלטער פּערעסיפּער פאַרבער, אַז אַ גרויסע כוואַליע האָט אים אופגעהויבן, טראָגט אים אין דער הייך און שטאַרקט זיַין האַרץ.

אַז ער גייט גאַנצפרי אינעם ראַיאָנעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס געפינט זיך פונקט אַפן ראָג פון זיַין געסל, גיט אים אַ צי אַף דער ברייטער מאָסקאָווסקער גאַס, ער ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס. ער שטעלט זיך דאָ אָפּ אינמיטן גאַס, וווּ ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ שוואַכער זייכער פון דעם אַמאָליקן סקווער, און באַטראַכט דעם פּערעסיפּ. ס'האָט זיך דערוויַיל דאָ נאָך גאָרנישט ניט געביטן. פּערעסיפּ איז פאַרמיסטיקט און פאַרויכערט, ווי געווען. דאָס ערגערט אים שטאַרק. ווען ער זאָל ניט זיַין אַזוי פאַרנומען, וואָלט ער פאַרקאָשערט די אַרבל און אַליין דער ערשטער געוויזן אַ בייַשפּיל, ווי מע דאַרף און מע קאָן אויסרייניקן די גאַסן, פאַריכטן די טויערן, זיי זאָלן ניט הענגען אַף די צעקאַליעטשעטע זאַוויסעס, ווי שמאַטעס. ער וואָלט געוויזן, ווי מע דאַרף אָפּפאַרבן די שטאַכעטן. עפּשער טאַקע וועגן דעם אופהייבן די פראַגע אין ראַט, זאָל דער ראַט אַרויסגעבן אַ באַשטימונג וועגן דעם, אַז כאָטשבי צום ערשטן מיַי זאָל מען אומעטום די טויערן אָפּפאַרבן און די היַיזער אויסוויַיסן...

און ס'לויפן אָן ניַיע געדאַנקען. ער טראַכט: אַלץ איז געבליבן, ווי פריִער. דער ראַיאָנער ראַט זיצט, ווי אַף אַ בוידעם, פאַרוקט אַף אַ הויכן שטאָק. אַלע ווענדן זיך צום ראַט, און די מאַכט איז בא דער קאָמענדאַטור, בא דער שטאָטישער בורזשואַזער דומע. די מאַכט פון די עקספּלואַטאַטאָרס איז ניט געבראָכן. די ברויט־רייַען ווערן ניט קלענער, און אָט האָט מען גאָר געמאָלדן אַ „וואָך פון פלייש־פאַרבאָט”. אין ראַט האָט דער פּערעסיפּער מענשעוויק אַקים גאָר שטאַרק פאַרטיידיקט די דאַזיקע „וואָך”. אַקים האָט געהאַלטן אַ לאַנגע און מעליצעדיקע רעדע; ער האָט, ווי מע האַקט אַריַין צוועקעס אין אַ וואַנט, געקלאַפּט און געקלאַפּט מיט זיַין שווערן האַמעטנעם לאָשן:

— פריִער פון אַלץ איז די עקאָנאָמיק. מיר, מאַרקסיסטן, האַלטן פון דעם קלאַל, אַז אונטער יעטווידער זאַך דאַרף מען קוידעמקאָל אונטערפירן אַן עקאָנאָמישן באַזיס. מע דאַרף פאַרבעסערן דעם ווילשטאַנד פון די מאַסן, דאָס בעסטע עקאָנאָמישע מיטל אין איצטיקן מאָמענט איז... זיַין שפּאָרעוודיק מיטן געברויכן פלייש...

אין קאָמענדאַטור קליַיבן זיך די שוואַרצמייעניקעס.

און די אַנאַרכיסטן־סינדיקאַליסטן בויען אויך אַפן פּערעסיפּ זייער נעסט. זיי פאַרנעמען זיך מיט שעדלעכער דעמאַגאָגיע. ער האָט שוין וועגן זיי גערעדט אַפן מיטינג בא די גענאָווצעס, און די אַרבעטער האָבן אים אונטערגעהאַלטן...

אַפן יאַם איז אַ גוואַלדיקער שטורעם. די אופגעבראָזטע וואַסערן ריַיסן זיך צו וויַינשטייַנס מיל, שטויסן זיך אָן אין די ווענט און שפּרינגען אָפּ מיט אַ ווילדן ברומען. אַפן פּערעסיפּ יאָגט פאַרנאַכט אַ קאַלטער ווינט, ס'טראָגט זיך אַ שטויב, וואָס פאַרפּלייצט ווי אַ שלאַקסרעגן די נידעריקע היַיזער. אין אַ זיַיטיקן צימער זיצן זיי אינדריַיען — דער זיידע טימאָפּיי, זאַרעך אין דער פאַרצויגענער מאַלעסקינענער קורטקע און מאַלעסקינענע גאַליפע. באַם פענצטער — קאַנגון, אַ הויכער, בלאָנדער מיט גוטע פריילעכע אויגן. ס'איז נאָך וויַיט צו נאַכט, איז אָבער דאָס פענצטער דאָ אין קליינינקן צימער שטאַרק פאַרשטויבט און מע זעט דורך אים גאָרנישט ניט. פון דרויסן קלאַפּט אין שויב דער צאָרנדיקער יאַם־ווינט.

— ס'איז אַ באַשלוס, — האָט קאַנגון געמאָלדן, — דער שטאַב פון דער רויטער גוואַרדיע וועט זיך געפינען דאָ בא אייַך אַפן פּערעסיפּ. איך קליַיב זיך אהער איבער. דער שטאַב צוזאַמען מיט אייַך, כאַווײרים, דאַרף צוגרייטן אַ מעכטיקן אָטריאַד פון די פּערעסיפּער אַרבעטער...

ער האָט אַ פּאָר מאָל אונטערגעשטראָכן „אַ מעכטיקן”, און סיַי דער „זיידע”, סיַי זאַרעך האָבן אינסטינקטיוו געכאַפּט אַ קוק דורך דער שויב אין דרויסן, ווי געוואָלט אין דעם וואָיען פון דעם יאַם־שטורעם געפינען אַ קלאָרע באַשטעטיקונג פאַר אָט דער מעכטיקייַט, וועגן וועלכער עס רעדט דאָ אין צימער קאַנגון...

שוין אַ וואָך ציַיט, אַז זאַרעך איז פאַרנומען מיט די מיליטערישע איבונגען אַף דער לוזאַנאָווקע. דער פּערעסיפּער אָטריאַד פון דער רויטער גוואַרדיע וואַקסט פון טאָג צו טאָג. ס'טרעטן אין אים אַריַין יונגע און אַלטע אַרבעטער. מע קליַיבט זיך יעדן פאַרנאַכט בא דער לוזאַנאָווקע און מע לערנט זיך שיסן. מע האָט באַם ברעג יאַם אופגעשטעלט פּאַלאַטקעס. די ביקסן באַהאַלט מען דאָ טאַקע ניט וויַיט. ס'איז אַ באַפעל — אין שטאָט מיט די ביקסן ניט קומען.

ס'וואַקסט די רויטע גוואַרדיע. די טעג האָט קאַנגון דאָ פון דער לוזאַנאָווקע פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט מיטן אָטריאַד. ס'איז געווען אַ ליכטיקע לעוואָנעדיקע נאַכט. דער יאַם, אַ רויִקער און אַ העל־בלויער, האָט ווי פון אַלע זיַיטן אַרומגעכאַפּט דעם סטעפּ. די רויטגוואַרדייער האָבן אויסגעטאָן די שטיוול און געמאַרשירט פריילעך און גרינג איבער דער פיַיכטער זאַמד. קאַנגון האָט דעם פּערעסי־



שײַע שקאַראָווסקי (1945—1891) האָט דעביוטירט אַלס זשורנאַליסט אין עלטער פון 18 יאָר. זײַן ערשטע זאַמלונג נאָוועלעס „ווידערוווּקס" איז דערשינען אין 1922, און פון דעמלט אָן איז ער פעסט אַרײַן אין דער ליטעראַטור אַלס פּראָזאַיקער און קריטיקער. די וויכטיקסטע ווערק — די ראָמאַנען „קאַיאַר", „מעראָן", „אָדעס".

---

פער אַטריאַד צעשלאָגן אױף דרײַ מייעס. ער האָט אָנגערופן די נעמען פון די דרײַ קאָמאַנדירן. יעדער אײנער פון די אָנגערופענע איז אַרויסגעגאַנגען פון דער ריי, זיך אוועקגעשטעלט באַם ברעג. די לעוואָנע האָט פון דער הייך אַ פֿלייץ געטאָן מיט גרינער שײַן אױף זאַרעכן — אױף זײַן געזיכט, אױף דער גלאַטער, ווי פֿליוש, מאַלעסקינענער קורטקע, אױף דעם אנטבלויזטן געקרײַזלטן שווארצן קאָפּ זײַנעם. עמעצער האָט זיך געוווּרטלט:

— פון אַ קאָמענדאַנט איז זאַרעך געוואָרן אַ קאָמאַנדיר.

קאָנגון האָט גערעדט וועגן דעם, אַז אױף דער ערשטמײַקער דעמאָנסטראַציע וועט די רויטע גוואַרדיע מאַרשירן מיט די ביקסן, אַז מע דאַרף, די אָדעסער בורזשואַזיע זאָל וויסן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ באַוואָפנטע קראַפט.

אױפן צווייטן טאָג נאָך דעם איז זאַרעך געקומען צו נעכאַמען, ער האָט איר וועגן פיל צו דערציילן. האָט נעכאַמע אים באַגעגנט אַ טרויעריקע. זי האָט געהאַלטן דאָס קינד אױף די הענט. דאָס קינד איז געשלאָפן, און זי האָט זיך אײַנגעהערט צו דעם, ווי עס קרעכצט שווער פון שלאָף. דאָס געזיכט באַם קינד איז געווען געל, פון דעם קאָלדרעלע האָבן אַרויסגעשטעקט צוויי דאַרינקע הענטלעך. נעכאַמע האָט גאָרניט געזאָגט, זי האָט געקוקט אױף זאַרעכן מיט אירע ווייכע אויגן, אין וועלכע ס'זײַנען אָנגעלאָפן טרערן. זאַרעכן האָט פאַרקלעמט באַם האַרצן.

— איך האָב מוירע פאַרן קינד, — האָט נעכאַמע שטיל געזאָגט, — עס גייט אויס אױף מײַנע אויגן, די ברוסט טוט מיר ווײ, זי איז אויסגעטריקנט, כ'האָב קיין מילך ניט, דאָס קינד זויגט מײַן בלוט, און קיין „פלעשעלעך" איז שוין ניט צו קריגן, איז וואָס טוט מען?

זאַרעך האָט שטאַרק געוואָלט טרייסטן נעכאַמען. אויב מע דאַרף, איז ער גרייט שוין לויפן אין שטאָט און זוכן „פלעשעלעך" מיט מילך פאַרן קינד. האָט נעכאַמע אַרופגעלייגט איר האַנט אױף זאַרעכס אַקסל:

— וועסט ניט קריגן, טײַערער, איבער דער גאַנצער שטאָט וועסטו ניט קריגן קיין „פלעשעלע".

נאָר זאַרעך האָט זי ניט געהערט, ער איז אוועק און שפּעט באַנאַכט זיך אומגעקערט צוריק אַ מידער, נאָר אַ פרייליכער:

— געקריגן, קיין שום זאַך איז ניט שווער פאַר מיר פונדײַנעטוועגן...

נעכאַמע האָט מיט דער האַנט אַ וויש געטאָן די אויגן, איז צוגעגאַנגען צום קאַסטן, אופגעהויבן די שווערע דעק און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ ברייטע שטיק רויטן סאַמעט, אין וועלכן ס'איז געווען

פאַרשטעקט א נאָדל מיט א זײַדן בײַוועלע. זי האָט דעם קאַכטן צוגעמאַכט און אויסגעשפּרייט דעם סאַמעט אויפן טיש, וואָס איז נאָך אַלץ געווען באַשלאָגן מיט בלעך, ווי דעמלט, ווען זאָרעך מיט שמילעקן האָבן דאָ געאַרבעט באַם וואָרקשטעל. זי האָט גענומען אויסנייען דעם ערשטמײַיקן לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן". זאָרעך איז געשטאַנען בא דער זײַט, געקוקט, ווי נעכאַמע לויפט אַזוי פלינק מיט אירע צאַרטע פינגער איבערן סאַמעט און ווי ס'שײַנען ווידער בא איר אירע ווײכע גוטע אויגן.

די קאַזאַרמעס לעבן דער טאַווארנע סטאַנציע זײַנען געווען פאַרפּוצט מיט פענדלעך, די פענדלעך האָבן אַרויסגעשטעקט פון די צעעפנטע פענצטער. אין הויף צווישן די אָנגעשטעלטע קוילנוואַרפערס און הארמאַטן האָט זיך קונציק אויסגעמאַסטעט דער אָרקעסטער פונעם אַכטיקער פּאָלק. די סאָלדאַטן זײַנען אַרומגעגאַנגען אין דער אַלטער גוסאַרער אוניפאָרם, געטראָגן זי מיט א ניט־זיכערקײַט, ווי ניט געוווּסט צי ס'פּאַסט איצט די דאָזיקע אַלטמאָדישע מיליטערישע אוני־פאָרם. די אַכטירצעס האָבן הײַנט געוואַרט אַף געסט: אַהער צו דער סטאַנציע אַפן מיליטערישן מיטינג דאַרף קומען דער זיבעטער סאַמאָקאַטנער באַטאַליאָן, די מאַרשעווע ראָטע, די קוילנ־וואַרפלער־קאָמאַנדע.

פון אינדערפרי האָט מען לעם דער סטאַנציע גענומען מאַכן פּלאַץ פאַרן פאַרשטייענדיקן מיטינג. צו הילף זײַנען געקומען די אײַזנבאַנער. דער פאַרקן פונעם ריזיקן הויף איז שוין פון לאַנג געווען אַראָפּגענומען. מע האָט אָפּגערוימט די צעבראָכענע קאַסטנס, די בערג מיט מיסט, וואָס האָבן זיך דאָ אָנגעקליבן פאַרן ווינטער. דער פּלאַץ איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן, זיך צע־שפּרייט העט־ווײַט ביז צו דער קאָליע. פונעם דערנעבנדיקן פעלד האָט אָנגעיאָגט א פריש ווינטל. איבערן פּלאַץ האָבן זיך געטראָגן האָפּערדיקע מוזיק־קלאַנגען, דאָס ווינטל האָט זיי אופגעכאַפּט און א לויף געטאָן מיט זיי איבערן גרינעם פעלד. די אַכטירצעס האָבן זיך אויסגעשטעלט לענגויס דער סטאַנציע און מיט פריידיקע אויסרופן באַגעגנט די געסט:

— Здорово, самокатчики!

— Здорово, пулеметчики!

פון אַלע זײַטן האָט מען געענטפערט:

— Здорово, товарищи ахтырцы!

פון די קאַזאַרמעס האָט מען אַרויסגעטראָגן בענק, טאַבורעטקעס, טומבאַטשקעס, נאָר אינגיכן זיך איבערצײַגט, אַז ס'וועט ניט סטײַען פאַר אַלעמען, האָט מען דאָס אַלץ אָפּגערוקט אין א זײַט און זיך אויסגעזעצט אַף דער ערד, פאַרביגנדיק די שינעלן, די פיס אונטער זיך.

אַף דער אימפּראָוויזירטער טריבונע, סאַמע אינמיטן פּלאַץ, איז געשטאַנען טאַראַס. ער האָט געקוקט אַפן פעלד, וואָס האָט אַזוי יוגנטלעך זיך געשפּרייט מיטן ערשטן פרישן גראָז אַף דער שמאָלער קאָליע בא די זײַטן, אַפן העל־בלויען הימל און אָפּגעוואָרט א ווײַלע, ביז די פאַרשטייער פונעם אָדעסער גאַרניזאָן האָבן זיך אויסגעזעצט אַפן ברייטן, ציכטיק־אויפגערוימטן פּלאַץ. ער האָט געוווּסט, טאַראַס, הײַנטיקע אַרויסטרעטונג זײַנע איז ביז גאָר א וויכטיקע. פונעם אָדעסער גאַרניזאָן זײַנען דערוויײל נאָר די אַכטירצעס — דער זיכערער אָנשפּאַר. ס'איז אָבער נייטיק, אַז אויך די איבע־ריקע גאַרניזאָן־טיילן זאָלן זיך איבערצײַגן אין דער ריכטיקײַט פון די באָלשעוויסטישע לאָזונגען.

פונעם ווײַטן האָריזאָנט האָט די זון א היפשן רוק געטאָן זיך אין דער הייך, זיך אוועקגעשטעלט פונקט אַנטקעגן פעלד און מיט א מילדער שײַן באַלויכטן דעם מיטינג פונעם אָדעסער גאַרניזאָן. טאַראַס האָט באַטראַכט אָט די מעכטיקע מענגע מענטשן אין גרויע זעלנער־שינעלן, געזען, ווי פיל זיצן באַהאַנגען מיט דער שווערער אַמוניציע, ווי זיי זאָלן זיך אָפּרוען פון א לאַנגן מאַרש. ער האָט אונטערגעהויבן די אַקסלען, טיף אַרײַנגעאָטעמט אין זיך די פרישע פעלד־לופט און גענומען ריידן. מע האָט אים געהערט אויפמערקזאַם און אָנגעשטרענגט. פיל האָבן נאָכדעם זיך אופגעהויבן, געשריִען „הוראַ" און געוואָרפן אין דער הייך די היטלען, זיך געלאָזט, צעפלאַמטע, צו דער טריבונע און די הענט אויסגעשטרעקט צו טאַראַסן, געוואָלט אים אופהייבן און דורכטראָגן איבער אַלעמענס קעפּ. קיינער האָט שוין נאָכדעם ניט געוואָלט הערן די מענשעוויסטישע און עסעריש רעדנער, וואָס זײַנען אין ווילדער אופגעטראָגנקײַט אַרוף אַף דער טריבונע און מיט שוים אַף די ליפּן אויסגעשריגן איינצלנע זידלווערטער — א סימן פון אייגענער אומבאַהאָלפנקײַט:

— באָלשעוויסטישע דעמאַגאָגיע!

— דערצייל בעסער וועגן פאַרפלאָמבירטן וואַגאָן!

— פאַרוואָס פאָדערט איר דאַפקע טייקעף שליסן שאָלעם?

— וואָס מיינט איר מיטן ברידערן זיך אַפן פראָנט?

טאַראַס האָט געפילט א מידקײַט אין די הענט, נאָר אין די הענט, האָט ער זיי לאַנג געהאַלטן אַף די קני, רויק באַטראַכט דאָס אומגעלומפּערטע היצן זיך פון די קעגנער, האַסטיק געאָטעמט,

שטאַרק און ריטמיש הייבנדיק די אַקסלען. ער האָט ווידער געגומען אַ וואָרט און אַליין זיך באַוווּנ־דערט, ווי מיטאַמאָל און לײַכט האָבן זיך זײַנע הענט אַהייב געטאָן אינדערלופטן. אפשר הּאָט איבערן פּלאַץ זיך געטראָגן זײַן שטים:

— אַ טייקעפּדיקער שאָלעם און אַ סאָף צו דער מילכאָמע! די מילכאָמע איז אין די אינטערעסן בלויז פֿון די הערשנדיקע קלאַסן...

ווידער זײַנען געלאָפּן צו דער טריבונע צעהיצטע פאַרשוינגען און אַפּן וועג נאָכגעשריען, ווי מוירע געהאַט, זיי זאָלן ניט דערטראָגן דאָס, וואָס זיי ווילן זאָגן:

— מילכאָמע ביז אַ זיגרײַכן סאָף!

און אַז דער געשריי איז אײַנגעשטילט געוואָרן, זײַנען אייגער נאָכן צווייטן אין פּולער אַמוניציע אַרויף אויף דער טריבונע פאָרשטייער פון די אָדעסער מיליטערישע טיילן, געוווישט מיט די אַרבל פֿון די שינעלן די פאַרשוויצטע שטערנס און זיך רעקאָמענדירט:

— פון די קאַזאַקן פון פינפטן אַרטילעריישן דיוויזיאָן!

— פון דער אָדעסער אוקראַיִנישער בריגאַדע!

— פון 49־טן פּעכאָטנעם זאַפּאַסנעם פּאָלק!

ס'האָבן זיך אַרום דער טריבונע צונויפגעקליבן פאָרשטייער פון די סאַמאָקאַטשיקעס, קוילנוואַר־פלערס, אַרטילעריסטן און געמאָלדן:

— מיר זײַנען פאַר די באָלשעוויקעס!

אויפן פּלאַץ איז געוואָרן שטאַרק טומלדיק. קיינער איז שוין אויף דער ערד ניט געזעסן. פונעם הויף פון דער דערנעבנדיקער קאַזאַרמע האָבן די אַכטירצעס געשלעפּט צום פּלאַץ די קוילנוואַרפער און הארמאַטן. עמעצער האָט געשפּילט טרעוואָגע. די אָפיצערן, אָן עפּאָלעטן, האָבן געפּאַכעט מיט די הענט און געשריען:

— פּאָלגן די קאָמאַנדע!

אַ טייל האָט געפאָלגט, זיך אויסגעשטעלט אין דער ריי און פאַרלאָזט דעם מיטינג. אויפן פּלאַץ איז נאָך פונדעסטוועגן געוועזן היפּש געדיכט. דער פּאַרזיצער האָט געמאָלדן:

— איך דערקלער דעם מיטינג אפשר פאַר געעפנט!

מע האָט זיך נאָכאַמאָל אויסגעזעצט אויף דער ערד.

בײַ דער טריבונע איז געשטאַנען אייגער פון דער אוקראַיִנישער בריגאַדע. ער האָט געהאַלטן די הענט אויף דער ברוסט צונויפגעקלעמט אין פויסטן און זיך געשוווירן:

— גיין האַנט בײַ האַנט מיט די באָלשעוויקעס און מיט די רעוואָליוציאָנערע מאַטראָסן, ביז אויף דער רוסישער און אוקראַיִנישער ערד וועט ניט בלײַבן קיין איין ווילדע כײַע, וואָס טרינקט דאָס בלוט פונעם אַרבעטנדיקן פאָלק...

די, וואָס זײַנען געזעסן אויף דער ערד, זײַנען אופגעשפּרונגען. איבערן פּלאַץ האָט זיך געטראָגן, ווי אַ מעכטיקער שטראָם, איין אויסגעשריי:

— מיר שווערן!

נאָכדעם האָט זיך אויף דער טריבונע אופגעהויבן אַ פּעכאָטינעץ. ער האָט דערקלערט:

— אונדזער 49־טן פּעכאָטנעם רעזערוו־פאָלק וויל מען צעפאַרמירן. מירן ניט דערלאָזן. מיר בלײַבן טרײַ דער פאַרטיי באָלשעוויקעס. אונדזער פאָלק טראָגט אַרײַן דרײַ טויזנט רובל אין פאָנד פון דער רסדאַפּ באָלשעוויקעס.

און גלײַך האָבן זיך באַוויזן זאַמלער, וואָס זײַנען אַרומגעגאַנגען צווישן די רייען מיט אויס־געשטרעקטע זעלנער־היטלען אין די הענט:

— פאַר אונדזער צײַטונג, פאַרן אָרגאַן פון די אָדעסער באָלשעוויקעס, פאַר דעם „גאָלאָס פּראָלע־טאַריאַ"!

מעשענע פּיאַטאַקעס זײַנען שווער מיט אַ קלאַנג געפאַלן אין די היטלען. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט דעם „אינטערנאַציאָנאַל". די אַכטירצעס האָבן אײַנגעלאָדן טאַראַסן צו זיך אין קאַזאַרמע אויף די איבערוואַלן פונעם קאָמאַנדירן־באַשטאַנד.

...פאַרנאַכט איז צו טאַראַסן געקומען ניורע. זי האָט מיט זיך געבראַכט אַ בינטל פרישע וואַר־בענע ריטלעך און עס אים אונטערגעטראָגן מיט אַ שמייכל:

— פונעם דאַנקבאַרן אָדעסער גאַרניזאָן!

די שטאָט האָט געררוישט. אויפן דומע־פּלאַץ האָבן זיך אויסגעשטעלט די פאָרשטייער פון די פאַר־טײַען, אָפּגעטיילט אַ פּאָר שפּאַן איינער פון צווייטן. די פאָרשטייער האָבן באַגריסט די דעמאָנסטראַנטן:

— אין נאָמען...

— אין נאָמען...

— אין נאָמען...

ס'האָבן מאַרשירט די אינזשעניערן און אָנגעשטעלטע פֿונעם פֿאָלקס־אינדוסטריעלן קאָמיטעט. אַלע מיט רויטע באַנטיקלעך אין די סאַמעטענע, אויסגעפּרעסטע לאַצן. שווער און סאָפּענדיק איז פֿאַרויס געגאַנגען זיגפֿריד אַשקענאַזי, פּיפּקענדיק אַ סיגאַר. פֿונדערווײַטנס האָט ער אויסגעזען ווי אַ העלפֿאַנד, אָנגעטאָן אין שוואַרצן. די פּאַרשטייער פֿון די פּאַרטייען זײַנען אײַנער דעם צווייטן פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, ווי אַף אַלעקסאַנדראָווסקע די מעשאָרסים פֿון די קלייטן, פֿאַרופֿנדיק די קוינים.

אַשקענאַזי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געדיכטן שטראָם רויך און אַראָפּגענומען דעם צילינדער. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט די „מאַרסעליעזע". פֿון די באַלקאָנען פֿון דעם „לאָנדאָנער האָטעל" האָבן אַראָפּגעקוקט, ווי ראָבן פֿון די דעכער, די פֿרויען פֿון אַדמיראַלן און באַנקירן, אָנגעשטעלט די לאָרנעטקעס, און ווען זיי האָבן דערקענט עמעצן פֿון זייעריקע, האָבן זיי צוגעפּליעסקעט און געשריִען: „בראַוואָ, בראַוואָ", ווי אין צירק בײַם די ריזיקאַלע איבונגען אַף די הויכע טראַפּעציעס. די, וואָס האָבן מאַרשירט אונטן, האָבן זיך געגריסט מיט די דאַמען, געצויגן די צילינדערס.

אַפֿן פּלאַץ איז אָנגעפֿלויגן רײַטנדיק דער פּאָלק פֿון די טערער קאַזאַקן, דעמאָנסטרירנדיק פֿאַר דער טריבונע אַ געפּעכט מיט אַנטבלויזטע שווערדן. מע האָט פֿאַרבעטן אַף דער טריבונע אַן אַלטן פּאָלקאָווניק, שטאַרק אָנגעקוועלט פֿון זײַן ווײַסער באָרד און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט אים. לעבן אים איז געשטאַנען דער אָדעסער שטאָט־גאָלאָווע מיכאיל וואַסיליעוויטש ברײַקעוויטש, אָנגעשפּאַרט די הענט אַף די פּאַרענטשעס, און שטרענג באַקוקט די מאַרשירנדיקע רייען. צומאָל האָט ער אָפּגעריסן זײַן בליק פֿון די דעמאָנסטראַנטן און זיך פֿאַרקוקט אַפֿן הימל, וואָס איז געווען קרישטאָלריין, אָן איין וואָלקנדל. אַן אומצופֿרידענער, האָט ער דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ס'האָט אים געפּײַניקט עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענער שווערער געפֿיל. באַ דער זײַט איז געשטאַנען אין זומער־מאַנטל מיט אַ פֿאַרבונדענעם האַלדז דער קליינינקער אַס. מיט אַן אומצופֿרידענער מינע האָט ער אַ בורטשע געטאָן:

— בעסער געדאַרפֿט בלײַבן אינדערהיים, שווענקען דעם קראַנקן האַלדז מיט באָרנע.

ברײַקעוויטש איז געווען אומבעראַכמאָנעסדיק צו זײַן סעקרעטאַר, ער האָט אים שוין אייניקע מאָל שטיל געגעבן אָנצוהערן:

— איר זײַט דאָ אַף דער טריבונע דער פּאַרשטייער פֿון „יעדינסטוואָ", איז זאָגט זשע אַ פּאָר ווערטער אין נאָמען פֿון אײַער מענשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע.

אַס האָט זיך אונטערגעהויבן אַף די שפּיץ פֿינגער, האָט מיט איין האַנט צוגעהאַלטן דעם פֿאַרבונדענעם האַלדז, און מיט דער צווייטער אַ מאַך געטאָן צו דער פֿאַרבײַגייענדיקער קאָלאָנע:

— איך באַגריס אײַך אין נאָמען פֿון דער אָדעסער גרופּע „יעדינסטוואָ" און רוף אײַך...

די דעמאָנסטראַנטן האָבן געשריגן „הוראַ", מע האָט גאָרניט געקאָנט הערן. ברײַקעוויטש האָט הויך אופֿגעהויבן די דלאָניע, גערופֿן צו אָרדענונג. ער האָט זיך געבעטן:

— הערט אויס דעם רעדנער ביזן סאָף...

אַס האָט זיך געהאַלטן מיט ביידע הענט פֿאַרן פֿאַרבונדענעם האַלדז. ער האָט שווער געכאָרכלט און דערזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געזאָלט זאָגן בלויז פֿאַר די לײַט, וואָס זײַנען געשטאַנען דאָ לעבן אים אַף דער טריבונע:

— איך רוף אײַך, זײַן טרײַע בירגער פֿון אונדזער פֿרײַען פֿאָטערלאַנד, זײַן טרײַ דער דעמאָקראַטיע, דערפֿירן די מילכאָמע ביזן זיגרײַכן סאָף...

איבער דער נאָענטער פּושקין־גאַס האָט זיך געצויגן די דעמאָנסטראַציע פֿון די ציִעניסטן. פֿאָרויס אין אַן אָפּענעם פֿאַעטאָן איז געפֿאָרן נעכאַמאָוויטש. ער איז געזעסן די הענט צונויפֿגעלייגט אַף דער ברוסט, געזשמורעט די אויגן אַנטקעגן דער זון, געזעסן אַ פֿאַרגליווערטער, ווי אַ מומיע. ער האָט שטום אויסגעהערט די פּאַרשטייער פֿון די ציִעניסטישע פֿראַקציעס און נאָר איין מאָל, ווען מע האָט אונטערגעטראָגן צו זײַן פֿאַעטאָן דעם דיקטענעם טראַנספּאַראַנט פֿון די „צעירי־ציִען", האָט ער זיך עטוואָס אונטערגעהויבן פֿון אָרט, ברייט צעעפֿנט די אויגן און איבערגעלייענט דעם אופֿשריפֿט: „ערד און פֿרײַהײַט אין פּאַלעסטינע" און איז טייקעף ווידער געבליבן פֿאַרגליווערט. אַפֿן ראָג פּושקינער און יעקאַטערינינער האָט די דעמאָנסטראַציע זיך אָפּגעשטעלט. פֿון באַלקאָן האָט דער „רעוואָליוציאָנערער" גענעראַל טאַרקס באַגריסט די ציִעניסטן.

— איך גלייב, — האָט געזאָגט דער גענעראַל, — איר, ייִדן, וועט נאָך קעמפֿן ווי לייבן, ווי די אַמאָליקע מאַקאַבייער, קעגן די פּרײַסישע באַרבאַרן, דערפֿאַר וועלן אונדזערע פֿרײַע פֿאַרבינדעטע, די רומפֿולע בריטאַנצעס, אײַך אומקערן אײַער אוראַלט פֿאָטערלאַנד — פּאַלעסטינע.

נעכאַמאָוויטש האָט זיך אופֿגעהויבן. מע האָט אים אונטערגעטראָגן די ציִעניסטישע פֿאָן און, צוהאַלטנדיק זי מיט ביידע הענט, האָט ער זיך געווענדט צום גענעראַל:

— אײַער הויכוווילגעבורט, איך בייג אָן פֿאַר אײַך די נאַציאָנאַלע פֿאָן פֿון מײַן פֿאָלק...

דער אָרקעסטער האָט געשפּילט די „מאַרסעליעזע", די „האַטיקווע" און דעם בריטאַנישן הימן. נעכאַמאָוויטשעס פֿעלדפֿעבעלשע שטים האָט געדונערט איבער דער פּושקין־גאַס. די ציִעניסטישע דעמאָנסטראַציע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום דומע־פּלאַץ, האָט עמעצער פֿעסט און שטרענג באַפֿוילן:

— אויף צוריק!

באַם וואָקזאַל־פּלאַץ האָט זיך געזאַמלט דער אײַזנבאַן־ראַיאָן. אַהער זײַנען אויך געקומען די אײַזנבאַנער און די אַרבעטער פֿון די זאַוואָדן — בעלינאַ־פּענדריך, וואַלטוך און ליולקי. די פֿאָנען־טרעגער זײַנען געשטאַנען אין דעם קליינינקן בײַוואָקזאַל־סקווער. מע האָט באַדאַרפֿט באַשליסן, וועלכע אונטערנעמונג זאָל זיך שטעלן אין דער פֿאָדערשטער ריי פֿון דער דעמאָנסטראַציע. אויף די הענט פֿון די כאַווײרים האָט זיך אַ הייב געטאָן דער מאַשיניסט מיטיע, ער האָט דאָס היטל זײַנס צונויפֿגעדריקט אין פֿויסט און באַרויִקט דעם עולם:

— כאַווײרים, מיר זײַנען אַלע פֿון איין ראַיאָן, פֿון איין שטאָט, פֿון איין קלאַס, און מיר שטאָלצירן מיט יעטווידער אַרבעטער־פֿאָן, אויף וועלכער ס׳זײַנען אָנגעשריבן די לאָזונגען פֿון קאַמף פֿאַר אונדזער מאַכט...

אונטן האָט מען געשריִען:

— גערעכט, גערעכט!

מיטיע איז שוין געשטאַנען צווישן די פֿאָנענטרעגער, גענומען בײַ איינעם פֿון די בעלינאַ־פּענדריכצעס זייער פּרעכטיקע סאַמעטענע פֿאָן, אויף וועלכער ס׳איז מיט זילבער געווען אויסגענייט איבער דער גאַנצער לענג דער לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן״, און אַ שפּאַן געטאָן פֿאָרויס:

— מיר שטייט אָן צו מאַרשירן אויך אונטער דער פֿאָן פֿון די בעלינאַ־פּענדריכצעס!

דער אײַזנבאַן־ראַיאָן האָט מאַרשירט אין פֿעסט־געשמידטע רייען. פֿאָרויס איז געפֿאָרן אַ גרוזאָוויק מיט אַ מאַקעט פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו. אויף ביידע זײַטן איז געווען איין און דער זעלבער אויפֿשריפֿט: „פֿון אַ פֿונק וועט אויפֿלאַקערן אַ פֿײַער״. די פֿאָנענטרעגער מיט די אָרקעסטערס האָבן פֿאַרקערעוועט אויף דער פּושקין־גאַס. עס האָט אַ כוואַליע געטאָן דער אײַזנבאַן־ראַיאָן. דאָס געזאַנג האָט, ווי אַ מעכטיקער שטראָם, זיך דורכגעריסן אַ וועג איבערן געפֿלאַסטערטן ברייטן שליאַך און זיך אַ קײַקל געטאָן צום דומע־פּלאַץ. אין דער לופֿט האָבן געפֿלאַטערט הונדערטער טראַנספּאַראַנטן. די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע האָט זיך דערנעענטערט צו דער דומע, און איבער די קעפּ האָט זיך אַ הייב געגעבן און מיט שטרענגע און פֿאַשעטע אויסיִעס מיטאַמאָל פֿאַר אַלעמען אַ פֿלאַקער געטאָן, ווי אַ פֿײַערדיקער גאַרב, דער פּלאַקאַט:

— זאָל לעבן דער כאַווער לענין!

פֿון גרעטשעסקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער מאָלדאַוואַנקער ראַיאָן. די רייען האָבן זיך צונויפֿגעמישט. אייניקע האָבן זיך געקושט. די פֿרייד האָט געלויכטן אין די אַרבעטער־רייען, פּונקט ווי די זון, וואָס האָט מוטערלעך און זאָרגעוודיק פֿון אַלע זײַטן איצט באַשאָנקען מיט וואַרעמער און העלער שײַן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע.

און ווי נאָר ביידע אַרבעטער־ראַיאָנען האָבן אויפֿן ענגן דומע־פּלאַץ זיך צונויפֿגעמישט מיט די פֿאָנען און אָרקעסטערס, מיט די געזאַנגען און שאַלנדיקער פֿרייד, האָט אויפֿן ניקאָלײַעווער בולוואַר אַראָפּגעמאַרשירט דער פּערעסיפּ. פֿון אַלע זײַטן האָט מען גענומען שרײַען:

— פּערעסיפּ! ס׳גייט פּערעסיפּ!

די, וואָס אויף דער טריבונע, און די, וואָס אויפֿן פּלאַץ, האָבן זיך פֿון די ערטער אונטערגעהויבן, זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער. פֿיל זײַנען פֿון די רייען אַרויס און געלאָפֿן אַנטקעגן דעם זינגענדיקן מאַרש, וואָס האָט זיך מיט קראַפֿט און רעגעלמעסיקער ריטמישקייט געטראָגן אַהער פֿונעם בולוואַר. דער שוואַרצער יאַם האָט זיך אויך ווי אויפֿגעהויבן מיט זײַן בלויער שעפֿע. יאָמטעוודיק האָבן געיאָגט די שוימיקע כוואַליעס, ווי געוואָלט וואָס גיכער און נעענטער צוקומען און באַגריסן דעם שטאָלץ און די פּראַכט פֿונעם אָדעסער פּראָלעטאַריאַט, וואָס שפּאַנט אונטער די באָלשעוויסטישע לאָזונגען.

פֿאָרויס איז אויף אַ הויכן פֿערד אַרויסגעפֿאָרן קאָנגון. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לעדערקע און מיט אַ נאַהאַן בײַ דער זײַט. ער איז געפֿאָרן לאַנגזאַם און זיכער. אויף אַ לאַסט־וואָגן איז געווען אַוועקגעשטעלט אַ קוזניע. צוויי שמידן האָבן מיט ריזיקע בלאַנקענדיקע האַמערס געקלאַפּט איבער דעם אָנגעגליטן אײַזן, פֿונקען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופֿט. אויפֿן לאַסט־וואָגן איז אין אַ קאָוואַלשן פֿאַרטעך געשטאַנען זאַרעך און געאַרבעט באַם בלאָז־זאַק.

הינטער זיי איז געגאַנגען די קאָלאָנע פֿון די גענאָווצעס און דער זאַוואָד פֿון „ספּיוואַק און כפּיוואַקאָוו״. ס׳האָבן מאַרשירט מעטאַליסטן און בויער, די אַרבעטער פֿון וואַלטוכס זאַוואָד. דוווירעלע האָט געפֿירט די קאָלאָנע פֿון וויסאָצקיס פֿאַבריק. לעבן איר האָט געשפּאַנט יאָסקע מיט שײַנענדיקע אויגן. אין שטרענגע רייען האָבן מאַרשירט די מאַטראָסן פֿון דער שיף „סינאָפּ״. איבער אַלעמענס קעפּ האָבן געפֿלאַטערט טראַנספּאַראַנטן מיט פֿײַערדיקע אויפֿשריפֿטן: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן״. ביז שפּעט אין אָוונט האָט איבער די אויפֿגעברויזטע אָדעסער גאַסן געשטראָמט די מעכטיקע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע.

● ● ●

## איציק קיפּניס

פונעם ראָמאַן

# „די שטוב"

## דאָס שטעטל האָט זיך אַ ריר געטאָן

1

באַ שיינען איז געלעגן אין קיך, אַרום אויוון, אַ ראָב קעלבל, מיט הויכע פּיסלעך, אויף וועלכע סע קאָן זיך נאָך ניט שטעלן, און די קליינע כעוורע האָבן געגעסן הייסע לאָטקע מיט קאַלטער מאַלאַזיווע, און ס'איז געווען אויף זיי אַ סימכע.

די אַלטע זאָגט צו זיי:

— פּרעסט, פּרעסט, איר וועט דערנאָך לויפן אויף די בײַכער.

די טיר האָט זיך געעפנט, און לייבטשיקס בעניאַכיד מיטן קלײַנדיקן פּאָנעם מיט דער פּאַר־לייגטער נאָז איז געקומען צו לויפן מיט אַ נײַעס, אַז איינער אַ פּעטראָ פון קאָמענע האָט דערקענט אַ סטראַזשניק פון דעם פּריצישן הויף. יענער איז שוין דאַפּקע אַרומגעגאַנגען אָן פּאָגאָנעס. האָט ער זיך גענומען יאָגן נאָך אים, אַז ער זאָל אָפּצאָלן פאַרן וואָגן האָלץ, וועלכן ער האָט אים פּאַראַכטאָגן פּאַרקערעוועט צום פּאַרעץ אין הויף אַרײַן. פינף רובל זאָל ער אים באַצאָלן פאַר דער פור האָלץ. אויב ניט, זאָגט ער, וועט ער אים אָפּשלאָגן די כריפּעס!

— דער וואָגן האָלץ, — זאָגט שעווקע, — וועט שוין דעם סטראַזשניק אויספּאַלן באַקאָם.

— און די איבעריקע סטראַזשניקעס, — דערציילט לייבטשיקס בעניאַכיד, — זײַנען שוין אַלע אויסגעטריקנט געוואָרן: פּיוווט! נאָר וויוורישטשע גייט נאָך אַרום אין אַ וואַכעדיקער גימנאַסטיאָרקע, מאַמעש ער בעט זיך מיט די אויגן, מ'זאָל אויף אים ראַכמאָנעס האָבן און אים ניט טשעפּען.

פון איבער דער וואַנט האָט מאַטעס אָנגעקלאַפּט. ווײַזט אויס, אַז ער האָט געהערט, פון וואָס סע רעדט זיך דאָ און וואָס דאָס ייִנגל דערציילט פון די סטראַזשניקעס.

— און וואָס טוט מען, — האָט ער אָנגעקלאַפּט, — מיט זיוולס אכט גילדן? זיי זײַנען שוין אָפּגעלייגט פון וויוורישטשעס וועגן.

— איך ווייס? — האָט די אַלטע אַ קאָלופּע געטאָן די נאָז, — איך מיין, אַז אין טײַבלען וועט זײַן מער מיצווע... מײלע, נו, איך ווייס דען זייער? איר זײַט דאָך אַ מאַנצבל, קערט איר בעסער ווייסן.

— ווי דען, באַלד שטעק איך זיי אים, — האָט מאַטעס געענטפערט, — פאַרקערט, מע קאָן נאָך באַ אים אײַנמאָנען יענע געלט אויך.

פאַרנאַכט האָבן זיך מענטשן געקליבן צו פּייסיע ווייסבורד אין שטוב אַרײַן. מע האָט גערעדט און זיך געזיצעט וועגן קאַהאַלשע זאַכן. איצט וועט די קעהילע האָבן אַ גרויסע דייע אין שטאָט. אווראָם־שיִע אַרקין האָט אַ פרעג געטאָן באַ פינטשיקן דעם ראַוס, צי מע דאַרף ניט עפּעס זאָגן דעם אוילעם אַ פּאָר ווערטער?

אַזוי, גלײַך־שטייענדיק, מיט זײַן שטילן לאָשן, און די הענט האַלט ער, אווראָם־שיִע, ווי קעסיי־דער, צונויפגעלייגט, מײַסע סטאַטעק, אַ ביסל נידעריקער פונעם בויך, און ער אייצעט זיך, הייסט עס, אַזוי מיט פינטשיקן.

פּינטשיק האָט אין הארצן געלאַכט. ער האָט געוווּסט, אַז סירניצע קאָן זיך באַגיין אָן רעדעס, און דאָ זײַנען נאָך ווינציק מענטשן אויך. נאָר ער איז דאָך אַ מעזעג־טאַוו, פּינטשיק, וועט ער דאָך ניט גיין איבערשפּארן ארקינען, און ער זאָגט:

— איך ווייס? עפּשער וואָלט טאַקע ניט שאַטן, מע זאָל זיי געבן צו דערקלערן מיט אַ פּאָר ווערטער, זיי זאָלן פאַרשטיין די איצטיקע „פּאָלאָזשעניִע".

האָט זיך אוורהם־שיִע ארקין אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער האַנט אָן ווינקל פון טיש און ער האָט אַף זײַן שטיקל קאָל אָנגעהויבן אַזוויי פון אַ מיט:

— מיט אײַער דערלויבעניש, געערטע פּובליקום, וואָלט ניט שאַטן מיט אַ פּאָר ווערטער מאַכן קלאָר הײַנטיקע פּאַסירונגען.

פון דער ערשטער רעגע האָט דער אוילעם ניט געוווּסט, אַז דאָס רעדט ער צו אַלעמען און צי סע איז מיט אַן ערנסט. וואָרעם וואָס איז? ער איז שוין געוואָרן אַ באַלדאַרשן אינמיטנדרינען? — דערנאָך האָט מען פונדעסטוועגן גענומען אָנשטעלן די אויערן, מע האָט געוואָלט הערן, עפּשער רעדט ער טאַקע עפּעס נײַטיקס, דעם באַקלאָוואַרס איידעם. עפּשער וועט ער עפּעס דערציילן פון בלאַט אַזעלכס, וואָס מ'האָט נאָך ניט געהערט.

אוורהם־שיִע האָט ווײַטער גערעדט: בײַס ער גופא איז געווען איז דער מיליטער־דינסט, דער־ציילט ער, און ס'איז אים אויסגעקומען צו היטן פּאָליטישע פּאַרמישפּעטע און אַפילע „גידוינים לע־מיסע", פּלעג ער ניט אײן מאָל אײַנשטעלן זײַן לעבן און זיי העלפן, מיט וואָס ער פּלעג קאָנען... איצט, ווען די זעלבסטהערשונג איז געשטירצט, איז פּאַרשטאַנדיק, אַז גלײַכבאַרעכטיקונג קומט פאַר אַלע פעלקער און פאַר יידן אויך ביכלאַל, און מע דאַרף אַליין זען, אַז די זעלבסטווירדע זאָל זיך אַ ביסל אופהייבן, און ס'איז אויך נייטיק, אַז מ'זאָל באַהאַנדלען דעם „אײַנוי יעהודי" אַזוויי דעם „יעהודי" אָן ראַמאָעס, און דעסגלײַכן, און ווערדליק די בלעטער שרײַבן, קאָן מען האָפן אַף גרויסע ישועס פאַר יידן, ווי צום בײַשפּיל, אַ ייִד וועט אַפּילע קאָנען פאַרנעמען אַ רעגירונגס־שטעלע אויך, גלײַך מיט אַלע אין לאַנד...

פּייסיע ווײַסבורד האָט גווירישׁ און מײַסע באַלעבאָס אַ זאָג געטאָן:

— גוט, דאָס איז זייער פײַן, מירן שוין זען... מע וועט הערן, וואָס קיִעוו וועט זאָגן.

אָבער יעכיעל בינימין־לייבס, דער פאַרבאַקטער אַליקער כאָסיד, זאָגט נאָך גאָרנישט. ער זאָגט, אַז ס'מעכוייעוו זײַן די מעג פון אַליק אַ בריוו, וועט מען וויסן אַקוראַט, מיט וואָס סע שמעקט. צי יידן האָבן זיך וואָס צו פרייען, צי נײַן.

דערווײַל האָט דער אייגענער אוורהם־שיִע, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר לערער, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון זייערע „קאָנדיציעס", זיך גענומען און פאַרפאַסט אַ טעאַטער־שפּיל, ווי אַזוי ניקאָלײַ דער שיקער און זײַן אויסגעלאָסענע ווײַב אַלעקסאַנדרעטשקאַ און די מיניסטאָרן־גאַנאָווים האָבן געדרייט דאָס רעדל. אײן זאַך איז נאָר געווען שלעכט, וואָס קיין פרויען האָבן זיך ניט אײַנגעשטעלט גיין שפּילן, און ס'איז ניט געווען קיין „אַלעקסאַנדרע", ביז מע האָט געמוזט אָנקומען צו מאַרד־כעלען זאַגאַטאַוושטשיק, יענער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט. מ'האָט אים אָנגעטאָן אין אַ קליידל, אין אַ פּאַריק און אין קאַרעלן, און ער האָט געשפּילט די קייסערינ־יע.

אַ שטאַל האָט מען געליִען אין פּאָטשט, אַ גרויסע שטאַל, אַ ריינע, אין סאַמע מיט שטאָט. אַפן וויהאָן זײַנען דערווײַל געווען געסט: די מיידלעך פון האַראָבני און פון סקרעבעלטש זײַנען אויך געגאַנגען אַפן ספּעקטאַקל.

אַרום זיבן אַזייגער פאַרנאַכט, אין אײנעם אַ טאָג פון כאַלעמויד פּייסעך, איז אַרויס דער טעאַ־טער. די לערער האָבן נאָך פריִער געוווּסט, אַז דאָס שטעטל וועט זײַן זייער קאַרג באַם אויסלײַען זאַכן, נאָר מיילע, ניט אין דער שײַנקײַט גייט דאָך עס, ס'גייט אינעם טאַך. וואָס דאַרף מען מער? אַז דער בעסמעדרעש האָט אַפּילע קיין גרויסן לאָמפּ ניט געוואָלט געבן, קיין בליך־לאָמפּ. דאָס איז שוין טאַקע אָן עמעסע כאַוערײַ. וואָס־וואָס, די לעמפּן זײַנען דאָך שוין געוויס קאַהאַלשע.

קיין בענק זײַנען אין שטאַל אויך ניט געווען. איז מען געשטאַנען אַף די פיס, און מ'האָט זיך געצויגן איינער איבערן אַנדערנס אַקסלען.

ס'האָט געבערנט אַ טונקל לעמפּל, און דער קייסער, וואָס אין די פּאַהאָנעס, האָט אַלע רעגע גערופן צו זיך דעם מעשאַרעס און האָט אַלע ווײַלע געקערט די גלעזלעך מאַשקע אין האַלדז אַרײַן. פּלוצעם האָט לייזער דער סטאָליער אַרופגעקלעטערט אַפן טיש...

— זע נאָר זע, לייזער סאָרע־ביילעס יינגל, דער יאָסעם, האַלט אַ רעדע!...

די אַרטיסטן האָבן געגומען שרײַען און טופּען מיט די פיס, ער זאָל אַראָפּקריכן. דאָס פּובליקום אָבער האָט אויך אַ דייע, האָט מען געגומען שרײַען אַף די אַרטיסטן, אַז קייגער פּרעגט באַ זיי ניט, זאָל ער ריידן!

— רעד, רעד, לייזער, זאָג, וואָס דו דאַרפסט!



איציק קיפּניס (1894—1974) האָט אָנגע־הויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט אַלס דיכ־טער. זײַן ערשטער פּראָזע־בוך „כאַדאָשים און טעג“ איז דערשינען אין 1926. אוטאָר פון פילצאָליקע ווערק — ראָמאַנען, דער־ציילונגען, נאָוועלעס, פּיעסעס. דער ראָמאַן „די שטוב“, אַן אויסצוג פון וועלכן מיר פּובליקירן איצט, איז דערשינען אין 1939.

— כאַווײרים, — האָט ער געזאָגט, — מע דאַרף לייגן די בורזשואַזיע אין דער ערד אַרײַן, ווײַל די רעוואָליוציע האָבן אַ מאַכט. מיר ווילן מער ניט קיין מילכאָמע, נידער מיט די בורזשויעס און די פּריצים, זאָל לעבן די פרײַהייט!

מ'האָט אים אָנגעהויבן פּאַטשן בראַוואָ, און ס'האָט זיך געטומלט אין טעאַטער ביז שפּעט אַפּ־דערנאַכט, ס'האָט שוין אַפילע ניט געסטײַעט קיין גאַזע אין די לעמפּן.

אַף צוריקוועגס איז שלוימקע געגאַנגען מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע.

שעווקע איז געווען איבערראַשט:

— וואָס זאָגסטו עפּעס אַף לײזערן? אָט דאָס הייסט גערעדט!

פריידקע די האָראָבניער האָט אויך עפּעס אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט, אָבער שלוימקע איז די גאַנצע צײַט געגאַנגען פאַרקלערט. אים האָט געאַרט, וואָס ער קאָן ניט אַרויסזאָגן אין דער רעגע אַלץ, וואָס ער וויל. סע סטײַען אים ניט קיין ווערטער. אינדערהיים, ווען אַלע זײַנען שוין געשלאָפן, איז ער געזעסן און האָט געשריבן אַ מײַסעלע וועגן דער פרײַהײַט.

## 2

בונים מיט שײַקען זײַנען געווען באַ פײסיע ווײַסבורד אַף אַ בריס. פײסיע האָט מיט אַ כאָכ־מעלע געוווּנקען צו שײַקען זײַן שוטעף און צו די איבעריקע יונגעלײַט, אַז דאָס איז שוין דער מיזיניק, מער ניט — אַ האַלבע טוץ גענוג. מע האָט גוט אַרײַנגעטרונקען און זײער פײַן פאַרבראַכט. גאָלע באַלעבאַטים.

צוריק פונעם בריס איז בונים־בער אינמיטן וואָכעדיקן טאָג געגאַנגען דאָס היטל פּאַרוקט אין אַ זײַט, פריילעך פון אַ פּאָר נײַסעלעך, וואָס ער וועט באַלד דערציילן אין האַרבאַרניע, אַז סע נאָך גאָרניט, מע וועט זיך נאָך ערשט שלאָגן. ס'איז נאַריש מײנען, אַז דאָס איז מען שוין פאַרטיק. אָן־אָ איז ער שוין אַפּן בערגעלע פון דעם גאָרטן, און ער איז שוין לעם דער האַרבאַרניע. ער ווייסט נאָך ניט, צי זאָל ער פריִער גײן אין שטוב זיך איבערטאָן, צי אַרײַנלויפן אַף אַ רעגע אין דער האַרבאַרניע אַזוי ווי ער גײט, נישקאָשע, ער וועט זיך ניט אויסשמירן...

אָבער ווי פארוווּנדערט איז ער געוואָרן, אז ער האָט געטראָפן די הארבארניע ליידיק און ווי א פוסטקע, אפילע ניט קיין צוגעקליבענע.

ער האָט אָפּגעעפנט א פענצטער פון טרוקענעם ווארשטאט און א הוקע געטאָן אין הויף אריין:

— ווו זיינען עס די מענטשן?

— מ'האָט זיי גערופן אף א סאָבראַניע, — האָט פייגל געענטפערט.

בונים-בער האָט זיך ניט געפוילט און איז אליין אוועקגעלאָפן צוריק אין שטאָט. די נאָזלעכער האָבן זיך בא אים צעבלאָזן. ער האָט גאָר געמיינט זיך צולייגן נאָכן בריס, און צום סאָף נא דיר א נייע אָנשיקעניש.

צוריק איז ער שוין געגאנגען מיט אלע פיר ארבעטער, און ער האָט געטייַנעט אונטערן בארג, גייענדיק דורך מיקיטעס געסל, וואָס איז אויסגעבעט קעסיידער מיט זריביצע.

— אָט נאָך דער ארבעט, — האָט ער א פארסאָפּעטער געטייַנעט, — אויב איר ווילט ניט שלאָפן, קאָנט איר מאכן סאָבראַניעס, וויפל אייַער הארץ גלוסט! דאָס וועט אייַך קיינער ניט פארווערן.

און בא דער ארבעט שוין שטייענדיק, ווען דער אוילעם האָט זיך שווייַגנדיק און פויל געשאָקלט בא די טישן, האָט זיך שמיליע דערמאָנט און האָט זיך ייִנגלש צעלאכט:

— מ'וויל אונדז מאכן, — זאָגט ער,— פאר גאנצע קנעפּלעך. ראז ס'א סלאָבאָדע, זאָגן זיי, דארף מען ארבעטן אכט שאָ, נאָכן הודאָק נאָך.

— נאָכן הודאָק?! — האָט זיך בונים-בער אָנגעכאפּט. — הערסט? הערסט — הערסט? נאָכן הודאָק וועט איר גיין צו אייַערע ווייַבער אין די בעטן אריַין, און ארבעטן, בראטאָקלעך, וועט איר אזויפיל, וויפל מע דארף! אן ארבעט האָט פייַנט אזעלכע שטוקעס. אמאָל ארבעט מען צען שאָ און אמאָל דרייַצן! וויפל ס'טרעבעוועט זיך, אזויפיל ארבעט מען. ווי געפעלט דיר א מייַסע? הודאָק?..

יאנקל מענדלס האָט עפּעס געבורטשעט. מע האָט ניט געוווּסט, וואָס ער וויל זאָגן, און מוישע דער טכאָרינער האָט ניט אויסגעהאלטן און א זאָג געטאָן:

— פארוואָס עפּעס גאָר דרייַצן? אכצן איז מערער.

און ווי בונים איז ארויס, האָט מוישע צוגעגעבן:

— איר ווילט מיך הערן, וואָס איך וועל אייַך זאָגן? סע וועט אים העלפן, ווי א טויטן באנקעס. ער וועט מעגן טאנצן אפן בוידעם, וועט מען שוין מער ווי אכט שאָ ניט ארבעטן. ער מיינט, ס'איז אים אמאָליקע צייַטן.

בונים-בער האָט זיך געזעצט א בארויִקטער צום וואַרמעס:

— ס'וועט, מירצעשעם, גאָרניט זייַן פון דעם, — האָט ער א זאָג געטאָן. — נייַע פּאָראַנדקעס צוגעטראכט — הודאָק!

שאבעס, אין שול, צווישן די ווייַבער, איז שיינע קימאט קיינמאָל ניט קיין איבעריקע ריידערן. נאָר הייַנטיקס מאָל האָט זי זיך שוין ניט געקאָנט אייַנהאלטן און זיך געמוזט אריַינמישן, אז ווי קאָן שוין זייַן גוט אף דער וועלט, אז אזעלכע, ניט דאָ געדאכט, טאָרבעס, נעמען און ווערן באלעבאטים אף א שטאָט.

און אז די ווייַבער האָבן געוואָלט וויסן, וואָס איז געשען, האָט זי דערציילט אין איין קאס און אין איין פייַער, אז אזא טאָרבע, ווי דער לייזערקע, זאָל קומען זאָגן דייעס אף יענעמס גוטס?.. קאָן שוין זייַן גוט אף דער וועלט? יאָ, יאָ, דאָ אנומלטן איז ער דאָך געקומען מיט א גאנצער כאָפּטע און האָט ארויסגענומען די מענטשן פון דער ארבעט. אנדערש ניט, זיי זאָלן נאָר ארבעטן אפן זייגער... האָט איר שוין געהערט אמאָל אזא אויסרייַסעניש, אז די מענטשן אליין ווילן דאָס גאָר ניט!

און זי פארענדיקט: אז בונים-בער איז אָפּגעזעסן אין סאָיוז דאָרטן עפּשער א דריי שאָ און איז געקומען אהיים א צעקאָכטער, אז זי האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אזא.

און אויב איר מיינט, אז שיינע רעדט פון דער הוילער הויט, האָט איר פונקט א טאָעס. ווייבאלד אז זי רעדט, ווייסט זי שוין דאפקע פון וואָס. וואָרעם, אז די באלעבאטים — די הארבארעס, די שוס-טערס און די מילנערס — האָבן זיך געבונטעוועט, זיי האָבן ניט געוואָלט אנערקענען קיין „ארבעטן אפן זייגער", האָט אין איין שיינעם טאָג לייזער פּאלאטנע צונויפגערופן מענטשן פון מיליציע און מענטשן פון סאָיוז: באָרוכן דעם בעקער, לייבלען מאנטלס, דעם טכאָרינער הויכן פויער מיטן געלן קאָפּ אין דער לאנגער שינעל און נאָך א פּאָר כעווירע, און מע האָט צונויפגעשטעלט אן אקט, אז וועדליק די באלעבאטים זייַנען נאָך אָנגעשמעקט מיטן אלטן רעזשים און שטעלן זיך קעגן די פּאָדערונגען פון דער רעוואָליוציע, זאָל מען די ארבעטער אראָפּנעמען פון דער ארבעט און געהאלט זאָל זיי גיין.

אין א דרייַטאָגיקן טערמין זאָלן די באלעבאטים קומען אין סאָיוז און אונטערשרייַבן מיט די ארבעטער קאָנטראקטן.

ווייבאלד ס'איז דאָ א פּאפּיר און מ'האָט שוין געקליבן א סאָיוז, האָבן די באלעבאטים פון די אונטערנעמונגען ניט געהאט קיין אנדער ברייִרע — ווילנדיק, ניט-ווילנדיק האָבן זיי געמוזט קומען אין פראָפאריין.

און װער, מײנט איר, האָט זיך דער ערשטער אונטערגעגעבן? אַנו, טרעפט! פּײשקע װײַסבורד! ער האָט געזאָגט, אַז מ'האָט גלײַך געדאַרפט רופן אין סאָיוז, און דאָרט האָט ער מיט זײַן כאַכמעלע און מיט אַ גנײװיש שמײכעלע געטײַנעט:

— װער װיל דען ניט? נאָך אים האָט מען געדאַרפט געװען שױן לאַנג אײַנפירן ראַבאָטשי דיען. װאָס איז? אין די גרױסע שטעט איז עס דען אַ נײַס? אַהאַ, נאָך פון װען אַן ס'שױן אײַנגעפירט. ־נאָר גײט טוט עפּעס אױף מיט די היגע אײזלען, מיט די היגע פערד. און װײַטער טאַקע דאָס אײגענע. אַף װאָס דאַרף מען זיך קריגן, אַז מע קאָן דאָס אַלץ מאַכן מיט גוטנס? און ער האָט טאַקע דער ערשטער אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט, און די קלענערע באַלעבאַטים האָבן זיך מיט כשאַד איבערגעקוקט צװישן זיך און סאָפּקאַלסאַף אױך אונטערגעשריבן. און אַז זײ זײַנען אַרױס, האָט מען אין סאָיוז געזאָגט:

— אַ פוקס אַט דער װײַסבורד! — און לײזער האָט געזאָגט צו די כװורע:

— יאָ, דעם כװורעמאַן דאַרף מען האַלטן אין אױג.

# אין שטוב און אין גאַס

אַז די שטוב איז זיך אײנס, די שטאָט עפּעס אַנדערש און די װעלט גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש!

אין שטוב לעבט מען זיך מיט קנישעס, מיט לאַטקעס, מיט ראָסל־פלײש, מיט גרינע באָרשטשן, שװאַרצע יאַגעדעס, געלע קיכלעך און פאַרברױנטער ציקאָריע. און אין דרױסן, באַלד װי מע גײט נאָר אַן עפן די טיר, איז שױן די לופט אַן אַנדערע. דאָרטן איז שױן אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. נעמט אפילע מיכטאָדן מיטן שטשעטינעדיקן פּאָנעם — באַ אים איז אַ פּאָנעם, װאָס איז באַװאַקסן מיט גאָלע שטעכיקע האָר. ניט אײן מאָל הערט מען פון אים זונטיק אַפן קלױסטער־פּלאַץ, אַז װאָס איז די פּולע? ניטאָ קײן קײסער, ניטאָ קײן פּריסטאַװ, טאָװאַריש אַהער, טאָװאַריש אַהין, נאָר דער, װאָס איז געװען רײַך, איז איצט אױך דער אײַגענער גװיר, און דער קאַפּצן, אַז ס'טוט אים נאָר אַ קװעטש, מוז ער אָנקומען צום נאַגיד.

סע זײַנען אױך דאָ מענטשן, אײניקע פון זײ זײַנען ניט לאַנג געקומען פון פראָנט, זײ רעדן װינציק, נאָר אַז זײ צערעדן זיך שױן יאָ, הערט מען פון זײ אַזעלכע נײַסן, אַז סע נעמט דאַפּקע אָן אַ טשיקאַװעסט.

— האָט צײַט אַ װײַלע, — זאָגן זײ, — דער איצטיקער רעזשים האַלט זיך אַף הינערשע פּיסלעך. ס'איז דאָ אַ מענטש — לעניִן, סע זײַנען דאָ באַלשעװיקעס, — רעדן זײ אױס שטיל, װי מע װאָלט עס נאָך דאַרפן איבערגעבן בעסאָד, — נו, דאָס איז שױן עפּעס אַנדערש. זײ װײסן שױן, װאָס מע האָט צו טאָן. די ערד, הײסט לעניִן, זאָל מען צעטײלן צװישן די פּױערים אָן אױסקױף־געלט. זאָל עס נאָר װערן, װעט שױן קײן שװאַרץ־יאָר זי באַ אונדז מער ניט קאָנען צונעמען אַף צוריק. װאָס איז? װינציק ערד פאַראַן? איבערן קאָפּ! ס'װעט קלעקן פאַר יעדן.... דעגסטמאָל װערט שױן מיכטאָד אַנשװיגן, און די גאָר רײַכע באַלעגופים, װאָס האָבן ערד, נעמען אַן אַ מױל מיט װאַסער, זײ װערן נאָך מער פאַר־ביסן און קלערן, אַז ס'שלעכט, װאָס ערד לאָזט זיך ניט באַהאַלטן, אַזױ װאָלטן זײ זי אַרופגעלײגט אַף אַ פור, אַפּגעפירט אין װאַלד און פאַרשטעקט, אַז דער טײַװל אַלײן זאָל זי ניט געפינען. מיטן ברױט טוען זײ אַזױ. נאָך ברױט קומט מען שױן איצט אױך אַלעמאָל, האָבן זײ אים טאַקע פאַרגראָבן און פאַרבאַהאַלטן.

בונים־בער כאַלעשט, אַזױ װיל ער כאַפּן אַ נײַס, דעריקער װאָלט ער װעלן כאַפּן דעם סײכל דערפון. װאָס איז, מע זעט ניט, אַז סע קאָכט זיך עפּעס? ער האָט נאָר מוירע פאַר אײן זאַך: ער זאָל אַף זיך אַלײן ניט אָנשלעפּן קײן נאָפּאַסט. מע פּאָדערט שױן, ס'שױן אָנגעקומען אַ פּאַפּיר, אַז מע זאָל נעמען אַלע האַרבאַרנײעס אַפּן אױטשאַט. דערצו פּאַרט מען נאָך פון קרײַז־שטאָט אַלעמאָל. דאָס, װאָס די אַרבעטער גײען אַװעק „האַלבן טאָג" אַהײם און צאָלן צאָלט מען זײ דאָס אײגענע, דאָס איז זײ װינציק. איצט װיל מען נאָך װיסן אַ כעזשבן, װאָס סע טוט זיך באַ דיר אין די ביטן און אין פּערעסיפּ... זײער שײן! און װאָס װעסטו מיר טאָן, אַז איך קאָן ניט כעזשבענען?! איך בין ניט קײן גראַמאַטנער?! װיפל פּעל איך האָב, ליגן זײ אַלע אין זאַלע אין די ביטן?.. נו, צװאַנציק!

...צוואנציק פעלכנס ליגן בא בונים־בערן אין די ביטן און צוואנציק אין זאַלע! שוין? קאַשער? נו, און איצט דאַרף מען זיי מעכאבעד זײַן און זיי גערן אַפּלאַזן פונדאנען. עפּעס קומען צו פֿאַרן אזעלכע מענטשן פון קראסנע און פון ווײַטער, אז ווייסט זיי דער רועך. פרי:ער יאוועז זיי זיך אראָפּ מיטן בלאַז, מיטן טראסק און מיטן אַנשטעל, און דערנאָך קומט מען פונדעסטוועגן מיט זיי דורך. אָבער לענין — דאָס איז דאָך שוין עפּעס א נײַע נײַס. בונים־בער האָט זיך מוירע דערפרעגן אקוראט. בונים־בער פילט, אז דאָס שמעקט מיט עפּעס אנדערש. פאר געוווינשאפט קריכט ער נאָר ארײַן אין דער לאָך, וואָס ער האָט געמאכט אין אויוון, און ליגט דאָרטן איבער א פּאָר שאָ. דאָרט, אויב ער ווערט ניט אנשלאָפן, באטראכט ער די וועלט פון אלע זײַטן.

בא ברײַנדלען איז ער איינמאָל א באלן געווען אויספרעגן מיט וואָס שמעקט עס. ער רעדט מיט איר, פּראוודא, זייער ווינציק. בונים־בער האָט ניט ליב אזעלכע מענטשן. א מענטש איז גוט, אז ער לאָזט זיך ריידן, און זי וואָלט זיך נאָר געפרענדעט פון אינדערפרי ביז אפדערנאכט אין קליידלעך. איינס אויסגעטאָן, דאָס צווייטע אָנגעטאָן. באהיט זאָל מען ווערן! די אלטע זאָגט אף איר, אז סע עפּעס א שמענטשע־דרענטשע. נאָר זי פּוצט זיך.

אז זי וויל, דעקט זי אָפּ די פּלייצעס אינגאנצן נאקעט און זעצט זיך אוועק אין גאָרטן דאפקע גאָר אנטקעגן דער זון (לײַטן, אז זיי גייען ארויס אין גאָרטן, זוכט מען זיך א שאָטן, און דאָ איז אלץ פארקערט). זי וויל, זאָגט זי, א שיינעם „זאגאר״. נו, נו!.. ס׳איז א כארפּע פאר די פּויערשע שכיינעס, וואָס גייען אמאָל דורך פארן גאָרטן. יענע מיינען, אז מע איז דאָ, ניט דאָ גערעדט, געריכט פון די געדאנקען.

# אפן פלאַץ

ס׳איז אָנגעקומען א פאפיר אין וואָלאָסט, אז מע זאָל ארעסטירן לייזער פּאלאטנע און מע זאָל אים צושטעלן קיין קראסנע. איז געוואָרן דער עמעסער גערודער. די שרײַבערלעך אין וואָלאָסט האָבן זיך געוואָרגן מיט דעם און גאָר מוירע געהאט וועגן דעם צו ריידן הויך אף א קאָל. סאָפּקאָל־סאָף האָבן זיי זיך אײַנגעשטעלט און אויסגעמייקעט פאר לייזערן אליין, וואָס איז אקוראט געווען אף א זיצונג מיט די שפּיטאָל־טוער. אז זיי האָבן אים אָפּגערופן אין א זײַט און שטילערהייט געוויזן דאָס פּאפּירל, האָט זיך לייזער צעלאכט און געזאָגט:

— א ביסל צו שפּעט...

די שרײַבערלעך האָבן אָנגעקוקט דערשראָקן איינס דעם צווייטן און געקנייטשט מיט די אקסלען. זיי האָבן נאָר געהערט, אז ס׳גרייט זיך אין שטאָט א מיטינג. אָט דאָס איז מינאסטאם נישט אומזיסט.

אווראָם־שי:ע ארקין האָט זיך באגעגנט מיט פּינטשיקן לעם קאָאָפּעראטיוו און זיך דערפרייט — מע וועט קאָנען א שמועס טאָן וועגן נײַס.

בונים־בער, וואָס איז פון ערגעץ געלאָפן, האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי מעג ער פרעגן, מיט קיין אנדערע וואָלט ער וועגן דעם ניט גערערט.

— איך האָב געהערט זאָגן, — מאכט ער, — אז מע קלײַבט זיך אָפּפירן לייזערקען קיין קראס־נע? — ער איז געווען שטארק צעמישט פון דער נײַס און געווארט, וואָס וועלן זיי אים זאָגן. אָבער יענע האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און געשמייכלט. דערנאָך האָט אווראָם־שי:ע ארקין מיט זײַן צעקראָכענער רייד־מאניר זיך אָנגערופן צו בונים־בערן מיט אזא אָפּשײַ אינעם טאָן, וואָס נעמט זיך אמאָל פון גרויס דערעכערעץ צו א מענטשן און אָפּטער — פארקערט.

— א ביסעלע צו שפּעט, — האָט ארקין געענטפערט, — סע איז שוין דאָ א בלאט פון פּעטראָ־גראד. דער קייזערלעכער פלאַץ איז געפאלן.

בונים־בערן איז ניט אָנגעשטאנען, וואָס ער כאפּט ניט אקוראט דעם מיין. אלע יאָרן איז ער גע־וויינט נײַס, גרויסע נײַס, פארשטיין אפן וווּנק. איבערפרעגן איז ניט שיין, און אין דער זעלבער צײַט באלעשט ער עפּעס וויסן.

— א ביסל קלאָרער רעדט! אָפּענע דיבורים. דער קייסער איז דאָך שוין לאנג ניטאָ. איך פאר־שטיי ניט.

אווראָם־שי:ע האָט ווידער א בארוטן שמייכל געטאָן און געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר ער האָט דערזען, אז פּינטשיק מיטן געל געשוירן בערדל און מיט די געלע גאָלדענע ברילן האלט שוין

בא דערקלערן, — האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן. אין יענעמס רייד מישט מען זיך ניט. און פּינטשיק האָט אים געזאָגט, אַז דער קייסער איז שוין טאַקע לאַנג אַראָפּ, נאָר דער קייזערלעכער פּאַלאַץ, ווו ס׳איז געזעסן די צײַטווײַליקע רעגירונג, איז געבליבן דאָ. איצט איז ער געפאַלן און איז בא די באַלשע־וויקעס אין די הענט.

— אהא, — האָט בונים־בער א ברייטן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — אזוי גאָר? זאָגט זשע מיר, איך בעט אײַך, — האָט ער נאָכאַמאָל א פרעג געטאָן, — זאָגט נאָר מיר, נו, און לענין?..

— און לענין איז טאַקע זייער פירער, — האָט אים שוין דער לערער אַרקין געענטפערט מיט א טאָן, ווי ער וואָלט פאַרטײַטשן עפּעס זײַנעם א תלמיד.

— אָט דאָס איז דאָס? — האָט בונים־בער א שטאַרקן טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן און אָפּגע־זאָגט. — א מײַסע, א מײַסע! איז ביז איצט, הייסט עס, נאָך ניט געווען די עמעסע רעוואָליוציע! די עמעסע הייבט זיך ערשט אָן?

— באַרויִקט זיך, זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן, — האָט אים אַרקין געענטפערט.

לייזער פּאַלאַטנע איז דורכגעלאָפן מיט נאָך א פּאָר מענטשן אין פאַריין אַרײַן. לויט דעם גאַנג אליין האָט בונים־בער פאַרשטאַנען, אַז סע טוט זיך שוין עפּעס. נאָר טאָמער איז נאָך ווינציק, האָט ער א הוקע געטאָן צו אים פונדערווײַטנס:

— בונים־בער! די אַרבעטער זאָלן קומען היינט צווי אזייגער אַפן מײַדאַן! סע וועט זײַן א גרויסער מיטינג. אַלע זאָלן זיי קומען ביז איינעם.

בונים האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרקרימט, פּונקט ווי עס וואָלט אים שטאַרק־שטאַרק זייער געוואָרן לעבן סאַמע שלונג.

גיך האָבן זיך פּויערים און שטעטלשע באַלמעלאָכעס גענומען קלײַבן רעדלעכווײַז אפן פּלאַץ. קינדער האָבן אומגעטאַנצט צווישן די עלטערע און פרייליך געפּילדערט. די פּויערים האָבן אָפּט גע־טײַטלט מיט די פינגער צום אריבערן שטעטל, צו די פעלדער, וועלדער, צו די גרויסע, גרינע לאַנקעס. די פרייד האָט געשפּילט בא זיי אף די פּנעמער. דער לאַנגדווירעסדיקער טרוים — אָט־אָט ווערט ער פאַרווירקלעכט — די ערד איז שוין זייערע. דעם דעקרעט, האָבן זיי געוווּסט, האָט אונטערגעשריבן לענין אַליין.

אפן סכאָד וועט מען באַלד פון דעם ריידן. און ערד וועט סטײַען, ס׳וועט סטײַען פאַר איטלעכן. סע האָט זיך געקליבן דער מיטינג, און אין דער לופט האָבן זיך אָן אופהער געטראָגן די ווער־טער — לענין, ערד, שאָלעם, פרײַהײַט, די גאַנצע מאַכט — די ראַטן!






## דאָרע כײַקינע

### אַליין דאָס לעבן

איך האָב ניט געבעטן — אַליין האָט דאָס לעבן
א שטיצפּונקט — א שיינעם געשאנק — מיר געגעבן.
מײַן שטיצפּונקט באשטייט פון פארשיידענע טיילן,
אין כעזשבן איך פלאָנטער זיך, ווען כ׳נעם זיי ציילן.
די טרוימען — א טיילעכל שטיצפּונקט זיי זײַנען;
ס׳באשטייט אויך מײַן שטיצפּונקט פון האָפענונג מײַנער.
מײַן שטיצפּונקט, אַף וועלכן איך שפּאר זיך אַן גערן,
דאָס זײַנען אין הימל די ליכטיקע שטערן.
אין טאָג־ליכט — די זון, אפדערנאכט — די לעוואָנע,
מײַן שטיצפּונקט — די קרוינען פון סאָסנעס און קליאָנען.
אויב עמעצן גלייבן עס וועט זיך ניט וועלן,
און טראכטן וועט יענער: ווי קאָן מען זיך שטיצן
אַף שטערן אַף ווײַטע, אַף הימלשע בליצן,
אַף כוואַליעס פון טײַכן, אַף יאמישע וועלן,
אַף טרוימען — אפילע די שענסטע און העלע, —
ווי קאָן עס געמאָלט זײַן? ס׳איז ענלעך אַף ניסים...
ווער ס׳וויל מיך פארשטיין — זאָל ער הערן און וויסן:
דער שטיצפּונקט, אַף וועלכן עס איז מיר געגעבן
זיך אָנשפּארן זיכער און פעסט, — איז דאָס לעבן.



## מאָטל גראָסמאַן

### איך ווייס

איך ווייס:
עס זײַנען פול מיט לעבן,
מיט וווּנדערלעכע סוידעס רײַך
די וואָלקנס, וואָס אין הימל שוועבן,
דער ווינט, דער אופגערעגטער טײַך.

די ווינטן זינגען —
ניט זיי בלאָזן,
און ווען אַ שטילקייט הענגט אַרום —
איך הער, ווי ס'שעפּטשען זיך די גראָזן
און ווי דאָס האַרץ קלאַפּט בא דער בלום...

★

# מאָטל גאָלבשטיין

## ליבע

כ'האָב געשפּילט מיט איר אַ ליבע, ווי אַ זון־שטראַל מיט אַ קוויט,
נאָר זי איז פון מיר אַנטלאָפן אינעם זומערדיקן פעלד.
און אין קאָרנצוויט פון זאַנגען, ווי אַ שפּילנדיקע וועל,
האָט געשײַנט איר לײַב איר מיידלש פול מיט זון, מיט גליק און פרייד.
ס'האָט אַ קלינגענדיקער גינגאָלד דאָרט באַשווערט איר לײַכט געהער.
כאָטש די לאַסט האָט מילד געפּײַניקט יעדע אומשולדיקע טרער.
ס'האָט די רונדקייט פון די אָרעמס אינעם האַרץ געטאָן אַ קלונג
און אַ ווירבל־פלאַם פון ליבע האָט געפלאַטערט אויף איר צונג.

ווי די סאַזשלקע די ברוינע, ז'איז געווען זייער שטיל,
ביז אַ שוואַלב אַ סאַמעטדיגע האָט געבראַכט אַ גרוס פון מיר.
און צו מיר זי האָט געקערט זיך פונעם זומער־פעלד אַליין,
און די שטים פון אירע אויגן כ'האָב באַנומען הייליק שיין.

און אין זיי כ'האָב גלײַך געפונען אופבליצן פון טריבע נעכט,
בלאָנדזשענדיקע טעג מיט זונען, זינגענדיקע קוואַלן פעך.
ווי נ'אַ כאַלעם פון קאַלירן, כ'האָב פאַרפירט מיט איר אַ קריג,
ווײַל אַן אָפּשײַן־ליכט פון הימל האָט געשײַנט אויף איר געזיכט.

און כאָטש אַנדערש איז געוואָרן: אי מײַן אומזין, אי מײַן זינד,
און צום וואָלף איך בין געגליכן, וואָס אין עלנט איז ער בלינד,
נאָר אַ וואָגשאָל איז געוואָרן פאַר מײַן האַרץ איר יעדע זאָל,
ווי די הייליקייט פון לײַב אירס, וואָס געשײַנט האָט אויף דער וועלט.

ווײַל פאַר איר בין איך געוואָרן יענער קנאָספּיש־פרישער בוים,
וועלכער טרייסלט אָפּ פון צווײַגן שוואַרצע נעכט אין העלן רוים,
ווען ווירבל־פלאַם פון ליבע אין זײַן זינגעוודיקער קרויז,
האָט פאַרוואַנדלט אין אַ יאָמ־זיך, אין אַ זוניק־העלן טרוים.

ווענס ליבע־ליד געוואָרן איז — דער מוילעד אויף דער פרײַ,
ווי אַ זון־טאָג הימלש־פרײַער, ווי די ראַבינע אין מײַ.
ווי דער ווינט, וואָס האָט באַנומען אי דעם זומער, אי דעם האַרבסט,
אי דעם ווינטער, אי דעם פרילינג, אי דעם פויגלס ליכטיק האַרץ.

ס'האָט די ערד פון שלאָף געמורמלט און געקוואָלן צו דער זון,
יעדער זאַנגל האָט געציטערט, ווי דאָס מיידלש לײַב אין פעלד,
און פון דעם האָט זיך געפּליסקעט ס'פרילינג־גאָלד אין האַרץ בא אונדז,
און געוואָלט האָט זיך דאַן שווײַגן, פּאַשעט שווײַגן אין דער וועלט...

★

## ליפּע העלער

### זאָל זײַן ליכטיק

שטייען ביימער אויסגעפּוצטע,
אַלע שיינע — ווי די וועלט.
און די קוטשעראַווע קוסטעס
ווי די שטיבעלעך צעשטעלט.

זינגען פייגל אויף די צווײַגן,
און זיי טאַנצן דאָ און דאָרט.

ווייל איך אויך ניט שטיין און שווײַגן,
און עס זינגט זיך אויס א וואָרט.

אונדזער הימל זײַן זאָל ליכטיק,
פול מיט ברויט זאָל זײַן דאָס פעלד,
זאָל זײַן ציכטיק, זאָל זיין דיכטונג,
און זאָל שטיל זײַן אויף דער וועלט!



## כאַ״ם ביידער

### ראַבאַטן

מער פון א האַלבן מיליאָן ראַבאַטן וועלן אַרבעטן אין דער יאַפּאַנישער אינדוסטריע צום 1990 יאָר, — טיילט מיט אין איר פּראָגנאָז די אַסאָציאַציע פון אינדוסטריעלע ראַבאַטן אין טאָקיאָ.

(פון די צײַטונגען)

זיי לויפן, זיי יאָגן דיך אָן
א ריטשע, א קוויטשע, א שמײַס —
דורך פענצטער, דורך טירן, דורך טויערן:
ראַבאַטן, ראַבאַטן, ראַבאַטן...
וווּהין זאָלסט א קער זיך ניט טאָן —
עס הילכט און עס פּויקט אין די אויערן.

ניין, כ׳בין ניט, כאַלילע, באַנאַל,
די אויערן כ׳וויל ניט פאַרמויערן,
פּראָגרעס איז ניט פרעמד מיר ביכלאַל,
און זאָל מיך ניט קיינער באַדויערן.

מיט אײַזערנע לעפצן — א קרעכץ,
א גרילץ מיט אן אָטעם פאַרסאָפּעטן,
פון פאָרנט, פון לינקס און פון רעכטס —
ראַבאַטן, ראַבאַטן, ראַבאַטן...

געמיינט, אז געגומען אין קלעם
דער אטאָם — און דינען אונדז קאָן ער שוין,
נאָר ער האָט געטאָן אונדז א נעם
מיט גוורע מיט זײַנער טײַוולאָנישער!

מיט הענט און מיט פיס, מיט א גוף,
זיי בראַזגען, זיי טראַסקען און דונערן,
א קער אָט אַראָפּ, אָט אַרוף —
און גרימפּלען, און רימפּלען, און רודערן.

און אויב אויך דער ראַבאָט די פיס
אָט באַלד וועט א הייב טאָן, א טאָפּע טאָן:
א קלאַפּ, און א שנײַד, און א ריס —
ראַבאַטן, ראַבאַטן, ראַבאַטן...

ס׳באַגיסט זיי ניט קיינמאָל קיין שווייס,
קיין אַנגסטן זיי ווייסן, קיין קלאַפּאָטן,
נאָר טוען אײַך דאָס, וואָס איר הייסט —
ראַבאַטן, ראַבאַטן, ראַבאַטן...

דו הערסט, ווי עס טראַכקעט און קנאַלט —
זיי פּילדערן, גוואַלדעווען, גראַגערן,
און ס׳דוכט זיך דיר אויס, אז אָט באַלד
די אַלוועלט זיי וועלן באַלאַגערן.

אומפּילבאַר צו קעלט און צו גלוט,
קיין אָפּשטעל באַ קיינעם זיי פאָדערן —
אבי עס זאָל פליסן, ווי בלוט,
עלעקטרע אין שטאָלענע אָדערן.

וואָס פילט ער, דער קאַלטער מעטאַל —
ווער קאָן פון זײַן צאָרן אונדז אָפּהיטן?
באַפעל זיי — מעשוגענערווײַז
מיליאָנען — א וואַל נאָך א וואַל —
זיי שמײַדן מיט האַסט מיט פאַרטאָפּלטן,
ראַבאַטן, ראַבאַטן, ראַבאַטן!..



## עליע ביידער

### באנאכט אין אָדעס

גאנצע נעכט לענגויס ארקאדיער פּליאזש
גיסן בוימל איינזאמע לאמטערנס,
דאָרטן ליגט פון שפּורן א מישמאש,
ווי אַף די באקן אויסגעוויינטע טרערן.

מעסערס פון פּראָזשעקטאָרס אפן ברעג
שנײַדן אָפּ דעם הימל פון דעם וואסער,
און עס פירט א שלעכט ברוקירטער וועג
פון דעם פּליאזש ביז דער לעוואָנע בלאסער.



## לעוו בערינסקי

### א שניי פונעם יופּיטער

איר באמערקט, ווי ער פאלט? עפּעס ניט ווי קיין שניי.
גרויסע שנייעלעך שווימען ארום, צווישן זיי
הענגען ווײַסע נעשאָמעס, אזוי פרעמד און אָרעם,
ווי מעדוזעס אין יאם, נאָך א שטורעם.

זיי דרייפירן. זיי וויסן נאָך ניט, וואָס צו טאָן.
זיי אנטרינען, זיי גלאנצן, זיי רירן אונדז אָן
בא די ברעמען, באם ארבל, באם פוטער...

ערשטער שניי (פונעם ווײַטן יופּיטער?)...



## הירש רעלעס

### ווי די פייגעלעך

דערינערונגען ווילן מיך ניט מײַדן...
ווען געקאָנט כ'וואָלט נאָר אין שאָ פון נויט
מיט א שטעקן זיי פונעם געדאנק פארטרײַבן,
ווי די פייגעלעך די רוישיקע פון פלויט!

אָט זיי, די פייגעלעך, פון וואלד פאריאָגטע,
דער שטארקער פראָסט אהערצו האָט געבראכט
צו די הײַזעלעך, וואָס זעען אויס פארקלאָגטע
פון די אײַז-סטרעמפּלעך, וואָס הענגען פונעם דאך.

דאָ כאַפּן זיי א קערנדל, א סקאָרינקע.
און ס׳ברענט זיי ניט אזוי דער שטעכעדיקער ווינט.
אָבער מײַנע שווערע ברויזיקע דערמאָנונגען —
ווער נערט זיי דאָ, אין איינזאמקײַט, אצינד?



## פעליקס כאַמאָוויטש

### זינגער

אף די סטרונעס ליגן דינע פינגער,
שטיל און הארציק קלינגט א ווארעם קאָל.
ס׳האָט געזונגען ביזן סאָף דער זינגער,
און מיר בעטן: זינג אונדז נאָכאמאָל!

אף די צווײַגן טוט א טאנץ דאָס פײַער,
צו די שטערן טוט א צי דער רויך.
די נעשאָמע ריינער ווערט און פרײַער,
ווען די ליד אליין איז ריין און הויך.



## וועלוול טשערנין

### בוטאָנען

„...אז די שין וואָלט מען געקענט אוועקשטעלן אפן פענצטער נע־
ענטער צו דער זון, וואָלט אויסגעוואקסן פון די דרײַ בוטאָנען
קווייטן...״

שיקע דריז

בוטאָנען,
איר זײַט פול מיט האָפענונג.
ווי זיס איז די רעגע,
ווען אײַערע בלומבלעטער־ליפּן
צעעפענען זיך ערשט פאר א קוש!
בעשאס איר זײַט אין פולן צוויט,
וויל אײַך די גאנצע וועלט,
און מע ליבט אײַך.
נאָר די בלומבלעטער פאלן אָפּ
איינער נאָך אנדערן,
און בלויז זעלטענע בינען טרוימען פון אײַך.
אלע וויסן אוואדע, אז ס׳וועט קומען די צײַט
פּיירעס צו זאמלען. און מע ווארט.
— פײַן!
אָבער וויאזוי דאָך אומקערן
די סוידעספולע האָפענונג
פון יענע, נאָך ניט געעפנטע בוטאָנען?



## אווראָם קאַצעוו

* * *

אַז דער מאַלכאַמאָוועס האָט זיך באַנאַכט אױף דער שוועל געשטעלט,
האָט דער שרײַבער אַ גרים געטאָן: „כ׳האָב נאָך אַרבעט אַ וועלט!
כ׳האָב נאָך אַרבעט אַ וועלט — כ׳האָב נאָך ניט אױסגעפֿורעמט מײַן העלד!”

האָט זיך אָנגעהױבן אַ געשלעג
אױף אַ שײן ביסל טעג —
און דער מאַלכאַמאָוועס האָט געמוזט
זיך גײן זײַן וועג.

נאָר אַז דער אױסגעפֿורעמטער העלד
האָט זיך געלאָזט איבער דער וועלט
און דער מאַלכאַמאָוועס האָט זיך ווידער אױף דער שוועל געשטעלט,
האָט דער שרײַבער שױן אױף אים ניט געקוקט אַזױ האַרב,
בלױז אַ קרעכץ געטאָן ביטער: „מאַמע, איך שטאַרב...”

★

## פּיניע פּלאָטקין

### שױן צײַט

מע האָט געזאָגט עס איז געפֿילדער, ערנסט,
און שפּאַסן האָבן פֿײַנט די אַסטראָנאָמען:
ס׳האָט אױפֿגעריסן זיך אַמאָל אַ שטערן —
דעם סופּער־אױפֿרײַס איצט באַמערקן קאָן מען.
ס׳איז פּינקטלעך אױסגערעכנט דער מעהאַלעך
ביז דער גאַלאַקטיק, ווו דאָס האָט געטראָפֿן...
שױן צײַט אַראָפּנעמען דעם שאַרפֿן כאַלעף,
וואָס הענגט אױף אונדזער ערד און לאָזט ניט שלאָפֿן...

★ ★ ★

## שמועל גאָרדאָן

# אין א זוניקן גאַנצפרי

פּײַל־אויכן־בויגן איז דאָוויד יודקיס אראָפּגעלאָפן פון די טרעפ און א שטויס געטאָן די שווערע טיר פון דער פאראדנע. נאָר אינעם זעלבן אויגנבליק איז ער אָפּגעטראָטן, מוירע געהאַט פון אָרט זיך א ריר טאָן: אַף די דרויסנדיקע טרעפּלעך באַם ארויסגאַנג פון הויז איז געזעסן א ווײַסינק זויבער קעצעלע, און לעבן דעם איז געשטאַנען אַף די קאַרטעטשקעס א מילד כּיעסדיק מיידעלע פון א יאָר צוויי־דרײַטהאַלבן מיט אן ארײַנגעפּלאָכטענער כטענגע אין די טונקל־קאַשטאַנעווע הערלעך.

דאָס מילדע כּיעסדיקע מיידעלע מיטן זויבער־ווײַסינק קעצעלע האָבן זיך געמיטלעך דורכגעשמועסט. ביידן, ווי צו זען, האָט דער געשפּרעך אפּאַנעם גרײַלעך פארכאַפּט. צוהערן זיך, וועגן וואָס גייט אָן צווישן זיי א רייד, האָט דאָוויד ניט געדאַרפט. ס׳איז אים אַזוי אויך געווען פארשטענדלעך, וואָס פאַר א סודעס טרויט אָן דאָס מיידעלע איר נײַעם באַקאַנטן, זי דערציילט אים געוויס וועגן אירע ליאַלקעס און שפּילכלעך, וועגן די קינדער, מיט וועמען זי כאַווערט זיך, וויאַזוי מע רופט איטלעכן. פאַר איר נײַעם באַקאַנטן, פאַרן קעצעלע, האָט זי אויך שוין א נאָמען, א צאַרטן און שיינעם: קיסינקע. זי האַלט עס אין איין גלעטן און צערטלען. קיסינקע שפּיצט אָן די דורכזיכטיק־ראָזעווע אויערלעך, הערט זיך אויפמערקזאַם צו. פון מאָל צו מאָל רופט זיך עס אָפּ מיט א דינן צעצויגענעם מיאַ־ו און נעמט דערציילן וועגן זיך.

ביידע זײַנען געווען אַזוי ארײַנגעטאָן אין אָנטרויען איינער דעם אנדערן זייערע סודעס, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט אין דער אָפענער פאראדנער טיר דעם מאַנצבל אין די אויסגעריבענע דזשינסאָווע הויזן און די שיין־געקליידטע פרוי פאַזע אַפן טראָטואַר. דאָוויד האָט גלײַך דערקענט אין דער יונגער פרוי די מוטער פונעם מיידעלע. בא איר איז אויך א מילד ליב געזיכט, טונקל־קאַשטאַנעווע האָר און א צאַרט קאָל.

די פרוי האָט שוין עטלעכע מאָל געשראָקן איר טעכטערל, אַז זי וועט מער ניט וואַרטן, זי וועט אוועקגיין אַליין, אָן איר.

— עלוויראָטשקע, טעכטערל מײַנס, מיר פארשפּעטיקן אין קינדער־גאָרטן. אַלע דײַנע כאַווערטעס זײַנען פון לאַנג שוין דאָרט. קום, טאָכטערקע.

די מוטער האָט שוין איין מאָל אפּאַנעמעכן געפּרוּווט אָנשרעקן איר טעכטערל, זי איז אָפּגעגאַנגען פונעם הויז אַף א היפּשער שטרעקע און זיך אויסבאַהאַלטן דאָרט הינטער א בוים. נאָר עלוויראָטשקע האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט. זי איז געשטאַנען ווי ביז דעם אַף די קאַרטעטשקעס, געגלעט מיט ביידע הענטלעך דאָס זויבער־ווײַסינק קעצעלע און צערטלעך ארויסגעזונגען: קיסינקע... קיסינקע...

— עלוויראָטשקע, איך וועל דאָך איבער דיר פארשפּעטיקן צו דער ארבעט. ווייסטו גאָר וואָס, זאָג דײַן קיסינקע, אַז אַף צוריקוועגס פונעם קינדער־גאָרטן וועסטו פארגיין אהער און איר וועט זיך קאָנען שפּילן וויפל איר וועט וועלן.

יודקיס האָט א קוק געטאָן אַפן האַנטזייגערל. אויס, מער קאָן ער ניט וואַרטן. ער אײַלט דאָך ניט אין קיין קינדער־גאָרטן. ער אײַלט אַפן זאַוואָד. ער האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל ניט פארשפּעטיקט צו דער ארבעט. ס׳איז, פארשטייט זיך, געגנוג מאַכן בלויז איין־און־איינציקן טראָט, אַז דער ארויסגאַנג זאָל זיך באַפרײַען. נאָר דעם דאָזיקן איינציקן טראָט קאָן ער אָבער ניט מאַכן, און אויב עמעצער פונעם הויז וועט דאַרפן אין אָט דער מינוט פונדאַנען ארויסגיין צי אהער ארײַנגיין, וועט ער יענעם אויך ניט לאָזן מאַכן דעם דאָזיקן טראָט.

די יונגע מוטער פֿונעם קינד, כאָטש זי אײַלט זיך, ווי יודקיסן דוכט, ניט ווײניקער עפּשער פֿון אים, ווערט פֿונדעסטוועגן געדולדיק צוואַרטן, ביז איר טעכטערל און דאָס קעצעלע וועלן ניט אָנ־טרויען אײנער דעם אַנדערן אַלע זײערע סודעס.

בײַס דאָוויד האָט אַ קלאָר געטאָן דערפֿון, האָבן זײַנע אויגן ניט־ווילנדיק זיך באַגעגנט מיט די אויגן פֿון דער יונגער פֿרוי. איר בליק האָט ווי געפֿרעגט בײַ אים: „איר ווילט מיר עפּעס זאָגן?" דערויף האָט דאָווידס פֿאַרט־פּטער בליק איר געענטפֿערט: „לאָמיר צווישן אײנער דעם אַנדערן און אַלע מענטשן אויף דער וועלט, אַז ס'זאָל שטענדיק הענגען איבער אונדזערע קעפּ אַ לויטערער, זילבערער הימל, ווי הײַנט, און קינדער זאָלן קאָנען רויִק זיך שפּילן, ווי עס שפּילט זיך דאָ איצטער אײַער ליב טעכטערל מיטן כּיעסדיקן קעצעלע".

פֿונעם שכײנעסדיקן מויער איז פּונקט אין דער מינוט אַרויסגעלאָפֿן אַ שוואַרצער קודלאַטער הונט. דערזען דאָס קעצעלע, האָט ער זיך צו דעם אַזוי אַ ריס געטאָן, אַז דער באַלעבאָס זײַנער האָט אים קוים אײַנגעהאַלטן פֿאַרן אָנגעצויגענעם, ווי אַ סטרונע, האַלדז־רימען.

דאָס דערשראָקענע קעצל האָט זיך אײַנגעהויקערט, געשטאַנען אַזוי אַ רגע און מיט אײן שפּרונג אַראָפּ פֿון די טרעפּלעך און פֿאַרשוווּנדן אין אַ דערבײַיִקן הויף.

— אַך, דו בריַיע! — האָט דאָוויד שטרענג אַ מאַך געטאָן צום קודלאַטן מיטן פֿינגער, און ווי זײַענדיק זיכער, אַז דאָס מײדעלע וועט איבערגעבן זײַנע רייד דעם אַנטלאָפֿענעם קעצעלע, האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן: — סאַראַ נאַריש קעצעלע דאָס איז, פֿאַרשטײט ניט, אַז פֿאַר אַ צוגעבונדענעם הונט מיט אַ מויל־שלאָס אויף פּיסק, איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן.

— קיסינקע, קיסינקע, — האָט די פֿאַרצווייפֿלטע עלווראַטשקע ניט אויפֿגעהערט האַלב־וויינענדיק רופֿן צו זיך דאָס אַנטרונענע קעצעלע, — קיסינקע, קיסינקע...

ווי שטאַרק דאָוויד יודקיס האָט ניט געײַלט צו דער אַרבעט, האָט ער פֿונדעסטוועגן זיך אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט אַ קוק טאָן. ס'האָט אים ווי געטאָן דאָס האַרץ פֿאַרן וויינענדיקן קינד.

באַם פֿאַרקערעווען צום טראַמוויי אויף דער שכײנעסדיקער גאַס האָט ער זיך ווידעראַמאָל אומגע־קוקט. ס'האָט אים דערפֿרייט. באַנאַנד מיט דער יונגער מילדער פֿרוי און דעם כּיעסדיק מײדעלע האָט ער דערזען גײן דאָס זויבער־ווײַסינק קעצעלע.



# אויפֿן אײגענעם באַראָט

באַם אַריבערגײן דעם ראָג פֿון דער גאָרקי־גאַס און דעם טווערסקאַי בולוואַר בלײַבט זינאַווי איט־קין אַ ווײַלע שטײן. באַזונדערס אין די אָוונט־שעהן, ווען די טײַוולאָניש יאָגנדיקע אויטאָמאָבילן פֿאַר־נעמען מיט זיך די גאַנצע ברײט פֿונעם ברוק, ניט יעדער יונגער מענטש אַפֿילע באַוויזט רויִק אַריבערגײן דעם ראָג פֿאַר דער צײַט, וואָס עס לויכט זיך אין סוועטאָפֿאָר די גרינע שײַן. ס'קומט אויס צומאָל אַפֿילע אַ ביסל אונטערלויפֿן. אָבער אַ מענטש אויף אײן פֿוס, ווי ער איז, ווערט זיך דאָך ניט לאָזן לויפֿן, ביפֿראַט, אַז דער וועג פֿאַר די אויטאָמאָבילן אויף טווערסקאַי בולוואַר איז אײגנטלעך קימאַט שטענדיק אָפֿן. פֿאַרמאַכט זיך פֿאַר זײ אויף אַ ווײַלע דער צוטריט אַהין פֿון דעם פּושקין־פּלאַץ, איז עפֿנט זיך גלײַך אויף דער רעכטזײַטיקער פּאַרקער אַהינצו פֿון דער גאָרקי־גאַס.

הײַנט אָבער האָט איטקין זיך פֿאַרהאַלטן באַם ראָג פֿיל לענגער אײדער ווען־עס־איז ביז דעם, כאָטש פֿאַר דער צײַט, וואָס ער שטײט דאָ, וואָלט ער עטלעכע מאָל שוין געקאָנט אים אַריבערגײן. פֿאַרהאַלטן האָט דאָ הײַנט איטקינען דער אומגעריכטער געפֿילדער פֿון די קראָען באַ דעם אײַזערנעם צאַם פֿונעם בולוואַר. ווי נאָר דער געדיכטער שטראָם פֿון די אויטאָמאָבילן האָט אויף אַ קורצער ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט, האָבן די פֿײגל אין אײן אויגנבליק אַרומגערינגלט אויפֿן ברוק די אומגעקומענע קראָ. נאָר מער ווי אויף אַ פֿויגלשן שפּאַן האָבן זײ ניט באַוויזן זי אָפּשלעפּן אין אַ זײַט.

דערזען עס, האָט זינאַווי גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז אַז דעם, אַז ס'זאָל זיך אײַנגאַנצן אָפּשטעלן דאָ אויף אַ צוויי־דרײַ מינוט די באַוועגונג, וועלן די פֿײגל ניט אַריבערנעמען פֿונדאַנען די אומגעקומענע קראָ צו זיך אויף יענער זײַט צאַם און זי באַגלײטן דאָרט אין איר לעצטן וועג. ניט אײנער פֿון די שאָפֿערן האָט זיכער באַמערקט אויפֿן ברוק דעם אומגעקומענעם פֿויגל. זײ האָבן אָבער ניט געהאַט ווו־הין אָפּ־קערן, אַז דער געלײַטענער זאָל ניט צעקוועטשט ווערן אײַנגאַנצן אונטער די רעדער.

די פאַרזאַמלטע פייגל האָבן זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן. ס׳איז געווען באַשײמפּערלעך צו זען, אַז זיי וועלן ניט אָפּטרעטן, וויפל דאָס זאָל ניט דויערן, ס׳מעג עמעצן פון זיי קאָסטן דאָס לעבן.

לענגער שטיין אַזוי אין אַ זײַט, צוהערן און צוקוקן צו דעם, וואָס עס קומט פאָר פאַר זײַנע אויגן, האָט איטקין מער ניט געקאָנט. מע דאַרף עפּעס פאַרנעמען. ער זאָל געוועז האָבן מיט זיך אַ שטעקל, וואָלט ער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בלינדן — אויסגעשטרעקט דאָס שטעקל פאָרויס און דערמיט פאַר־האַלטן די מאַשינען. אַראָפּגיין פונעם טראָטואַר אַפן ברוק מיט צעשפּרייטע צי פאַרהויבענע הענט וועט סײַווי גאָרניט געבן. די שאָפערן וועלן אים פּאַשעט אָנעמען פאַר אַ זעלכן, וואָס זוכט אַ טאַקסי. און וואָס קאָן געבן, אויב ער וועט אין אַט דעם געדיכטן האַסטיקן שטראָם אָפּשטעלן אַ מאַשין?

איטקינען האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ. אינעם פײַנלעכן און דערצאָרנטן געשריי פון די פאַר־זאַמלטע פייגל האָט זיך אים געהערט אַן אויסטײַנען זיך מיט אַלעמען, וועד סע גייט און פאָרט דאָ פאַרבײַ. און מער ווי צו אַלעמען, האָט זינאָווין זיך געדוכט, וואַרפן זיי עס אים אויף, אים, דעם געוועזענעם פראָנטאָוויק: וויאַזוי קאָן ער שטיין אין אַ זײַט, בײַ יענעם דראָט אַ געפאַר?

מיט וואָס אָבער קאָן ער זיי באַהילפיק זײַן, אויב ער האָט צווישן די פאַרבײַגייער ניט באַגעגנט קיין איין מיליציאָנער, און אויסער זיי האָט דאָך קיינער ניט קיין רעכט אָפּצושטעלן די גאַס־באַוועגונג אַפילע אויף אַ רגע. סאַראַ העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט ווײַזן אַרויס די פאַרזאַמלטע פייגל, שטעלן נאָכאַנאַנד אין געפאַר דאָס אייגענע לעבן, קריכן שיר ניט אונטער די רעדער פון די מעסוקע־נערווײַז יאַגנדיקע מאַשינען.

צווישן די פאַרבײַגייער האָט זינאָווי דערזען אַ יאַטל מיט אַ רויטן פּיאָנערישן האַלדזטוך.

— ייִנגעלע, — האָט איטקין אים אַ רוף געטאָן, — אַנטליי מיר אויף אַ ווײַלע דײַן האַלדזטוך.

דאָס יאַטל אין די ברוינע וועלוועטאָווע הייזלעך און ווײַס־ברוינע קראָסאָווקעס האָט צוגעדריקט מיט ביידע הענטלעך דעם רויטן אויסבונד צו דער ברוסט, ווי פון מוירע, אַז דער אומבאַקאַנטער מיט די פאַנאַנדערגעווייטע גראָווע פּאַסמעס האָר אַפן קאָפּ קאָן מיט גוואַלד אים אָפּנעמען.

— קיין פּיאָנערישן האַלדזטוך גיט מען ניט אַוועק, — האָט דאָס ייִנגעלע הילכיק אָפּגעענטפערט.

— איך ווייס. כ׳בין אַליין געווען אַמאָל אַ פּיאָנער. אָבער כע טרעפט... נו, אָט שטעל זיך פאָר, דו האָסט פּלוצעם באַמערקט אַ געפּלאַצטן רעלס, יעטווידע מינוט קאָן אָנלויפן אַ טראַמוויי. וויאַזוי וועסטו אים באַצײַטנס אָפּשטעלן, ראַטעווען אים פון געפאַר, אויב דו האָסט ניט מיט זיך קיין רויט פענדל צי עפּעס אַנדערשס אַ רויטס, אויסער דעם פּיאָנערישן האַלדזטוך?

— כ׳וואָלט אים אויסגעטאָן, געמאַכט דערפון אַ פענדל און געלאָפן אָפּשטעלן דעם טראַמוויי.

— און איצט גיב אַ קוק אַהערצו. זעסט, וואָס באַם צאַם, אַנטקעגניבער, טוט זיך? הערסט, סאַראַ גוואַלדן עס מאַכן די פייגל? דאָס פּאָדערן זיי, מע זאָל אָפּשטעלן דעם טראַנספּאָרט. די פייגל וועלן ניט אָפּטרעטן, ביז זיי וועלן ניט צונעמען פונעם וועג די דערהאַרגעטע קראָ. עמעצער פון זיי, אויב ניט אַפילע עטלעכע, קאָנען צוליב דעם אומקומען. זעסט, ווי זיי קריכן אונטער די רעדער, באַווײַזן אין דער לעצטער מינוט קוים אָפּפליִען. זיי זײַנען, זעט מען, טרײַ איבערגעגעבן איינער דער אַנדערער. מע דאַרף, מע מוז פאַרהאַלטן אויף עטלעכע מינוט די באַוועגונג, אַנדערש וועלן זיי ניט באַווײַזן אַריבער־נעמען די דערהאַרגעטע קראָ אויף יענער זײַט צאַם, אין בולוואַר. פאַרהאַלטן דעם טראַנספּאָרט קאָן אָבער בלויז אַ מענטש פון דער מיליציע אָדער אַ דרוזשיניק. מיר איז שווער גיין זיי זוכן. איך בין אָן אַ פּוס. באַ מיר איז אַ פּראָטעז. דעם פּוס האָב איך פאַרלוירן אויף דער מילכאָמע. נעם טו אויס, יאַטל, דעם האַלדזטוך און בינד מיר מיט אים אַרום דעם לינקן אַרבל.

— ווי באַ אַ דרוזשיניק?

— נו, יאָ.

קיין רגע מער ניט געקלערט, איז איטקין אַראָפּגעטראָטן פונעם טראָטואַר אַפן ברוק און האָט אויסגעשטרעקט פאָרויס די האַנט מיטן רויטן באַנט אַפן אַרבל.

דער האַסטיקער געלאָף פון די אויטאָמאָבילן האָט זיך גלײַך אָפּגעשטעלט. אין דער זעלבער רגע האָבן די צונויפגעפליגענע פייגל באַלאַגערט דעם באַפרײַטן ברוק און אַריבערגענומען די אומגעקומענע קראָ צו זיך, אויף יענער זײַט צאַם.

ווען איטקין איז צוריק אַרופגעטראָטן אַפן טראָטואַר און אומגעקערט דעם יאַטל דעם פּיאָנערישן האַלדזטוך, האָט פונעם פּושקין־פּלאַץ געײַלט צו אים אַהער אַ מיליציאָנער אין אַ קאַסקע מיט אַ רעגוליר־שטעקל אין דער האַנט.

— ער וועט אײַך אַרעסטירן? — האָט פאַרזאָרגט געפרעגט דאָס ייִנגעלע.

— לויטן געזעץ קומט עס מיר, פאַרשטייט זיך. כ׳האָב אָבער אַנדערש ניט געקאָנט. דו האָסט דאָך געזען.

אַ מאַך געטאָן פרײַנטלעך צום יאַטל מיט דער האַנט, האָט איטקין, אונטערהינקעדיק אַפן פּראָ־טעז, זיך געלאָזט גיין אַנטקעגן דעם מיליציאָנער, גרייט אויסהערן פון אים די האַרבסטע שטראָף, וועל־

כע עס קומט פאַר אַרויסגעבן זיך פּאַר אַ דרוזשיניק און אָפּשטעלן אַף עטלעכע מינוט אין רעכטן מיטן שטאָט די אויטאָמאָביל־באַוועגונג.

נאָר איידער איטקין האָט נאָך אַרויסגעבראַכט אַ וואָרט צו לינדערן די שולד זײַנע, האָט ער דער־הערט הינטער זיך אַ קענטלעך קינדערש קעלכל:

— כאַווער מיליציאָנער, פאַרגיט אים. ער האָט אַנדערש ניט געקאָנט. איך בין דאָרט בײַגעווען און אַלץ געזען. כאַווער מיליציאָנער... — דער פאַנאַנדערגעבונדענער פּיאָנערישער האַלדזטוך האָט געפלאַטערט אינעם יאַטלס הענט, ווי אַ פענדל באַם אויסהיטן פון אַ געפאַר.

איטקינען האָט ניט פאַרוווּנדערט, וואָס ער האָט אין אָט דער נײַטיקער מינוט דערזען פאַר זיך דאָס ייִנגל אין די קורצע וועלוועטאָווע הייזלעך און ברוין־ווײַסע קראָסאָווקעס, פּונקט ער וואָלט פון סאַמע אָנפאַנג עס געהאַט פון אים דערוואַרט.



# דאָס פאַרבאָרגענע פֿײַערל

ניט אַזוי געשיקט, ווי אין די יאָרן, ווען גערשן האָט דאָ געאַרבעט און איז געווען אַף אַ היפּש ביסל ייִנגער, אָבער אויך איצט האָט ער אָן איבעריקער גרויסער שוועריקײַט זיך פאַרקליבן אַפן באַרג, אַפן העככטן פון די אויסגעלאָשענע טעריקאָניקעס פון דער שאַכטע „מינלאַג".

צו וואָס איז אים נײַטיק געווען באַ זײַן איצטיקן עלטער זיך פאַרקלײַבן הײַנט אַהין, האָט גערשן זיך ניט געפרעגט. ס'האָט זיך אים פּאַשעט פאַרגלוסט אַ פּרווו טאָן די קויכעס, ניט פאַרקלערנדיק זיך דערבײַ, אַז דער צוריקוועגס וועט זײַן אַ סאַך אַ שווערערער, ער וועט מיסטאַמע ניט איין מאָל פאַלן און זיך קײַקלען אַפן רוקן, ביז ער וועט אַראָפּקלעטערן פון דאָרט.

גערשענען האָט אָבער צוגעשפּילט. צווישן די איבערגעבראַנטע מיט אַ קופּערנעם אָפּגלאַנץ שטיקער פּאָראָדע האָט ער דערזען אַ בלאַט פאַראָכטן בלעך מיט צוויי צוגעפּעסטיקטע באַ די זײַטן נידעריקע רעדלעך פון טאַטשקעס — אַ זייכער פון יענע ווײַטע צײַטן, ווען אָנשטאָט אַף שליטעלעך ווינטער און אַף וועגעלעך זומער, וואָס זײַנען דעמלט, ווי פיל אַנדערע זאַכן, געווען דאָ פאַרבאָטן, פלעגט מען זיך אַראָפּגליטשן און אַראָפּפאָרן פון די טעריקאָניקעס אַף אַזעלכע־אָ שטיקער בלעך.

און כאָטש מע האָט צוליב דעם געדאַרפט אַפּריער זיך אַרופקאַראַבקען אַהין מיטן שטיק בלעך אַף זיך און פלײַענדיק דערנאָך באַרג־אַראָפּ כאַפּן ניט איין מאָל אַ נערעק פון אָן אָפּגעשפּרונגענעם שטיין אַפן וועג, דאָך האָט די דאָזיקע פאַרווײַלונג געהאַט דאָ באַזונדערס אויסגענומען באַ די קוילנגרעבער.

בײַס אָט דער געוואַגטער שפּיל, נאָכן אַרויסקלײַבן זיך פון דער שאַכטע אַפן אויבערפלאַך, פלעגט באַם צופּוסנס פונעם טעריקאָניק זיך פאַרזאַמלען שיר ניט די גאַנצע וואַכטע און באַגעגענען די אַראָפּפאָרער פון דער מעסוקענער הייך מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן און באַגײַסטערטע אויסגע־שרייען.

אַף וויפל גערשענען געדענקט זיך, איז ער אַ פּאָר מאָל פונדעסטוועגן בײַגעקומען אין זיך די שרעק. דאָס בלעך אונטער אים האָט זיך געטראָגן פון דער הייך איבערן פאַרשנייטן טעריקאָניק מיט אַ שנעלקײַט, אַז ס'איז דעם אָטעם ניט געווען צו כאַפּן, די אויגן ניט צו עפענען. אין סאַמע מיטן וועג האָט דאָס בלעך זיך געגעבן אַ גליטש אַרויס פון אונטער אים און ער איז געפלויגן באַרג־אַראָפּ, ניט באַנעמענדיק דערנאָך, וויאַזוי איז ער גאַנץ געבליבן, ניט צעבראָכן זיך רוק־און־לענד. דאָס פאַלן און דאָס קײַקלען זיך אַפן רוקן האָט אים ניט אָפּגעשטעלט, אַז ער זאָל אין עטלעכע טעג אַרום זיך ווידער אָנטרויען דעם שטיק בלעך.

זומער אָבער איז גערשן געווען בלויז אַ צוזעער, זיך אָפּגעהאַלטן פון אָט דער פאַרווײַלונג. מי־סטאַמע האָט ער ניט געקאָנט גווער זײַן אין זיך די שרעק — זומער איז די געפאַר געווען אַ סאַך אַ גרעסערע, אַ מער טײַוולאָנישע. און עפּשער האָט אים אָפּגעהאַלטן דערפון, ווײַל ער איז דעמלט פּאַרט געווען שוין ניט אין דעם עלטער, אַז ער זאָל, ווי אַ יונג באָכערל, פאַרווײַלן די פאַרזאַמלטע מיט די מעשונע ווילדע קונצן, וועלכע עס מאַכט דורך זומער דער נאַקעטער אײַנגעפּרעסטער טערי־קאָניק אַפילע מיט די סאַמע דרייסטע און געוואַגטסטע, אַרויסרופנדיק דערמיט באַ די פאַרזאַמלטע צוזעער קינדערשע אַנציקונג, ווי אין אַ צירק.

איצט אָבער האָט ער ניט גערשן, פון וועמען זיך אויסבאַהאַלטן. ניטאָ ווער ס'זאָל אים אויס־לאַכן, ווען דאָס בלעך וועט אונטערשפּרינגען אַף די הרודעס פּאָראָדע, ווי אַ שיפל אַף כוואַליעס, אָדער וועט ווי אַ נאָראָווויסנע פערד אים אַראָפּוואַרפן פון זיך. גייענדיק אַהער, האָט ער קיינעם ניט באַ־געגנט. די דריטע וואַכטע איז נאָך אונטער דער ערד, און די ערשטע און צווייטע וואַכטעס האַלטן

איצט אין סאַמע רעכטן שלאָף. גערשן האָט אויך געהאַט שוין געמאַכט נאַכט. ס'איז זיך אים אָבער ניט געלעגן. פֿאַר די עטלעכע טעג, וואָס ער איז הי, האָט ער ניט באַוויזן זיך צוריק צוגעוווינען שלאָפֿן בײַ דער באַטאָגיקער שײַן. אין די זומער־טעג פֿאַרגייט דאָ קימאַט ניט די זון, לויכט אויך בײַנאַכט.

סאָפּקאָלסאָף האָט די זוניקע שײַן אין פֿענצטער אַראָפּגעשלעפּט גערשענען פֿונעם געלעגער און אים פֿאַרנאַרט צו זיך אין דרויסן.

פֿונעם האָטעלכל אינעם צעוואַקסענעם שאַכטיאָרן־שטעטל ביז דער עלטסטער אין דער אומגעגנט „מינלאַג", ווו גערשן האָט מיט פֿיל יאָרן צוריק געאַרבעט, איז היפּשלעך צו גיין. פֿאַר די עטלעכע טעג, זינט ער איז דאָ צוגאַסט, איז ער נישט איין מאָל שוין דאָרטן געווען, פֿונדעסטוועגן האָט ער, אַרויסגייענדיק פֿונעם האָטעלכל, זיך ווידער געלאָזט אַהין. ס'איז אים אַליין געווען מאָדנע, וויאַזוי האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז אָט די שאַכטע, ווו ער האָט פֿונעם ערשטן טאָג אָן, ווי מע האָט זי אויסגעבויט, אַזויפֿיל יאָר שווער געהאָרעוועט, געליטן דערבײַ אי הונגער, אי קעלט, זאָל ביז איצט פֿאַרבלײַבן אים מיט עפּעס נאָענט. ס'זאָל ניט געווען זײַן אַזוי, וואָלט ער דאָך זיכער ניט געקומען צו פֿאָרן אויפֿן פֿינף־און־צוואַנציקיאָריקן יוביליי פֿון דער שאַכטע, אויף וועלכן מע האָט פֿאַרבעטן אַלע לעבן־פֿאַרבליבענע וועטעראַנען. צוליב דעם טאַקע, אַפּאָנעם, קעדייי זיך זען מיט די, מיט וועמען ער האָט יאָרנלאַנג געוווינט אונטער איין דאַך, געאַרבעט אונטער איין קראָוויליע, האָט ער זיך געשלעפּט אַהער. און פֿאַרייִנס שוין אַ קוק טאָן, פֿאַרשטייט זיך, אויף דער דעמאָלטיקער היים זײַנער, אויף דער טונדרע.

דער יאָמטעוו איז שוין אַריבער. די פֿאַרבעטענע אויפֿן יוביליי וועטעראַנען זײַנען זיך שוין באַלד אַלע צעפֿאָרן. הײַנט אָוונט פֿאָרט ער אויך שוין אַוועק, און ווער ווייסט, צי וועט אים אויסקומען בײַזײַן אויפֿן קינפֿטיקן יוביליי פֿון דער שאַכטע. עמעס, אויפֿן פֿײַערלעכן אָוונט האָט ער באַגלײַך מיט אַלע צונויפֿגעפֿאָרענע וועטעראַנען צוגעזאָגט אומבאַדינגט קומען. מע דאַרף אָבער פֿריִער פֿאַר אַלץ דערצו דערלעבן. ער, אַלנפֿאַלס, גערשן, פֿאַרלירט ניט די האָפֿענונג, קוים האָט ער געקאָנט, נאָך דעם, וויפֿל ער איז דאָ דעמאָלט אויסגעשטאַנען, דערלעבן צום הײַנטיקן יאָמטעוו. ער סאָפּעקט בלויז, צי דאָס ווײַב זײַנס, וואָס איז אַזויפֿיל יאָר געווען אָן אים, געווען ניט קיין אַלמאָנע, ניט קיין אגונע, וועט אים בײַ אַזאַ עלטער לאָזן זיך שלעפּן אַזוי ווײַט צום סאַמע פּאָליאַר־קרײַז.

דאָס אײנציקע, אין וואָס גערשן איז לאַכלוטן זיכער, אַז אויב ער וועט פֿונדעסטוועגן קומען אַהער אויפֿן קינפֿטיקן יוביליי פֿון דער שאַכטע, און דער טעריקאָניק, אויף וועלכן ער שטייט איצט, וועט צו יענער צײַט זיך נאָך פֿאַרהיטן, וועט ער זיך שוין אויף אים ניט פֿאַרקלײַבן. עפּשער אויך דערפֿאַר האָט ער, אַרומדרייענדיק זיך האַלבע נאַכט איבער דער שאַכטע, גענומען פּלוצעם קלעטערן אויף אים.

פֿאַר די אַלע יאָרן, זינט גערשן קען די טונדרע, זעט ער זי, דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל פֿון אַזאַ הייך ביז האָריזאָנט. ס'איז ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט דער, וועלכע ער האָט, פֿאָרנדיק אַהער מיט אַ שיר יאָרן צוריק, געהאַט געזען דורך די פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטער און הײַנטיקס מאָל שוין דורך די פֿרײַע פֿענצטער פֿונעם וואַגאָן. פֿונדאַנען, ווו ער שטייט אַצינד, שטערט קיין זאַך ניט צו זען די טונדרע ביז דער ווײַטסטער ווײַט. די צעוואָרפֿענע שיטערע וועלדלעך פֿאַרמאָגן ניט, אויף וויפֿל אים געדענקט זיך, קיין איין בוים אַפֿילע, אַז מע זאָל ניט קאָנען גרייכן מיט דער האַנט צו זײַן קרוין. דערווײַל זײַנען די טעריקאָניקעס פֿון די אויפֿגעקומענע פֿאַר דער צײַט, וואָס גערשן איז דאָ ניט געווען, נײַע שאַכטעס, די איינציקע וואָלקנקראַצערס אין דעם אַרום.

בײַ דער שײַן פֿון דער זון זעען אויס אויך די ניט־פֿאַרלאָשענע טעריקאָניקעס, ווי געוויינלעכע באַקעטע בערג. גערשן, ווער ס'האָט דורכגעמאַכט דאָ ניט איין ווינטער, שטעלט זיך פֿאָר די זעלבע גרוי־שוואַרצע בערג אין אַ כאַדאָשים צוויי־דרײַ אַרום, ווען די זון וועט קימאַט אינגאַנצן פֿאַרשווינדן פֿון דעם באַטאָגיקן הימל און אַלץ אַרום וועט ליגן באַהאַלטן אונטער אַ הויכן שניי־צודעק. איצט, בײַ דער זוניקער ליכט, זעען זיך קוים אָן די פֿאַרשיידנקאָליריקע פֿלעמלעך, וואָס באַצירן די טעריקאָניקעס פֿון אויבן ביז אַראָפּ, ווי אַרומגעהאַנגענע מיט גירליאַנדעס העלפֿאַרביקע בלומען. דערפֿאַר אָבער ווינטער, ווען דער הימל ווערט קימאַט אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער לעוואָנע און די שטערן — קיין איין פֿײַערל פֿון די צעגליטע שטיינקוילן און פּאָראָדע פֿאַרשווינדט ניט דאַן אונטער דער שײַן פֿון דער אַרומשווימענדיקער צווישן די דערפֿרוירענע שטערן פּראָסטיקער לעוואָנע.

ווי דאָרט זאָל ניט זײַן, נאָר אויב גערשן, וווינענדיק פֿון לאַנג שוין צוריק בײַ זיך אין שטאָט, פֿונוואַנען מע האָט אים אויף שטענדיק, ווי ער האָט דעמאָלט געקלערט, געבראַכט אַהער צו פֿירן, האָט פֿון צײַט צו צײַט זיך דערמאָנט אין דער טונדרע, איז ניט נאָר בלויז וועגן אירע סאַקאָנעסדיקע פֿראָסט, שנייען און זאַווערוכעס אויף די פּיס ניט אײַנצושטיין. די טונדרע האָט אים אויך דערמאָנט וועגן זיך מיט די קאָליריקע פֿײַערלעך פֿון די טעריקאָניקעס, מיט די אַרומלויפֿנדיקע איבערן הימל איבערגעקרייצטע פּאַסן פֿאַרשיידנפֿאַרביקע ליכט פֿון דער צאָפֿן־שײַן, מיטן געקלאַנג פֿון די גלעקלעך אויף די שלאַנקע העלדזער פֿון די שטאָלצע הירשן. וועגן אַלעם איבעריקן האָט גערשן זיך באַמיט ניט

דערמאָנען און מײַדט אויס עס זיך דערמאָנען, כאָטש ער ווייסט און פֿאַרשטייט, אַז דאָס איז ניט צו פֿאַרגעסן.

אומבאַמערקט איז אַריבערגעלאָפֿן העכער אַ שאָ, ווי גערשן האָט זיך פֿאַרקליבן אַפֿן טעריקאָניק. נאָר דערווײַל האָט ער ניט געאײַלט אים פֿאַרלאָזן. ער האָט זיך צוגעזעצט אַף דער סאַמע הייך און נאָכגעפֿאָלגט נאָך דער זיך אַראָפּזעצנדיקער זון, נאָך איר גאָלדענער קרוין באַם האָריזאָנט, וואָס ווערט אַלץ קלענער און בלײַכער. דער בלאַס־באַגילדעטער האָריזאָנט וועט באַלד אינגאַנצן פֿאַרנעמען די זון צו זיך און אין עטלעכע מינוטן אַרום זי צוריק אַרויסלאָזן. ס׳וועט זיך אָנהייבן איר נײַער גאַנג איבערן באַטאָגיקן און באַנאַכטיקן הימל...

— שטיי! שטיי, זאָגט מען דיר!

גערשן האָט זיך אופֿגעכאַפּט פֿונעם אייגענעם גוואַלד און דערשראָקן זיך אַרומגעקוקט. זעט אויס, ער האָט, זיצנדיק אַזוי, געהאַט אײַנגעדרעמלט.

ס׳איז אַריבער שוין אַ רעכטע ווײַלע, נאָר גערשן האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַפֿרײַען זיך דערפֿון, וואָס עס איז אים געקומען אין שלאָף צו כאָלעם. און אַלץ אַזוי בולעט, אַזוי אָנשוילעך, אַז, אופֿכאַפּנדיק זיך, האָט ער אַפֿילע געהאַט זיך פֿאַרטראַכט, אַף וועמען פֿון זייער דעמלטיקער בריגאַדע איז ענלעך דער מעגושעמדיקער יונג, וועלכער האָט אַרויסגעקוקט פֿונעם האַלב־אָפֿענעם פּראַכטוואַגאָן, ווי דער שווערער אַראָפּקײַקלענדיקער קלאָץ יאָגט זיך נאָך זיי ביידן: נאָך אים, גערשענען, און נאָך דעם שוואַכן באַיאָרטן מאַן, מיט וועמען ער האָט אין יענער ווינטער־נאַכט, בײַסן אויסלאָדן פֿון די אָנגעקומענע וואַגאָנען געהילץ פֿאַר דער שאַכטע, געאַרבעט אין פּאָר. ביידע זײַנען זיי געשטאַנען אונטן, אַף דער עסטאַקאַדע, אַכטונג געגעבן, אַז די אַרויסגעקײַקלטע פֿון די וואַגאָנען קלעצער זאָלן זיך ניט לייגן אין דער קווער, נאָר אין דער לענג, גלײַך, איינער לעבן אַנדערן, איינער אַפֿן אַנדערן.

וויאַזוי איז געשען, אַז ער, גערשן, איז געבליבן דאַן לעבן, האָט ער אַליין ניט געקאָנט באַנעמען. צי דער אַראָפּקײַקלענדיקער קלאָץ האָט אים מיט זײַן עק אין דער לעצטער רגע אַראָפּגעשטויסן פֿון דער עסטאַקאַדע, צי די בערוועגע האָט אַפֿן וועג זיך אַף אַ רגע אין עפּעס פֿאַרטשעפּעט און ער האָט באַוויזן אַראָפּשפּרינגען, ניט פֿאַרקלערנדיק זיך וווהין ער פֿליט, — נאָר אָט די קורצע רגע האָט אים געשאָנקען דאָס לעבן. דער באַיאָרטער, מיט וועמען ער האָט געאַרבעט אין פּאָר, איז פּונקט אין דער מינוט געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום וואַגאָן און צו אים איז צו שפּעט דערגאַנגען די געפֿאַר. דער האַסטיק אַראָפּקײַקלענדיקער קלאָץ איז מיט דער גאַנצער שווערקײַט זײַנער אַרופֿגעפֿאַלן אַף אים.

אָט דאָ ערגעץ אונטן, געדענקט זיך גערשענען, אין שכײנעס מיט אַ שיטער וועלדל, איז געווען דער בעסאַלמען, אַ געדיכט וועלדל פֿון נאַקעטע סטויפּיקעס מיט צוגעקלעפּטע ברעטלעך. דער נײַנטער אַלף — האָט ער געהייסן בא די דעמלטיקע אײַנוווינער פֿון די אַרומיקע אַכט יישווים.

צווישן די קוואָרעסלײַט, וועלכע האָבן אַרויסבאַגלייט אין זייער לעצטן וועג די מייסים אין הילצערנע בושלאַטן — ווי מע האָט גערופֿן די שווערע ניט־געהובלטע אָרנס — האָט גערשן ניט געהאַט קיין איין באַקאַנטן מער. יענער, וואָס ס׳האָט געבראַכט צו קוורע דעם עלטערן ייִדן, פּינכעסן, וועלכער האָט נאָך אַ העמאָרוי־אָפּעראַציע געכאַפּט אַ לונגען־אָנצינדונג און איז פֿאַר איינע־צוויי טעג ניט געוואָרן, האָט שוין איצט געאַרבעט אין אַן אַנדער בריגאַדע. בא יענעם האָט גערשן, פֿאַר אַ טעגלעכן כײַלעק ברויט און צוקער, געהאַט געפּויעלט, אַז ער זאָל אַפֿן צוגעפּעסטיקטן ברעטל צו דעם טיף אַרײַנגעקלאַפּטן אין דער אייביקער פֿריר־ערד סטויפּיקל אָנשרײַבן מיט שוואַרצער פֿאַרב אונטערן נומער: פּ. נ. פּ. — אַזאַ איז געווען דעם אַלטנס באַקאָשע. און נאָך אַ באַקאָשע האָט ער געהאַט צו גערשענען, ווען ער איז געקומען צו אים אין לאַזאַרעט מעוואַקער־כוילע זײַן. דער מאַלכאַמאָוועס איז אין יענעם טאָג שוין געשטאַנען בא אים צוקאָפּנס. פּינכעס האָט געבעטן גערשענען, אַז ער זאָל די ערשטע פֿאַר טעג כאָטש זאָגן נאָך אים קאַדעש. ער האָט דערבײַ אַרויסגענומען פֿון אונטערן קישן צוויי שטיקלעך פּאַפּיר. אַף איינעם איז געווען אופֿגעשריבן מיט דער האַנט דער קאַדעש, אַפֿן אַנדערן די אויסיעס פּ. נ. פּ.

פֿאַרן זעלבן געצאָלטס מיט אַ פּעקל מאַכאָרקע אַלס צוגאָב האָט גערשן זיך סאַפּקאָלסאַף דערעדט מיטן עלטסטן פֿון דער בריגאַדע קוואָרעסלײַט אָנמאָלן אונטערן נומער אַפֿן ברעטל אַ ציילעם און דעם ערשטן אָס פֿון דער פֿאַמיליע אינטאַבעזאָוו. דאָס איינציקע, וואָס גערשן האָט געוווּסט וועגן סערגיי אינטאַבעזאָוון, מיט וועמען ער איז געווען אַף דער שאַכטע אין איין בריגאַדע און צוזאַמען געאַרבעט באַם אויסלאָדן דאָס געהילץ, אַז דער דאָזיקער מענטש איז געווען אַ גלויביקער. נאָר פֿאַר קיין שום געצאָלטס האָט גערשן נישט געקאָנט אויסהיטן ניט פּינכעסן, ניט סערגייען פֿונעם שווערן העמערל, מיט וועלכן דער וועכטער באַם טויער איז זיך דורכגעגאַנגען איבער זייערע שטערנס — צי גיבן זיי זיך ניט אַרויס פֿאַר קיין מייסים...

און ווידער האָט גערשן, זיצנדיק אַזוי אין דער הייך אויפֿן טעריקאַניק, אײַנגעדרעמלט. דאָס מאָל האָט ער זיך דערזען ליגן מיטן ייִנגערן ברודערל אויפֿן אויסגעהייצטן אויוון. צוזאַמען מיט דער וואַרעמקייט האָט ער דערפֿילט אַ באַקאַנטן איבלדיקן רייעך פֿון קליינע בולקעלעך, אָנגעפֿילטע מיט לונג. די וואַרעמקייט פֿונעם אויפֿן־אויוון האָט פֿאַרוויגט, געשטאַרקט דעם שלאָף.

ווען גערשן האָט ענדלעך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם אָנגעפֿאַלענעם שלאָף און זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט ער פֿון אָרט ניט געקאָנט זיך רירן. ווי נאָר ער האָט געפּרוּווט זיך אויפֿהייבן, איז ער באַלד געפֿאַלן. אַלץ אַרום האָט זיך געוויגט, זיך געדרייט, געשווינדלט פֿאַר די אויגן. פֿונוואַנען האָט זיך גענומען אַהער, קאָן גערשן ניט פֿאַרשטיין, אָט דער שווערער, שטיקנדיקער רייעך? פֿון די שכײנעס־דיקע ברענענדיקע טעריקאַניקעס, צי דער אויסגעלאָשענער טעריקאַניק טליִעט נאָך ערגעץ אין דער טיף און ער האָט אים פֿאַרטשאַדעט, ווי דעמלט, אין דער ווײַטער קינדהייט, דער אויסגעהייצטער אויוון? די מאַמע האָט צו פֿרי פֿאַרמאַכט דעם קוימען און איז אַוועק אויפֿן מאַרק עפּעס אײַנקויפֿן. ווען די שכנה זאָל צופֿעליק ניט געווען אַרײַנקומען... אויף אירע געוואַלדן איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן דאָס גאַנצע געסל. מע האָט אים מיטן פֿאַרטשאַדעטן ברודערל קוים אָפּגעראַטעוועט, געצוואָגן די קעפּלעך מיט הייסער וואַסער ביז זיי האָבן אויפֿגעעפֿנט די אויגן.

דאָ, וויפֿל ער זאָל ניט שרײַען, וועט אַלצײַנס קיינער ניט דערהערן. די דריטע וואַכטע איז נאָך אין דער לאַווע, און די ערשטע און צווייטע האַלטן אין סאַמע רעכטן שלאָף.

דער קאָפּ ווערט אַלץ שווערער, האַלט זיך קוים אויף די אַקסלען. אַלץ אַרום דרייט זיך צוזאַמען מיט אים אין אַ קאַראַהאָד. גערשן האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג. אַזוי איז, דאַכט זיך, לײַכטער, סע דרייט זיך ניט אַזוי דער קאָפּ. נאָר ער האָט זיך באַלד צוריק אויפֿגעזעצט. ס'איז צו אים מיטאַמאָל דערגאַנגען, אַז ער טאָר זיך דאָ קיין רגע מער ניט פֿאַרהאַלטן, ער דאַרף וואָס גיכער אַנטלויפֿן פֿונדאַנען, ווי פֿונעם קלאָץ, וואָס האָט זיך דעמלט געיאָגט נאָך אים פֿונעם פֿראַכט־וואַגאָן.

— דאָס בלעך! דאָס בלעך ווו איז?

מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן, פּויזענדיק אויף אַלע פֿיר, האָט גערשן אָפּגעזוכט דעם בלעך און זיך אַרויפֿגעוואַליעט אויף אים. אין אַ ווײַלע אַרום, אָפּשטויסנדיק זיך נאָכאַנאַנד מיט די הענט, האָט ער מיט אַ מעסוקענער גיכקייט זיך געטראָגן מיטן ווי אָפּגעפּאָלירטן שטעג באַרג־אַראָפּ, ניט פֿילנדיק די קלעפּ פֿון די אָפּגעשפּרונגענע שטיינער און שטיינדלעך, וואָס האָבן פֿון ביידע זײַטן זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים, געטראָגן זיך אַנטקעגן.

וויפֿל איז ער אַזוי אָפּגעלעגן אַ צעבײַלטער באַם צופֿוסנס פֿונעם טעריקאַניק, ביז מע האָט אים דערזען און אָפּגעפֿירט אין דער אַמבולאַטאָריע, האָט גערשן ניט געקאָנט באַנעמען. ער געדענקט בלויז, אַז ווען ער האָט זיך אָפּגעשטויסן פֿונעם אײַנגעפּרעסטן שטעג אויפֿן באַרג, איז די זון שוין אײַנגאַנצן געהאַט אַרויס פֿון הינטערן האָריזאָנט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער טאָג.

ניט אַנדערש, אָפּנעם, אַז ער איז אַ מאַזלדיקער. אויך דאָס מאָל איז ער לײַכט אָפּגעקומען. אין קאָפּ האָט אָבער אַלץ נאָך געררויִשט, מוירעדיק געדריקט. גערשן האָט דורכגעפֿירט מיט דער האַנט איבערן קאָפּ, ווי ער וואָלט דאָרט וועלן אָפּזוכן די שווערקייט, וואָס דריקט אַזוי אויף אים, און זי אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך, און דערפֿילט אונטער דער האַנט אַ פֿײַכטקייט. זעט אויס, אַז דאָס מיידל פֿון דער אַמבולאַטאָריע האָט אים אויסגעצוואָגן דעם קאָפּ, אַרויסגעטריבן דערמיט פֿון אים דעם טשאַד, ווי מע האָט עס מיט אים געטאָן אין דער קינדהייט. נאָר פֿונעם איבלדיקן רייעך, וועלכן ס'האָבן אין אים דעמלט איבערגעלאָזט אויף יאָרנלאַנג די קליינע בולקעלעך מיט לונג און וואָס האָט אויפֿן טעריקאַניק פֿונסניי אויפֿגעלעבט אין אים, האָט די מעדיצינישע שוועסטער ניט געקאָנט אים דערווײַל נאָך באַפֿרײַען.

ווען גערשן איז געקומען צו־זיך און האָט דערזען, ווי דאָס מילדע יונגע מיידל אינעם ווײַסן כאַלאַט לעבט איבער פֿון דעם, וואָס זי קאָן אים ניט באַפֿרײַען פֿונעם איבלדיקן גערוך, האָט ער איר אויסגעגעבן דעם סוד, פֿונוואַנען נעמט זיך עס צו אים.

— בײַ מײַן עלטערן אייניקל איז קימאַט דער זעלבער כאַלאַס. פּונקט דאָס וואָלט זיך אים איבערגעגעבן פֿון מיר בירושה. נאָר דאָס גראַדע האָט לאַכלוטן ניט צו טאָן מיט ירושהדיקייט. מיט קינדער דאַרף מען זײַן זייער געהיט. זייער פֿאַרזיכטיק. זיי זאַפּן אַלץ אײַן, נעמען אַלץ אַרײַן אין זיך, ניט אַרויסצוטרײַבן עס דערנאָכדעם פֿון זיי. איר זײַט נאָך ניט קיין כאַסענע געהאַט, ווי איך זע.

— ניין, דערווײַל נאָך ניט.

— וועט איר, קלער איך, זיכער צוניץ קומען דאָס, וואָס כ'וויל אײַך דערציילן. מײַן עלטער אייניקל איז קליינערהייט געווען אַ גרויסער שטיפֿער. אַלץ, וואָס אין שטוב, פֿלעגט עס איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ. באַזונדערס איז אים געווען געפֿעלן אַרויפֿקריכן אויף די צוגעקליבענע געלעגערס און נעמען קנעטן דאָס בעטגעוואַנט, אַזש פֿעדערן פֿלעגן פֿליִען. איז דער מאַמע זײַנער, דער שנור מײַנער, הייסט עס, אײַנגעפֿאַלן אָפּטאָן מיט אים אַזאַ שפּיצל: זי האָט אויף אַלץ, וואָס אין שטוב,

אויפֿגעלייגט שטיקלעך קעז. ווי נאָר דאָס אייניקל פֿלעגט זיך דערנעענטערן צו עפּעס אַזוינס, וואָס מע קאָן עס קנעטן און פֿאַרקנעטן, האָט זי אויף קוילע־קוילעס געגומען שרײַען: קעז! קעז! קעז! — גלײַך דער קעז איז אַ ווילדע בייזע כײַע. די שנור האָט דערמיט טאַקע אָפּגעווויינט דאָס אייניקל פֿונעם קנעטן, אָבער פֿון דעמאָלט אָן קאָן עס ביז איצט ניט פֿאַרטראָגן דעם רייעך פֿון קעז. עס נעמט אים גלײַך איבלען פֿון אים, ווי מיר פֿון בולקעלעך מיט לונג. אַפֿילו אין די סאַמע הונגעריקע יאָרן וואָלט איך, דוכט מיר... דאָס רעדט זיך נאָר, פֿאַרשטייט זיך, אַזוי. וואָרעם בײַ אַזאַ הונגער, ווי איך בין דאָ אויסגעשטאַנען...

אַנשטאָט דעם אָבער, ער זאָל דערציילן דעם מיידל, וואָס עס איז אים מיט יאָרן צוריק אויסגעקומען דאָ אויסצושטיין, האָט געגרשן דראָענדיק אַ מאַך געטאָן צו זיך מיטן פֿינגער:

— ניין, דו הער נאָר. אָפּגעלעבט אַזויפֿיל יאָרן דאָ אויף דער שאַכטע און שוין באַוויזן פֿאַרגעסן, אַז אַן אויסגעלאָשענער טעריקאָניק קאָן צומאָל זיך אויפֿכאַפּן, ווי אַ פֿאַרלאָשענער ווולקאַן, און נעמען רויכערן און טשאַדען. מיסטאָמע האָט זיך פֿאַרהיט בײַ אים ערגעץ אַ טליִענדיק פֿײַערל, און אַ פֿאַרבאָרגן פֿײַערל איז שטענדיק געווען אַ גרויסע סאַקאָנע. עס קאָן זיך פּלוצעם אַרויסכאַפּן פֿון זײַן באַהאַלטענער נאָרע און סיזאָל זיך צעפֿלאַקערן אַ סרייפֿע. אַזוינס טאָר מען קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן, מע דאַרף עס שטענדיק האָבן אין זינען. באַזונדערס ווייסט עס דער, ווער ס׳איז געווען אויף דער מילכאָמע. פֿאַרשטייסט, טאָכטערקע מײַנע...

ווען דאָס מיידלע יונגע מיידל אינעם זויבער־ווײַסן כאַלאַט זאָל געוועזן וויסן, וואָס עס האָט אײַנגעוועבט מיטן דער נאַכט פֿאַרשלעפּט דעם באַיאָרטן געגרשענען אויפֿן הויכן טעריקאָניק, וואָלט זי מיסטאָמע ניט געקוקט שוין אויף אים מיט אַזעלכע פֿאַרכידעשטע אויגן. נאָר דאַכט זיך, אַז ער, געגרשן אַליין, האָט שוין איצט אויך געקוקט אויף זיך, ווי דאָס מיידל, געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ מענטשן, וואָס האָט זיך געהאַט פֿאַרקליבן אויפֿן טעריקאָניק בלויז צוליב פֿאַרלעשן דאָרט דאָס פֿאַרבאָרגענע פֿײַערל.

★

# די אולמע

אין אַן אַנדער צײַט פֿון יאָר וואָלט מיך זיכער פֿאַרוווּנדערט, ווען איך דערזע אויף דער שטילער מעיוכעסדיקער פֿאַרבויטער וואַראָווסקי־גאַס אַזויפֿיל הילכיק טומלענדיקע געזעמלעך מענטשן. ס׳איז אָבער איצט זומער־לעבן, די רעכטע צײַט פֿון די אַרײַנטריט־עקזאַמענעס אין די הויכשולן, און אויף דער גאַס פֿון די פֿילצאָליקע אַמבאַסאַדע־מויערלעך אין רעכטן צענטער פֿון מאָסקווע געפֿינט זיך דער מוזיקאַלער גנעסין־אינסטיטוט. און לעבן וועלכן אינסטיטוט אין אָט די פּאַרכטיקע טעג, ווען אויף דער וואָגשאָל צווישן „יאָ און ניין" ווערט געוויגן דער גורל פֿון יעדערן, ווער ס׳איז געקומען פּרוּוון דאָס מאַזל — האַלטן עקזאַמען, — פֿאַרזאַמלט מען זיך ניט אין קיין רעדלעך און מע טומלט ניט, אַז סע הערט זיך אויף אַ מײַל? מיר איז בלויז ניט פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס האָבן די אַביטוריִענטן זיך אַריבערגעקליבן אויף דער אַנדערער זײַט גאַס, זיך היפּשלעך דערווײַטערט פֿונעם אַרײַנגאַנג אין פּילגאָרנדיקן ליכטיקן מויער מיטן שילד בײַ דער טיר: מוזיקאַלער גנעסין־אינסטיטוט.

אייגנטלעך גערעדט, איז דאָס סאָפּקאָלסאָף ניט אַזוי וויכטיק, אַז כ׳זאָל גיין עס אויסקלאָרן, ביפֿראַט נאָך, אַז איך אײַל זיך. דער זייגער איז שוין באַלד זעקס און איך קאָן פֿאַרשפּעטיקן אין פֿאַרלאַג, וווּ עס וואַרט אויף מיר די וויאָרכטקע פֿון מײַן נײַעם בוך. דאָס בלוילעך־פֿאַרביק הויז פֿונעם פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", וווהין איך האַלט דעם וועג, איז קימאַט אין אָנהייב גאַס, און דער שרײַבער־קלוב, פֿונוואַנען איך גיי, געפֿינט זיך אין סאַמע סאָף פֿון דער לאַנגער וואָראָווסקי־גאַס.

— זאָג מיר, וואָס פּליסטו אַזוי? און אַז וועסט מאָרגן אָפּנעמען די וויאָרסטקע, וואָס ווערסטו אָן? — טו איך אַ מאַך צו זיך און בלײַב שטיין, ווי נאָר כ׳האָב דערהערט פֿונדערווײַטן נאָך דאָס שפּילן פֿון קאָלערליי מוזיקאַלע אינסטרומענטן און דאָס געזאַנג פֿון אַלערליי שטימען, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון די אָפֿענע פֿענצטער פֿונעם פּילגאָרנדיקן ליכטיקן מויער. מיר דוכט ביכלאַל שוין, אַז פֿאַר די אַלע יאָרן זינט די וואָראָווסקי־גאַס איז מיר געוואָרן פּונקט אַזוי נאָענט און האַרציק טײַער, ווי אין די פֿריִערדיקע צײַטן דאָס האַלב־טונקעלע שמאָלע סטאַראָפּאַנסקי־געסל — דאָס פּיליאָריקע ווינאָרט פֿונעם פֿאַרלאַג „דער עמעס" — און די ברייטע און ליכטיקע קראָפּאָטקין־גאַס, וווּ ס׳האָט זיך געפֿונען דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט. און די צײַטונג „אייניקײַט", איז ניט געווען נאָך דער פֿאַל, אַז איך זאָל דאָ שפּאַנען מיטן זעלבן האַסטיקן טראָט, מיט וועלכן ס׳איז געוווינט

גײַן אַ מאָסקווער טוישעוו. מיך האָט ניט דערלאָזט דערצו דאָס געזאַנג און דאָס שפּילן, וואָס האָט מיך, ווי הײַנט, דאָ שטענדיק באַגעגנט.

קוים ווערט אָפּגעלייגט מײַן גאַנג אין פֿאַרלאַג אַף מאָרגן, איז האָב איך נאָכגעגעבן מײַן נײַגעריקײַט און בין אַריבער אַף דער אַנדערער זײַט גאַס, ווו לעבן דעם אָפֿענעם סעדל, וואָס צווישן דעם ווּיסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט פֿון דער וועלט־ליטעראַטור אַף מאַקסים גאָרקיס נאָמען און דעם אויבער־געריכט פֿונעם לאַנד, האָבן געטומלט פֿאַרזאַמלטע רעדלעך. דערזען דאָרטן שטיין צוזאַמען מיט דער יוגנט אויך עלטערע לײַט, האָב איך זיך גלײַך אָנגעשטויסן, אַז דאָס, וואָס דאָ קומט פֿאָר, האָט ניט צו טאָן מיט די אַרײַנטריט־עקזאַמענעס אינעם גנעסין־אינסטיטוט.

פֿון די ערשטע ווערטער, וואָס כ׳האָב דערהערט אין איינעם פֿון די רעדלעך, איז מיר געוואָרן אַ בושע פֿאַר זיך אַליין: וויאַזוי האָב איך געקאָנט פֿאַרגעסן דעם ווייגעשריי פֿון דער נאָטיץ אין דער אָוונט־צײַטונג מיט אַ פּאָר טעג צוריק, דעם ווייגעשריי וועגן דער שרעקלעכער געפֿאַר, וועלכע דראָט דעם צוויי־הונדערט־פֿופֿציקיאָריקן מעכטיקן בוים, דער אולמע. איר דערוואַרט דער זעלבער גזאַר, זי אומברענגען, ווי מע האָט מיט עטלעכע נעכט צוריק פֿאַר איר אין די אויגן אומגעבראַכט אירע אור־אור־אורייניקלעך, אויסגעהאַקט און אויסגעוואָרצלט קימאַט אַלע ביימער און ביימלעך פֿון סעדל, פֿונעם איינציקן פֿאַרבליבענעם סעדל אַף דער גאַס, געבראַכט זיי אַלעמען פֿאַר אַ קאָרבן דעם אײַזן־בעטאָנענעם מויער, וואָס מע קלײַבט זיך דאָ בויען, פּונקט קיין אַנדער פּלאַץ פֿאַר דעם איז אין דער גרויסער מאָסקווע ניט צו געפֿינען.

דער ווייגעשריי האָט אָפּגעשטעלט די בולדאָזערס און די שווער־אָנגעלאָדענע לאַסטמאַשינען, וואָס האָבן, ווי טאַנקען, זיך אַ לאָז געטאָן אין שלאַכט: אומגעוואָרפֿן און אויסגעוואָרצלט די ביימער, אײַנגעוואַלגערט דאָס אויסגעהעפּט אײַזערן פֿאַרקנדל און אָנשטאָט אים אַרומגעצוימט דאָס כעדל מיט גרויסע און שווערע בעטאָנענע פּליטעס.

דער רוף זיך אײַנשטעלן פֿאַר דער גרויסאַרטיקער צוויי־הונדערט־פֿופֿציקיאָריקער אולמע איז דערגאַנגען צו די איינוווינער ניט בלויז פֿון די אַרומיקע גאַסן און געסלעך. צוזאַמען מיט דער יוגנט האָט זיך געשטעלט אַף דער וואַך אויך דער עלטערער דאָר, ווי געוויינלעך, בייס אַן אומגליק. געקומען איז מען ניט מיט ליידיקע הענט, נאָר באַוואָפֿנטע מיט קלײַזײַען — מיט בויגנס פּאַפּיר, הענטל־פֿענעס, בלײַפֿעדער. צווישן די פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך אָפּגעזוכט קינסטלער, און זיי האָבן גלײַך אַפֿן אָרט אַראָפּגעמאָלט מיט פֿאַרביקע בלײַפֿעדער דעם עלטסטן פּאַטריאַרך פֿון די מאָסקווער ביימער און די געמעלן אָוועקגעלייגט צוזאַמען מיט די בויגנס און בייגעלעך פּאַפּיר אַף די בעטאָנענע פּליטעס פֿון דער באַלאַגערונג. ווער ס׳איז ניט פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָט זיך אָפּגעשטעלט און איבערגעלאָזט זײַן כסימע.

די כסימעס האָבן באַטײַט: אָפּשאַפֿן דעם גזאַר! ניט דערלאָזן אויסוואָרצלען די אולמע, וועלכע ווינט שוין דאָ דריטהאַלבן יאָרהונדערטער! לאָזן זי אויסלעבן די יאָרן, וויפֿל איר איז געגעבן, וויפֿל איר איז באַשערט.

ווי נאָר די בויגנס פּאַפּיר ווערן פֿאַרפֿולט מיט כסימעס, פֿאַרבײַט מען זיי מיט נײַע בויגנס. ס׳קומט ניט אויס איבעריקס לאַנג צו וואַרטן, אַז מע זאָל פֿון אויבן ביז אַראָפּ זיי געדיכט פֿאַרזייען מיט כסימעס.

באַם אָפֿענעם אַרײַנגאַנג אין דעם האַלב־אויסגעהאַקטן סעדל זיצט אַף אַ בענקל אַ באַיאָרטע פֿרוי און גיט אַכטונג אַף די נאָך פֿאַרבליבענע עטלעכע ביימער, אַף די געמעלן פֿון דער אולמע, אַף די בויגנס פּאַפּיר מיט די אָנגעפּיקעוועטע כסימעס. פֿונעם געשפּרעך, וואָס די פֿרוי פֿירט מיטן ספּאָרטיוו־געקליידטן באָכער, פֿאַרשטיי איך, אַז דאָס איז ער געקומען זי פֿאַרבײַטן. מע לאָזט אַף קיין רעגע ניט איבער די אולמע אַליין. מע היט זי אָפּ שוין דעם וויפֿלטן מעסלעס. און ווײַל קיינער ווייסט ניט, וויפֿל טעג און נעכט וועט נאָך אויסקומען זי היטן, האָבן די פֿרײַוויליקע וועכטער אײַנגעשטעלט צווישן זיך אַ ריי, ווער ווען עס פֿאַרבײַט. אַליין וועט קיינער דעם פּאָסטן ניט פֿאַרלאָזן, ס׳זאָל אַפֿילע רעגענען און דונערן. דער, ווער ס׳האָט געשאָנקען די וועכטער אַ שטול אַף צום זיצן, האָט אויך געשאָנקען לעשעם מיצווע אַ שירעם.

— איך קאָן עס ניט באַנעמען! וויאַזוי וואַגט מען זיך פֿאַרמעסטן מיט אַ האַק אַף אַזאַ בוים? — האָט דערצאָרנט געטומלט אַ יונגע מיידלשע שטים. — נאַפּאָלעאָנס סרייפֿעס האָבן ניט געוואַגט זיך צורירן צו אים.

— איר מיינט, אַז פֿון דערעכערעץ וועגן? — האָט עמעצער פֿון רעדל זי געפֿרעגט.

— פֿון דערעכערעץ וועגן צי ניט פֿון דערעכערעץ וועגן, אָבער דאָס פֿײַער איז אַהער ניט פֿאַרגאַנגען.

— ווי קלערט איר, — ווענדט זיך צו דער וועכטערן באַם אַרײַנגאַנג אַן עלטערער מאַן, וואָס האָט זיך געכאַסמעט אַפֿן פֿריש אַרויסגעלייגטן בויגן פּאַפּיר, — דאָס וועט עפּעס געבן, מע וועט אָפּראַטעווען דעם בוים?

— מיר לעבן אין א צייט, ווען זייער פיל איז איצט געווענדט אין אונדז. און ווייסט איר, וואָס כ'וועל אייך זאָגן? ווען מע זאָל באַצייטנס זיך געווען אזוי איינשטעלן, וואָלט מען געקאָנט פארהיטן זייער פיל פון דעם, וואָס מע האָט אראָפּגעטראָגן.

— יאָ, אזא בוים איז ווערט, מע זאָל זיך פאר אים אזוי איינשטעלן.

און די אולמע, גלייך זי וואָלט פארנומען די אלע רייד, וואָס ווערן דאָ וועגן איר געזאָגט, ווערט בא זיך זיכערער, שטאָלצער, קרעפטיקער. קיין סימען פון זקיינישקייט אין איר וווּקסיקער שטאָלטקייט, קיין סימען פון געפאלנקייט אין אירע ברייט צעשפּרייטע צווייגן. אף איר מעכטיקער ברוסט הענגט פון אויבן ביז אראָפּ א ברייטער בויגן פאפיר און אף אים זיינען מיט גרויסע אויסיעס אופגעשריבן: פושקין, לערמאָנטאָוו, גאָגאָל, דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, מאיאקאָווסקי, צוועטאיעוואַ, שוקשין...— יעדערער פון זיי און אויך פיל אנדערע, מיט וועמען עס גרויסט זיך די מעכטיקע רוסישע ליטעראטור, האָט ניט איינמאָל דאָ אָפּגערוט.

ווען די אולמע זאָל מיטאמאָל געווען באקומען לאָשן און אָנהייבן אויסרעכענען, ווער נאָך ס'האָט אָפּגערוט אין איר שאָטן, געפונען א שוץ בייס א רעגן אונטער איר קרוין, וואָלט איך זיכער דערהערט אויך די נעמען פון די גרויסע שעפער פון דער יידישער ליטעראטור: פּערעץ מארקיש, בערגעלסאָן, האָפשטיין, קוויטקאָ, דער ניסטער, האלקין, פעפער, קושנירעוו...

דער וועג צום שרייבער־קלוב, ווי יעטווידער פון זיי איז געווען אן אָפטער אריינגייער, האָט געפירט פארביי דעם דאָזיקן סעדל, פארביי אָט דער הויכער צעצווייגטער אולמע. פארביי איר זיינען אויך דורכגעגאנגען אלע וויטערדיקע דוירעס פון די יידישע שרייבער...

די אולמע טוט מיטאמאָל א ציטער. ס'איז ניט פון שרעק. פון דערמאָנונג. מיר דוכט, אז צוזאמען מיט מיר ברענגט זי פאָרכטיק ארויס די אלע הייליקע נעמען, ווי זי זאָל צוזאמען מיט מיר זאָגן נאָך זיי יזקער... יזקער נאָך די הארוגים און נאָך פאר דער צייט געשטאָרבענע...

די פרוי באם אריינגאנג האָט פארזיכערט דעם עלטערן מענטשן, אז ווען מע זאָל באַצייטנס זיך געווען אזוי איינשטעלן, וואָלט מען געקאָנט פיל אָפּראטעווען.

זי איז געוויס גערעכט. מיר ווילט זיך צוגיין צו איר און פרעגן: און ווי וואָלט געווען, ווען מע זאָל צו דער צייט זיך געווען אזוי איינשטעלן פארן מענטשן, ווי מע שטעלט זיך איצט איין פאר א בוים?

נאָר די פרוי איז שוין ניטאָ, אף איר אָרט זיצט שוין דער ספּאָרט־געקליידעטער באָכער. איז פארגיב איך די זעלבע שיילע דער צוויי־הונדערט־פופציקיאָריקער אולמע און ווינטש איר דערביי צו אויסלעבן זיך אירע יאָרן, וויפל ס'איז איר געגעבן און באשערט, אויסלעבן זיי בא זיך אין סעדל צווישן ניי־פארפלאנצטע יונגע שלאנקעביימער.

★ ★ ★



הערשל פּאָליאַנקער

# געווען אַמאָל אַ שטעטל

ראָמאַן

צווייטער טייל

קאַפּיטל נײַנצן

## צו אַ נײַעם ברעג

דאָס, וואָס יאַשקע האָט זיך ניט אָנגעפּרעגט, וווּהין מע קלײַבט זיך, ווי אויך דאָס, וואָס ער האָט פּינקטלעך אויסגעפּילט אַלע באַפעלן, האָט דאָווידן שטאַרק געפריידט.

איצט וועט מען קענען פאַרברענגען עטלעכע טעג אין וויניצע און ניט אײַלן אַזוי שטאַרק אַהיים, ניט דאַרפן ציילן דעם גראָשן, קעדיי עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן, קויפן אַ לעבל ברויט מיט קעז, און ניט דאַרפן אויסלאָדן וואַגאָנען, קעדיי פאַרדינען אויף בילעטן אַהיים...

עמעס, דאָווידקע האָט אין שטוב קיינעם ניט געזאָגט, אַז ער וועט עטלעכע טעג ערגעץ פאַרברענגען נאָך דעם, ווי ער האָט זיך אַזוי אויסגעמאַטערט באַ די עקזאַמענעס. די מאַמע וועט זיך ערגערן. נאָר דאָס איז ניט געפערלעך, מע וועט זיך איינגיכן אומקערן, און זי וועט אים, ווי שטענדיק, מויכל זײַן דעם כעס, וואָס ער באַגייט.

סאָף. פונעם צווייטן טייל. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4, 5, 6, 8, 9. 1987.

עפּעס אַ מאָדנע קויעך האָט אים געצויגן צו זלאַטקען.

שוין אַזאַ צײַט, ווי מע האָט זיך ניט געזען, ניט פֿאַרבראַכט און ער האָט אַפֿילע קיין בריוול ניט באַקומען פֿון איר.

צי איז דאָרט עפּעס ניט געשען?

ער האָט זיך אָפּ איר שטאַרק ניט געבייזערט, לעמײַ זי האָט ניט געשריבן. נאָכן טויט פֿון דער מוטער איז זי געוואָרן די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב, געדאַרפֿט באַדינען די קלענערע שוועסטערלעך, דעם טאַטן, און דערצו נאָך אויך גרייטן זיך צו די עקזאַמענעס. זי האָט אויך דאָס יאָר געענדיקט די שול און געטראַכט זיך ערגעץ שטעלן אָפּ אַרבעט, ווײַל דעם טאַטנס גרויסע פֿאַרדינסטן האָבן ניט געקלעקט אָפּ אויסהאַלטן אַ שטוב מיט קינדער.

זלאַטקע האָט אים געהאַט געשריבן, אַז זי טרוימט וואָס גיכער ענדיקן די שול און גיין אַרבעטן אין אַ קינדער־גאָרטן אָדער אין די ערשטע קלאַסן. מע האָט איר שוין לאַנג פֿאָרגעזאָגט, אַז מע וועט זי גערן נעמען אָפּ אַזאַ אַרבעט. ווײַל, כוץ אַלעמען, פֿאַרמאָגט זי נאָך אַ שיינע שטים, זינגט שיין און האָט זיך אויסגעלערנט אין מוזיקאַלן קרײַזל פֿון פּיאָנער־קלוב שפּילן אָפּ אַ ראָיאַל — פֿאַר קינדער איז עס ווי אָנגעמאָסטן.

אַרום האָט זיך געשפּרייט הימל און ערד, זשאַוואָראָנקעס האָבן געצוויטשערט, פֿון די אַרומיקע וועלדער האָט זיך געטראָגן דאָס געשריי פֿון ווילדע טויבן. ערגעץ טיף אין וואַלד איז זיך פֿאַרגאַן אין אַ ביטער געוויין אַ סיטש. דער פֿייגל־כאָר האָט זיך צעזונגען שטאַרקער. הויך אין הימל האָט אַרומגעבלאָנקעט אַ דין ריפּטל לעוואָנע, ניט געוווּסט, וווּהין אָפּטרעטן פֿונעם אָנקומענדיקן פֿרימאָרגן.

— אַ שיין וועלטל, יאָשקע, וואָס זאָגסטו אָפּ דעם? — האָט זיך אָנגערופֿן דאָווידקע, זשמורענדיק די אויגן קעגן דער זון, — אַ שיין וועלטל...

— געוויס... — האָט יאָשקע אַ באָמקע געטאָן און אָנגערוקט די אָפּגעבליאַקעוועטע קעפּקע אָפּן שטערן, — ווען מיר ווייסן נאָך, וווּהין מיר שלעפּן זיך אין אַזאַ שיינעם פֿרימאָרגן...

— נישקאָשע, מיר וועלן מיט דיר ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן... ניט אין באַפֿאָליע ענדיקט זיך די וועלט...

— איך פֿאַרשטיי, דאָווידקע. נאָר מיר זײַנען אַוועקגעגאַן פֿון דער שטוב אָן אַ „זײַ־געזונט”. דער טאַטע וועט מיך זוכן. נו, און דײַן מאַמע? זי לעבט אַזוי אויך איבער צאָרעס. זי וועט זיך כאַפּן, אַז דו ביסט ניטאָ, וועט זי אויפֿהייבן אַ גוואַלד ביז אונטערן הימל... געוווען געדאַרפֿט זיי אויסזאָגן דעם רייִנעם עמעס... אַז מע וועט זיך איינגיכן אומקערן אַהיים... זיי זאָלן ניט האָבן קיין יעסורים...

דאָווידקע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז יאָשקע איז עפּשער טאַקע גערעכט. געוווען געדאַרפֿט זאָגן, אַז מע פֿאָרט אַוועק אָפּ עטלעכע טעג. מע וויל אײַנקויפֿן עפּעס אין קלייט. שיך, צי העמדלעך. און ער האָט זיך אָנגערופֿן:

— מעגלעך, יאָשקע, אַז דו ביסט גערעכט... ווען מיר וועלן קומען אָפּ אָן אָרט, וועלן מיר אַרײַנוואַרפֿן אַ קאַרטל...

— און וואָס וועסטו שרײַבן?

— מירן אָנשרײַבן... איך זאָל אַזוי ניט וויסן פֿון קיין בייזער וועטשערע, ווי איך ווייס ניט, וואָס מירן אָנשרײַבן... — האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט דאָווידקע. — מיר וועלן עפּעס צוטראַכטן...

— וועסט צוטראַכטן!.. פֿאַרוואָס זשע האָסטו באַלד ניט צוגעטראַכט?.. איצט זײַנען מיר געוואָרן כאַכאָמים... מע וועט אײַנדערהיים מיינען, אַז מיר זײַנען דערטרונקען געוואָרן אין טײַך... ווייניק טרערן האָט דײַן מאַמע פֿאַרגאָסן? ביסטו נאָך אַנטלאָפֿן פֿון דער שטוב...

דאָווידקע האָט געשוויגן. יאָשקעס ווערטער האָבן אים געשמיסן, ווי בײַטשן. אַוואַדע איז יאָשקע גערעכט. ווי נאָר זיי וועלן אָנקומען אָפּן אָרט, וועט ער באַלד אָנשרײַבן דער מאַמען, און יאָשקע וועט אָנשרײַבן דעם טאַטן, אַז מע האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין ווינניצע אַ טאָפּ טאָן אין וואָגן — זיך דערפֿרעגן, עפּשער וועט מען זיי לאָזן לערנען זיך ווײַטער...

זיי האָבן געוואָרפֿן דעם לעצטן בליק אָפּ דעם שטעטל און זיך געלאָזט מיט דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געשלענגלט לענגויס דעם ברייטן שליאַך, אַהין, אין דער ריכטונג צו דער סטאַנציע.

ווי מע האָט ניט געאײַלט, נאָר צום צוג האָט מען פֿאַרשפּעטיקט, און געמוזט זיך נודיען אַ האַלבן טאָג ביז פֿאַרנאַכט, ביז צום פֿאַרנאַכטיקן צוג.

אויסגעמאַטערטע און הונגעריקע, האָט מען זיך דערקליבן צו דער סטאַנציע ווינניצע שפּעט באַנאַכט. די שטעלעכלעך און די קיאָסקן זײַנען שוין לאַנג געוווען פֿאַרשלאָסן און מע האָט אין

ערגעץ ניט געקאַנט אַרײַנגײן נעמען עפּעס אין מױל. בלױז אין אַ װײַטן װינקל איז נאָך געװען אָפּן די פּאָטשט. אונדזערע געהױבענע רײַזנדער זײַנען אַהין אַרײַנגעגאַנגען, אױפֿגעװעקט פֿון שלאָף די טעלעגראַפֿיסטקע, װאָס האָט זײ אָנגעקוקט, װי די מעשוגאָים, — אַרײַן צו איר אַזױ שפּעט ניט קעדײַ אָפּשיקן אַ טעלעגראַמע, נאָר קױפֿן אַ קאַרטל...

כאָטש זײ האָבן פֿון איר אַרײַנגעכאַפּט אַ גוטן פּסאַק, האָבן זײ דאָך געקױפֿט אַ קאַרטל און אָנגעשריבן אַהײם, מע זאָל זיך ניט באַומרויִקן, ביידע זײַנען זײ געזונט און שטאַרק, מע װעט זיך נאָר דערװיסן אין װיניצע, צי װעט מען קאָנען אָנקומען אין אַן אינסטיטוט זיך װײַטער לערנען, אָדער געפֿינען אַרבעט, װעט מען זיך גלײַך אומקערן אַהײם...

אװעקגעשיקט דאָס קאַרטל, איז זײ גלײַך אַראָפּ אַ שטײן פֿונעם האַרצן.

זײ האָבן זיך אװעקגעלאָזט צום בײַװאָקזאַל־סעדל, זיך אױסגעצױגן אױפֿן פֿרישן טױיִקן גראָז און מיטאַמאָל אַזױ אײַנגעשלאָפֿן, װי אין די אַמאָליקע צײַטן בײַ דער מאַמען אין װיגל.

אױפֿגעכאַפּט האָבן זײ זיך ניט אַלײן. דער גערטנער, װאָס איז אַרומגעגאַנגען מיט דער מעטלע און צוגעראַמט אין סעדל, האָט זײ אױפֿגעװעקט און געזאָגט, אַז אױב זײ װעלן אַזױ זיך פֿירן, װעלן זײ פֿאַרשלאָפֿן דאָס לעבן און אַלע צוגן װעלן אַװעקגײן אָן זײ...

דאָס פּאָרל האָט זיך אױסגעגעזעגנט, אױסגעריבן מיט די קולעקעס די פֿאַרשלאָפֿענע אױגן, אַװעק אין שטאָט. מיטן װעג זיך אַראָפּגעלאָזט צום ברעג פֿונעם בוג, זיך אַרומגעװאַשן, דערפֿילט זיך װי אָפּסנײַ געבױרענע, און דאָװידקע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז כאָטש עס איז נאָך פֿרי, איז צײַט זיך אַװעקלאָזן צו זלאַטקען.

איצט האָט ער שױן ניט געפֿילט אַזאַ מוירע, װי דאָס ערשטע מאָל. מיטן פֿאָטער אירן איז ער שױן געװען באַקאַנט און װעט שױן קאָנען אַרײַנגײן צו זלאַטקען גלײַך אין שטוב אַרײַן.

אױפֿן װעג האָבן זײ זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ גאַרקיך, איבערגעביסן, און זיך געלאָזט צו די אַלטע געסלעך.

יאַשקע דער רױטער האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ מאַמזעריש שמײכעלע אױף דאָװידקען און זיך אָנגערופֿן:

— אײַ, טײַערינקער, אױב איך האָב קײן טאָעס ניט, פֿירסטו מיך װידער צו דײַן מומע סאָניע...

— האָב ניט מוירע, איך װעל דיך אין װאַלד ניט פֿאַרפֿירן...

און װען יאַשקע האָט באַמערקט דאָס אױסגעקרימטע שטיבל, װו מע האָט יענץ מאָל אײַנגעהאַנדלט בײַ אַ קירזשנער אַ קאַרטוז, האָט ער זיך צעלאַכט:

— װאָס זשע, באַלטאַכלעס, מיר גײען װידער קױפֿן אַ היטל?

— כאַכמע זיך ניט, װעסט באַלד בײַ מיר אָפּלײזן! — האָט דאָװידקע זיך אַ בײזער געטאָן, — קום גיכער... און שװײַג!...

— זע נאָר, װאָס איז דאָס פֿאַר אַ טומל, אַ לױפֿעניש, אַ הו־האַ אין געסל?

פֿון עטלעכע שטיבער האָט מען געשלעפּט קאַרזינעס, װאַליזקעס, זעק און פּעק, בינטן מיט בעטגעװאַנט... דאָס גוטס האָט מען געלאָדן אױף פֿורן, װאָס זײַנען געשטאַנען דאָ און דאָרט. געשרײען און געװאַלדן האָבן זיך איבערגעפֿלאָנטערט מיט געװײן.

דאָס פּאָרל איז געבליבן שטײן װי געפּלעפֿט. װאָס קומט דאָ פֿאָר? טיפֿער אין געסל האָט זיך דאָס געפֿילדער געהערט שטאַרקער. קינדער, װײַבער, מאַנצבלען האָבן געהאַװעט אַרום די פֿורן, געטאַסקעט די פּעק, די טשעמאָדאַנעס, דער אַרום האָט אױסגעזען, װי, כאַלילע, נאָך אַ שטיקל פּאָגראָם.

דאָװידקע האָט דערפֿילט, װי דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהױבן קלאַפּן שטאַרקער. ער האָט געגנומען שפּאַנען גיכער, און אָט איז ער שױן לעבן זלאַטקעס צעעפֿנטער טיר. אָט האָט ער זי דערזען אַ פֿאַרפּאַליעטע, אַ צעשױבערטע. זי האָט געטראָגן צו אַ האַלב־אָנגעלאָדענער פֿור אַ פּאָר גרױסע קלומעקעס. ער האָט איר איבערגעקרײצט דעם װעג און מיט אַ דערשראָקענער שטים אױסגערופֿן:

— זלאַטקע, װוהין קלײַבסטו זיך? װאָס איז געשען?

זי האָט דערזען דעם באָכער, און די פּעקלעך זײַנען פֿון אומדערװאַרטקײַט אַראָפּגעפֿאַלן אױף דער ערד. איר פֿאַרברױנט כײנעװדיק פּנים האָט זיך פֿאַרױטלט, אין די גרױסע קאַרע אױגן איז געשטאַנען אַזױפֿיל פֿאַרלױרנקײַט, אַז, באַגעגענענדיק זיך מיט זײ, האָט דאָװידקע דערפֿילט, װי דאָס האַרץ איז אים פֿאַרקלעמט געװאָרן. ער האָט װידער קױם אַרױסגעבראַכט:

— זלאַטקע, װוהין קלײַבסטו זיך? װאָס קומט דאָ פֿאָר?

אַ װײטיקדיק שמײכעלע האָט דורכגעשװעבט, װי אַ כמאַרעלע, איבער איר געזיכט. און אָנשטאָט ענטפֿערן, האָט זי געפֿרעגט:

— דאָווידקע, מיט וואָס פאַר אַ ווינט?..

— אַזאַ צייַט פון דיר קיין בריוול ניט געהאַט, האָב איך...

— אַ בריוול?.. — האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. זי האָט זיך פון אים אָפּגעקערט. אין דער רגע האָט ער באַמערקט, ווי דער קינדערשער כיין איז פון איר אַנטרונען און זי איז געוועזן ענלעך אַף אַ מענטשן, וואָס האָט אַ סאַך איבערגעלעבט, — מיר פאָרן אַוועק... און אַלע שכיינים, זעסטו, פאָרן...

— וווהין? נאָך וואָס?..

— וווהין, פרעגסטו? זייער וויַט... עס גייט אַן עשעלאָן קיין ביראָבידזשאַן... עפּשער האָסטו געהערט...

— וואָס? קיין ביראָבידזשאַן? דאָס איז דאָך ערגעץ אין אויסרייַסעניש...

זי האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען:

— וואָס קאָן איך מאַכן? דער טאַטע האָט אַזוי באַשטימט... די גאַנצע גאַס פאָרט אַהין. אַ גאַנצער עשעלאָן...

ווי האָט זיך אָנגעבויגן, קעדיי אופהייבן די קלומעקעס, וואָס זייַנען אַקאָרשט אַרויסגעפאַלן פון אירע הענט, נאָר דאָווידקע האָט זיך אַ לאָז געטאָן און זיי אופגעהויבן:

— וווהין טראָגן?..

זלאַטקע האָט אַ ווונק געטאָן אַף דער פור, וואָס איז געשטאַנען דאָ ניט וויַט און אַרום וועלכער עס האָבן געהאַוועט ווייַבער און מאַנצבלען.

אַוועקגעלייגט די קלומעקעס אַפן וואָגן, האָט דאָווידקע זיך אויסגעגלייַכט מיט זלאַטקען. אַ קנויל איז אים געשטאַנען אין האַלדז, מיט אַ פאַרכמורעט פּאָנעם האָט ער קוים אַרויסגעבראַכט:

— אַזוי וויַט... און דו האָסט מיר אַפילע ניט אָנגעשריבן...

— פאַר מיר אַליין איז דאָס געוועזן אומדערוואַרט... — האָט זי זיך אָנגערופן נאָך אַ פויזע, — דער טאַטע האָט זיך פאַרשריבן אַף איבערוואַנדערן נאָך סאָף אָסיען... און נעכטן איז מען געקומען צו לויפן, אָנזאָגן, אַז הייַנט גייט אַוועק אונדזער עשעלאָן...

זי האָט ניט באַוויזן ענדיקן, ווי עס איז אַרויסגעגאַן פון דער שטוב מיט אַ גרויסער קאָרזינע דער פאָטער, לייבעש פרעסמאַן. דערזען דאָס יינגל, האָט ער באַקומען אַ פאַרוווּנדערט פּאָנעם.

— זע נאָר, ווען מע דערמאָנט מאָשיעכן!.. דאָווידקע, ווי קומסטו אַהער? דו פאָרסט אויך מיטן עשעלאָן?..

יאָשקע איז געשטאַנען באַ דער זייַט און ניט געוווּסט, וואָס ער דאַרף טאָן. דערזען דעם קירזשנער, האָט ער זיך דערמאָנט אין זייער ערשטער באַגעגעניש, ווען מע האָט באַ אים געקויפט אַ קאַרטוז, וועלכן מע האָט געדאַרפט האָבן, ווי אויגנווייטיק, און זיך צעלאַכט.

— וואָס לאַכט ער וואָס? — האָט לייבעש אים אָפּגעמאָסטן איבער די ברילן, — בעסער וואָלט ער געהאָלפן אַרויכטראָגן די זאַכן...

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, פעטער! — האָט יאָשקע געענטפערט און זיך געלאָזט אין יענעם ווינקל, ווו עס זייַנען געוועזן אָנגעוואָרפן עטלעכע קלומעקעס, אויסגעזוכט דעם סאַמע גרעסטן, אים אַ כאַפּ געטאָן אַפן אַקסל און איז אַוועק נאָך לייבעשן צו דער פור.

לייבעש האָט מיט צופרידנקייַט געקוקט, ווי ביידע כעוורע טראָגן די זאַכן, און געזאָגט:

— אַט דאָ זע איך אַרבעט! ווען עס פאָרן קיין ביראָבידזשאַן אַזעלכע יאַטן מיט ביינער, וואָלט מען דאַרטן גיך אויסגעבויט אַ היים...

פון פאַרשיידענע זייַטן האָבן זיך געטראָגן אויסגעשרייען, אַ פּייַפערייַ פון בייַטשן, אַ טומל און געוויין פון ווייַבער.

— היי, פּערעסעליענצעס, וואָס קלייַבט איר זיך דאָרטן, ווי אַ נאָגיד אַף אַ קרענק? רירט זיך גיכער, דער עשעלאָן וועט אַוועקגיין און איר וועט בלייַבן מיטן בייַטשל! — האָט געשריגן אַן אייַזערנער באַלעגאָלע מיט אַ ברייטער שוואַרצער באָרד, ענלעך אַף אַ ציגייַנער אָדער גאָר אַף אַ גאַזלען.

— ווייַבער, ווישט אויס די אויגן! — האָט אַ היקעוואַטע יונגערמאַן אונטערגעטריבן אַ פערדל, וואָס האָט קוים געפלאָנטערט מיט די פיס. — האָדיע, ווייַבער! איך זע, אַז איר קאָנט זיך ניט צעשיידן מיט אייַערע גרויסאַרטיקע פּאַלאַצן! רירט זיך גיכער, הייַדאַ! — און אונטערגעהאַלטן דעם עק פון זייַן דראָזשקע מיט אַן אַקסל.

עטלעכע פורן, אָנגעלאָדענע מיט קוישן, קלומעקעס, בעטגעוואַנט, וויגעלעך, מולטערס, טשייַניקעס זייַנען שוין געגאַן אַרוף-באַרג, וואָס פירט צום וואָקזאַל. העט אַף די זאַכן זייַנען געזעסן קינדער, אַלטיטשקע מומעס, נאָך די פורן זייַנען געגאַנגען מאַנצבלען, יונגע פרויען, באָכערים און מיידלעך.

3*

איינציקע זיינען געגאַנגען נאָך די פורן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווײַבער האָבן אויסגעווישט די פּאַרוויינטע אויגן, זיך אַלעמאָל אומגעקוקט אױף די אָקאַרשט פאַרלאָזטע שטיבלעך און נאָכלעס. די גאַס איז אײַנגעשטילט געוואָרן. עס האָבן מיאַוקעט קעץ, וועלכע זײַנען געבליבן זיצן אױף די שוועלן, נאָכגעקוקט זייערע באַלעבאָסטעס און ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. נאָך די פורן האָבן זיך געלאָזט לויפן הינטלעך. עמעצער האָט זיי געטריבן פון די וועגענער, א וואָרף געטאָן אױף זיי, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אונטער די הענט. די קלאָווים זײַנען, קאַוויטשענדיק, אַרײַנגעלאָפן אין די פאַרלאָזטע הייפלעך, נאָר אין עטלעכע מינוט אַרום זיך ווידער באַוויזן, גנייוויש, מיט מוירע זיך אַרומגעקוקט און ווידער זיך געלאָזט לויפן נאָך די פורן, נאָך זייערע באַלעבאַטים.

אַפן טראָטואַר איז געגאַנגען מיט ברייטע טריט א הויכוווקסיקער יונגערמאַן מיט קורצע וואָנצעלעך. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א כאַקי-העמדל, אונטערגעגאַרטלט מיט א ברייטן מיליטערישן רימען. דאָס היטל האָט זיך אױף אים די גאַנצע צײַט געדרייט. די עטוואָס אויסגעסטאַרטשעטע אויגן זײַנען אומרויִק אומגעלאָפן. ער האָט געהאַלטן אין די הענט א גראָבן פּאַרטפעל, א העפט מיט א בלײַער, זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט, עפּעס פאַרשריבן, געקוקט, ווי די פורן גייען, און אַלעמאָל אונטערגעיאָגט:

— זײַט אַזוי גוט, א ביסעלע שנעלער... די זשעלעזנע דאָראָגע וועט אױף אײַך ניט וואַרטן.... אײַך וועט אויסקומען גיין צופוס קיין ביראָבידזשאַן...

— כאַוואַר גוטמאַן! — האָט זיך דערהערט א בייזלעכע פּרויען-שטים, — וואָס טרײַבערט איר אַזוי די נעשאָמע? — איר זענט דאָס אײבערשטע פונעם שטייסל אין „אָזעט", טאָ גייט און זאָגט, מע זאָל א ביסעלע צוּוואַרטן... מיר זײַנען אַזוי אויך אַרויס ווי פון א פּאָזשאַר... ניט באַוויזן מיט-נעמען פון דער שטוב א סאַך זאַכן. אין ביראָבידזשאַן האָט מען אונדז נאָך דערווײַל גאָרנישט ניט צוגעגרייט...

— נו, געגנוג דיסקוטירן! — האָט ער זיך צעבייזערט, — די זשעלעזנע דאָראָגע האָט א גראַ-פיק מיט א ראַספּיסאַניע. דער צוג וועט געבן א פּיפּ, און א גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע, גיי זוך דעם ווינט אין פעלד...

— שאַ, שרײַט ניט אַזוי, כאַוואַר גוטמאַן! — האָט עמעצער פון די ווײַבער צוגעגעבן, — מיר האָבן געמיינט, אַז איר זײַט טאַקע א גוטמאַן, לאָזט זיך אויס, אַז איר זײַט א שלעכטמאַן!

בא דער זײַט פון א פּאָלגעלאָדענער פור איז געגאַן זלאַטקע, אונטערגעבונדן דעם קאָפּ מיט א געקוּוייטלטער פאַטשיילע, און דאָס האָט איר צוגעגעבן א סאַך ערנסטקײַט און פאַרזאָרגטקײַט. באַנאַנד מיט איר איז פון איין זײַט געגאַנגען יאַשקע דער רויטער, און פון דער צווייטער — דאָווידקע מאַזור. ער האָט איצט אַזויפיל געדאַרפט זאָגן דעם מיידל! אַלץ האָט איצט בא אים אויסגעזען, ווי א בייזער כאַלעם. ער האָט פון מאָל צו מאָל געוואָרפן אַן אויג אױף איר פאָטער, וואָס האָט געשפּאַנט בא דער זײַט און איבער וועמען דאָוויד האָט זלאַטקען גאָרנישט ניט געקאָנט זאָגן. ער האָט נאָר געפילט, ווי דאָס האַרץ רײַסט זיך אים שיר ניט אָפּ פאַר ווייטיק. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי צעשיידן זיך איצט אױף אייביק.

די קאָלאָנע וועגענער האָט זיך צעצויגן איבער דער לאַנגער גאַס, פאַרבײַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכטנדיק דעם אומגעוויינלעכן טאַבאָר. מע האָט ניט פאַרשטאַנען, ווער זײַנען די מענטשן, וועלכע זיצן אױף די פורן, און יענע, וועלכע גייען נאָך זיי צופוס. אַפן פּלאַץ לעבן וואָקזאַל האָבן די פורן פאַרקערעוועט אין א זײַט, צוגעפאָרן צו א זײַטיקער ליניע, וווּ עס איז געשטאַנען א לאַנגער עשעלאָן פון פראַכט-וואַגאָנען און אַלטע, אָפּגעבליאַקעוועטע פּאַסאַזשיר-וואַגאָנען, די פענצטער פאַרקלאַפּטע מיט פאַניער. דאָרטן האָבן שוין געהאַוועט מענטשן, געשלעפּט אין די וואַגאָנען קלומ-קעס, זעק, געראַשט און געטומלט.

דאָווידקע און יאַשקע דער רויטער האָבן זיך גלײַך גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן אַראָפּגע-כאַפּט פון דער פור דער זלאַטקעס ביידע שוועסטערלעך און אָנגעהויבן טראָגן אין וואַגאָן די זאַכן.

גוטמאַן, דער פאָרשטייער פון „אָזעט", איז א פּאָר מינוט געשטאַנען מיטן דיקן פּאָרטפעל און באַטראַכט, ווי די צוויי יינגלעך האָרעווען. ער האָט זיי אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און א קלאַפּ געטאָן זיי איבער די פּלייצעס:

— איך זע גלײַך, אַז מיט אַזעלכע יונגען קאָן מען אין ביראָבידזשאַן בערג איבערקערן... זלאַטקע האָט א קוק געטאָן אױף די פאַרשוויצטע כעוורע און זיך צעלאַכט:

— ער מיינט, אַז איר פאָרט אויך מיט אונדז...

— זלאַטקע, עס וואָלט דען געווען שלעכט? — האָט זיך אָנגערופן דאָווידקע, — איך וואָלט מיט גרויס פאַרגעניגן געפאָרן... און דו, יאַשקע?

דער רויטער האָט א הייב געטאָן די אַקסלען:

— ביסט מעשוגע, צי כאָסערדייע? וואָס הייסט דו וועסט פאָרן? און וואָס וועט זאָגן די מאַמע?

— די מאַמע? וואָס זשע, יאַשקע, דו ביסט א קליין יינגעלע, וואָס דאַרף זיך האַלטן בא דער מאַמעס קליידל?.. אַט וועסטו זען, איך וועל אויך פאָרן...

— ווּהין וועסטו פֿאָרן? ווער רופֿט דיך דען? און דער נאַטשאַלניק וואָס וועט זאָגן? — האָט יאַשקע אַ ווונק געטאָן אויף דעם פֿאַרשוין פֿונעם „אַזעט“, וואָס איז שוין געשטאַנען באַ אַ צווייטן וואַגאָן און אונטערגעײַלט דעם אוילעם.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן? — האָט זיך אַרײַנגעמישט זלאַטקע. — ווי זשע קאָנסטו אַוועקוואַרפֿן די היים, די מאַמע און פֿאָרן אַזוי ווײַט?..

— וואָס קער זיך דאָ אָן די מאַמע? — האָט זיך פֿאַרוויטלט דאָוויד. — וואָס זשע, אַלצדינג דאַרף מען זיך אָנפֿרעגן באַ דער מאַמען? אָט וועט איר זען, אַז איך וועל אויך פֿאָרן... מיר קענען זיך וועטן אויף וויפֿל איר ווילט...

יאַשקע האָט אים אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אין דאָווידקען האָט זיך, זעט אויס, צעשפּילט דער אַקשן און ער קאָן אָפּטאָן אַ שפּיצל. ער איז צוגעגאַן צו אים און, קוקנדיק אים אין די אויגן, געפֿרעגט:

— דאָווידקע, איך בעט דיך, מאַך זיך ניט נאַריש... וואָס זשע, דו מיינסט עס ערנסט? וועסט פֿאָרן מיט זיי?..

— וואָדען, איך שפּאַס? איך וועל אַ פּרוּוו טאָן. און דו — ווי דו ווילסט... דאָס איז דײַן זאַך...

— וואָס זשע, אַזוי הענדום־פּענדום לאָזט מען זיך אין אַזאַ וועג? עס איז דאָך ניט פֿון באַפּאַליע ביז וויניצע...

— קאָנסט פֿאָרן אַהיים, יאַשקע. כ׳וועל דיר זאָגן דעם עמעס. זלאַטקען וועט דאַרטן אין דער טײַגע זײַן זייער שווער... וועל איך איר העלפֿן. דאָס האַרץ מײַנס פֿילט, אַז איך דאַרף זײַן לעבן איר... טראַכט ניט איבער קיין שלעכטס... זאָלסט עס קיינעם ניט דערציילן, אויב דו ביסט מיר אַ פֿרײַנט...

— אַוואַדע בין איך דיר אַ פֿרײַנט! — האָט זיך יאַשקע דערשראָקן, — נאָר מע דאַרף די זאַך גוט באַטראַכטן...

— ווען וועסטו באַטראַכטן? דער צוג וועט שוין באַלד אַוועקגיין... — האָט הייס אַ זאָג געטאָן דאָווידקע, — איך וועל זיך יאַקאָס צושאַרן צו דעם עשעלאָן. און דו — ווי דו פֿאַרשטייסט?..

— נו, און וואָס וועט מען זאָגן אינדערהיים? דײַן מאַמע וועט קערן וועלטן...

— נישקאָשע, זי וועט זיך מיט דער צײַט באַרויִקן... איך האָב אָנגעשריבן אין קאַרטל, אַז מיר געפֿינען זיך אין וויניצע און טראַכטן, וויאַזוי אָנקומען לערנען אין אינסטיטוט... זי וועט זײַן צופֿרידן... ווען מיר וועלן זיך צושלאָגן צו אַ ברעג, וועל איך ווידער אָנשרײַבן...

— איז וואָס זשע קלערסטו, דאָווידקע, אַוועקפֿאָרן אין אויסרײַסעניש אויף שטענדיק? — האָט יאַשקע אַזש געהיקעט.

— ווער ווייסט? דאָס וועט מען זען, אַז מע וועט קומען אויף אַן אָרט...

יאַשקע האָט זיך פֿאַרטראַכט, געקוקט אויף דעם אַקשן מיט פֿאַרליבטע און דערשראָקענע אויגן. ער וואָלט זיך אַוועקגעלאָזט אַהיים, נאָר ער איז צו שטאַרק צוגעבונדן צו זײַן פֿרײַנט. דערצו נאָך האָט ער אים אַמאָל געזאָגט, אַז מיט אים, מיט דאָווידקען, איז ער גרייט גיין אין פֿײַער און אין וואַסער...

ער איז געשטאַנען אַ פּאָר מינוט אַ שווײַגנדיקער, נאָכגעקוקט די מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעשלעפּט פֿון די פֿורן און קאָלימאַגעס די זעק און פּעק, און ניט זיכער, מיט אַ טיפֿן זיפֿץ זיך אָנגערופֿן:

— נו, דאָווידקע, וואָס קאָן איך מיט דיר מאַכן? דו ביסט דאָך פֿון אַלע צײַטן אַ גרויסער אַקשן, דו, אַז דו נעמסט זיך אַרײַן אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ, וועט מען זי מיט צען דרוקעס ניט אַרויסשלאָגן. איז זאָל זײַן, ווי דו זאָגסט... ווּהין דו, אַהין — איך. און זאָל גאָט העלפֿן, עס זאָל זײַן גוט...

אין דאָווידס אויגן האָבן זיך צעשײַנט טרערן. ער האָט אַרומגעכאַפּט דעם באָכער, צוגעדריקט צו זיך און אַ קוש געטאָן.

— אָט דאָס זע איך אַן עמעסן פֿרײַנט! געזונט זאָלסטו מיר זײַן, יאַשקע.

זלאַטקע האָט דערזען, ווי די באָכערים קושן זיך, האָט זי אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און אַ דערשראָקענע זיך אָנגערופֿן:

— וואָס טוט איר? איר געזעגנט זיך? וואָס איז געשען?..

דאָס פּאָרל איז אָפּגעשפּרונגען איינס פֿונעם אַנדערן, זיך פֿאַרלוירן און ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפֿערן.

געקומען עטוואָס צו־זיך, איז דאָווידקע צוגעגאַנגען צום מיידל און איר אײַנגערוימט אין אויער:

— דו ווייסט, זלאַטקעלע, מיר פֿאָרן אויך...

— ווּהין פֿאָרט איר? וואָס רעדסטו? — האָט זי מיט דער האַנט זיך צוגערירט צו זײַן שטערן. — דו הערסט כאָטש, וואָס דו רעדסט? וועסט אין ערגעץ ניט פֿאָרן! די מאַמע וואַרט אויף דיר... זײַ געזונט... דערלאַנג די האַנט, לאָמיר זיך געזעגענען...

— ניין, זלאַטקע, מירן וועלן זיך ניט געזעגענען... טרייַב מיך ניט. אָן דיר וועל איך ניט קענען... איך מוז זייַן נאָענט לעבן דיר, דיר וועט דאָרטן זייַן שווער... עפשער וועסטו זיך נייטיקן אין מייַן הילף... און ער, מייַן פרייַנט יאַשקע, וועט אויך מיטפאָרן... ער איז א טייַערער באָכער, ער האָט א גאָלדן האַרץ...

דאַווידקע האָט איר נאָך עפעס געוואָלט זאָגן, נאָר מיטאמאָל האָט זיך דאָ ניט ווייַט, אפן פלאַץ צווישן די רעלסן, צעשאַלט א בלאָז־אָרקעסטער.

דער אוילעם איבערוואַנדערער האָט ארויסגערוקט די קעפ פון די וואַגאָנען, אראָפגעשפרונגען אפן פעראָן, געלאָפן אהין, ווו עס האָט געשפּילט דער אָרקעסטער.

ניט ווייַט פונעם קאַפעלמייסטער איז געשטאַנען יענער זעלבער פאַרשוין אין דער מיליטערישער גימנאַסטיאָרקע, אונטערגעבונדן מיטן ברייטן לעדערנעם רימען. אין די הענט האָט ער געהאַלטן זייַן צעקנייטשטן קאַרטוז. דער ווינט האָט צעשויבערט זייַנע לאַנגע האָר. ער האָט א פאָר ווייַלעס געקוקט, ווי דער אוילעם פון די וואַגאָנען זאַמלט זיך צונויף ארום אים און דעם אָרקעסטער.

אָט האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די מוזיקאַנטן, זיי זאָלן אופהערן שפּילן, אליין זיך אופגעהויבן אף א טאַבורעטקע, וואָס עמעצער האָט אהער ארויסגעטראָגן פונעם וואַגאָן, און, באַטראַכטנדיק א לאַנגע רעגע די אייַנגעשטילטע מענטשן, די קלעזמער, זיך אָנגערופן מיט זייַן עטוואָס הייזעריקלעכער שטים:

— כאַווײרים און בירגער! אזוי פירט זיך פון אלע צייַטן, אז מע גרייט זיך אין ווייַטן וועג, דאַרף מען זאָגן עטלעכע ווערטער. יאָ, מיר לאָזן זיך מיט אייַך אין א ווייַטן וועג, עטלעכע טויזנט ווערסט, אויב ניט מער... מיר געזעגענען זיך מיט אונדזער אלטער היים פּאָדאָליע, מיט אונדזערע קליינינקע שטעטלעך, מיט די קרומע נאַכלעס און שטיבלעך, ווו עס האָבן געלעבט אונדזערע עלטערזיידעס, אונדזערע זיידעס, טאַטעס און מאַמעס.

דער פאַרשאָלטענער צאַרישער סטראָי האָט אונדז פאַרטריבן אין דער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי", אָנגעשיקט אף אונדז צאָרעס און ווייטיקן, הונגער, זלידניעס, און מיר האָבן זיך א סאַך יאָרן געמוטשעט, ווי אפן טויט, ווער בא שוסטערייַ, ווער בא שנייַדערייַ, ווער עס האָט געהאַט גראָשן־קרעמלעך, געלעבט אין אָרעמקייַט און אין שרעק, אין מוירע פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. די ראַטנמאַכט האָט אונדז באַפרייַט און געמאַכט פאַר גלייַכבאַרעכטיקטע מענטשן, צעבונדן בא אונדז די הענט. ניטאָ קיין אמאָליקע „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ", קיין גאָראָדאָוואָי... אונדזערע כעוורע ארבעטן אף די בויונגען, לערנען אין די וווזן, דינען אין ארמיי, זייַנען מענטשן באַגלייַך מיט אלע.

מיר בויען א נייַ לעבן. נאָר ווו קאָנען מיר בויען, אז מיר האָבן זיך צונויפגעשטויסן אין די קליינע שטעטלעך, מאַטערן זיך נאָך אפן שטיקל ברויט, לעבן אין דער ענגשאַפט?..

איז אָט וואָס, כאַווײרים און בירגער!

די ראַטנמאַכט האָט אויסגעטיילט פאַר אונדז א ווונדערלעך ווינקל אפן ווייַטן מיזרעך און געשאַפן א יידישע אווטאָנאָמע געגנט ביראָבידזשאַן. א גאָט געבענטשט אָרט. רייַכע וועלדער און פעלדער. טייַכן, אָזערעס, וואָס זייַנען פול מיט פיש, — קום און נעם! אין די טיפענישן פון דער ערד איז פאַראַן אָן א שיר אייַזן, קופער, זילבער, גאָלד, קוילן, מאַרמאָר און וואָס א מויל רעדט אויס.

ביראָבידזשאַן וואַרט אף אונדז, אף אונדזער אוווידע. קיינער זאָגט אייַך ניט צו פון די ערשטע טעג גאָלדענע בערג. עס וועט זייַן ניט גרינג, ביז מירן זיך אופהייבן א דאַך איבערן קאָפּ. נאָר עס וועט אוועק ניט קיין סאַך צייַט, ווי צווישן דער טייַגע וועלן אויסוואַקסן שטעט און דערפער, זאַוואָדן און פאַבריקן, סעדער און גערטנער, שולן און אינסטיטוטן.

די מעלוכע אונדזערע העלפט פון דער ברייטער האַנט, זשאַלעוועט גאָרניט, ביראָבידזשאַן זאָל ווערן א גאָלדענער קאַנט און מענטשן זאָלן דאָרט לעבן, ארבעטן, בויען און שאַפן.

כאַווײרים און בירגער!

אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט „אָזעט" וויל איך אייַך באַגריסן און ווינטשן א גליקלעכע רייַזע, מאַזל, געזונט און גליק אין אייַער נייַער היים! און נאָך וויל איך אייַך זאָגן: איר האָט, פאַרלאָזנדיק אייַערע שטעטלעך, אייַערע וואַרשטאַטלעך, אייַערע איבערגעקרימטע שטיבלעך, גאָרנישט ניט פאַרלוירן. איר פאָרט צו א נייַעם ברעג און איך גלייב, אז קיינער פון אייַך וועט ניט כאַראָטע האָבן!

ווייַבער, ווישט אויס די טרערן! מע דאַרף ניט וויינען. דער ווייַטער קאַנט, ווו היין איר פאָרט, ביראָבידזשאַן, וואַרט אף אייַך! מיר וועלן פאַרוואַנדלען אונדזער יידישע געגנט אין א בליענדיקער היים! איז העכער די קעפּ! קלעזמער, דערלאַנגט ווי איר קאָנט! איבערוואַנדערער! מיר בעטן פאַרנעמען די וואַגאָנען. דער עשעלאָן וועט באַלד אָפּגיין! הוראַ!

דאָ און דאָרט האָבן זיך דערהערט שיטערע הוראַ־אויסגעשרייען. שטאַרקער פון אלע האָבן געשריגן די קינדער. נאָר דער אָרקעסטער האָט זיך ארייַנגעמישט און פאַרטויבט זייערע געשרייען.

דער רעדנער האָט אָנגעטאָן דעם קאַרטוז אויפֿן קאָפּ, פֿאַריכט די גימנאַסטיאָרקע, געגומען זײַן גראָבן פּאַרטפֿעל און זיך אוועקגעלאָזט א פֿאַרפֿאַליעטער און דערהויבענער צו זײַן וואָגאָן.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט דערנאָך א ברום געטאָן, אַרויסגעלאָזט פֿון זײַן שוואַרצן קוימען עטלעכע געדיכטע כמאַרעס רויך, און דער עשעלאָן האָט גערירט פֿון אָרט.

אָן א שיר מענטשן, באַגלייטער, זײַנען געבליבן אויפֿן פּעראָן, פֿאַכענדיק מיט די פּאַטשיילעס, מיט די קאַפּעליושן און קעפּקעס.

דער כאַוועד גוטמאַן פֿונעם „אָזעט"־ האָט צום לעצטן מאָל אַרויסגעקוקט דורכן וואָגאָן־פֿענצטער, א מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די איבערגעבליבענע אויפֿן פּעראָן מענטשן, וואָס האָבן אַרויסבאַגלייט דעם עשעלאָן, זיך געלאָזט צו זײַן פּאָליצע אין צווייטן עק וואָגאָן. דערזען די צוויי כעוורע, וועלכע האָבן פֿריִער אַזוי זשוואַווע און פֿלינק געהאָלפֿן אַרײַנטראָגן פֿון די וועגענער די זאַכן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פֿאַרוווּנדערט זיי אָנגעקוקט:

— און וואָס זײַנען דאָס פֿאַר א פּאַסאַזשירן? ווער זײַט איר? ווי איז אײַער פֿאַמיליע? וווּהין פֿאָרט איר?

יאַשקע דער רויטער איז געוואָרן נאָך רויטער. ער האָט דאָס מויל ניט געקאָנט צעעפֿענען. ער האָט מוירע געהאַט, אַז דער נאַטשאַלניק וועט אָפּשטעלן דעם צוג און זיי גלײַך אַרויסטרײַבן.

נאָך דאַוויד מאַזור האָט זיך גענומען אין די הענט און א זאָג געטאָן:

— דאָ פֿאָרן אונדזערע קרויווים... און איך מיט מײַן כאַווער יאַשקע סאָלגאַניק פֿון באַפּאַליע האָבן אײַך באַשטימט פֿאָרן צוזאַמען מיט אַלעמען.

יענער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אײַ־אײַ־אײַ... אַזוי טאָר מען ניט... איר זײַט בא מיר ניט פֿאַרעגיסטרירט... איך האָב דאָך אויף אײַך קיין פּראָדוקטן ניט אויסגעשריבן...

— נישקאָשע, כאַוועד פֿאַרשטייער... — האָט איבערגעשלאָגן דאַווידקע, — מיר וועלן יאַקאָס דערפֿאָרן. צווישן אײַגענע וועלן מיר ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן...

דער כאַוועד גוטמאַן האָט ווידער אָפּגעמאָסטן דאָס פֿאַרליבטע פּאָרל, וואָס האָט געוואָרט אויף זײַן אורטייל, און געזאָגט:



— אויב איר פֿאָרט מיט קרויווים, טאָ זאָל זײַן... איך זע, אז איר זײַט כּעוורע מיט ביינער... אין בּיראָבּידזשאַן דאַרף מען אזעלכע... איז האָט ניט קיין פאַריבּל און קריכט ארוף אַף דער דריטער פּאָליצע, פאַרנעמט דאָרט אײַערע ערטער.

און אין דער רעגע איז ניט געווען פאַרשטענדלעך, ווער עס האָט זיך דערפֿילט גליקלעכער, די כּעוורע, צי זלאַטקע, וואָס איז געשטאַנען עטוואָס אין א זײַט און געהערט די ווערטער פונעם נאַטשאַלניק. זי האָט אָקאָרשט איבערגעלעבט שטאַרקער פון יאַשקען און דאַווידן, מוירע געהאַט, טאָמער וועט דער כּאַוער גוטמאַן זיי הייסן אראָפּשפּרינגען פונעם צוג.

דער צוג איז געפלויגן אַלץ שנעלער אַף מיזרעך. דאָ און דאָרט האָבן די איבערוואַנדערער זיך אײַנגעאָרדנט. דרײַ הערצער האָבן זיך געפילט אפֿן זיבעטן הימל, וואָס מע פֿאָרט צוזאַמען.

קאַפּיטל צוואַנציק

## אַף וואָס איז פּעיִק א פֿאַרליבּטער

אין באַפּאָליע איז געוואָרן פריילעך. ניט אזוי אין באַפּאָליע, ווי בא שויעל דעם זיפּנמאַכער אין שטוב.

די מאַמע האָט אײַנגעריסן ווערלטן. דער טאַטע איז ארומגעגאַנגען אָן א קאָפּ. מע האָט ניט געוווּסט, וואָס טאָן, וווּהין זיך א קערעווע געבן.

שטעלט זיך פֿאָר, דאָווידקע האָט אין קאַרטל געשריבן, אז ער איז אוועקגעפֿאָרן אַף א פּאָר טעג קיין וויניצע א טאָפּ טאָן אין וואָגן, דאָס הייסט, א קוק טאָן, צי וועט ער קענען אָנקומען ערגעץ לערנען, אָדער זיך אײַנאָרדענען אַף א זאַוואָד, אַף א פאַבריק, גלײַך ווי אין שטעטל וועט פאַר אים קיין ארבעט ניט קלעקן.

אוועקגעפֿאָרן, און ווי אין וואַסער אַרײַן!

שוין העכער א כוידעש, און מע הערט ניט און מע זעט ניט.

און ניט ער איינער, נאָר ער האָט נאָך געשלעפּט מיט זיך דעם שאָכנס בענאָק, זאַלמען דעם באָנדערס טאַכשיט, יאַשקע דעם רויטן. געזעסן איז זיך דאָס ייִנגל לעבן טאַטן און אויסגעאַרבעט, פאַריכט צובּיסלעך דייזשעס, זיך געלערנט א מעלאָכע, א שטילער, א באַשיידענער — גאָט די נעשאָמע שולדיק, קיין פליג אַף דער וואַנט ניט אָנגערירט, שלעפּט אים אוועק מיט זיך דאָווידקע און ביידע ווערן פאַרפאַלן, כאָטש שרײַ גוואַלד!

גענוג, וואָס מע האָט צאָרעס מיט דאָווידקען, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן, דאַרף מען נאָך לײַדן צאָרעס פון זאַלמען דעם באָנדער! ער גייט ארום, ווי א צעמישטער, קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען — ניטאָ יאָשקע!

זאַלמען איז פאַר דער צײַט גראָוו און אַלט געוואָרן. מע קאָן אים ניט דערקענען, געוואָרן האַלב מענטש, די הויזן פאַלן שוין בא אים אראָפּ. אַלעמאָל קומט ער ארײַן צו שויעלן אין שטוב, זעצט זיך אוועק באַם פענצטער, זיפצט אַף א קאָל, ברעכט זיך די הענט, און האָט צו שויעלן גאַנצע טײַנעס:

— דאָס איז דײַן טאַכשיט, שויעל, שולדיק אין דער גאַנצער געשיכטע. דאָווידקע איז פון אַלע צײַטן א ברען, טראַכט אויס ווילדע זאַכן, פאַרקלײַבט זיך אין טיפן וואַלד, שטעלט זיך אוועק א קורען, זיצט דאָרטן עטלעכע טעג. לייענט ביכלעך, כאַפּט פיש אין דער אָזערע, קאַכט זיך עסן אַף די שײַטערס, און דו ברעכסט אים ניט אָן די ביינער, ער וואַקסט ווי א ווילדע כײַע און שלעפּט נאָך מיט זיך מײַן בענאָק...

ער רעדט זיך אויס דאָס האַרץ, זאַלמען, דערנאָך הייבט ער זיך אוף און גייט אוועק צו דער ארבעט, נאָר אַלץ פאַלט בא אים פון די הענט, און ער וואַרפט ווידער אוועק די ארבעט, גייט ארום איבער דער גאַס, ווי א כמאַרע, און פאַלט אָפסנײַ אַרײַן צו שויעלן אין שטוב:

— נו, גאָרנישט ניט געהערט, שויעל?

— גאָרניט... ווען איך דערוויס זיך עפּעס, וואָלט איך צו דיר דער ערשטער געלאָפן אָנזאָגן א גוטע בסורע... — ענטפערט מיט א געפאַלענער שטים דער זיפּנמאַכער און נעמט פון יענעם אראָפּ דעם בליק: אים איז שווער קוקן אַף דעם אומגליקלעכן שאָכן.

— וואָס זשע טוט מען? מע קאָן דאָך אַזוי זיך רירן פון זינען... — הייבט ווידער אָן דער באַנדער.
— וואָס קאָן מען טאָן?
— עפּשער מעלדן אין מיליציע?..
— אוואדע, אַז מיר קענען ניט געפינען די כוורע, וועט זיי געפינען די מיליציע?..
— נאָר זיצן און אַרויסקוקן אַפן נעכטיקן טאָג, איז אויך ניט קיין טאַכלעס...
— איך בין שוין צוויי מאָל געווען אין וויניצע, אַרומגעגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָט, זיך נאָכגעפרעגט. און וואָס? — האָט שויעל צעפּירט מיט די הענט. — קיינער האָט מיר גאָרניט געקאָנט זאָגן. מע האָט ניט געזען און ניט געהערט...
— נאָר דאָוויד האָט דאָך געזאָגט, אַז ער פאָרט צו דער מומע סאָניע...
— מאַלע וואָס דער גאַזלען מײַנער זאָגט! — האָט זיך צעבייזערט שויעל, — איך בין, באַרעכ־האַשעם, געווען אויך בא דער מומע סאָניע. זי טײַנעט, אַז דער באָכער האָט צו איר די נאָז אין שטוב ניט אַרײַנגעשטעקט. און אויב ער האָט געזאָגט אינדערהיים, אַז ער פאָרט צו איר, איז ער נאָך אויך אַ ליגנער דערצו, און מע דאַרף אים אָפּזוכן אפילע אונטער דער ערד און אַזוי אַרײַנלייגן אין קאַלנער, ער זאָל אָפּ שטענדיק פאַרגעסן דעם וועג צו דער אײַזנבאַן... די מומע סאָניע האָט זיך שטאַרק צעבייזערט, וואָס הייסט, אַ באָכער זאָל זײַן אין וויניצע און צו אַן אייגענער מומע ניט אַרײַנקומען, דאָס איז שוין אַן אומגעהערטע זאַך! כוץ לעדערעך האַטעוועו!..
שויעלס טיר האָט זיך די גאַנצע צײַט ניט צוגעמאַכט. גאַנץ באַפאַליע איז אַהער געקומען זיך דערפרעגן, צי האָבן זיך נאָך ניט געיאַוועט די כוורעלײַט און צי האָט מען ניט פון זיי עפּעס אַ גרוס?
נאָר וואָס האָט מען געקאָנט ענטפערן? געשען אַ גרויסער אומגליק!
זאַלמען דער באַנדער האָט זיך שוין עטלעכע מאָל צעקריגט מיט זײַן אַלטן גוטן־ברודער שויעלן, און עטלעכע מאָל געקומען בעטן בא אים מעכילע. פּעסיע האָט שוין ניט געקאָנט קוקן אָפּ זאַלמענען. ווען זי האָט ניט אָפּ אים ראַכמאָנעס, וואָלט זי אים אָפּ דער שוועל ניט אַרופגעלאָזט. יענער הערט ניט אויף זידלען דאָווידקען און אויסטראַכטן אָפּ אים דער רוער ווייסט וואָס. געוויס, דאָווידקע האָט יאַשקען געשלעפּט מיט זיך אומעטום, נאָר יענער איז שוין אויך אַ געזונטער באָכער, עלטער פון דאָווידקען אָפּ צוויי יאָר, וואָס זשע, האָט ער ניט געקאָנט זאָגן, אַז ער וויל מיט אים אין ערגעץ ניט גיין?
דערצו נאָך, דאַרף מען זיי ניט באַווײַנען, עפּשער וועט גאָט העלפן און דער שאָדן וועט זיך געפינען, עס איז נאָך ניט העפקער פּעטערשקע.
פּעסיע האָט זיך אַליין געמאַטערט, ווי אַפן טויט, ניט געשלאָפן דורך די נעכט, נאָר דאָך גע־פונען אין זיך אַ ביסל קויעך זיך צו האַלטן און נאָך אונטערהאַלטן מיט טרייסטווערטער אי דעם באַנדער, אי דעם מאַן.
דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אופגערודערט. אומעטום האָט מען געקאָנט הערן וועגן די צוויי באָכערים, וועלכע זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן און קיינער שטעלט זיך ניט פאָר, וואָס מיט זיי איז געשען.
קלאַנגען זײַנען אומגעגאַן פאַרשיידענע, אָפּטלעך פאַנטאַסטישע.
מערסטנטייל האָט מען צווישן זיך גערעדט, אַז זיי זײַנען געגאַן זיך באָדן אין בוג און דער־טרונקען געוואָרן. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז זיי זײַנען אוועק צופוס צו דער סטאַנציע, און אין דענעוועקער וואַלד זײַנען אָפּ זיי אָנגעפאַלן באַנדיטן און אומגעבראַכט.
שויעל מיט זײַנע כאַווײרים האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין וואַלד, אים דורכגעגאַן אין דער לענג און אין דער ברייט, נאָר קיין שום שפּורן ניט געפונען. אין וויניצע איז שויעל געווען אָפּ דעם ברעג פונעם בוג, געפרעגט בא די פישער, צי האָט מען ניט געזען, ניט געהערט. ניין, פאַר דער לעצטער צײַט האָט זיך ניט געהערט, עמעצער זאָל דערטרונקען ווערן, מע זאָל געפינען עמעצן אָפּ דעם וואַסער...
שויעל איז אוועק אין מיליציע, געמאָלדן, וואָס פאַר אַן אומגליק עס איז בא אים און בא זאַלמען דעם באַנדער געשען, נאָר דאָרטן האָט מען לאַנג געקלונגען אין די טעלעפאָנען, געמישט גראָבע ביכער, ווו אַלע אומגליקלעכע פאַלן ווערן פאַרשריבן, נאָר וועגן די צוויי יינגלעך איז גאָרנישט ניט געווען.
שויעל האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַ פּריטשמעליעטער, און די בייזע קלאַנגען האָבן ניט אופגעהערט גיין פון אַלע זײַטן.
מע האָט דערווײַל ניט געלאָזט רויִק לעבן לייזערן, דעם באַפאַליער פאַטשטאַר. אָפּ אים איז איצט געשטאַנען די גאַנצע וועלט, אָפּ אים איז געווען די גאַנצע האָפענונג: עפּשער עפּעס אַ בריוול, אַ שטיקל יעדיִע מיט דער פאַטשט.

ווי מע האָט לייזערן ניט באַגעגנט, האָט מען זיך באַ אים נאָכגעפֿרעגט, צי טראָגט ער ניט קיין בריוו פֿון די כּעוורע. ער האָט זיך שוין אַפֿילע אָנגעהויבן בייזערן. וואָס האָט מען זיך צוגעטשעפּעט צו אים? ווען ער דערטאַפּט אַ בריוו פֿון די כּעוורע, וואָלט ער אים אײַנגעזײַערט? וואָס זשע, ער זעט אַליין ניט, ווי מענטשן מוטשען זיך? צו אַלע צאָרעס איז ער נאָך אַ ווײַטער קאָרעוו שויעלס, און לעבט איבער ניט ווייניקער פֿון יענעם.

אַלע גאַנצפֿרי, ווען לייזער גייט צו און צעבינדט די זעקלעך פּאַטשט, ציטערן באַ אים די הענט. ווען ער קלײַבט איבער די קאָנווערטן, קריכן אים די אויגן שיר ניט אַרויס. ער מײַדט איצטער אויס שויעלס שטוב, דאָס געסל. אים איז אַ גרויסער ווייטיק, וואָס ער קאָן די אומגליקלעכע ניט דערפֿרייען מיט אַ בריוול, אַ קאַרטל, מיט עפּעס אַ גוטער בסורע. אַזעלכע טײַערע כּעוורע! זיי האָבן נאָך אױף דער וועלט ניט געלעבט. אָקאָרשט געענדיקט די שול, באַקומען די גרויסאַרטיקע אַטעסטאַטן, אַלע וועגן זײַנען פֿאַר זיי אָפֿן. ווער ווייסט, צי לעבן זיי נאָך, צי ווײסט מען זיך דערוויסן, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען?..

שויעל האָט אַרויסגעקוקט אױף לייזערן, ווי אױף מאָשיעכן. נאָר יענער האָט זיך געהאַלטן אַלץ ווײַטער. די לעצטע צײַט האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז לייזער האָט געבראַכט שויעלן אין שטוב געגנוג בייזע בסורעס, וויסטע בריוולעך.

צום ערשטן האָט ער געבראַכט אַ בריוו פֿון דער טאָכטער ליזען. געמיינט, אַז דאָס איז געווען אַ גוטער בריוו, צום סאָף האָט ליזע אָנגעשריבן די עלטערן וועגן איר גרויסן אומגליק. דער מאַן אירער איז אומגעקומען ערגעץ ווײַט אין דער פֿרעמד און זי קאָן אַפֿילע ניט קומען צו זײַן קײ־ווער זיך אויסוויינען און אוועקלייגן בלומען... מע האָט נאָך ניט באַוויזן קומען אַ ביסל צו־זיך, נאָך ליזעס אומגליק, האָט לייזער זיי געבראַכט אַ שרעקלעכע טעלעגראַמע, אַז דער זון, שיקע מאַזור, איז אומגעקומען אין אַ שלאַכט מיט דיווערסאַנטן אױף דער גרענעץ, און גלײַך נאָך דעם אַ בריוו פֿון זײַנע שלאַכט־כאַווירים, וועלכע האָבן באַשריבן, וויאַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען.

שפּעטער, אַז עס פֿלעג אָנקומען אַ בריוול צו די מאַזורס, האָט לייזער שוין מורע געהאַט עס אַרײַנברענגען אין שטוב. דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט. אַזאַ טײַערע מישפּאָכע און קיינער ווייסט ניט, פֿאַר וואָס זיי זײַנען אַזוי באַשטראָפֿט. דאָס גאַנצע שטעטל, גאַנץ באַפֿאַליע האָט ליב די שטוב, דעם לײַטישן זיפֿנמאַכער, וואָס איז גרייט פֿאַר יענעם זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט. און אַט האָט ווידער געטראָפֿן אַ גרויסער אומגליק, און קיינער פֿון די אַרומיקע קאָן זיי ניט העלפֿן.

און כאָטש קלאָנגען זײַנען געגאַן איבער באַפֿאַליע שרעקלעכע, דאָך האָט מען ניט פֿאַרלוירן די האָפֿענונג און אַרויסגעקוקט אױף לייזערן. בלויז ער קאָן דערפֿרייען, ער קאָן ברענגען אַ בסורע און מער קיינער.

עס איז אַוועק אַ גרויס שטיקל צײַט. און גראָדע דעמלט, ווען קיינער האָט זיך שוין ניט געריכט, אַז דאַווידקע און זײַן פֿרײַנט יאַשקע דער רויטער וועלן זיך אָפּזוכן, איז לייזער דער פּאָטשטאַר געקומען צו לױפֿן אָן אַ נעשאָמע.

ער וואָלט מעגלעך ניט אָפּגעטראָגן דעם בריוו, ווען די יעדיע איז אַ שלעכטע. נאָר כאָטש לייזער האָט ניט קיין טעווע, ווי אַנדערע, אַרײַנקוקן אין אַ פֿרעמדן בריוו, האָט ער דאָך פֿונדעסטוועגן אויפֿגעקלעפּט דעם קאָנווערט און, דערזעענדיק, אַז דאָס שרײַבט דאַווידקע מיט זײַן אייגענער האַנט, אַז דער טאַכשיט לעבט און איז געזונט, האָט ער זיך געלאָזט לױפֿן פֿײַל אויסן בויגן און אַרײַנגעפֿאַלן אין שטוב מיט אַ געדולע:

— פֿעטער שויעל, מומע פּעסיע! אַ בריוול פֿונעם מאַמזער! זאָל איך אַזוי לעבן און געזונט זײַן מיט אײַך אינײנעם. נאַט, לייענט און האָט האַנאָע!

דער טײַוול האָט די גוטע בסורע אויסגעפּאַליעט מיט אַזאַ טומל, אַז די באַלעבאָסטע פֿון שטוב האָט צום ערשטן ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס שרײַט אַזוי דער פּאָטשטאַר, און דערהערט דעם נאָמען פֿון איר זון, געפֿאַלן כאַלאָשעס, אַז מע האָט זי קוים אָפּגעמינטערט.

מע האָט זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי עס איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן, ווי אױף אַ סרייפֿע, די גאַנצע גאַס, אַלע שכיינים. דער ערשטער, פֿאַרשטייט זיך, — זאַלמען דער באָנדער. ער איז איצט גרייט געווען מויכל זײַן שויעלן און דאַווידקען אַלע זייערע זינד.

אין שטוב האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טומל מיט אַ געוויין, אַ יאָמער מיט אַ געלעכטער.

— זיי לעבן, די מאַמזיירים!

— אַ גרוס פֿון די ייִנגלעך!

— דאַנקען גאָט, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזוכט!

— איצט קאָן מען זיי מויכל זײַן אַלע זייערע כאַטאָיִם!..

שויעל דער זיפּנמאַכער האָט געהאַלטן דעם בריוו אין די ציטערנדיקע הענט. ער האָט אָנגעטאָן זײַן בריל, וועלכע ער טוט שטענדיק אָן, ווען ער לייענט א וויכטיקן דאָקומענט. פּעסיע האָט אים אומגעדולדיק אונטערגעטאָרעט, זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, ווען ער וועט שוין ארויסגעבן לאָשן, לעמיי נעמט ער ארויס די נעשאָמע.

דער אוילעם אין שטוב האָט זיך אויסגעזועצט, ווי עס האָט זיך געמאַכט, און שויעל האָט גענומען לייענען:

„מײַנע טײַערע און ליבע!

איך בעט מיר מויכל זײַן, וואָס איך האָב אזא צײַט ניט געשריבן און ניט געגעבן צו וויסן וועגן זיך. נאָר איך און יאַשקע, זאַלמען דעם באַנדערס באָכער, זײַנען געזונט און שטאַרק, ניט ערגערס פון אײַך צו הערן.

איך שרײַב אײַך פון א קאַנט, וואָס געפינט זיך אין אויסר־ײַסעניש, שיר ניט קיין צען טויזנט קילאָמעטער פון אונדזער באַפּאָליע. טאַקע דאָ ניט ווײַט פליסט דער אמור, וואָס איז עטלעכע מאָל ברייטער פון אונדזער בוג, און עס געפינט זיך דאָ אונדזער גרענעץ מיט מאַנדזשוריע, ווו עס שטייט די גרענעץ־זאַסטאַווע, ווו אונדזער טײַערער און ליבער שיקע האָט געדינט און ווו ער איז אומגעקומען אין שלאַכט מיט אונדזערע סאָנים...

איך האָב אײַך ניט געוואָלט שרײַבן, קאַלזמאַן איך וועל ניט זײַן אױף זײַן קייווער, ווו זײַנע שלאַכט־פרײַנט, די גרענעצלער, האָבן אים באַערדיקט מיט אַלע מיליטערישע קאָוועדן, אוועקגעשטעלט א דענקמאָל פון היגן מירמלשטיין, אײַנגעפּעסטיקט אינמיטן דעם שטיין שיקעס בילד און אָנגעשריבן מיט גאָלדענע אויסיעס: „שלאָף רויִק, אונדזער העלדישער קאָמאַנדיר שיקע מאַזור. דו ביסט געפאַלן אין שלאַכט פאַרן היימלאַנד. פאַר דײַן טויט וועלן מיר נעמען נעקאָמע...”



די מוטער האָט זיך צעיאָמערט אַף א קאָל און עטלעכע שכיינעס זײַנען צו איר צוגעלאָפן און גענומען מינטערן.

שויעל האָט דערפילט, ווי א ביטערער קנויל שטיקט אים אין האלדז, און ווען ער קערט זיך ניט אָפּ פון די צענדליקער בליקן, וועלכע זײַנען געווען געווענדעט צו אים, וואָלט ער זיך אויך צעוויינט. נאָר ער האָט זיך קוים אײַנגעהאלטן, ארויסגענומען דאָס טיכל פון קעשענע און געמאכט זיך, ווי ס'איז אים קלוימערשט עפּעס ארײַנגעפאלן אין אויג...

— שטילער! לאָזט לייענען ווײַטער! — האָט זיך אָנגערופן שויעל, קומענדיק א ביסל צו־זיך. — יאָ, איז ווו האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט? אָט דאָ... „...מײַנע ליבע און טײַערע! קנאַפּע צוויי וואָכן צײַט זײַנען מיר געפאָרן מיטן עשעלאָן איבערוואנדערער. ווו קומען מיר אהער, וועל איך אײַך איצט ניט שרײַבן, ווײַל עס דארף פארנעמען א סאך פּאפּיר. נאָר דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך גוט אָנגעמוטשעט אין וועג, פארזוכט קאלטס און ווארעמס, האָבן מיר זיך בעשאָלעם דערקליבן אהער, אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ריכטיקער געזאָגט, צו דער סטאנציע טיכאָנקע, ארום וועלכער עס גייט א גרויסע בויונג...

דער אלפארבאנדישער סטאראָסטע, דער כאווער קאלינין, האָט ערשט ניט לאנג אונטערגעשריבן אין קרעמל דעם אוקאז, אז ביראָבידזשאן ווערט א ייִדישע געגנט, און דער אוילעם איז דאָ זייער צופרידן, וואָס די ייִדן פארוואנדלען אָט דאָס אָרט, וואָס איז פארוואקסן פון אלע זײַטן מיט דער טײַגע, ארומגערינגלט מיט די טײַכן אמור, בירע און בידזשאן, אין א רײַכן, בליִענדיקן קאנט...

מיר לעבן דערווײַל אין די באראקן, אין די פאלאטקעס און קורעניעס. יענע איבערוואנדערער, וועלכע זײַנען אהער געקומען צוריק מיט א פיר־פינף יאָר, האָבן דאָ געטראָפן ווילדע טײַגע, זומפּן, א קליינינקע סטאנציע טיכאָנקע, ווו עס האָבן געוווינט עטלעכע צענדליק מישפּאָכעס — יעגער און פישער. פאר די קורצע עטלעכע יאָר האָט מען דאָ שוין א ביסל אויסגעבויט, און די שטאָט צעוואקסט זיך אהין, צום ברעג פון דעם בירע־טײַך. ווען איר זעט, סארא פיש מע כאפּט דאָ אין טײַך, וואָלט איר זיך געהאלטן פאר די קעפּ און ניט געגלייבט! העכער הונדערט ווערסט פון דער בירע פליסט דער צווייטער גרויסער טײַך — בידזשאן. און דערפאר טאקע האָט מען אָנגערופן די נײַע געגנט ביראָבידזשאן. און אויך מיט דעם נאָמען האָט מען אָנגערופן די קליינינקע סטאנציע טיכאָנקע...

אײַך אָנהייבן דערציילן, סארא וווּנדערלעכער קאנט דאָס איז, וואָלט אונדז ניט געסטײַעט דרײַ מעסלעס, און איר ווייסט דאָך גוט, אז קיין איבעריקע צײַט זיך פארנעמען מיט פּוסטע רייד איז דאָ ניטאָ. מע דארף האָרעווען, פארקאטשען די ארבל. יענע, וואָס מיינען לעבן פון דער לופט, דרייען מיטן שטעקעלע, יענע דארפן זיצן אינדערהיים.

די פריראָדע איז דאָ א גאָלדענע. אַף עטלעכע שאָ פריִער, ווי בא אײַך, גייט אוף די זון, און אז די זון גייט אוף, דארף מען זיך אופכאפּן פונעם שלאָף און גיין צו דער ארבעט.

איך און יאָשקע האָבן זיך דאָ עטלעכע טעג אָפּגערוט צוזאמען מיט אלע איבערוואנדערער, דערנאָך האָט אונדז ארויסגערופן א קאָמיסיע, וואָס שיקט פאנאנדער דעם אוילעם — וועמען אין שטאָט, וועמען אין ראַיאָן אין די קאָלווירטן. מיך מיט יאָשקען האָט מען גראדע איבערגעלאָזט דאָ, אין שטאָט, אַף ארבעט. איר וועט פרעגן — אַף וועלכער ארבעט? וועל איך אײַך ענטפערן: אַף דער בעסטער ארבעט! דאָס הייסט, בויען די שטאָט. בויען הײַזער, באראקן, שטיבלעך פון ציגל און געהילץ. דער אוילעם פארגרעסערט זיך און יעדער איינער דארף צום אלעם ערשטן א דאך איבערן קאָפּ. וועט איר דאָך פרעגן, וואָס פאר א סטראָיטעלעס זײַנען מיר מיט יאָשקען? דארף איך אײַך זאָגן, אז מיר ארבעטן ניט ערגער פון אנדערע. אופשטעלן ווענט, טעסען קלעצער לערנען מיר זיך, און עס באקומט זיך טאקע ניט שלעכט.

כוץ טעסלערײַ, סטאָליערײַ, גלעזן פענצטער, שטוקאטורען, לערנען מיר נאָך אַף באזונדערע קורסן. איך וועל מיט דער צײַט זײַן א בריגאדיר פון א בוי־בריגאדע, און יאָשקע — א מעכאניזאטאָר. ער לערנט זיך פירן א לאסטמאשין און א טראקטאָר. אָבער דערווײַל זײַנען נאָך בא אונדז קיין מאַשינען ניטאָ, מע דארף זיי ערשט ברענגען. פירט יאָשקע דער רויטער ניט קיין טראקטאָר און ניט קיין לאסטמאשין, נאָר א געוויינלעכע קאָבילע און א וואָגן. די טוירע האָט ער זיך אויסגעלערנט פאר א פּאָר טעג. ער פירט אונדז צו צו דער בויונג שטיינער, ליים, געהילץ, ציגל און פארנעמט זיך אויך מיט קאָרטשעווען די טײַגע...

אזוי ווי ציגל זײַנען דאָ פאראן גאָר ווייניק, ווײַל מע בויט ערשט א ציגל־זאוואָד, גיבן מיר זיך אן אייצע. וואָס פאר אן אייצע, וועט איר פרעגן? ליים איז דאָ פאראן גענוג, מאכן מיר פון דער ליים אזעלכע ניט־גרויסע בלאָקן, לייגן זיי אויס אַף דער ערד אנטקעגן דער זון און אין א פּאָר טעג ארום טריקענען זיי אויס, און מיר לייגן פון זיי ווענט. ווען איר טוט א קוק, מײַנע טײַערע און ליבע, וויאזוי די ארבעט גייט בא אונדז, וואָלט איר זיך ניט געגלייבט. זי ברענט מאמעש אונטער די הענט.

מיר בויען אונדזער געגנט און ווילן, זי זאָל זײַן א סאך שענער און בעסער, ווי אלע אנדערע געגנטן...

דאָרטן בא אײַך דערציילט מען באָבע־מײַסעס וועגן אונדזער קאנט. אז, קלוימערשט, דאָ וואקסט גאָרניט אָף דער ערד, דאָ שטייען גרויזאמע פרעסט און עס גיסן מוירעדיקע רעגנס, וואָס הערן קיינמאָל ניט אוף. דארף איך אײַך זאָגן, אז דאָס איז א געבענטשטע ערד! עס וואקסט דאָ אלץ, וואָס א מויל רעדט אויס. דער אוילעם קאָרטשעוועט די טײַגע, מע טריקנט אויס די בלאָטעס, און די ערד גיט גוטע גערעטענישן. הײַנט שטעלט זיך פאָר, וויפל פאשע דאָ איז פאראן? גראָזן וואקסן ביז דעם אקסל, בעהיימעס פאשען זיך און גיבן א סאך מילך. אלצדינג וואקסט דאָ ניט ערגער, ווי אין אונדזערע קאנטן. די זון וואַרעמט דאָ, פונקט ווי בא אײַך, פרעסטלעך זײַנען דאָ שטארקע, נאָר דערפאר טרוקענע, אָן ווינטן, און עס איז ניט שרעקלעך. איצט, וואָס איז שײַך קאָמארן? אין דער טײַגע, אָף די בלאָטעס האלטן זיי זיך אוף, נאָר דאָרטן, ווו עס באזעצן זיך איבערוואנדערער און מע שטעלט זיך בויען, אקערן און זייען די ערד, אזוי טרעטן זיי אָפּ, די קאָמארעס. און נאָך דארף איך אײַך זאָגן, אז זיי זײַנען ניט בעסער און ניט ערגער, ווי אין אײַערע שיינע קאנטן.

וואָס איז דאָ א סאך צו ריידן, צו א נײַעם אָרט דארף מען זיך צוגעווינען. מיר מיט יאָשקען האָבן א פײַנעם צימער אין א באראק, פארדינען ניט שלעכט, דאָ איז פאראן א סטאָלאָווע, ווו מיר דערנערן זיך, א קלוב האָט מען שוין אויסגעבויט, עס איז שוין בא אונדז פאראן דאָ עטלעכע שולן פאר קינדער, קינדער־גערטנער, א באָד, צוויי טעכניקומס און עס דארף זיך עפענען אפילע אן אינ־סטיטוט, פאראן א דראמאטישער קרײַז, א קינאָ און אלץ, וואָס א מענטש דארף האָבן...

איך וויל אײַך זאָגן איינס: ציט ניט אין דער לאנגער באנק ארײַן און קומט צו פאָרן! ניט אין געסט, נאָר אָף שטענדיק. עס גייען אהער די גאנצע צײַט עשעלאָנען מיט איבערוואנדערער און בוי־מאטעריאלן פון אלע עקן לאנד. ארבעט איז דאָ פאראן פאר אלעמען. שווריקײַטן אויך, נאָר מע דארף פאר זיי ניט מוירע האָבן. דער קאנט איז רײַך. אין די ערד־טיפענישן האָט איר קוילן און אײַזנערץ, נאפט און זילבער, גאָלד און קאלך, גרויסארטיקער מירמל, וואָס מע זעט עס ניט אין דער וועלט. א סימען האָט איר, אז פאר דעם מעטראָ, וואָס מע בויט איצט אין מאָסקווע, האָט מען בא אונדז דאָ, אין ביראָבידזשאן, ניט ווײַט פון דער שטאָט, אין ביראקאן, באשטעלט מארמאָר, קעדיי באפוצן די מעטראָסטאנציעס. קאָנט איר שוין אליין פארשטיין, אז דאָס איז אויסערגעווינלעכער מאר־מאָר. איר שטעלט זיך ניט פאָר, סארא וועלדער מיר האָבן דאָ, סארא טײַכן מיט די בעסטע פיש אין דער וועלט. און אויב אונדזערע נאטשאלניקעס וועלן גוט פירן דאָ די איניאָנים, קענען אויסניצן די רײַכקײַטן פון די ערד־טיפענישן, פון די טײַכן, פון דער טײַגע, וועט דאָס זײַן איינס פון די שענסטע און רײַכסטע ערטער פון אונדזער לאנד.

מיר האָבן מיט יאָשקען באקלערט די זאך פון אלע זײַטן און באשטימט, אז דאָ בלײַבן מיר אָף שטענדיק. און בעטן אײַך באטראכטן אלץ און זיך אויך אריבערקלײַבן צו אונדז. סײַ פאר אײַך, סײַ פאר די קינדער, וועט עס זײַן א גליק. און נאָך איין באקאָשע צו אײַך — גייט ארײַן צו יאָשקעס טאטן, צו זאלמען דעם באָנדער, צו זאלמען סאָלגאניק, הייסט עס, און זאָגט אים, אז ער זאָל זיך ניט בייזערן אָף יאָשקען, וואָס איז אהער מיט מיר אוועקגעפאָרן. נעמט זאלמענען אויך מיט מיט זיך. א ווינונג, ארבעט וועט פאר אײַך זײַן. מיר האָבן זיך שוין צונויפגערעדט, און מע ווארט דאָ אָף אײַך. דאָס וועט איר זיך פילן ניט ערגער, ווי אין באָפאָליע. אָף אזעלכע האָרעפּאשניקעס, ווי איר, קוקט מען דאָ ארויס. עס קומען אָפטלעך אהער מיט די עשעלאָנען איבערוואנדערער אזעלכע, וואָס רופן דאָ ארויס בלויז געלעכטער און פארדראָס. עס קומט א לופט־מענטש, א לײדיקגייער אָף דער קאָמיסיע. מע לייגט אים פאָר ארבעט אין „אמורזעט”, אין קאָלווירט — א געבענטשט ווינקעלע באם סאמע טײַך אמור. די ערד גיט דאָרטן גרויסע גערעטענישן, אָן א שיר כודאָבע, מילך־פערמעס, הײַנט די פיש אין טײַך — ריזן! שטיבער פאר אלעמען, בעהיימעס, הינער, גענדז, — דאָס אלץ גיט מען יעדן איינעם אין קרעדיט, אָף אויסצאָלן. ענטפערט ער, אז מע וויל בלויז בלײַבן ווינען אין שטאָט, און דערבײַ זאָל מען אים געבן א דירע פון דרײַ צימערן מיט א טואלעט און א וואנע... און ארבעטן? זאָל ארבעטן פאר זיי עמעצער אנדערש...

פארשטייט זיך, אז אזעלכע לײַצים דארף מען דאָ ניט האָבן. אָדער אָט האָבן זיך אהער געיאָ־וועט צוואנציק פאריקמאכערס, און דערווײַל איז געגונג דרײַ־פיר, ווײַל בא אונדז זײַנען דעריקער יונגע כעוורע־ענטוזיאסטן אָן בערד, און אָף יעדן שריט און טריט קיין פאריקמאכערס דארף מען ניט האָבן. הייסט מען א צענדליק פון זיי זאָלן זיך איבערקוואליפיצירן, פאָרן אין קאָלווירט, אָף בויונגען, ארבעטן, זאָגן זיי, אז זיי האָבן ניט קיין כיישעק בײַטן זייער מעלאָכע... ערשט ניט לאנג זײַנען מיט איין עשעלאָן אהער ארויפגעקומען דרײַ ראבאָנים, פיר כאזאָנים, פינף שאָכטים... האָט מען זיי שיין באגעגנט און געזאָגט, אז זיי וועלן זיך דאָ דארפן אויסקלײַבן אנדערע מעלאָכעס, האָבן זיי אופגע־הויבן א גוואלד: „סטײַטש, דאָ בויט זיך א יִידישע געגנט, צי א טערקישע? וויבאלד א יִידישע, וויִאזוי זשע קאָן מען זיך באגיין אָן א ראָוו, אָן א כאזן, אָן א שויכעט?..”

וואָס איז שײַעך דעם טאטן און זאַלמען דעם באָנדער, וועלן זיי גלײַך קענען גיין ארבעטן אָדער אויף דער מעבל־פאבריק, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן אָטעמען און נייטיקט זיך אין ארבעטער, אָדער אין דער פאבריק פון שירפּאָטרעב. ניט דאָרטן — איז סטאָליערײַ אויף די בויונגען, זיצן אָן ארבעט וועט ניט אויסקומען...

פון אָנהייב וועט עפשער זײַן ניט גרינג, נאָר צו אַלץ דאַרף מען זיך צוגעוווינען. די רעגנס און פרעסט, די שנייען און זאווערוכעס זײַנען ניט שרעקלעך, דערצו זײַנען פאראַן אויף דער וועלט פּוישטן, פּעלצן, גאַלאָשן און ברעזענטן...

זאָל אײַך ניט שרעקן אויך דאָס, מײַנע טײַערע און ליבע, וואָס דער וועג איז שטארק א לאַנגער. מיטן קוריערסקע צוג קאָן מען אהער דערפאָרן פאר א וואָך צײַט, און מיר זײַנען געפאָרן צוויי וואָכן. דאָס איז ניט מעסוקן. און אויב עס נעמט זיך צונויף א גוטע פריילעכע קאָמפּאניע, איז גאָר ניט אומעטיק. דערצו נאָך גיט מען אפן וועג פּראָדוקטן און אויף גרויסע סטאנציעס הייס געקעכטס. ווי איר זעט, זײַנען מיר אַלע געקומען אהער, און אין וועג איז פון קיינעם קיין האָר ניט אראָפּגעפאַלן.

דעריקער, וואָס אַלע לעבן דאָ מיט האָפענונג. און פונעם גאנצן עשעלאָן אונדזערן האָבן זיך דערשראָקן דרײַ־פיר פּארשוין און זיך אומגעקערט אהיים. דאָס זײַנען יענע, וועלכע האָבן ניט ליב ארבעטן און האָבן געמיינט, אז מע פירט זיי גלײַך אין גאנײדן ארײַן...

איז ווי זאָגט דאָרט דאָס אַלטע ווערטל? — די באָבע פונעם וואָגן, וועט דער קאָבילע זײַן גרינגער...

איך קאָן אײַך שרײַבן, אז מיט יאָשקען איז געווען זייער פריילעך צו פאָרן. ביכלאַל, ווי איר ווייסט, איז ער א הארציקער, געטרײַער כאַווער. און אויף אים קאָן מען זיך אין אַלץ פארלאָזן. נאָר וואָס זשע, דעם גאנצן וועג האָט ער געקוקט אין פענצטער און פון מאָל צו מאָל אויסגעשריגן: „גוואַלדאָוונע!" וואָס „גוואַלדאָוונע"? — וועט איר געוויס פרעגן. די בריקן, די טײַכן, די וועלדער, די בערג און טאָלן — אַלץ איז בא אים גוואַלדאָוונע. אים האָט זיך אמאָל געדאכט, אז פון יענער זײַט באַפּאַליע ענדיקט זיך די וועלט, לאָזט זיך אויס, אז פאר צוועלף טעג דערפאָרט מען פון אונדז ביז דער ווײַטמיזרעכדיקער גרענעץ.

וואָס איז דאָ א סאך צו שרײַבן? מיר זײַנען געקומען אפן אָרט און מע האָט אונדז גאנץ גוט אופגענומען. די ערשטע צײַט, עמעס, איז געווען שווער און ביטער. די רעגנס האָבן דערקוטשעט און דאָס אָנטאָן איז ניט געווען ווו אויסצוטריקענען. און מיר האָבן א שטיק צײַט געכאפּט א גוטן ציטער אין די פּאַלאַטקעס אין דער טײַגע. נאָר ווען מיר האָבן זיך ארײַנגעצויגן אין דער ארבעט, באקומען הילף, ווארעם אָנטאָן, אָנגעהויבן לערנען אויף די קורסן, האָבן מיר פארגעסן אין אַלע צאָרעס. אַלץ איז געווענדט אין אונדז, אין די מענטשן, אין די בויער. מע דאַרף אונטערשטעלן א פּלייצע, מע דאַרף ארבעטן, ווײַל, ווי זאָגט עס דאָס אַלטע ווערטל: ווי דו וועסט זיך אויסבעטן, אזוי וועסטו שלאָפן!..

איך וואָלט אײַך נאָך א סאך געשריבן, נאָר עס ענדיקט זיך דער קעראָסין אין לעמפּל. מיט עלעקטרע האַלט עס דאָ נאָך שוואַך, פּונקט ווי מיט אנדערע זאכן, דאָס אָבער דאַרף אײַך ניט אָפּשרעקן. איך מיט יאָשקען און אונדזערע נײַע פרײַנט, וואָס מיר האָבן דאָ, האָבן א סאך געטראכט וועגן אײַך, זיך געייצעט מיט אונדזערע שכיינים און נאטשאַלניקעס און אַלע זײַנען געקומען צום געדאנק, אז איר וואָלט געטאָן גאנץ גוט, ווען איר קומט אויך אהער, צו אונדז. און טאקע ברענגען א ביסל אוילעם פון אונדזער שטעטל, און טאקע אויך יאָשקעס טאטן, ווײַל אזעלכע מענטשן דאַרף מען דאָ, ווי לופט. מענטשן, וועלכע קענען אונטערשטעלן א פּלייצע.

איר וועט גאָרניט אָנווערן, ווען איר וועט קומען אהער, נאָר געווינען קענט איר זייער א סאך. מיר דאַרפן זײַן צוזאמען, ווײַל מיר בענקען שטארק נאָך אײַך.

אויף דעם פארענדיק איך און לאָז אַלעמען גרוסן. יאָשקע אויך.

אײַער דאָוויד".

דער אוילעם, וואָס איז געזעסן, ווו עס האָט זיך געמאכט, און געהערט דעם בריוו, האָט פארטײַעט דעם אָטעם, געשאָקלט מיט די קעפּ, געזיפצט, און עמעצער האָט פון מאָל צו מאָל ארײַנגעשטעלט: „הער נאָר, הער נאָר, ווי א מאזיק שרײַבט!"

ווען שויעל האָט פארענדיקט לייענען און גענומען צונויפלייגן אקוראַט דעם בריוו אין קאָנווערט, זײַנען אַלע אנשוויגן געוואָרן, געקוקט אויף דעם שײַנענדיקן פאָטער מיט קינע, אויף עפּעס געוואַרט, און קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אופירן די שטילקייט, וואָס האָט ארומגעכאפּט די שטוב.

בלויז פּעסיע, וואָס איז געזעסן אפן ראַנד בעט און מיטן עק פון איר געקווייטלטער פאטשיילע געווישט די טרערן, וואָס האָבן זיך געקײַקלט איבער אירע באקן, האָט א זאָג געטאָן:

— אוי, גאַטעניו ליבער, פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט? וואָס עס האָט זיך מיר געכאַ־לעמט די נאַכט, יענע נאַכט און אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר, אױף מײַנע סאַנימס קעפּ! אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען אונדזער ייִרעש...

— געוויס... ניט אַנדערש... — האָט איבערגעשלאָגן זאַלמען דער באַנדער, — מע דאַרף אונד־זערע מאַזיקים אַרויסטרײַבעווען אַהיים, און זיי אָנבראָכן די ביינער. וואָס זשע, עס איז שוין העפקער פּעטרעשקע? אַ טאַטע, אַ מאַמע האָט שוין ניט קיין וואָלאַסט איבער די אייגענע קינדער? מע נעמט און מע וואַרפט אַוועק די שטוב און האָקל־באָקל, און מע פּאַרפּאַרט אין עק וועלט, ערגעץ, ווי שרײַבט ער דאָרט, אין דער טײַגע, צווישן סאַפּקעס און בלאָטעס, צווישן ווילדע כײַעס, און מע איז נאָך צו־פרידן! מיר זאָלן, הייסט עס, וואַרפן די שטוב און נאַשפּיץ לױפן אַהין, בויען אַ ייִדישע געגנט!.. און דאָ איז ניט אונדזער געגנט? דאָ זײַנען מיר קעסט־קינדער, האָבן ניט אונדזער דאַך, אונדזער אויסקו־מעניש?..

מע האָט נאָך דאָ, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געזען דעם באַנדער אַזאַ אופגערעגטן, אַזאַ בייזן. נאָך אַ גליק, וואָס נאָענט איז ניט געשטאַנען זײַן טאָכשיט, זײַן יאַשקע. ער וואָלט אַרײַנגעכאַפּט איצט אַ שיינעם פּעטשאַטעק.

— די ביינער דאַרף מען זיי ברעכן, זיי זאָלן נישט קאָנען ניט גיין, ניט זיצן, ניט ליגן, וועלן זיי וויסן!.. — האָט זיך ניט אופגעהערט היצן דער באַנדער און, געגומען די הענט אױף הינטן, אָנגעהויבן שפּאַנען איבער דער שטוב, ווי אַ צעבייזערטער לעמפּערט אין שטײַג.

שויעל האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ מאַמזעריש שמייכלע און זיך אָנגערופן:

— וואָס בייזערסטו זיך, זאַלמען־קרויץ? דו האָסט כאַטש גאָט אין האַרצן? וואָס הייסט ברעכן זיי די ביינער? פאַר וואָס? זיי האָבן באַגאַנוועט אַ קלויסטער, צי אין באַרשטש אָנגעשפּיגן? וואָס זשע, זיי זײַנען קליינינקע קינדער? זיי זײַנען שוין גרויסע באַכורים מיט אַבראַזאָוואַניע, מיט שטאַרקע הענט. ווייניק זײַנען אַרויסגעפאָרן אין דער וועלט אונדזערע כעוורע פון באַפּאַליע? מע לערנט דאָרט אין די גרויסע שטעט, מע אַרבעט, מע דינט אין מיליטער. און אונדזערע שלאָגן דאָרט ביידעקעס? הערסט דאָך, וויאַזוי זיי האָרעווען טאָג און נאַכט. האָבן שוין אַ דאַך איבערן קאָפּ, קאַוועד, איז פאַר־וואָס זשע קומט זיי מיימעסן? באַטראַכט זיך נאָר, וואָס דו רעדסט...

— איך הער, וואָס איך רעד! — האָט מיט רעציכע איבערגעשלאָגן זאַלמען. — נאָר דו ווייסט ניט, מיט וואָס דו פרייסט זיך. וואָס זשע, עפּשער האָלטסטו אונטער זייער כאַזורעס?

— פאַרוואָס מיינסטו, אַז דאָס איז פון זייער זײַט כאַזורעס?

— נאָך מער פון כאַזורעס! און דאָס האָט ער, דײַן דאַווידקע, אַראָפּגעפירט מײַן יאַשקען פונעם גלײַכן וועג, פאַרפירט אים אין אויסרײַסעניש... נאָר ער!.. מײַן יאַשקע וואָלט זיך צו אַזאַ זאַך ניט דערטראַכט, און האָדיע!

— וואָס רעדסטו מיט אַזאַ רעציכע וועגן מײַן דאַווידקען? ער האָט נאָך קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן אין זײַן לעבן. און וואָס איז שײַך יאַשקען, איז ער ניט קיין קליין ייִנגעלע, קיין קאַלע־מויד, וואָס אַ באָכער קאָן אַראָפּפירן פון גלײַכן וועג...

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, ביידע אַלטע גוטע־ברידער האָבן זיך אַזוי צעוואָרטלט, אַז זאַלמען דער באַנדער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, געמאַלדן מיט קאַס, אַז מער וועט זײַן פוס ניט אַריבער־טרעטן שויעלס שוועל, אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און אַרויסגעלאָפן אַן אַ זײַ־געזונט.

שויעל דער זיפנמאַכער איז געבליבן זיצן, ווי אַ פּריטשמעליעטער, מיט אַ צעבראָכן האַרץ. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט ער זיך אַזוי צעוואָרטלט מיט זײַן בעסטן גוטן־ברודער און פאַר וואָס, פאַר ווען? הער נאָר אַ מײַסע, לוידײַ, וואָס דער אייגענער בענאַק האָט אים פאַרשאַפט אַזאַ אַגמעס־נעפעש, געמאַכט צום נאַר, איז געקומען זאַלמען דער באַנדער און צוגעלייגט אַ קנייטל, אַזוי מיאוס אָנגעפאַלן אױף אים!

פעסיע איז געזעסן, ווי אַ פאַרכאַלעשטע, און נאָך אַלץ געווישט די טרערן, עס האָט זי גע־שטיקט דער פאַרדראַס און דער צאַרן. דאַווידקע האָט אָפּגעטאָן אַזאַ מײַסע שפּיצל און טראַכט אַפילע ניט זיך אומקערן אַהיים, בעטן מעכילע, פאַרנייגן פאַר טאַטע־מאַמע דעם קאָפּ. נאָך מער, ער באַשרײַבט, סאַראַ גאַניידן איז בא אים דאָרט אין דער טײַגע, צווישן דער ווילדקײַט, און בעט קומען צו אים, זיך באַזעצן אין דעם גאָלדענעם קאַנט. מער האָט ער שוין גאַרנישט ניט געקאָנט צו־טראַכטן? זיך צעברעכן, וואַרפן די אַלטע היים, די קוואָרים פון די אָוועס און נאַשפּיץ זיך לאָזן נאָך אים?..

זעט אויס, ער האָט זיך אינגאַנצן גערירט פון די געדאַנקען.

אָבער אײן טרייסט האָט זי געהאַט: דער מאַזיק האָט זיך סאָפּקאַלסאָף אָפּגעזוכט און געגעבן וועגן זיך צו הערן. אַבי ער לעבט און איז געזונט און שטאַרק.

און וואָס עס וועט זײַן מאָרגן, זאָל זיך גאָט זאָרגן. ווי דו זאָלסט ניט וועלן, איז דאָווידקע א יונגער באָכער און דער ווינט דרייט זיך נאָך בא אים אין קאָפּ. ער וועט עלטער ווערן, וועט ער קליגער ווערן. מיט דער צײַט וועט ער זיך אומקערן אהיים, צו זײַן נעסט, און אלדאָס בייז וועט מען פארגעסן, ווי א שווערן כאָלעם. ווי זשע קאָן דאָס זײַן אנדערש?

קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# פריילעך אין שטעטל

הערט נאָר, אָף וואָס עס זײַנען פעיִק צווײ באַפּאָליער יונגאטשעס! זיך נישט אָנגעפּרעגט ניט בא טאַטע־מאַמע, ניט בא קײנעם, זיך אופגעהויבן און — א גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע! אָן א זײַ־געזונט זיך אוועקגעלאָזט ווו די וועלט האָט אן עק!

זינט באַפּאָליע איז א שטעטל אין דער פּאָדאָליער גובערניע, איז נאָך, דאַכט זיך, אַזוינס ניט געשען.

און אויב איר ווילט וויסן, איז שוין אונדזער באַפּאָליע אַלט און גרוי, ציילט א שיין ביסל יאָר! אייניקע שאַצן דאָס שטעטל אין פיר הונדערט יאָר מיט א שמיץ, אנדערע — נאָך מערער, נאָר ווער האָט דען געציילט די יאָרן? ווער קאָן זאָגן איידעס, ווען ס'איז געבוירן געוואָרן דאָס דאָזיקע שטעטל, וואָס איז סײַ זומער, סײַ ווינטער, שוין ניט ריידנדיק וועגן פרילינג און הארבסט, מאָלע כיין.

איין איידעס איז דאָ יאָ געבליבן און קאָן פאר דער גאנצער וועלט זאָגן, אז באַפּאָליע איז אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן. דאָס איז דער אַלטער־אַלטער בעסוילעם, ווו עס האָט זיך נאָך פארוואַלגערט א ביסל אײַנגעזונקענע אין דער ערד מאַצייוועס, באוואַקסענע מיט גרויען מאָך אַזוי, אז דעם שטיין זעט מען קוים ארויס. נאָר וואָס זשע? יענע, וועלכע קענען זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין קליינע אַלטע אויסיעלער, לייענען איבער, אז דער שטיין איז אוועקגעשטעלט געוואָרן איינעם א כאַשעוון באַפּאָליער מענטשן מיט העכער פיר הונדערט יאָר צוריק... געלערנטע, וועלכע האָבן באַטראַכט דעם ארומיקן קאַנט, די הויכע קורגאַנען און טאָלן, די ספּאָרים, וואָס מע האָט אויסגעגראָבן, זײַנען געקומען צום געדאַנק, אז אָט אין דעם ווינקל פון פּאָדאָליע האָבן זיך מיט א סאַך דורעס צוריק באַזעצט ייִדן, געיאָגטע און געפּלאָגטע בייַס דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אָפּן ברעג פונעם טײַך געשטעלט זייערע געצעלטן, פארזייט דאָס שטיקל ערד, וואָס גוטע מענטשן האָבן פאר זיי אויסגעטיילט, אופגעשטעלט קוזניעס, וואַרשטאַטלעך, אויסגעבויט עטלעכע געסלעך, א שול, ווו מע האָט געזאָגט טפילע צום ריבוינעשעלוילעם, וואָס האָט זיך אין זײַנע אויסדערוויילטע זין און טעכטער אַזוי פארליבט, אז די גרעסטע צאָרעס און אומגליקן, וואָס מע האָט געקאָנט צוטראַכטן, האָט ער זיי געשענקט פון דער ברייטער האַנט. ווו עפּעס א צאָרע, אָן אומגליק — זיי. זיי איז לאַנג אויסגעקומען וואַנדערן איבער גאָטס וועלטל, ניט וויסן פון קיין רו, פון קיין גוטן טאָג. און נאָך שפּאַניע און אנדערע גזיירעס אין די לענדער פון אייראָפּע, זײַנען א טייל פון די גערוידעפטע געקומען אין דעם ווינקעלע פון פּאָדאָליע און זיך דאָ באַזעצט אָף אייביק צווישן די שכיינים — רוסישע און אוקראַיִנישע פּויערים.

פון יענע צײַטן, זאָגט מען, איז דאָ אויסגעוואַקסן באַפּאָליע. פאר איר לאַנגיאָריקער געשיכטע איז דאָ געווען סײַ גוטס, סײַ שלעכטס, סײַ פרייד, סײַ לייד, סרייפעס און מאַגייפעס, מילכאָמעס און פּאָ־גראָמען, געווען אויך קריגערײַען צווישן שכיינים, ווײַל אפילע א ווײַב מיט א מאַן צעקריגן זיך אויך אמאָל. נאָר באַפּאָליע איז געשטאַנען שטאָל און אײַזן, און דער אוילעם האָט ליב געהאַט די לײַבלעכע היים, זי ניט פארלאָזט, ניט פאראַטן. שטענדיק איז דאָ, צווישן די אָרעמע באַלמעלאָכעס, געווען לעבע־דיק און פריילעך. דאָס שטיקל ברויט האָט זיך געשלעפּט, מע האָט געלעבט שטיל און באַשיידן, ווי עס פלעגן זאָגן די אָרטיקע כאַכאָמים:

— נישקאָשע, מע לעבט... דער קאַפּצן עסט ניט קיין שטיינער, און דער רײַכער שלינגט ניט קיין גאָלד...

די געשיכטע פון באַפּאָליע האָט, דאַכט זיך, קיינער ניט באַשריבן, די פּינקעסן זײַנען פארברענט געוואָרן בייַס די מילכאָמעס און סרייפעס, וואָס האָבן דאָ אָפטלעך געפּלאַקערט. דאָס שטעטל איז מיט גאָרנישט ניט באַרימט געווען — א געוויינלעך שטעטל אין הארץ פונעם גרויסאָרטיקן גרינעם פּאָדאָ־ליער קאַנט מיט זײַנע פעטע ערדן, גערעטענע פעלדער און וועלדער, בערג און טאָלן. די לופט איז דאָ געווען א מעכײַעדיקע. מענטשן זײַנען דאָ געוואַקסן שטאַרקע, מיט פעסטע פּלייצעס. טאַקע דערפאַר

האָבן זיך די באַפּאָליער גאַסן און געסלעך אונטערגעשיידט פֿון די אַרומיקע שטעטלעך און ייִשוּווים מיט זייער שיינקייט און באַקוועמלעכקייט. דאָ האָט קימאַט יעדער באַלמעלאָכע פֿאַרמאָגט אַ שטיקל ערד בײַ דער שטוב, עטלעכע פּרוכט־ביימער בײַ די פֿענצטער, און דאָס שטיקל ערד און דער גאָרטן האָבן בעסער געהאָדעוועט ווי די מעלאָכעס, וואָס מע האָט געהאַט. ווען עס איז אַמאָל געווען שווער מיט דער אַרבעט, האָט שטענדיק אַרויסגעהאָלפֿן דאָס שטיקל ערד, דאָס ביסל קאַרטאָפֿליעס און גרינס, וואָס איז דאָ געוואַקסן, דאָס ביסל מילך, וואָס די ציג אָדער די בעהיימע האָט געגעבן.

אַזוי וואָלט עס געגאַן ווער ווייסט וויפֿל צײַט. האָבן זיך צעעפֿנט טיר און טויער. יונגע כעווירע האָבן זיך געלאָזט אין פֿאַרשיידענע עקן פֿונעם לאַנד, און אַהער, אַהיים, געקומען בלויז איין מאָל אין אַ יויוול, אױף אָרלויב, צוגאַסט, אָדער אױף קיווער־אָוועס.

באַפּאָליע איז צוביסלעך געוואָרן אומעטיקער, ס'האָבן זיך שוין ניט געהערט יענע לידער, וועלכע האָבן אַמאָל געהילכט בײַם די גרויסע יאָמטויווים. מע האָט שוין ניט אָפּגעשפּילט יענע רוישיקע כאַסענעס, וואָס אַמאָליקע צײַטן. און דאָך איז דאָ ניט אַנטרונען די פֿרייד, דאָס געלעכטער. בײַ די שווערסטע צײַטן איז מען בײַ זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן, ניט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, ניט פֿאַרלוירן דעם גלויבן, די האָפֿענונג, און די גאַנצע צײַט אַרויסגעקוקט אױף בעסערע צײַטן.

זעלטן האָט איר דאָ געקאָנט אָנטרעפֿן אױף אַ מאָרעשכוירעניק, אױף אַ פֿאַרשוין, וואָס האָט געדאַרפֿט קריכן אין קעשענע נאָך אַ וואָרט, אַ כאָכמע, אַ גוזמע.

אין דעם טאָקע ליגט דער סאָד, פֿאַרוואָס אַזעלכע לעבנסלוסטיקע, האַרציקע מענטשן, ווי שויעל דער זיפּנמאַכער, האָט איר דאָ, אין באַפּאָליע, געקאָנט באַגעגענען אױף שריט און טריט.

כאָטש מע האָט זיי שיטער געזייט, נאָר געוואַקסן זײַנען זיי, קיין אײַנהאָרע, געדיכט, ווי קראָפּעווע.

נאָך דעם, ווי עס איז געשען בײַ שויעלן די געשיכטע מיטן בענאָק, האָבן אַלע געמיינט, אַז דער מענטש וועט אַרײַנפֿאַלן אין מאָרעשכוירע און עס וועט שוין ווערן ניט יענער שויעל, וואָס אַמאָל. נאָר אַ נעכטיקער טאָג! בלויז די ערשטע עטלעכע שאָ נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען דעם בריוו פֿון דאָווידקען, האָט ער זיך אַ ביסל פֿאַרקרימט. באַטראַכטנדיק אָבער גוט די זאַך, איז ער געקומען צום געדאַנק, אַז עס איז ניט העפּקער פּעטרעשקע, מע דאַרף זיך שטאַרק ניט נעמען צום האַרצן. מימאָנעפֿשעך, אויב בײַ דאָווידקען און יאָשקען בלאָזט נאָך דער ווינט אין קאָפּ, וועלן זיי זיך גוט אויסהונגערן, אָנפֿרירן אין דער פֿרעמד, און עס איז דאָ אַ האָפֿענונג, אַז זיי וועלן זיך אײַנגיכן, מיט גאָטס הילף, אומקערן אַהיים. און דאָס, וואָס ער, דאָווידקע, שרײַבט, אין וואָס פֿאַר אַ גאַניידן ער איז אַרײַנגעפֿאַלן און אַז טאַטע־מאַמע זאָלן זיך נאַשפּיץ אופֿהייבן און זיך אויך אַוועקלאָזן אַהין, — דאָס ניט! דאָס וועט ער בײַ זיי ניט פּויעלן! ער איז ניט קיין ציגײַנער, שויעל, וואָס וועט מיטאַמאָל צונויפֿנעמען זײַן טאַבאָר און היידאַ אין וועג אַרײַן. דאָס ניט!

די צײַט איז געגאַנגען, און מע האָט ניט געזען און ניט געהערט, אַז דאָווידקע און יאָשקע דער רויטער זאָלן קומען צום סייכל און זיך אומקערן אַהיים. פֿאַרקערט, אין די בריוולעך זייערע האָבן זיי אַלץ ניט אויפֿגעהערט דערציילן, סאַראַ גאָלדן ווינקל ביראָבידזשאַן איז, און סאַראַ רײַכקײַט געפֿינט זיך אין אירע ערד־טיפֿענישן, און וויאַזוי עס בויט זיך שנעל די ייִדישע געגנט, און ווי עס האַלטן אין איין פֿאָרן אַהין עשעלאָנען מיט איבערוואַנדערער, און האָבן אַלץ געבעטן, מע זאָל ניט ציִען אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן, זיך דורכפֿאָרן קיין וויניצע, פֿונוואַנען עס גייען אָפּ עשעלאָנען, מע זאָל זיך פֿאַרשרײַבן און זײַן רויִק — מע וועט זײַן צופֿרידן...

הערט נאָר אַ געשיכטע — מע שרײַבט די מאַמזיירים איינס, אַז מע וואַרט אױף זיי אין באַפּאָליע, און יענע טײַנען פֿאַרקערט, זיי וואַרטן אױף די עלטערן אין ביראָבידזשאַן...

זאַלמען דער באָנדער איז געווען אויסער־זיך. ער איז אַוועק צום פּאָרזיצער פֿונעם קאָלווירט, פּרידל לעמבערגן, און געבעטן, אַז יענער זאָל זיך אַרײַנלייגן אין דער מיט. אַוועקזעצן זיך, הייסט עס, און אָנשרײַבן קיין ביראָבידזשאַן דער נאַטשאַלסטווע, אַז מע זאָל אָפּלאָזן אַהיים יאָשקען, וואָס איז בײַ אים, בײַ זאַלמען באָנדער פֿון באַפּאָליע, אַ בעניאָכיד, און ער, דער טאַטע, האַלט אים אין לערנען זײַן אַ באָנדער און דער קאָלווירט נייטיקט זיך שטאַרק אין אַזאַ מין באַלמעלאָכע, און ווי נאָר זיי וועלן דאָרט באַקומען דאָס פּאַפּירל, זאָל מען גלײַך אָפּשיקן אַהיים יאָשקען.

— נו, גוט, רעב זאַלמען, מיך האָט איר שוין אײַנגערעדט, — האָט אים איידל איבערגעשלאָגן פּרידל לעמבערג, — נו, און דעם זון אײַערן, יאָשקען, האָט איר שוין אויך אײַנגערעדט?..

— ער שרײַבט, אַז אים איז דאָרטן געפֿעלן, ער אַרבעט און פֿילט זיך גאַנץ גוט... נאָר ווען איר שרײַבט אָן זײַן נאַטשאַלסטווע, עפּשער וואָלטן זיי אים אָפּגעשיקט אַהיים...

— מיטן עטאַפּ, צי אַזוי?..

— וואָס זשע, כאַווער פּאָרזיצער, איר כויזעקט פֿון מיר? איך בין דאָך צו אײַך געקומען נאָך אַ טויווע... און איר... וואָס זשע, איך האָב זיך מיט מײַן אַרבעט אין אַרטעל ניט פֿאַרדינט, איר זאָלט מיר טאָן אַ טויווע?.. שרײַבט, כ'בעט אײַך, אָז, עפּשער וועט מײַן יאָשקע פֿאָרט זיך אומקערן אַהיים...

פרידל לעמבערג איז אליין א באפאליער און געהער גראדע צו יענע פראסטע מענטשן־יישווי־ניקעס, וועלכע דארפן ניט קריכן אין קעשענע נאך א ווארט. ער געהערט אויך צו דעם היגן שייוועט כאכמאטשעס. באטראכט א לאנגע רעגע דעם פארומערטן באנדער, האט ער זיך אנגערופן:

— זאגט נאר, מיין טייערער זאלמען, איר האט אמאל געהערט א געשיכטע וועגן ריווקע דער קורעלאפניצע, וואס האט פארקויפט הינער אפן ציגיינערשן מארק?..

— וואס פאר א געשיכטע? עפעס געדענק איך ניט, אדרעבע, דערציילט...

— איז הערט מיט קאפ. געווען איז דאס שוין גאר לאנג. אין א שיינעם פרימארגן איז פון דער קליפע אנטלאפן דער מאן, בערל דער בלעכער. טאקע געווען מיינער א נאענטער שאכן. אנטלאפן פון איר, ווי מע זאגט עס, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט, אן א זיי־געזונט און גיי זוך אים. די דאזיקע ריווקע האט שוין זיך אויסגעוויינט די אויגן. איז אוועק צום ראוו, געפאלן אים צו די פיס מיט א געוויין: „רעבע, איך בין אומגליקלעך! מיין מאן, א מאקע אים אין דער לעבער, איז פון מיר אנטלאפן און דערלעבט ניט זיך אומקערן. איר ווייסט דאך אלץ, טא זאגט מיר, רעבע, מיין יאנקל וועט זיך אומקערן, צי ניט?"

דער ראוו איז געווען גראדע אין באפאליע א נייער מענטש, אקארשט געקומען אהער פון טאלנע און זיך באזעצט אפן ארט פונעם פארשטארבענעם רעבן. ער האט די ריווקע אין פאנעם קיינמאל ניט געזען.

זי וויינט פאר אים, און ער שאקלט מיטן קאפ, לייענט די טוירע און ענטפערט איר:

— גיי דיר, טאכטערקע, אהיים און ווארט. אין צווי וואכן ארום וועט ער זיך, מירצעשעם, אומ־קערן, דיין טייערער מאן...

די ריווקע הייבט זיך אוף און לאזט זיך צו דער טיר א דערפרייטע. עפעס א קליייניקייט? דער ראוו אליין האט געזאגט, אז דער מאן, דער שלימאזל, וועט זיך צו איר אומקערן.

און פון יענער זייט טיר שטייט, נעבעך, דעם רעבנס שאמעס, קוקט אף דער יידענע און שאקלט מיטן קאפ:

— ווייסעך וואס... ער וועט זיך ניט אומקערן...

דורכגעגאן די פאר וואכן — נישטא דער כאסן־באכער! זיך ניט אומגעקערט...

לויפט ריווקע ווידער אוועק צום ראוו מיט א געוויין:

— רעבע, ער איז ניט געקומען... וואס טוט מען?

— גיי דיר, טעכטערל, מיט גאטס הילף, אהיים און ווארט, — רופט זיך אן דער רעבע. — עס וועט אוועק נאך איין כוידעש צייט, און ער וועט זיך צו דיר אומקערן...

ווידער א דערפרייטע, לאזט זיך די קורעלאפניצע צו דער טיר און דערזעט פון יענער זייט שוועל ווידער דעם שאמעס. יענער דרייט מיטן קאפ:

— ניין... דער מאן וועט זיך ניט אומקערן...

א שפיי געטאן אפן שאמעס, אים אפגעצוואגן מיט א גאנצן צעבער זידלערייען און אוועק אהיים. געווארט א וואך, א צווייטע, א דריטע, א כוידעש. א נעכטיקער טאג! נישטא דער מאן!

דא איז שוין ריווקע ארויס פון די קיילים, אוועקגעלאפן צום ראוו און זיך ארופגעווארפן אף אים:

— א רעבע זענט איר? איר זענט אזא רעבע, ווי איך בין א רעבעצן! איר ווייסט מער פון א טויטן... וואס בא אייער שאמעס אין די פיאטעס, איז נישטא בא אייך אין קאפ! איר טיינעט, אז מיין מאן וועט קומען, דערלעבט ער ניט צו קומען, און אייער שאמעס זאגט, אז ער וועט זיך ניט אומ־קערן, באקומט זיך, לויט אייער שאמעסעס רייד. ווער זשע איז דער עמעסער רעבע, איר צי אייער שאמעס?..

דא האט זיך שוין דער רעבע פארלוירן און רופט אריין צו זיך דעם שאמעס און צעשרייט זיך אף אים:

— רעב געדאליע, וואס קומט דא בא אונדז פאר? איך זאג דער יידענע, אז איר מאן וועט זיך אומקערן, קערט ער זיך ניט אום, און דו זאגסט איר, אז ער וועט זיך ניט אומקערן, בלייבט עס לויט דיינע רייד... וואס זשע הייסט עס, וויאזוי זשע קענען מיר ארבעטן צוזאמען, אז דו ווייסט מער, ווי דער רעבע?..

— זאל גאט היטן! — רופט זיך אן דער שאמעס. — ס'איז א פאשעטע זאך, רעבעניו... ווען איר זאגט דער קורעלאפניצע, אז איר מאן וועט זיך אט־אט אומקערן, קוקט איר אין דער צייט אריין אין דער טוירע, אינעם כייפער, און ניט אף איר, אף דער יידענע... און איך קוק גראדע אף איר, זע איך, אז יענער וועט זיך קיינמאל אין לעבן ניט אומקערן צו אזא קראסאוויצע...

דער באנדער איז געבליבן שטיין פארלוירן, געשטאמלט א פאר ווערטער, און פרידל לעמבערג האט צוגעגעבן:

— איר פֿאַרשטייט, כאַווער זאַלמען... איך האָב אײַער באַקאַשע אויסגעהערט מיט קאָפּ, נאָר כ׳קען אײַך מיט גאָרנישט ניט העלפֿן. שרײַבן קיין ביראָבידזשאַן נאַרישע בריוועלעך, קאָן איך ניט... ערשט נעכטן האָט מיר שויעל דער זיפּנמאַכער באַוויזן דעם בריוו פֿון זײַן בענאַק, האָב איך איבערגעלייענט און געקומען צום סייכל, אַז די כעוורע, דאָס הייסט, דאָווידקע און אײַער יאַשקע, וועלן זיך אַהיים ניט אומקערן... זיי וועלן דאָרטן פֿאַרבלײַבן. איך קען די יונגאַטשעס. דאָס זײַנען יאַטן פֿון יאַטנלאַנד! אַז זיי האָבן עפּעס פֿאַרטראַכט, וועלן זיי עס דורכפֿירן. ווערסט זיי ניט איבעררײדן. וואָס זשע, איר זעט ניט, וואָס עס קומט איצט פֿאָר אין שטעטל? ביראָבידזשאַן, פֿאַרקערט, איז אַ לעבעדיקע זאַך! און איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז אויב עס איז פֿאַראַן אַזאַ אוקאַז, ווערט מען זיך נעמען מיט פֿאַרקאַטשעטע אַרבל און עס וועט ווערן אַ גרויסאַרטיקע געגנט. דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער געשיכטע. עס איז עפּעס, מיינט איר, אַ שפּילכל? דאָס איז אַ גאָסודאַרסטווענע זאַך. איז פֿאַרוואָס זשע זאָלט איר ניט פֿאַרגינען די כעוורע אונדזערע, זיי זאָלן דאָרט אויך אונטערשטעלן אַ פּלייצע? איר דאַרפֿט זײַן צופֿרידן.

— יאָ, שטאַרק צופֿרידן!.. געבליבן איינער אַליין, ווי אַ סיטש... — האָט זאַלמען דער באָנדער אַרײַנגעשטעלט און פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך באַנאַרישט, וואָס ער איז געקומען צו דעם פּאָרזיצער מיט אַזאַ באַקאָשע.

— איר פֿאַרשטייט, כאַווער זאַלמען, ווען מע באַפֿרײַט מיך פֿון פּאָרזיצערײַ, מעגט איר מיר גלייבן, אַז איך וואָלט אויך אַהין אַוועקגעפֿאָרן. איך און מײַן ווײַב וואָלטן גלײַך אַהין אַוועק, נאָר די באַלעבאַטים מײַנע לאָזן מיך ניט אָפּ, זיי זאָגן, אַז דאָ, אין באַפּאָליע, דאַרף מען אויך מענטשן.

פֿונעם פּאָרזיצער איז זאַלמען דער באָנדער אַוועקגעגאַן, ווי אַן אָפּגעבריטער, געמיינט, ער וועט אים העלפֿן, נאָר געבליבן צום נאַר. איצט ווייסט ער שוין אינגאַנצן ניט, וואָס ער זאָל טאָן. אַ גרויסער פֿאַרדראָס האָט אים געמאַטערט דערפֿון, וואָס ער האָט זיך אַזוי נאַריש צעוועדטלט און צעקריגט מיט זײַן בעסטן גוטן־ברודער און וועט שוין יענעמס שוועל ניט קענען אַריבערטרעטן. פֿרוּוון זיך איבערבעטן איז דאָך ניט שײַעך. אַלע ווייסן גוט, אַז ער, זאַלמען דער באָנדער, איז אַ גוטער, נאָר טאָמער טרעט מען אים אָן אויף דער מאָזאָליע, וועט ער אויף לאַנג פֿאַרטײַען זײַן קאַס און זײַן רויגעז.

אַזאַ מענטש איז ער!

דער סיכסעך צווישן דעם באָנדער און דעם זיפּנמאַכער האָט אין באַפּאָליע אַרויסגערופֿן ניט ווייניק געלעכטער, שטעכווערטלעך. הערט נאָר אַ מײַסע, אַזויפֿיל יאָרן געווען באַפֿרײַנדעט, קיין מינוט זיך ניט געקאָנט באַגיין איינער אָן דעם צווייטן און מיטאַמאָל זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַן זייערע וועגן! נאַראָנים, האָט מען זיי געטאַדלט, וואָס טראַכט איר זיך? אַז דער אייבערשטער האָט אײַך געהאָלפֿן און איר האָט זיך דערוווּסט, אַז אײַערע יונגאַטשעס לעבן און זײַנען געזונט, האָבן זיך באַזעצט אויף אַ נײַ שטיקל ערד, אַרבעטן, פֿאַרדינען זיך דאָס שטיקל ברויט און רופֿן נאָך אײַך צו זיך — איז דאָך גוט! געווען געדאַרפֿט אַ קוק טאָן אויף זיך אין יענער צײַט, ווען איר זײַט אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ און זיך ניט פֿאָרגעשטעלט, וווּהין זײַנען אַהינגעקומען אײַערע באָנים. איר דאַרפֿט דאָך איצט זײַן אויפֿן זיבעטן הימל! באַקומען אַזאַ שיינעם גרוס פֿון זיי. דערצו נאָך, געפֿינען זיי זיך אין ביראָבידזשאַן, אין דער ייִדישער געגנט, מע גייט אויף קורסן, און ווער ווייסט, וואָס פֿון די כעוורע קאָן דאָרטן אויסוואַקסן. זיי קאָנען נאָך אַמאָל ווערן דאָרט גרויסע נאַטשאַלניקעס און דערנאָך וועט איר זיך אויפֿעסן לעבעדיקערהייט, וואָס איר האָט זיך מיט זיי צעקריגט.

דער באַפּאָליער אוילעם האָט שוין אַזאַ טעווע, פֿון אַלץ מאַכן אַ געלעכטערל. אין דער צײַט, ווען באַ פּעסיען איז געווען אָנגעזאָליעט אויפֿן האַרצן ביז לעצט, האָבן יענע זיך געכאָכמעט, געטריבן קאַטאָוועס.

אייניקע האָבן געברײַעט, אַז די כעוורע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַזוי ווײַט, ווײַל דאָרטן קאָן מען זיך אָפּשפּאָרן עטלעכע שיינע קערבלעך און זיך אומקערן אַהיים, פֿאַרפּוצט אין גרויסאַרטיקע מאַנטלען און קאַפּעליושן. אַנדערע האָבן געזאָגט פּעסיען, זי זאָל זיך ניט זאָרגן, די כעוורע וועלן זיך דאָרטן אויסזוכן גוטע קאַלעס און זיך אומקערן אַהיים מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע קינדערלעך, און זי וועט האָבן וועמען צו ניאַנטשען.

און כאָטש פּעסיע האָט אַליין געהאַלטן פֿון כאָכמעס און גלײַכווערטלעך, אַליין געווען אַ בעריע אויף די דאָזיקע זאַכן, נאָר איצט איז זי ניט געווען באַם לאַכן. פֿאַרקערט, זי איז אומגעגאַן בייז. און ניט אַזוי אויף דעם זון, ווי אויף שויעלן. זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס איז ער אַזוי גלײַכגילטיק צו דער זאַך און טוט גאָרניט, כדי אומקערן אַהיים דאָווידקען און יאַשקע דעם רויטן? פֿאַרוואָס הייבט ער ניט אויף קיין גוואַלד, די גאַנצע וועלט זאָל עס דערהערן? ניט אַנדערש, ווי ער איז גראַדע צופֿרידן פֿונעם גאַנצן איניען. אָנשטאָט אָנשרײַבן דאָווידקען אַזוי און אַזוי, עס זאָל אים פֿינצטער ווערן אין די אויגן, ער זאָל באַלד אומקערן זיך אַהיים, שמייכלט ער אונטער, ווי גלײַך דאָס זאָל זײַן ניט זײַן זון, נאָר עפּעס אַן אונטערגעוואָרפֿענער...

און זי האָט זיך אַליין גענומען פֿאַר דער פֿען.

זינט זי לעבט, האָט זי אַזוי פיל ניט געשריבן, ווי איצט. זי האָט פאַרן זון אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ. מוידיע געווען, אַז זי וועט אים אַלץ מויכל זיין, אויב ער וועט זיך גלייך אומקערן אַהיים. ער דאַרף ניט מוירע האָבן אַרײַנכאַפּן פון איר און פונעם טאַטן אַן אומקאָוועד, מע וועט אים און יאַשקען באַגעגענען בעקאָוועד גאָדל. זי פילט זיך גליקלעך, וואָס זי האָט דערלעבט באַקומען פון אים אַ בריוו, אַז ער איז געזונט און שטאַרק, און מע ווייסט שוין, ווו ער שטעקט אַן, וווהין דער ביטערער גוירל האָט אים מיטן צעדרייטן יאַשקען פאַרטראָגן.

מיט אירע בריוולעך און קאַרטלעך האָט זי געמיינט אַרויסטרײַבן פון אים דעם אַקשן, מאַכן אים ווייכער דאָס האַרץ. נאָר אים האָט עס אַף קיין האָר ניט גערירט. יעדעס מאָל האָט ער געענטפערט, אַז אַף דעם נײַעם אָרט האָבן ער און יאַשקע זיך שיין אײַנגעאָרדנט און מע לעבט זיך גאַנץ גוט. מע האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט און זייערע נעמען שטייען שוין אַפן רויטן טאָוול אינמיטן דער שטאָט, און ניט נאָר די נעמען, נאָר אויך זייערע פאָרטרעטן. און צום סאָף פון יעדער בריוו שרײַבט ער איינס און דאָס זעלבע — זיי וואָלטן געטאָן, ווי די גרויסע כאַכאָמים, ווען זיי פאָרן אויך אַרויס אַהער. הונדערטער מישפּאָכעס פון אַלע עקן לאַנד זײַנען שוין אַהער אַריבערגעפאָרן. עמעסע האָרעפּאַשניקעס זײַנען זייער צופרידן, וואָס זיי זײַנען אַהער געקומען אונטערשטעלן אַ פּלייצע.

שויעל האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז די מאַמע וועט דאָווידקען ניט איבעריידן, עס וועט איר גאַרנישט ניט העלפן — די כעוורע האָבן זיך פעסט דאָרטן אײַנגעפונדעוועט, זעט אויס, אַף שטענדיק און מע דאַרף עפּעס צוטראַכטן.

דערווײַל איז געגאַן די צײַט, ווי עמעצער וואָלט זי אונטערגעטריבן. אַוועק דער זומער, דער האַרבסט, דער ווינטער און מע זעט ניט, אַז די יונגאַטשעס זאָלן זיך קלײַבן אַהיים. שויעל האָט שוין אָנגעהויבן קלערן, אַז אויב דער באַרג גייט ניט צו מאַהאָמעטן, דאַרף מאַהאָמעט גיין צום באַרג... אַזאַ מאַכשאָווע האָט זיך פאַרקליבן צו שויעלן אין מויעך. נאָר ער האָט עס דערווײַל געהאַלטן בעסאָד־כוידעס, פעסיע זאָל זיך וועגן זײַן געדאַנק ניט דערוויסן.

זי איז, נעבעך, מיט יעדן טאָג אַלץ מער געפאַלן בא זיך. קיינמאָל, דאַכט זיך, האָט זי זיך ניט פאַרטראַכט אַף איר גוירל און אַפן גוירל פון אירע קינדער, אַזוי ווי איצט. אַנטקעגן אַנדערע באַפאַליער ווײַבער פלעגט זי זיך קימאַט פילן גליקלעך. זי האָט פאַרמאָגט טײַערע קינדער, וועלכע דאָס גאַנצע שטעטל האָט שטאַרק געליבט, איר מאַן איז דאָ געווען אַ גאַנץ כאַשעווער מענטש און מע האָט שטאַרק געהאַלטן פון אים. די געשעפטן בא דער אַרבעט זײַנען געגאַן בא אים ניט שלעכט. איז אָט האָסטו דיר — איין צאָרע נאָך דער אַנדערער. ניט גענוג געווען ליזעס אומגליק, דער גרויסער אומגליק מיט שיקען, איז אָנגעשיקט געוואָרן אַ נײַע צאָרע, וואָס לאָזט ניט לעבן: אַוועק פון דער היים דאָווידקע אַן אַ זײַ־געזונט און דער מאַזיק טראַכט אַפילע ניט וועגן אומקערן זיך. פאַרקערט, פאָדערט נאָך, זיי זאָלן זיך אַריבערקלײַבן צו אים אַהין, אין דער טײַגע, ווו מע דאַרף אָנהייבן דאָס לעבן פון סאַמע אָנהייב. פאַרפּוצן זיך אין נײַע שטעקשיכלעך, זיך צעברעכן און לויפן צו אים...

און גיי רעד מיט אים!

גיי דערצייל דעם מאַזיק, אַז דאָ, אין באַפאַליע, איז זי אויסגעוואַקסן, דאָ האָט זי פאַרזוכט אַף איר לעבן סײַ קאַלטס, סײַ וואַרעמס, דאָ איז מען אויסגעשטאַנען לייד און פרייד. אַפן אַלטן בעסוילעם געפינען זיך די הייליקע קוואָרים פון אירע עלטערן, פון אירע זיידעס און באָבעס, אַף וועמען זשע קאָן זי זיי איבערלאָזן? אָט דאָ, אַף דער ערד, האָט זי אָפּגעלעבט אַ לעבן, אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער, איבערגעלעבט פּאָגראָמען, רעדיפעס, קאָלערליי באַליידיקונגען און נאָך דער רועך ווייסט וואָס, און ניט פאַרלאָזט די היים. ווײַל איצט דאָווידקע און זײַן טײַערער יאַשקע, מע זאָל פאַרלאָזן די לײַבלעכע היים, מיט וועלכער מע איז פאַרבונדן מיט צענדליקער פעדעם.

עטלעכע מאָל האָט די מאַמע דאָס אַלץ אַרויסגעשריבן דעם מאַזיק, געגעבן צו דערקלערן. מיינט איר, אַז עס האָט איר געהאָלפן? אַ נעכטיקער טאָג! דאָווידקע האָט איר געענטפערט, אַז דאָס אַלץ פאַרשטייט ער זייער גוט, נאָר זי דאַרף דאָך וויסן, אַז ער רופט ניט די עלטערן ערגעץ אין אַ פרעמדער מעדינע. באַפאַליע און ביראָבידזשאַן דאָס איז דאָך איין אייגענע ערד. אונדזער לאַנד און אַלע דאַרפן העלפן אויסבויען דאָ אַ שיינע געגנט.

פעסיע איז דורך די נעכט ניט געשלאָפן און געטראַכט.

עפּעס האָט דאָווידקע גאָר קיינמאָל מיט איר ניט גערעדט, אַז ער קלײַבט זיך ערגעץ אַוועקפאָרן. קיינמאָל האָט ער אין שטוב ניט דערמאָנט וועגן ביראָבידזשאַן. פאַרוואָס זשע האָט עס אים פּלוצעם אַהין פאַרטראָגן? עפּעס דאַרף דאָ ליגן אַ הונט באַגראָבן. עמעצער האָט אים, דאַכט זיך, אַראָפּגעפירט פונעם גלײַכן וועג. צי איז דאָס ניט פאַרבונדן מיט אַ ליבע, מיט אַ מיידל?..

אויב דאָס איז אַזוי, האָט זי געטראַכט, איז ניט פּאַשעט אים אַרויסרײַסן פון דאָרטן. אַ ליבע קאָן דערפירן דער רועך ווייסט וווהין! אַפילע אין עק וועלט. אַ ליבע איז אַ בלינדע זאַך, און דער גרעסטער גיבער, דער גרעסטער כאָכעם קאָן פאַרלירן דעם קאָפּ. און זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. האָט אַלץ אָפטער גענומען טאַטשען דעם מאַן:

— שויעל, וואָס שווײַגסטו? וואָס טוט מען און וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?

ער האָט געקנייטשט מיט די אקסלען און געענטפערט:

— וואָס פרעגסטו בא מיר? איך זאָל אזוי ניט וויסן פון קיין בייזער וועטשערע, ווי איך ווייס ניט וואָס מע טוט.

כאָטש צווישן אונדז גערעדט, האָט ער יאָ געוווּסט, — מע דארף זיך צוגעווינען צום געדאנק, אז דער יונג וועט זיך אהער ניט אומקערן. און מע דארף זיך צוגעווינען צו דעם, ווי עס האָבן זיך צוגעווינט א סאך שכיינים, וועמענס קינדער עס האָבן פארלאָזט דאָס שטעטל, די היים...

שוין א לענגערע צײַט, ווי די ארומיקע פעלדער געבן ניט קיין גערעטעניש. הייבט זיך נאָר אָן דער פרילינג, קומען באלד די היצן, און די פארזייטע פעלדער גייען אויס, כאָלעשן מאמעש נאָך א טרונק וואסער, נאָך א ביסל רעגן.

און ווי אפצולאָכעס באווײַזט זיך ניט קיין כמארע אין ערגעץ, כאָטש — שרײַ גוואלד. ניט קיין גאָרטנווארג, ניט קיין טווּע. דער הונגער רוקט זיך מיט זײַנע מוירעדיקע טריט.

פון די ארומיקע דערפער האָבן זיך אוועקגעלאָזט אָן א שיר פויערים אין שטאָט נאָך ברויט. פוסט זײַנען געוואָרן א סאך דערפער און ייִשווּים. דער יאקרעס אין שטעטל איז געוואקסן. אין קאָמבינאט זײַנען די געשעפטן אוועק אלץ ערגער, עס איז אינגאנצן ניט געווען וואָס צו טאָן.

אין אזעלכע טעג האָט זיך צו שויעלן געיאוועט דער פלאַן, אז מע וואָלט, מעגלעך, געדארפט אוועקפאָרן אף א שטיק צײַט צום זון.

אלץ שווערער און שווערער איז אָנגעקומען קריגן דאָס שטיקל ברויט, האָדעווען די קינדער מיטן ווײַב. דאָס ביסל אויפעס, וואָס איז ארומגעלאָפן ארום דער שטוב, האָט מען אופגעגעסן. מע האָט שוין געהאט אָנגעהויבן פארקויפן פון דער שטוב זאכן, אָנטאָן, קעדיי אײַנקויפן עסנווארג.

א שטארקע מאָרעשכוירע איז אָנגעפאלן אף באפאָליע. פון די ארומיקע פעלדער האָט געווייעט מיט פוסטקײַט, די גערטנער זײַנען געווען פארוואקסן מיט ווילדגראָז און בודיעקעס, און דער אוילעם איז אינגאנצן געפאלן בא זיך. ווער עס האָט געהאט אין די גרעסערע שטעט קרויווים, איז אף א צײַט אריבערגעפאָרן צו זיי, קעדיי איבערוואַרטן דעם אומגליק, אנדערע האָבן זיך איבערגעצויגן אין די זאטע מעקוימעס, קעדיי אין א צײַט ארום זיך אומקערן צוריק.

און שויעל דער זיפנמאכער האָט אויך אָנגעהויבן טראכטן, אז ער וועט זיך מיט דער מישפּאָכע אוועקלאָזן צום בענאָק און דערנאָך וועט ער מיט אים צוזאמען אומקערן זיך קיין באפאָליע.

ווען ער האָט וועגן דעם געזאָגט דער פלוינעסטע, האָט זי זיך צעווײנט אף א קאָל און געטײַנעט, אז ער מעג זיך פאָרן וווהין ער וויל, נאָר זי וועט די שטוב ניט ווארפן, ווײַל אויב די אונטערוואקסנדיקע קינדער וועלן זען, אז מע קאָן זיך פירן מיט די עלטערן, ווי מע וויל, אז מע מעג זיך ניט רעכענען מיט זיי, וועט מען מיט דער צײַט אָפּטאָן נאָך שענערע שפּיצלעך, ווי עס האָט אָפּגעטאָן דאָווידקע.

שויעל האָט אין אזא צײַט ניט געוואָלט זיך קריגן מיטן ווײַב. ער האָט גענומען אין א טאָרבעלע דאָס ביסל געצײַג זײַנס און אוועקגעגאן אף עטלעכע טעג אין די נאָענטע דערפלעך, פאריכט בא די פויערים א שטוב, א קלוניע, באקומען פאר דער ארבעט דאָס ביסל קארטאָפליעס, פאסאָליעס און זיך אומגעקערט אהיים אונטערהאלטן באם לעבן די קינדער.

אזוי טאָג־איין, טאָג־אויס. אין בלאָטעס, אין סליאָטעס, אונטער רעגנס און ווינטן, האָט ער זיך געשלעפּט מיט די באקאנטע שליאכן איבער די דערפלעך.

פעסיע האָט צוגעזען, ווי ער מוטשעט זיך, און אים אופגעהערט דערקיטשען. זי האָט באשטימט, אז זאָל ער טאָן ווי ער פארשטייט. שויעל, ווידער, האָט גוט פארשטאנען, אז דער ווינטער וועט זײַן נאָך שווערער. און ער האָט פעסיען אפילע ניט געזאָגט, אז צוריק מיט א שטיקל צײַט איז ער שטילערהייט אוועקגעפאָרן קיין וויניצע און זיך פארשריבן איבערוואנדערן מיטן ערשטן עשעלאָן, וואָס גרייט זיך אין וועג.

און ווען ער האָט באקומען די יעדיִע, אז ער דארף קומען מיט זײַן מישפּאָכע און מיט דעם ביסל האָב־און־גוטס אפן זאמלפונקט, האָט ער געהייסן פעסיען זיך פאקעווען.

דרײַ טעג איז איבערגעבליבן ביזן פארלאָזן די היים. ערשט האָט שויעל זיך געכאפּט, אז ער האָט נאָך א סאך אָפּצוטאָן. מע דארף זיך געזעגענען מיט די נאָענטע פרײַנט, און, דעריקער, פארבייגן דעם קאָפּ און ארײַנגיין צו זײַן בארויגעזן אלטן גוטן־ברודער זאלמען דעם באָנדער. ער וואָלט אים געקאָנט מיטנעמען מיט זיך, ווען יענער וויל.

און ער איז אוועקגעגאן צום אקשן.

זאלמען דער באָנדער האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט, אז ער קלײַבט זיך אין ערגעץ ניט פאָרן. אויב דער אייגענער בענאָק איז זיך אזוי מיט אים באגאנגען, אזוי פארשמירט אים דאָס פּאָנעם, וויל ער פון אים ניט וויסן. און האָדיע.

שויעל האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער, זיך איבערצײַגט, אַז מיט זײַן קומען האָט ער אים דאָס האַרץ ניט ווייכער געמאַכט און, אַ שמייכל געטאָן, געענטפערט:

— ניין איז ניין... איז ניט געטאַנצט מיטן בער...

און איז אַוועקגעגאַן אַן אָפּגעבראַכטער: לוידײַ, וואָס ער, שויעל, האָט פאַרבויגן דעם פאַרדראָס אָפן גוטן־ברודער און געקומען צו אים אין שטוב, בלאָזט ער זיך נאָך...

איז מײַלע.

און ער האָט זיך האָסטיקער גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן, פּאַקעווען די זאַכן.

פּעסיען האָט מען די טעג ניט געקאָנט דערקענען. זי האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט פאַרגאָסן אַזוי פיל טרערן, ווי אַצינד. אַלע טאָג געגאַנגען אָפן בעסוילעם זיך אויסריידן דאָס האַרץ, דערמאָנען טאַטע־מאַמע, מע זאָל דאַרטן בעטן, די רײַזע זאָל זײַן אַ גרינגע, דאָס שטיקל מאַזל זאָל זיך ניט אָפּקערן פון זיי. און נאָך האָט זי בײַ זיי געבעטן מעכילע, וואָס עס קומט אויס פאַרלאָזן די היים, די הייליקע קוואָרים. צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר עס וועט איבערגיין די שווערע צײַט, וועט זי זיך אומקערן צוריק. זי וועט אײַנריידן דאָווידקען, ער זאָל זיך אויך אומקערן. זי וועט כאָטש צופאָרן צום קייווער פון איר עלטערן זון שיקען, וואָס האָט באַקומען זײַן אייביקע רו אין דער פרעמד, בײַס ער מיט זײַנע סאָלדאַטן זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין שלאַכט מיטן סוינע... ווײַל אינדערעמעסן פאָרט זי אַוועק פון דער היים — טאַקע צוליב דעם אויך. זי מוז כאָטש איין מאָל אין לעבן זיך פאַרנייגן פאַר שיקעס קייווער...

די טעג איז פּעסיע אויך אַרומגעגאַן איבער די שטיבער פון אַלע אירע קרויווים — נאָענטע און ווײַטע — זיך געזעגנט, געבעטן, מע זאָל איר מויכל זײַן, אויב זי האָט זיך ווען־ניט־איז פאַרשולדיקט פאַר עמעצן. מע זאָל זי, כאַלילע, ניט דערמאָנען צום שלעכטן. און נאָך האָט זי געבעטן, מע זאָל דאָ אָפּהיטן איר שטיבל, ווײַל ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, וועט זי מיט גאָטס הילף זיך אומקערן.

שויעלן האָט זי געבעטן, אַז די פור, וואָס ער האָט באַשטעלט, קעדיי זיי אָפּפירן צו דער סטאַנציע, זאָל קומען קאַיאָר, ווען דאָס שטעטל וועט נאָך שלאָפן. קיינער זאָל ניט זען, ווען מע פאָרט אַרויס, זי וויל ניט, עמעצער זאָל זיי באַגלייטן. מע וועט אויפהייבן אַ טומל, אַ געוויין, און איר האַרץ וועט צעריסן ווערן פון ווייטיק. זאָל מען אַרויספאָרן שטילערהייט...

די לעצטע פאָר נעכט איז שויעל קימאַט ניט געשלאָפן. ווי נאָר ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און אָנגעהויבן דרעמלען, האָבן אים גלײַך אויפגערודערט בייזע כאַלוימעס, אים ניט געלאָזט אָטעמען. זיך אויפגעהויבן, אַרופגעכאַפּט אָף די אַקסלען דאָס רעקל, איז ער שטילערהייט אַרויסגעגאַן פון דער שטוב און זיך אײַנגעקוקט אינעם אָנגעכמורעטן הימל. אים האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן דוכטן, אַז די צײַט גייט גאָר פּאַמעלעך. ער האָט שוין געוואָלט, מע זאָל זיך וואָס גיכער אַוועקלאָזן אין וועג, וועט ניט זײַן קיין צײַט איבערצוטראַכטן דער רועך ווייסט וואָס.

און די צײַט איז געקומען.

די נאַכט האָט זיך נאָך ניט אויסגעלאָזט, בלוי איז געווען די אַרומיקע וועלט, ווען ער איז שטילערהייט אַראָפּ פונעם בעט, אַ טאָרע געטאָן דאָס ווײַב און געהייסן זיך אָנטאָן און אופוועקן די קינדער.

ווען ער איז אַרויסגעגאַן אָף יענער זײַט שוועל, האָט ער דערהערט אַ שטילן געהילך פון אַ פור, וואָס האָט זיך דערנעענטערט, און ער האָט דערקענט זיסיע סאַראָקער, דעם אָנטרײַבער, ריכטיקער געזאָגט, דעם קאָניוך פון דעם בײַשטעטלדיקן קאָלווירט: אַ קרעפּטיקער, געזעצטער פאַרשוין מיט אַ קײַלעכדיק־פאַרברוינט פּאָנעם, אַ באַוואַקסנס מיט שוואַרצע און גראָוולעכע הערעלעך און מיט אַ פּאָר לאַנגע וואָנצעס ווי בײַ אַ קאָזאַק. זיסיע סאַראָקער האָט עפּעס אַ באָמקע געגעבן אונטער דער נאָז און אָפּגעשטעלט די פערדלעך, אָף וועלכע מע האָט געקאָנט איבערציילן אַלע ריפּן.

— וואָס זשע, שויעל, איר האָט טאַקע געדרעשעט פאָרן? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, פאַריכטנדיק דעם געשפּאַן אָף זײַנע סוסים.

שויעל האָט צעפירט מיט די הענט, ווי איינער רעדט: „וואָס קאָן מען מאַכן?"

ער איז געווען צופרידן, וואָס דער פּאַרזיצער פונעם קאָלווירט פרידל לעמבערג האָט גראָדע אויסגעטיילט אין דער יאַזדע זיסיען, דעם עלטערן קאָניוך. מיט זיסיע סאַראָקערן איז ער שוין פון לאַנג גוט באַקאַנט, נאָך פון דעמלט, ווען יענער איז געווען אין באַפּאַליע אַ באַלעגאָלע, געפירט פאַרשוינען צו דער סטאַנציע און געמוזט פאַרמאַכן זײַן פירמע נאָך דעם, ווי מע האָט אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל אַן אווטאָבוס און זיסיעס געשעפטן זײַנען אַוועק ביטער, כאָטש לייג זיך אַוועק און שטאַרב.

טאַקע דעמלט איז זיסיע סאַראָקער געקומען צו שויעלן נאָך אַן אייצע, און שויעל האָט אים פאַרגעלייגט זיך זעצן לעבן אים באַם וואַרשטאַט וועט ער אים אויסלערנען אויסאַרבעטן זיפּן און עס וועט אַ סאַך נעמען צו זײַן באַלעגאָלערײַ.

זיסיע סאַראָקער האָט זיך לאַנג געוואַקלט, ניט געקענט בײַ זיך באַשטימען, וואָס טאָן. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען אַ מעטופּל מיט קינדער און געבליבן אָן פּאַרנאָסע, האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זײַנע פערד און זיך געזעצט לעבן שויעלן אין אַרטעל, אינעם קאָמבינאַט, לערנען יענעמס מעלאָכע.

באַ זיסיען האָט זיך אָבער גאָרנישט ניט באַקומען. זײַן באַ די יאָרן אַ לערן־ײַנגל איז גאָרניט אַזוי גלאַט. כוץ דעם, האָט ער שטאַרק געבענקט נאָך זײַן אַלטער מעלאָכע, נאָך זײַנע כוכים. און װען מע האָט אין קאָמבינאַט דערלויבט דעם פּאַרוואָלטער האַלטן אַ ברישקע מיט אַ פּאָר פערד, האָט פרידל לעמבערג געײַצעט דעם פּאַרוואָלטער נעמען פאַר אַן אָנטרײַבער זיסיען, און עס איז װידער אַװעק אַ גאַנג. עמעס, אַף זיסיען האָט שטענדיק געלויערט די געפאַר: עס איז געגאַן אַ רייד, אַז מע װעט אײַנגיכן געבן דעם קאָמבינאַט אַ מאַשין און מע װעט אָפּשאַפן די ברישקע. נאָר דערװײַל איז ער געזעסן אַף דער קעלניע, װי אַ פּאָרעץ, אין אַ בלויען בעגעד — אַ ספּעצאָווקע, — אין אַ שפּאָגל־נײַעם קאַשקעט מיט אַ גלאַנצנדיקן דאַשעק, און די פערד זײַנען באַ אים געגאַנגען, װי די אָדלערס. זיסיע סאַראַקער איז געװאָרן אין קאָמבינאַט אַ כאָשעװער מענטש, װײַל װער איז נאָך געװען אַזוי נאָענט צום פּאַרוואָלטער, װי ער?

ער װאָלט זיך שוין אַזוי פּאַװאָליע געקענט אויסלעבן זײַנע יאָרן אַף דער קלינגענדיקער ברישקע מיט די בולאַנע סוסים. רופט מען אָבער אַרויס פרידל לעמבערגן אין פּאַרטײַ־קאָמיטעט און מע באַשטימט אים פאַר אַ פּאָרזיצער פונעם בײַשטעטלדיקן קאָלווירט. און װען לעמבערג האָט זיך געדאַרפט אונטערקלײַבן אַ יעזדאָװוע און אײַנצײַטיק אַן עלטערן קאָניוך, איז דער אויסוואַל געפאַלן גראַדע אַף זיסיען.

— סטײַטש, פרידל, װאָס האָסטו צו מיר? — האָט געטײַנעט זיסיע סאַראַקער. — איך האָב זיך שוין צוגעװוינט צו דער ברישקע. דערצו נאָך, װיפל קאָן איך בײַטן מעלאָכעס? געװען אַ באַלעגאָלע, די בײַטש מיט די פערד געיאַרשנט באַם טאַטן, איז געקומען דער אויטאָבוס, אַרויסגעשטויסן אַלע באַלעגאָלעס און מיך, זיסיען, בעסויכעם. בין איך אַװעקגעגאַן אַרבעטן צו שויעלן אין צעך פון זיפּן. דערנאָך בין איך געװאָרן אַן אָנטרײַבער באַם פּאַרוואָלטער. װילסטו, אַז צו אַלע מײַנע צאָרעס זאָל איך נאָך װערן אַ קאָלווירטניק?..

נאָר פרידל האָט זיך מיט אים גוט דורכגערעדט, און זיסיע איז אַװעק צו אים אַרבעטן. און עס האָט זיך באַקומען גאָר ניט שלעכט. עמעס, די לעצטע צײַט איז ער מיט זײַנע פערד אין קאָלווירט גוט אַף צאָרעס, ניטאָ קיין פּאַשע. די פערד האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן דעם טאַם פון האָבער און אײַן גאָט אין הימל װייסט דעם עמעס, װיאַזוי ער האַלט זיי אונטער באַם לעבן, זיי זאָלן ניט פאַלן.

װען פרידל לעמבערג האָט אַרויסגערופן אין קאָנטאָר זיסיען און אים געזאָגט, אַז מע דאַרף אָפּפירן אַ גוטן מענטשן צו דער סטאַנציע, איז זיסיע געװאָרן אויסער־זיך. װאָס הייסט, װי זשע קאָן מען שיקן הונגעריקע פערד, אַף װעלכע די פעל האַלט זיך קוים, אין אַזאַ װײַטער רײַזע? נאָר אַז ער האָט דערהערט, װער דער פּאַרשוין איז, איז זיסיע סאַראַקער געװאָרן װייכער און האָט באַשטימט, אַז ער אַליין װעט אים אָפּפירן אַף דער סטאַנציע. ער װעט זיך יאַקאָס אַהין דערשלעפּן. װי זשע קאָן מען אָפּזאָגן אַזאַ טײַערן מענטשן?

זיסיע האָט אויסגעשקראַבעט אין שטאַל דאָס לעצטע ביסל היי, אונטערגעװאָרפן אַ פּאָר שטיקער מאַקוכע, װי־ניט־איז אונטערגעהאָדעװעט, אָנגעפּאָיעט די לאָשעקעס, און נאָך אײדער די זון איז אויפגעגאַן, איז זיסיע סאַראַקער שוין געװען לעבן שויעלס שטיבל.

ער האָט זיך צוגעגאַרטלט, געהאָלפן אָנלאָדן אַפן װאָגן די זאַכן, שויעלס ביסל האָב־און־גוטס; פעסיע האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אַף די װייכע זעק, אַפן ביסל בעטגעוואַנט, אַװעקגעזעצט לעבן זיך די קינדער. די מיזינקע, די דרײַיאָריקע שולאַמיס, װאָס איז װי צװיי טראָפּנס ענלעך אַף דער מאַמען, געגנען אַף די הענט, זי גוט אײַנגעװיקלט אין דער קאָלדרע, און מיט דאַנקבאַרע אויגן געקוקט אַף זיסיען, װאָס האָט טרײַ געהאָװעט, פאַרלאָפן שויעלן אַלע װעגן.

מע האָט די אַרבעט געטאָן שנעל, אָן איבעריקע רייד, מע זאָל, כאַלילע, ניט אויפװעקן פונעם שלאָף שולאַמיסן. יענע קאָן אויפהייבן אַ גװאַלד, עס זאָל זיך צונויפלויפן דאָס גאַנצע געסל. נאָך נעכטן, װען זי האָט זיך דערװוּסט, אַז מע פאָרט אַװעק, האָט זי זיך פאַנאַנדערגעװיינט און געזאָגט, אַז אַלע מעגן פאָרן, און זי װעט פאַרבלײַבן אין שטוב...

זיסיע האָט פון מאָל צו מאָל געװאָרפן אַ זײַטיקן בליק אַף שויעלן. ער האָט אים, דאַכט זיך, נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ דערשלאָגענעם, אַזאַ פאַרומערטן. מע האָט פון אים ניט געהערט קיין הויך װאָרט. עס איז גאָרניט געװען יענער שויעל, װעמען דאָס שטעטל האָט געקענט און ליב געהאַט, און זיך ניט פאַרגעשטעלט, װי קאָן גאָר באַפּאַליע בלײַבן אָן שויעל דעם זיפּנמאַכער. שויעלס גוטע אויגן זײַנען געװען פאַרנעפּלט, דאָס קורץ געשוירענע בערדל איז געװאָרן מיטאַמאָל עפּעס גראָװער. ער האָט געפּילט, װי אַ קנויל איז אים געבליבן שטיין אין האַלדז — אָט־אָט דערשטיקט ער אים. נאָר ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער טאָר ניט דערלאָזן קיין שװאַכקײַט, זאָל דאָס װײַב ניט זען, אַז ער איז געבראָכן, און ער האָט מיט אַ שמייכל זיך אָנגערופן צום אָנטרײַבער:

— זיסיע טײַערער, ניט געדײַגעט. אַלץ װעט זײַן רעכט... מיר קאָנען שוין, דאַכט זיך, פאָרן...

זיסיע האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען:

— פאָרן, איז פאָרן... איך װאַרט אַף אײַער פּריקאַז...

שויעל איז א צעשטרייטער ארומגעגאַנגען דעם וואָגן, געטאַפּט די זאַכן, צי זײַנען זיי גוט אײַנגעמאָסטעט, צי האָט ער גאָרניט פאַרגעסן. צוגעלאָפן צו דער שוועל, א טאַפּ געטאָן דעם שלאָס אויף דער טיר, צי איז ער גוט צוגעשלאָסן, א פּרווו געטאָן, צי די לאָדנס זײַנען גוט צוגעמאַכט. יאָ, דאַכט זיך, אַלץ גוט באַוואָרנט. ער האָט זיך פאַמעלעך געלאָזט צו דער קאַליטקע פונעם פאַליסאַדניק, זיך ווידער אָפּגעשטעלט מיטן פּאָנעם צו דער שטוב, זי באַטראַכט א פּאָר רעגעס, פאַרנייגט דעם קאָפּ, און זײַנע ליפּן האָבן עפּעס גענומען שעפּטשען. ער האָט אָנגערוקט דעם קאַרטוז אויף די אויגן, מוירע האָבנדיק, פּעסיע און דער אָנטרײַבער זאָלן ניט באַמערקן, וויאַזוי זיי ווערן פײַכט.

שויעל האָט זיך האַסטיק אויסגעקערעוועט צום ארויסגאַנג, אופגעהויבן פון דער ערד א שטיקל דראָט און פאַרדרייט די קליאַמקע פונעם טירל, טיף אָפּגעזיפצט, א ווונק געטאָן צום אָנטרײַבער, ער זאָל רירן, און אַליין זיך געלאָזט גיין באַנאַנד מיט דער פור.

דער וועג האָט זיך געשלענגלט לענגויס דעם טײַך, וואָס איז איצט געווען שטאַרק אָנגעכמורעט, ארומגעזוימט מיט א דורכזיכטיקן נעפּל. שויעל האָט זיך באַמיט ניט אומקוקן זיך צו זײַן פאַרשלאָסענער שטוב. דעם ווייטיק פון דער צעשיידונג האָט ער די גאַנצע צײַט ניט געפילט אַזוי שטאַרק, ווי איצינד. אָט האָט אָפּגעטראַכקעט די פור אויף דער הילצערנער בריק, און די פערד האָבן זיך אופגעהויבן אויפן ציגײַנערשן באַרג. פונדאַנען האָט מען דאָס שטעטל אָנגעזען, ווי אויף דער דלאָניע. שויעל האָט זיך באַמיט ניט באַגעגענען מיטן ווײַבס אויגן, נאָר ער האָט פּלוצעם דערהערט איר שטיל כליפּען, צוגעגאַנגען צו איר. און שטילערהייט, ער זאָל ניט צעשטערן שולאַמיסן איר געשמאַקן שלאָף, צערטלעך א זאָג געטאָן:

— האָדיע, טײַערע, צו וואָס זײַנען די טרערן?.. מיר פאָרן דאָך ניט אויף שטענדיק. מיר וועלן, מיט גאָטס הילף, זיך נאָך אומקערן אַהיים. פאָלג מיך, וויין ניט...

עפּעס האָט זיך באַ שויעלן ווידער אין האַלדז פאַרסטאָפּאָרעט, און ער איז שטיל געבליבן, געווענדט דעם בליק אויפן טײַך, וואָס האָט אין דעם פרימאָרגן אויסגעזען, ווי דאָרטן וואָלט געפלאָסן ניט קיין זויבערע וואַסער, נאָר שווערער בלײַ. אַזאַ שווערער, ווי עס איז איצט באַ שויעלן און באַ זײַן ווײַב אויפן האַרצן.

— וויאָ, וויאָ, רוכעס!.. — האָט זיך דערהערט זיסיעס קאָל און דאָס פּאַכען פון זײַן בײַטש. ניט אַנדערש, ווי ער האָט זיך וואָס גיכער געוואָלט אַראָפּלאָזן אין דער קרומער באַלקע, קעדיי באַפּאַליע זאָל פאַרשווינדן פון זייערע אויגן, געוואָלט, זיי זאָלן זיך ווייניקער מוטשען.

שויעל האָט א קוק געטאָן מיט דאַנקבאַרקײַט צו זיסיען, פאַרשטאַנען, וואָס עס באַטײַט זײַן אויסגעשריי, און צום לעצטן מאָל אויפן שפּיץ באַרג זיך אָפּגעשטעלט אויף א רעגע, זיך פאַרנייגט און ארויסגעבראַכט שטיל:

— נו, זײַ געזונט, באַפּאַליע... עפּשער וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל מיט דיר זען...

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

## אין ווײַטן וועג אַרײַן

דער אָנגעדראָלענער הימל האָט הײַנט קיין גראָטענעם וועטער ניט צוגעזאָגט.

ווערליק די שטיקער וואָלקנס האָבן זיך אָנגערוקט און זיך אַלץ אַראָפּגעלאָזט נידעריקער, האָט מען זיך געקאָנט ריכטן אויף א שטאַרקן רעגן. נאָר דאָס איז זיי אָפּגעגאַן צו אַלע זייערע צאָרעס! שויעל האָט זיך געבייזערט, ניט ווייסנדיק אויף וועמען. בעעמעס, עס גייט אים דורך טיר און טויער. זיך קוים מיט צאָרעס אויסגעקליבן אין ווײַטן וועג אַרײַן מיט ווײַב און קינדער, דאַרף זיך די פּאַגאָדע צעמאָרדעווען! ניט אַנדערש, ווען ער הייבט אָן נייען טאַכריכים, וואָלט דער אוילעם אופגעהערט שטאַרבן.

זיסיע האָט אויך פון מאָל צו מאָל געוואָרפן זײַן בליק אויפן אָנגעדראָלענעם הימל און א טראַכט געטאָן, אַז מע פאָרט אַרײַן אין א רעגן. ער האָט זיך באַמיט אונטערמונטערן זײַנע פערדלעך, זיי זאָלן גיין זשוואַווער, נאָר באַמערקט, אַז זיי שלאָגן זיך אַזוי אויך ארויס פון די קויכעס פון דער שיינער אַכילע, וואָס זיי באַקומען באַ אים די לעצטע צײַט, איז נאָך אַזוי אויך א גליק, וואָס זיי פּלאָנטערן צוביסלעך מיט די פיס.

ער האָט זיי בלויז פון מאָל צו מאָל באַוויזן די בײַטש, נאָר, כאָלילע, ניט געשלאָגן. זאָל זיי גאָט געבן קויכעס, זיי זאָלן זיך כאָטש דערשלעפּן ביז דער סטאַנציע, וועט זיי אויך קומען א גרויסער דאַנק!

נאָר אפּאַנעם, אז מע באַוועגט זיך פונדעסטוועגן. באַפּאַליע זעט מען שוין ניט אָן, בלויז ווען מע קוקט זיך גוט אײַן אינעם שיטערן נעפּל, קאָן מען באַמערקן א שטיקל קופּאַל פונעם אוראַלטן האַלברויִנירטן קאַסטיאָל, וואָס האָט זיך אַרופגערוקט אַף אַן אָנגעשאָטענעם קרומען באַרג, און א שטיקל וואַנט פון אַן אַלטער פעסטונג, א לעבעדיקער איידעס, אז דאָרטן זײַנען אַמאָל געגאַן גרויסע שלאַכטן מיט די טאָטערן און נאָך דער רועך ווייסט מיט ווועמען.

דער שליאַך איז געלאָפן אַראָפּ און אַרוף באַרג, און זיסיען מיט שויעלן איז אויסגעקומען אָט אײַנהאַלטן די פור, ווען זי האָט זיך געקײַקלט אַראָפּ, אָט גוט אונטערשטעלן די פּלייצעס, ווען דער וועג איז געגאַן אַרוף, שיר ניט, ווי אַף א קרומלעכער וואַנט. מע האָט די אַרבעט געטאָן בישטיקע, מוירע האָבנדיק אופוועקן די קינדער און פעסיען, וואָס איז געשמאַק אײַנגעשלאָפן, האַלטנדיק אַף די הענט די מיזינקע שולאַמיסן.

די לאַנג ניט-געשמירטע רעדער האָבן געסקריפּעט, אונטערגעשפּרונגען אַף די איבערגעטריקנטע הרודעס ערד, אַף די פאַרגליווערטע טיפע קאָלייעס. זיסיע האָט געשפּאַנט זײַן שווערן טראָט באַנאַנד מיט די פערדלעך, פון מאָל צו מאָל זיך אומגעקוקט, זיך געערגערט, וואָס ער קאָן זיי ניט צווינגען גיין גיכער. נאָך דאַנקען גאָט דערפאַר. עפּעס גאָטס א קלאָלע איז דאָס יאָר געפאַלן אַף דער ערד, און עס מוטשען זיך מענטשן און די פירפוסיקע באַשעפענישן. די פעלדער האָבן געגעבן דאָס יאָר אַפן שפּיץ מעסער. ווען מע האָט געדאַרפט דעם רעגן, האָט ער ניט דערלעבט צו גיין. ווען מע האָט אים שוין געדאַרפט האָבן אַף קאַפּאַרעס, האָט ער געגאָסן טאָג און נאַכט, און מע האָט דאָס ביסל טוווע, וואָס איז אויסגעוואַקסן, ניט געקאָנט אַראָפּנעמען. ניט קיין בורעק, ניט קיין קאַרטאָפּליע, שוין אָפּגערעדט פון דעם ביסל היי. דעם גאַנצן ווינטער האָט זיסיע, דער עלטערער קאַניוך, זיך געמוטשעט מיט זײַנע פערד, יוי אַפן טויט, און זיי קוים אָפּגעראַטעוועט. איז אָט האָסטו דיר — אַן אומגעווײנלעכע יאַזדע אַזש צו דער סטאַנציע.

ווען פרידל לעמבערג איז אַרײַנגעקומען צו זיסיען אין שטאַל און פאַרזיכטיק געפרעגט, צי וואָלט ער ניט געקאָנט אײַנשפּאַנען א פּאָר פערדלעך און צופאָרן צו דער סטאַנציע, האָט זיסיע אים גלײַך געוואָלט מאַכן א שיינעם פעטשאַטעק. ער האָט אים שיר ניט געזאָגט, אז ער זאָל זיך אַליין שטעלן אַף זײַן, זיסיעס, אָרט פאַרן עלטסטן קאַניוך. און נאָך האָט זיך בא זיסיען שיר ניט אַרויסגעכאַפּט, אז אויב די פערד וועלן פאַלן, וועט דער פּראָקוראָר צי דער נאַטשאַלניק פון מיליציע, ניט קומען נעמען אַפן צימבל דעם פאַרזיצער, דאָס הייסט, פרידל לעמבערגן, נאָר אים, זיסיע סאַראַקערן. יענער וועט אַף אים שרײַען, אז ער איז א קאַפּיטאַליסטישער עלעמענט, א געוועזענער באַלעגאָלע, וואָס נעמט נעקאָמע פאַר דעם, וואָס מע האָט אים, זיסיען, אַמאָל אַראָפּגעמאָרדעוועט פון דער קעלניע, אז ער איז א סאַבאָטאַזשניק, א קאָנטרע... ער וויל אַראָפּרײַסן דעם פאַרזיי, דערפאַר האָט ער דערפירט די קאָלווירטישע פערד צו אַזאַ וויסטן צושטאַנד. אײַ עס איז ניט געווען וואָס צו געבן די סוסים אין מויל אַרײַן, דאָס ווילן די פּראָקוראָרן ניט וויסן... נאָר ער האָט זיי, עמעס, אַף א גוט אָרט. אַלע האָבן געזען, ווי זיסיע האָט אָפּגעהיט די פערד, ווי ער האָט געשלעפּט צופוס פאַר צען ווערסט, פון דער קאַראַטשעווער מאַסלאָבאָיקע, זעקלעך מיט מאַקוכע. אַף זײַן האַרב געשלעפּט. אויב די פערד וועלן דעם פּראָקוראָר ניט קענען זאָגן קיין איידעס, וועט עס טאָן גאַנץ באַפּאַליע. אַלע ווייסן, אז א באַלעגאָלע איז ער אַמאָל געווען פאַ־זאַקאָנו. געהאַט א פּאַטענט און דער מעלוכע געצאָלט שטײַער צו דער צײַט. דער פינינספעקטאָר האָט צו אים קיין טײַנעס ניט געהאַט. ער האָט געלעבט ערלעך און פאַרדינט פאַרן ווײַב און קינדער דאָס שטיקל ברויט. און פאַרוואָס גראָדע דערמאָנט מען אים, זיסיען, אז ער איז אַמאָל געווען א טשאַסטנער, א באַלעגאָלע? נו, און קיין פאַרדינסטן פאַר דער רעוואָליוציע און פאַר דער ראַטנמאַכט האָט ער ניט? וואָס זשע, מענטשן האָבן דען פאַרגעסן, אז זיסיע סאַראַקער איז ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, ווען די קאָנטרע האָט געוואָלט דערשטיקן די ראַטנמאַכט? ער האָט צוגעשלאָסן די שטאַל, איבערגעגעבן דעם עלטערן ברודער די סוסים, און דאָבראָוואָלנע אוועקגעגאַן אין דער „רויטער קאַזאַטשעסטוואָ” צום באַרימטן נאַטשאַלניק פּרימאַקאָוו, בודיאָניס א גוטער־ברודער. קימאַט צוויי יאָר געזעסן אין זאָטל מיט א שווערד אין דער האַנט. געפלויגן אין אַטאַקעס מיט דער שווערד „נאַ־גאַלאַ”, באַקומען פון פּרימאַקאָווס הענט א נאַגראַדע, א זילבערנעם זייגער, אַף וועלכן עס איז אויסגעקריצט: „כראַבראָמו סאָלדאַטו רעוואָליוצי: זוסיו סאַראַקערו — פון דער קאָמאַנדשאַפט פון דער טשערוואָנע קאַזאַטשעסטוואָ”. וויטאַלי פּרימאַקאָוו”.

און שטענדיק, אז מע הייבט אָן זיסיען דערגיין די יאָר, לעמיי ער איז געווען אין באַפּאַליע א טשאַסטנע באַלעגאָלע, באַווײַזט ער זײַן הייליקע מאַטאָנע, דעם „פּאָטשאָטנעם אימענאָי” זייגער און פאַרשטעקט די לייצים דאָס מויל.

האַקיצער, ווען פרידל לעמבערג האָט נעכטן אין שטאַל א זאָג געטאָן זוסיען, אז אָפּפירן צו דער סטאַנציע דאַרף מען שויעל מאַזורן, איז זיסיע באַלד אַנשוויגן געוואָרן. ווען־וועמען, נאָר שויעלן אָפּזאָגן האָ טער ניט געקאָנט. א גאָלדענע נעשאָמע, א מענטש, וואָס האָט ליב פון אַלע יאָרן יענעם טאָן א טויווע, וועט זיסיע אים ניט אָפּפירן אַף דער סטאַנציע? וויפל טויוועס האָט יענער אים געטאָן!..

שפּאַנט ער איצט, זיסיע סאַראָקער, באַנאַנד מיט זײַנע מידע פֿערדלעך, די סוויטקע אַף די אַקסלען, דעם קאַרטוז פֿאַרוקט אַף א זײַט, דער הויכער שטערן, וואָס וואָלט בעסער געפּאַסט פֿאַר א גרויסן פּראָפֿעסאָר, א כאָכעם — פֿאַרשוויצט, דער אַלטער ציבעק, א נעדיזנע פֿון יענע פֿראָנט־יאָרן — צווישן די ציין. ער שפּאַנט און איז פֿאַרטאָן אין זײַנע אומעטיקע געדאַנקען, אַף אַלץ וואָלט ער זיך געריכט, נאָר אַז שויעל וועט פֿאַרלאָזן באַפּאָליע און מיט ווײַב און קינדער אַוועק ערגעץ קיין ביראָבידזשאַן, אַזוינס האָט זיך אים ניט געכאָלעמט.

נאָר אַזוי איז דאָס. אָט פֿירט ער אים צו דער סטאַנציע. אָט ליגן אַף דער פֿור זײַנע זאַכן, דאָס ביסל אָרעמקײַט, אָט שלאָפֿן געשמאַק אין דעם קאַלטן באַגינען די קינדער און פּעסיע דרעמלט, האַלטנדיק אַף די הענט איר מיזינקע שולאַמיס. און אָט גייט באַנאַנד א צעטראָגענער שויעל דער זיפּנמאַכער...

זיסיע האָט פֿון מאָל צו מאָל געוואָרפֿן אַף שויעלן א נײַגעריקן און מיטפֿילנדיקן בליק. ער האָט זיך געטראַכט, אַז אויב יענער גייט לעבן אים און ברענגט ניט אַרויס קיין לעבעדיק וואָרט, זאָגט ניט קיין כאָכמע, איז א סימען, אַז דעם מענטשן איז גוט אָנגעזאָליעט אַפֿן האַרצן. און וועלנדיק אים מאַכן גרינגער דאָס האַרץ, זיך אָנגערופֿן:

— דו ווייסט, שויעל, וואָס איך וועל דיר זאָגן?..

— פֿונוואַנען קאָן איך וויסן, וואָס דו ווילסט מיר זאָגן? אַז דו וועסט זאָגן, וועל איך וויסן... — האָט שויעל ביטער א שמייכל געטאָן.

— איך וויל דיר זאָגן, אַז ווען מײַן באַלעבאָס, פֿרידל לעמבערג, איז אַרײַנגעקומען צו מיר אין שטאַל און געפֿרעגט, עפּשער וועל איך דיך קאָנען אָפּפֿירן אַף דער סטאַנציע, ווײַל דו פֿאָרסט קיין ביראָבידזשאַן, האָב איך אים אָנגעקוקט, ווי א מעשוגענעם. וואָס הייסט, שויעל קלײַבט זיך אַוועקוואַרפֿן דאָס שטעטל און פֿאָרן אין עק וועלט? עס קאָן ניט זײַן...

— יאָ, ברודער־לעבן... — האָט שויעל אַרויסגעבראַכט מיטאַמאָל און שטאַרק א זיפֿץ געטאָן. — יאָ, איך פֿאָר... — האָט ער א ווונק געטאָן אַף דעם ווײַב מיט די קינדער. און א טראַכט געטאָן, פֿאַרגעזוצט:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, טײַערער פֿרײַנט, איך וואָלט בעסער אַוועקגעגאַן א לעבעדיקער אין קייווער, אײדער אַוועקגיין פֿון דעם שטיקל ערד. נאָר וואָס קאָן איך טאָן? אַזוי פֿירט זיך די וועלט... מוטשעסט זיך אָן ביז דו שטעלסט קינדער אַף די פֿיס, ווערסט אויסגעריסן, האָרעוועסט ווי א פֿערד, קעדיי זיי אָנהאָדעווען, אָנטאָן, אויסלערנען, געבן א מעלאָכע אין די הענט. דערעסט אַליין ניט דאָס שטיקל ברויט, אַלץ גיסטו זיי אַוועק. און דערנאָך דאַנקען זיי דיר אָפּ — דערגייען דיר די יאָר... דאָס צווייטע יאָר איז בא אונדז ניטאָ קיין גערעטעניש, מע מאַטערט זיך, נאָר ניט דאָס טרײַבט מיך פֿון היים, נאָר מײַן דאָווידקע... זעסט, וואָס עס איז געוואָרן פֿון מײַן פֿלוינעסטע — א האַלבער מענטש. איך האָב געמיינט, אַז דאָס מעשוגאַס וועט בא אים איבערגיין, ער וועט זיך אומקערן אַהיים, נאָר ער טרעבעוועט נאָך אונדז צו זיך... און וואָס טוען ניט עלטערן צוליב קינדער?..

— טאַקע... ביסט גערעכט... אָן אַנדער ברייִרע?..

שויעל איז א שווײַגנדיקער און פֿאַרטראַכטער אָפּגעגאַן נאָך א שטיקל וועג, זיך אײַנגעקוקט אינעם טיפֿן טאָל, דערזען ווי דער נעפּל צעשוועבט זיך און פֿון אונטער די אָנגעדראָלענע וואָלקנס, וועלכע האָבן ניט לאַנג צוריק געדראָט מיט א שלאַקסרעגן, האָט זיך דורכגעשלאָגן א סנאָפּ זונשטראַלן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צעשטויסן אין אַלע זײַטן די כמאַרעס. און ווען שויעל האָט דערהערט, ווי הויך אין הימל האָט זיך צעזונגען א זשאַוואָראָנאָק, איז אים עטוואָס גרינגער געוואָרן אַף דער נעשאָמע און דאָס פּאָנעם איז אים ווי אויפֿגעלויכטן געוואָרן.

— זעסט, זיסיע, ווי דאָס וועלטל איז שיין, א מעכײַע! גענוג, די זון זאָל זיך א יאַווע טאָן, און אַלץ אַרום ווערט מיטאַמאָל אויפֿגעריכט. יאָ, א שיין וועלטל! א גוטער באַלמעלאָכע האָט עס אויסגעפּר־רעמט. אַלץ איז געשטעלט געוואָרן אַפֿן אָרט, און ווען דער אייבערשטער ספּאָטיקעט זיך ניט, וואָלט געווען גאָר גוט...

— מיט וואָס, זאָג מיר, האָט ער זיך ספּאָטיקעט? — האָט זיסיע, אַרויסלאָזנדיק פֿון די ברייטע נאָזלעכער א געדיכטן קנויל רויך פֿונעם ציבעק, אים איבערגעשלאָגן.

— מיט וואָס, פֿרעגסטו? מיט דעם, וואָס ער האָט ניט געקאָנט אײַנשטעלן קיין שטיקל פּאַריאַדאָק צווישן פֿאָטער און קינדער... אײנער שלעפּט אַו ליסי, דער צווייטער — אַו סטריסי... און גיי טו עפּעס!

— אַף דײַנע קינדער, שויעל, האָסטו ניט וואָס זיך צו קלאָגן... — האָט דער אָנטרײַבער אַרײַנגעשטעלט, — דײַן שיקע, אָלעוואַהאַשאָלעם, איז געווען א גאָלדענער באָכער... דײַן ליזע איז א שלעכטע טאָכטער? אַזאַ יאָר אַף מיר...

— ווער זאָגט דען? נאָר זעסטו דאָך, וואָס ס'האָט זיך מיטביידע אָפּגעטאָן...

זיסיע האָט ווייטיקלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דערפֿאַר האָסטו אַ טײַערן באָכער דאַווידקען...
— אַ טײַערער... — האָט שויעל אַ קנייטש געטאָן מיט דער נאָז, — ער קאָסט אונדז טײַער...
— איז טאַקע צוליב אים פֿאַרט איר אַזוי ווײַט?
— צוליב וועמען זשע?
— און אַהין איז ווײַט? עטלעכע הונדערט ווערסט, צי ווײפֿל?
— נעם העכער...
— טויזנט?
— אָ-אָ, ווען טויזנט, וואָלט מען געקאָנט אַהין גיין צופֿוס... קנאַפּע צען טויזנט ווערסט... וואָס רעדסטו, שויעל!
— דאָס, וואָס דו הערסט...
— איך האָב אָבער געהערט זאָגן, אַז דאָרטן איז די ערד אַ רײַכע... און מע וויל דאָרטן אויס־בויען אַ גאַנצע יידישע געגנט. אַ סאַך מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין...
— יאָ, אַט דאָס פֿאָרן מיר דאָך אויך אַהין... פֿון ווינניצע דאַרף אָפּגיין הײַנט פֿאַרנאַכט אַן עשעלאָן מיט פּערעסעלענצעס...
— ביסטו אויך אַ פּערעסעלענעץ?
— געוויס. נאָר ווער ווייסט, אויף וויפֿל צײַט מיר פֿאָרן אַהין... איך גלייב, אַז מיר וועלן זיך דאָרטן לאַנג ניט פֿאַרהאַלטן.
— נאָר איך האָב געהערט, אַז עס איז דאָ אַן אוקאַז, און קאַלינין האָט אַוועקגעלייגט זײַן בסימע. הייסט עס, אַז דאָס איז שוין אַ גאָסודאַרסטווענע איניען... אַ יעש... אַ יעש... אַ וואודע...
זיסיע האָט געפּיפּקעט מיטן ציבעק, זיך טיף פֿאַרטראַכט, אָנגעהויבן קוקן אויף שויעלן מיט גאָר אַנדערע אויגן און זיך נאָך אַ לאַנגער פּויזע אָנגערופֿן:
— דו ווייסט, שויעל, וואָס איך וועל דיר זאָגן. אויב עס וועט זיך דאָרטן צונויפֿפֿאָרן אַ גרויסער אוילעם באַלמעלאָכעס, וואָס וועלן זיך מיט האָרץ און נעשאָמע נעמען צו דער אַרבעט, קאָן דאָרטן אויסוואַקסן ניט קיין שלעכטע געגנט. דאָס וואָלט געווען גאָרניט קיין קרומע זאַך, אַ יידישע געגנט... אַ שאָד, וואָס עס איז אַזוי ווײַט אַהין. נאָר איך וועל דיר זאָגן, אַז דאָס מאַכט ניט אויס. וויפֿל יאָר טראַכטן אויס אונדזערע סאָנים אויף אונדז דער רועך ווייסט וואָס. ליגן שעבעליגן! אָט נעם אונדזער באַפּאָליער קאָלווירט. דער אוילעם האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. וואָס זשע, האָבן מיר ניט געקאָנט ווײַזן, אַז בײַ אונדז גייט די אַרבעט ניט ערגער, ווי אין די אַרומיקע אוקראַי־נישע ווירטשאַפֿטן? עמעס, איצט איז אַלעמען שווער איבער דער טריקעניש, נאָר די בייזע צײַט וועט איבערגיין, וועט בײַ אונדז די אַרבעט און דאָס לעבן ווידער אַוועקגיין, ווי אַ מיזמער. נו, און אויף די זאַוואָדן און פֿאַבריקן, אויף די בויוועגן אַרבעטן דען יידישע בעוורע ניט אַזוי געטרײַ, ווי אַלע? און בעשאַס דער מילכאָמע האָבן מיר ווייניקער פֿאַרגאָסן בלוט, ערגער פֿון אַנדערע פֿון אַלע פֿאַרטיידיקט די ראַטנמאַכט? און מיר דאַכט, אַז אויב אונדזערע וועלן זיך נעמען פֿאַר דער אַווודע אין זייער נײַער געגנט, וועלן זיי אויך באַווײַזן, אויף וואָס זיי זײַנען פֿעיִק...
— געוויס, זיסיע, — האָט צוגעשטימט שויעל, — מײַן דאַווידקע שרײַבט, אַז דער אוילעם האָט זיך מיט לייב און לעבן גענומען פֿאַר דער אַרבעט. מע קאַרטשעוועט די טײַגע, מע בויט הײַזער, גאַסן... די מעלוכע גיט פֿון דער ברייטער האַנט הילף. און נאָך שרײַבט ער, אַז דער קאַנט איז רײַך מיט אַלצדינג, גיט גוטע גערעטעניש און אַלץ, וואָס אַ מויל רעדט אויס, וואַקסט דאָרטן...
— נו, איז דאָך אַ גליק אַריבערפֿאָרן אין אַזאַ רײַכן קאַנט... — האָט זיסיע זיך צעשײַנט, אָפּסנײַ־טיק זיך פֿאַרצויגן מיטן רויך פֿון זײַן ציבעק און צוגעגעבן:
— ווייסטו וואָס איך וועל דיר, שויעל, זאָגן? ווען פֿרידל לעמבערג לאָזט מיך אָפּ, וואָלט איך זיך אויך פֿאַרשריבן און אַוועקגעפֿאָרן אַהין...
— אָבער מײַן דאַווידקע שרײַבט, אַז דאָרטן איז נאָך זייער שווער... מע דאַרף אָנהייבן אַלץ פֿון בערייִשיס...
— איז וואָס? ווער פֿאַרשטייט עס דען ניט, אַז ווען מע נעמט זיך בויען אַ נײַע זאַך, קומט עס אָן מיט גרינע ווערעם? איך וואָלט מיט מײַן כעווריע זיך אויך אַהין אַריבערגעפּעקלט און זיך געשטעלט טאַקע צו די פֿערד. ווי מיינסטו, פֿערד זײַנען דאָרטן, אין בירעבידזשאַן, פֿאַראַן, צי נאָר הירשן און אוטאָמאָבילן?
שויעל האָט אַ שמייכל געטאָן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. „זע נאָר, אַ פּאַשעטער כײַוועקייעם, און טראַכט אַזוי פֿײַן. געוויס איז ער גערעכט". און האָט זיך אָנגערופֿן:
— אַוודע זײַנען דאָרטן פֿאַראַן פֿערד און אַלץ, ווי אומעטום...
— וואָס זשע, שויעל, דאַרפֿסטו אַרומגיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז? דײַן דאַווידקע, מיינסטו, איז אַ פּוסטער קאָפּ און פֿאַרשטייט ניט, וואָס ער טוט? אויב ער טרעבעוועט אײַך צו זיך, איז אַ סימען,

אז מע קאָן דאָרטן מאַכן אַ לעבן. עס איז דאָך אויך אונדזער מעלוכע. איך וואָלט אויך אהין געפאָרן. ווי דו זעסט מיך לעבן... זאָלסט מיר, לעמאַנעשעם, פון דאָרט אָנשרייבן... זשאַלעווע ניט קיין מאַרקע...

זיסיע האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער פּאָטיליצע, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר אַריינגערוקט דעם ציבעק אין מויל און פאַרבייסט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער איידל אַ טאַרע געטאָן שויעלן מיט דער פּוזשעלע:

— זאָג מיר נאָר, טײַערער, פאַרוואָס עפּעס האָסטו ניט מיטגענומען אין דער יאָזדע דײַן אַלטן גוטן־ברודער זאַלמען דעם באַנדער? איך זײַט דאָך דאָס גאַנצע לעבן געווען, ווי זאָגט מען, מיט וואַסער ניט צעשיידן. זײַן בעגאַקל, יאַשקע, זאָגט מען, איז אויך אַנטלאָפן מיט דײַן דאַווידקען. וואָס פאַר אַ קאַץ איז אײַך איבערגעלאָפן דעם וועג?

איבער שויעלס פּאָנעם איז דורכגעגאַן אַ וואָלקן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אַ ווײַב מיט אַ מאַן צעקריגן זיך, ווילסטו, אַז צווישן כאַווירים זאָל שטענדיק זײַן שאַלעם־ווע־שאַלווע? אַ בין האָט אים ערגעץ אַ ביס געטאָן. ער פּראָוועט מיט זײַן יאַשקען עפּעס אַ מין צולאָכעס־שפּיל... איך האָב אים געוואָלט מיטנעמען, וויל ער ניט. מײַלע, וואָס קאָן איך טאָן? איז ניט גע־טאַנצט מיטן בער...

— זיך צעבוצקעט, הייסט עס?..

— דער קאַפּסניק האָט אין אים אַ רעד געטאָן...

— מײַלע. ער וועט זיך איבערבעטן...

— זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל. ניט, איז ניט. און האַדיע...

— הייסט עס, פאָרסטו אַוועק? — האָט זיסיע איבערגעכאַזערט. — נו, זאָל זײַן מיט מאַזל און מיט גליק. דאָרטן דאַרף זײַן פריילעכער. מע וועט אויסבויען אַ יידישע מעלוכע, אַ געגנט... אַ קלוגע זאַך... זייער אַ קלוגע. פאַרוואָס טאַקע זאָלן מיר ניט האָבן קיין אייגן ווינקל, ווי אַלע? וואָס זשע, מיר זײַנען ערגער פאַר אַלע?

זיסיע האָט אונטערגעטריבן די פערד, וועלכע האָבן די גאַנצע צײַט אָנגעשפּיצט די אויערן, זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד און געזאָגט:

— הערסטו, שויעל? זאָלסטו, בעט איך דיך, ניט פאַרגעסן. וועסט קומען אָפּן אָרט, זיך אַרומקוקן און זען, אַז דאָס איז אַ יעש, טאָ וואַרף מיר אַרײַן אַ קאַרטל. וואָלט איך אויך געפאָרן. קרייעך צו דער אַרבעט איז נאָך, דאַנקען גאָט, פאַראַן. וועל איך זײַן לעבן דיר...

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, זיסיע, נאָר קיין באַלעגאַלעס, זעט אויס, דאַרף מען דאָרט ניט האָבן...

— איך דאַרף האָבן באַלעגאַלערײַ אָפּ קאַפּאַרעס! — האָט זיך אַ בייזער געטאָן זיסיע. — נאָר באַ די פערד קען איך אַרבעטן? פרידל לעמבערג, מײַן באַלעבאָס, וואָלט פאַר מיר אָפּגעגעבן זײַנע בעסטע סטאַכאַנאָוצעס... איך ווייס טאַקע ניט, צי וועט ער מיך אָפּלאָזן פון זיך... נאָר איך וועל אים בעטן...

פאַרטאָג אין זייער געשפּרעך, האָט מען קימאַט ווי ניט באַמערקט, אַז די זון איז אַרויס אָפּ גאָטס וועלטל און גענומען וואַרעמען. מע האָט אויך ניט באַמערקט, ווי די צײַט איז געגאַן, און די פערדלעך האָבן אָנגעהויבן זיך באַוועגן זשוואַוער.

פּעסיע האָט די ערשטע אופגעעפנט די אויגן און גענומען זיך אַרומקוקן, ניט ווויסנדיק, וווּ זי געפינט זיך אין דער וועלט. שולאַמיס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון דער מאַמעס הענט, זיך פּאַנאַנדער־געווײנט אָפּ אַ קאָל און, דערזען דעם אומבאַקאַנטן מיט דער לאַנגער בײַטש, וואָס איז געגאַנגען באַ־נאַנד מיט די פערדלעך, זיך איבערגעשראָקן אָפּ טויט און מיט אַלע קויכעס זיך צוגעטוליעט צו דער מוטערס ברוסט און אויסגעשריגן:

— מאַמע! איך האָב מוירע! איך וויל אהיים!..

— שולאַמיס, טעכטערל מײַנס, פאַר וועמען האָסטו מוירע?

— פאַר דעם אַלטן!.. — האָט זי אַ טײַטש געטאָן מיטן הענטל אָפּ דעם אָנטרײַבער.

— נאַריש קינד, דאָס איז אַ גוטער פעטער... ער פירט אונדז אהיים, — האָט די מאַמע גענומען זי באַרויקן, נאָר שולאַמיס האָט נאָך שטאַרקער געוויינט:...

— דאָס איז ניט קיין גוטער פעטער! איך האָב מוירע! איך וויל אהיים!..

— שולאַמיס, האָסט ניט דערקענט דעם פעטער זיסיען? — האָט דער אָנטרײַבער זיך צעשמייכלט און צוגעגאַן צום קינד, עס אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. נאָר דאָס קינד האָט זיך אָפּגעקערט פון אים.

— הער נאָר אַ מײַסע, — האָט ער זיך צעלאַכט, — איך בין ניט געשלאָפן, אופגעשטאַנען גאַנצע־פרי מיט דער ראַשטשינע און פיר זי צו דער סטאַנציע, וויל זי מיך ניט קענען...

ער האָט אַ זוך געטאָן אין קעשענע פון דער סוויטקע, אפשער וועט ער עפּעס געפינען און זי מעכאַבעד זײַן. נאָר כוץ דעם טאַרבעלע מיט דער מאַכאָרקע, האָט ער באַ זיך גאָרנישט ניט געפונען,

און ער האָט אַ ציפּע געטאָן פון דעם פערדס גריווע אַ לאַנגע האָר, געגומען איין עק צווישן די ציין, דעם צווייטן אין דער האַנט און זיך אָנגערופן צו שולאַמיסן:

— קוק אַהער, טעכטערל, וועל איך דיר שפּילן אויף אַ פידעלע...

און ער האָט מיט איין פינגער געגומען שפּילן אויף זיין פידעלע.

שולאַמיס האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט וויינען, אויסגעווישט מיט די קולעקלעך די פאַרכטע אויגן און אָנגעשטרענגט דעם געהער.

זיסיע האָט קונציק געשפּילט אויף דער סטרונע, און שולאַמיס האָט אָנגעהויבן קוקן אויף אים אַ פאַרגאַפטע. דער פאַרוואַקסענער פּעטער האָט איר שוין ניט אויסגעוויזן אַזאַ שרעקלעכער, ווי צוריק מיט אַ פּאָר מינוט. דאָס פאַרברוינטע פּענעמל אירס האָט זיך צעשיינט. און ווען זיסיע האָט אופגע־הערט שפּילן, האָט שולאַמיס באַפעלעריש אויסגעשריגן:

— פּעטערל, שפּילט נאָך אויף אייער פידעלע, שפּילט נאָך!

— אָט זעסטו, — נאָך שפּילן?!.. און פאַרוואָס האָסטו זיך פריער פאַר מיר דערשראָקן? באַלד וועל איך דיר נאָך שפּילן...

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט מען שולאַמיסן ניט געקענט דערקענען. זי האָט געפּרוווט אויסכאַפּן באַם פּעטער דאָס פידעלע, געצויגן צו דעם די האַנט, נאָר זיסיע האָט זי אָפּגעקערט:

— ניין, שולאַמיס, באַ דיר וועט דאָס פידעלע ניט שפּילן... דער טאַטע וועט דיר אויסשניצן אַן אַנדער פידעלע...

פּעסיע איז אַראָפּגעקראָכן פונעם וואָגן, אויסגעגלייכט די קריזשעס, אַרויסגענומען פונעם קוישל אַ האַלב ברויטל, אַ פּאָר קאָטלעטן, אָפּגעבראָכן צו שטיקלעך און צעטיילט די קינדער, וועלכע זיינען צוגעלאָפן צו איר, ווי הײשעריקן. פּעסיע האָט מעכאַבעד געווען זיסיען, נאָר ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַ דאַנק, פּעסיע־לעבן, איך וועל זיך באַגיין. האָדעווע בעסער אָן די קינדער. אייך שטייט נאָך פאַר אַ לאַנגער וועג... אַ דאַנק...

פּעסיע איז געגאַן באַ דער זייט מיט דער געדרייטער סטעזשקע. דערזען אַ קרענעצע, האָט זי פאַרקערעוועט צום זשוראַוול, אַראָפּגעלאָזט דעם עמער און אַרופגעצויגן פריש־מעכיידיקע, קאַלטע וואַסער. אַליין אָפּגעזופּט אַ ביסל און דערנאָך געגעבן אַ טרונק וואַסער די קינדער.

זיסיע האָט אָפּגעשטעלט די פערד אונטער אַ קודלאַטער ווערבע, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט די לאַנגע צעפּ צו אַ טייכל. געכאַפּט פונעם וואָגן זיין עמער, האָט ער אים באַם ברונעם אָנגעפילט מיט וואַסער און אים אוועקגעטראָגן די פערדלעך, זיי זאָלן זיך אויך אָנפּאַיען, אויך דערקוויקן זיך די נע־שאָמע מיט אַ פרישן טרונק.

אָנגעפּאַיעט און אַ ביסל אונטערגעהאָדעוועט די פערדלעך מיט וואָס גאָט האָט געגעבן, דאָס הייסט, מיט אַ טאַרבעלע איינגעוויקעלטער סיטשקע און אַ פּאָר שטיקלעך מאַקוכע, אויסגערייכערט גע־שמאַק זיין ציבעק, האָט זיסיע אַ ווונק געטאָן צו זיינע פּאַסאַזשירן, ווייזנדיק אויף דער זון, אַז עס איז שוין צייט זיך באַוועגן ווייטער.

איצט האָט מען בלויז די קינדער איינגעאָרדנט אויף דער פור, צווישן די זעק און פּעק. פּעסיע איז געגאַן באַנאַנד מיט דעם מאַן און דעם אָנטרייבער.

— דו הערסט, פּעסיע־לעבן, — האָט זיסיע זיך געווענדט צו דער שכיינע, — איך האָב געבעטן דיין שויעלן, אַז ווען איר וועט קומען אָפּן אָרט, דאָס הייסט, קיין בירָאָבידזשאַן, זאָל ער אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן, צי קען מען דאָרטן מאַכן אַ לעבן, און אַריינוואַרפן מיר אַ קאַרטל...

— צוליב וואָס?

— וואָס הייסט, צוליב וואָס? איך וואָלט אויך אַהין געפאָרן, זיך געשטעלט אַרבעטן לעבן אייך... אַזויפיל צייט, אַז מיר וווינען מיט אייך אַ טיר באַ אַ טיר, וואָלט זיך שוין געוואָלט אַזוי אָפּלעבן דאָס לעצטע ביסל יאָרן. מיט שויעלן וואָלט איך געקענט גיין אין פייער און אין וואַסער...

פּעסיע האָט ווייטיקלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אוי, מיין טייערער זיסיע, דו מיינסט, אַז מיר איז גרינג געווען פאַרהאַקן אויף אַ שלאָס די כאַטע און זיך לאָזן אין אויסרייסעניש? נאָר מיין דאַווידקע... וואָס טוט מען ניט צוליב אַ קינד? מיר זיינען באַ אונדזערע קינדער אין גאַלעס...

— נישקאָשע, אַן סאַקאָנעס... איר וועט זיך ווי־ניט־איז צושלאָגן דאָרטן צו אַ ברעג און עס וועט זיין גוט... איר זייט ניט די ערשטע און ניט די לעצטע... דאָרט איז אויך סאָוועטסקע וולאַסט, ווי באַ אונדז אין באַפּאַליע. די גאָסודאַרסטווע וועט העלפן מיט אַלע קויכעס און אַלץ וועט זיין דאָרטן גוט... איך גלייב, אַז אַ סאַך מענטשן וועלן אייך מעקאַנע זיין...

ער האָט אויסגעשלאָגן אינעם אָפּצאַס דאָס אַש פון זיין ציבעק און צוגעגעבן:

— אויב שויעל וועט פאַרגעסן, בעט איך דיך, פּעסיע־לעבן, זאָלסט אים דערמאָנען, אַז ער דאַרף מיר אַריינוואַרפן אַ קאַרטל...

— פאַרוואָס ניט? שויעל האָט אַ גוטן זיקאָרן. אויב ער זאָגט עמעצן עפּעס צו, וועט ער ניט פאַרגעסן. מעגסט זײַן באַוואָרנט.

— איך וועל זײַן אײַער אייביקער באַלכויוו, אויב איר וועט מיר אָנשרײַבן פּאָדראָבנע, וואָס און ווען, און צי דאַרף מען דאָרטן אַ פאַרשוין, וואָס האָט ליב פערד און קאָן אַרום זיי אַרומגיין...

פּעסיע האָט אַף אים אופגעהויבן אירע גרויסע שוואַרצע אויגן:

— איך מיין, אַז אַזאַ מענטשן וואָלט מען דאָרטן פאַרצוקערט... ווי קען מען בויען אַ שטאָט אָן פערד... קיין שאָסיינע וועגן, פאַרשטיי איך, האָט אונדז דאָרט נאָך קיינער ניט פאַרגרייט, ווי זשע קאָן עס זײַן אָן פערד? וואָס זשע, דו פאַרשטייסט עס אַליין ניט?

די זון איז שוין געשטאַנען הויך, אין טיפן אויסגעלײַטערטן הימל. נאָך דעם, ווי די פערדלעך האָבן זיך אַ ביסל אויסגערוט די בײנער, געגומען עפּעס אין מויל אַרײַן, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין זשוואַווער. די פוסגייער איז אויסגעקומען זיך אַ ביסל אונטערגאַרטלען, מע זאָל ניט אָפּשטיין פון דער פור. ווען מע האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַראָפּגעלאָזט אין אַ טיפן טאָל און דערנאָך זיך אופגעהויבן פּונקט אַף אַזעלכע עטלעכע הויכע בערג, האָט מען פונדערווײַטנס דערזען די וואַסער־קאַלאַנטשאַ און די פּאָר געבײַדעס, און דאָס האָט שוין, אַלפּי סייכל, געדאַרפט זײַן די סטאַנציע.

זיסיע האָט פאַרוקט דעם קאַרטוז אַפן שפּיץ קאָפּ, אָפּגעווישט מיט דער גרויסער אָדערדיקער האַנט דעם שוייס פונעם הויכן שטערן און פרײַער אָפּגעעטעמט:

— נו, דאַנקען גאָט... און איך האָב מוירע געהאַט, אַז מיר וועלן ניט דערפאָרן... וויבאַלד אַזוי, וועט אײַך זײַן גוט. מיט מאַזל...

ער האָט אַ סמאָטשקע געטאָן מיט זײַנע פולע ליפּן צו די פערדלעך, אַ קנאַק געטאָן מיט דער לאַנגער בײַטש איבער זייערע קעפּ, דערמיט זיי אָנגעזאָגט, אַז אָט־אָט איז מען שוין באַם ציל, מע דאַרף זיך נאָך אַ ביסעלע אָנמיִען און אַלץ וועט זײַן שאָלעם־ווּעשאָלווע.

מע האָט שוין אָנגעזען דעם הויכן אײַזנבאַן־אָנשיט, די סלופּעס, וועלכע האָבן זיך געצויגן לענגויס דער ליניע. זיסיע איז געווען צופרידן, וואָס מע האָט ניט פאַרשפּעטיקט צום פּאָטשטאָווע. לויט דעם, ווי די זון איז געשטאַנען אין הימל, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז מע איז געקומען צו דער צײַט. און דאָס האָט אים געפרייט מער, ווי אַלץ.

צו דער סטאַנציע איז שוין געווען מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

זיסיע האָט פאַרקערעוועט די פערדלעך צום קליינעם בײַוואָקזאַל־סעדל, וואָס איז געווען אַרומגעריגלט מיט הויכע פּאַטלאַטע קליאָנען, און דערפילט, ווי דאָס האַרץ האָט אים אַ טיאָכקע געטאָן.

סאַראַ באַקאַנט ווינקעלע! וויפל יאָר פלעג ער אַף זײַן בויד פירן אַהער פאַרשוינען און וואַרטן הינטער יענע קליאָנען אַף פּאַסאַזשירן, וואָס מע האָט געדאַרפט פירן צוריק, קיין באַפּאַליע.

איצט האָט אים אַלץ אַרום עפּעס אויסגעזען מאָדנע. אין זײַן מויעך האָבן זיך אָנגעהויבן ראַיען געדאַנקען, דערמאָנונגען פון דעם ווײַטן אַמאָל. נאָר שויעל האָט אים איבערגעשלאָגן די מאַכשאָווועס. אָנגעוויזן אַן אָרט נעענטער צו דער ליניע, וווּ זיסיע זאָל זיך אָפּשטעלן און וואַרטן אַף אים, האָט ער זיך אַליין אַוועקגעלאָזט אַ צעפּאַליעטער צו דער סטאַנציע קויפן בילעטן ביז ווויניצע, וווּ פאַרנאַכט, טאַקע הײַנט, דאַרף אָפּגיין דער עשעלאָן מיט איבערוואַנדערער.

די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטער אַ קליאָן, און פּעסיע איז אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער אָנגעוואַרעמטער ערד, אַראָפּגענומען די קינדער, וועלכע האָבן זיך דערשראָקענע אַרומגעקוקט אַף דעם אומבאַקאַנטן ווינקל, אַף די מענטשן, וואָס האָבן געהאַוועט, ערגעץ געײַלט, זיך איבערגערופן.

איצט, זײַענדיק ווײַט פון דער לײַבלעכער היים, ווו יעדעס שטיינדעלע, יעדער קוסט איז געווען באַקאַנט און האַרציק נאָענט, האָט מען זיך דערפילט אײַנגאַנצן פאַרלוירן און עלנט.

מער פון אַלץ איז דאָס געווען אויסגעגאָסן אַף שולאַמיסעס פאַרברוינט פּענעמל, אַף אירע גרויסע קאַרע אויגן, פולע מיט שרעק.

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער מאַמעס קליידל און געפּרוּווט זיך באַהאַלטן, אַף קיינעם ניט קוקן.

אָט איז שוין געקומען דער טאַטע מיט די בילעטן אין דער האַנט. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיי אַזוי גיך באַקומען און קאָן זיך שוין פילן פרײַ אַף אַ שטיקל צײַט.

פון רעכטס, ווו עס האָט זיך געשוואַרצט אַ געדיכטער כאָסנע־וואַלד, האָט זיך אַהער דערטראָגן דער טומל פונעם צוג, וואָס האָט זיך דערנעענטערט. די רעלסן האָבן אָנגעהויבן הודיען. אַף דער פּלאַטפאָרמע איז אַרויסגעלאָפן פון דער סטאַנציע דער דעזשורנע אין זײַן רויט היטל. דאָס ביסל פּאַסאַזשירן, וואָס איז נאָרוואָס געשטאַנען רויִק און געקוקט צום וואַלד, פונוואַנען דער צוג האָט זיך געדאַרפט באַווײַזן, האָט זיך גענומען באַוועגן, ראַשן.

אָט איז אַרויסגעשוווּמען פון דער ביימער־געדיכטעניש דער שוואַרצער לאָקאָמאָטיוו און אַ מוירע־דיקן ברום געטאָן, ווי מע זאָל אים וועלן קוילען.

שולאַמיס האָט אָנגעהויבן ציטערן, זיך שטאַרקער צוגעטוליעט צו דער מאַמען און מיט אַלע קויכעס אויסגעשריגן:

— מאַ־מע! איך האָב מוירע! איך וויל אַהיים!..

— נאַריש קינד... — האָט די מאַמע זי אַרומגענומען, — האָב ניט מוירע. מיר פֿאָרן אַהיים...

— ניט עמעס, מאַמע! — האָט שולאַמיס נאָך שטאַרקער געשריגן און באַוויזן מיטן הענטל אַהין, פֿונוואַנען זיי זײַנען ערשט ניט לאַנג צוגעפֿאָרן אַהער מיט דער פֿור, — דאָרטן איז אונדזער היים, מאַמע!

פּעסיע האָט דערפֿילט, ווי דאָס האַרץ איז איר פֿאַרקלעמט געוואָרן. דעם קינדס געשריי און געוויין האָבן זי דערשיטערט. אָט באַלד וועט דער צוג זיך אָפּשטעלן אויף עטלעכע מינוט, זיי אַוועקכאַפּן, און ווער ווייסט, ווען זיי וועלן שוין זען די לײַבלעכע היים?

אופֿהייבנדיק הויפֿנס שטויב, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט, און שויעל האָט גענומען שולאַמיסן אויף די הענט, אַ וווּנק געטאָן צו פּעסיען און די קינדער, מע זאָל גיין נאָך אים. געהאָלפֿן דעם ווײַב זיך אופֿהייבן אויפֿן הויכן טרעפּל פֿונעם וואַגאָן, האָט ער איר איבערגעגעבן די קינדער און אַוועקגעלאָפֿן צו די זאַכן. זיסיע האָט געכאַפּט אויף די פּלייצעס אַ פּאָר קלומעקעס און שנעל אַוועק צום וואַגאָן, זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין טאַמבור. עטלעכע מאָל איז ער מיט שויעלן געלאָפֿן אַהער און אַהין, איבערגעטראָגן דאָס ביסל האָב־און־גוטס. דערנאָך האָט ער זיך אַרומגענומען מיט שויעלן, געווינטשט אַ גליקלעכן און מאַזלדיקן וועג.

זיסיע האָט זיך דערנאָך דערנעענטערט צו יענעם פֿענצטער, ווו ער האָט דערזען שויעלן און פּעסיען. ער האָט פֿאַריסן דעם קאָפּ, עפּשער וועלן זיי זיך אומקוקן. נאָר ביידע זײַנען געווען פֿאַרהאַוועט באַם צונויפֿלייגן די זאַכן, אײַנאָרדענען אויף דער באַנק די קינדער, אײַנשטילן די קליינינקע שולאַמיס, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַרויִקן.

דאַכט זיך, אין דער מינוט איז זיסיע, דער אַמאָליקער באַלעגאָלע און איצטיקער קאָניוך, געווען ניט ווייניקער צעבראָכן, ווי יענע, וואָס ער האָט נאָרוואָס אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן. דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט. ער האָט געטראַכט: אָט דאָס איז דער טאַכלעס. אָפּגעלעבט אַ לעבן אין זייער שטילער, אָרעמער און געמיטלעכער כאַטע, ווו שטענדיק זײַנען געווען מענטשן, ווו ס'איז אָפּט געשטאַנען געלעכטער, טומל, פֿרייד. און אָט האָבן זיי זיך צעבראָכן און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן און אָט איז זייער גאַנץ פֿאַרמעגן — עטלעכע זעקלעך מיט שטוב־זאַכן, בעטגעוואַנט, אַ פּאָר בינטלעך מיט אָנטועכץ, מיט געפּעס. עמעס, אין באַפּאָליע איז נאָך געבליבן זייער שטיבל, נאָר אויב קיינער וועט עס ניט אונטערהאַלטן, וועט עס אין אַ צײַט אַרום אײַנפֿאַלן, פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בערגל ליים און שטיין...

זיסיע האָט זיך אופֿגעהויבן אויף די שפּיץ פֿינגער און אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער.

פּעסיע און שויעל האָבן דערזען דעם פֿורמאַן, און זייערע פּנעמער האָבן זיך צעשײַנט. ער האָט צו זיי עפּעס אַרײַנגעשריגן, נאָר די ווערטער זײַנען צו זיי ניט דערגאַן. גראָדע אין דער רעגע האָט זיך צעטראָגן איבערן אײַנגעשטילטן אַרום און אַ געדיכטער פֿײַף פֿונעם לאָקאָמאָטיוו, און דער צוג האָט גערירט.

זיסיע איז געשטאַנען מיט אַ צעעפֿנט מויל און זיך אײַנגעקוקט אין די צוויי פּנעמער, וואָס זײַנען צוגעזאָטן געוואָרן צום פֿענצטער. וויפֿל גוטסקײַט, זאָרג, ווייטיק און בענקשאַפֿט איז געווען אין די אויגן פֿון די האַרציקע מענטשן!

זיסיע סאָראָקער האָט אַליין ניט געפֿילט, ווי ער האָט אָנגעהויבן פּוואָליע גיין נאָכן צוג, וואָס האָט גענומען פֿאַרגיכערן דעם גאַנג. ער האָט אַראָפּגעריסן פֿונעם קאָפּ דעם קאַרטוז, אָנגעהויבן פֿאָכען מיט אים און מיט אַלע קויכעס אויסגעשריגן:

— זײַט מאַצליעך אין אײַער ווײַטן און שווערן וועג! פֿאַרגעסט ניט באַפּאָליע! לאָזט זיך הערן!

דער צוג איז אַוועק, און זיסיע האָט ניט באַמערקט, ווי דער אוילעם, וואָס האָט אָקאָרשט אַרויסבאַגלייט דעם צוג, האָט געקוקט אויף דעם עלטערן, צעטראָגענעם פֿאַרשויִן, וואָס האָט נאָך אַלץ געפֿאָכעט און געפֿאָכעט מיטן קאַרטוז.

אָנגעטאָן אויפֿן קאָפּ דעם צעקנייטשטן קאַרטוז, האָט זיסיע אָנגערוקט דעם גלאַנצנדיקן דאַשעק אויף די אויגן, קעדיי די מענטשן, וועלכע האָבן אונטערגעשמייכלט, קוקנדיק אויף אים, זאָלן ניט באַמערקן זײַנע פֿײַכטע אויגן, זײַן פֿאַרומערט פּאָנעם.

אויסמײַדנדיק זײַטיקע בליקן, האָט זיסיע אַ שמײַס געטאָן פֿון קאָס מיט דער לאַנגער בײַטש איבער די זײַטיקע פֿאַרשטויבטע קוסטעס און איז האַסטיק אַוועק צו זײַנע אויסגעמאַטערטע פֿערדלעך. זיך אַרופֿגעכאַפּט וווּלינגעריש, ווי ער פֿלעג דאָס טאָן אַמאָל, אויף דער פֿור, האָט ער אַ טשמאָקע געטאָן צו די פֿערד, זיך אויסגעזידלט, ניט ווייסנדיק אויף וועמען, און אַ בורטשע געטאָן:

— ווען וועט שוין אַ סאָף נעמען צו די מענטשנס צאָרעס? ווען וועט שוין זײַן גוט?

סאָף פֿונעם צווייטן טייל

● ● ●

# אין לויטערן באַגינען

## אַן אַנדער כעזשבן

כעזשבוינעס, באַריכטן... איך קלער.
איז קלאָל בלויז א שיבעש — ניט מער,

געגעבן א וואָרט, איז א וואָרט,
אַז זײַן זאָל עס עמעסדיק, קלאָר,

ס'קען אויסהאַלטן אַלץ דאָס פּאַפּיר,
מיט שעקער זײַן פול אַן א שיר.

געגליכן צו מי און צו טאַט
און ניט צו א פוסטן ווייוואַט.

ווען ס'וואָלט זײַן געוועזן אין מיר,
א כעזשבן איך וואָלט אײַנגעפירט

דאָס גאָלדענע ווערט פונעם וואָרט
אַרײַן זאָל אין כעזשבן צום אָרט.

פאַר ווערטער, וואָס האָבן נאָר ווערט,
די אַנדערע וואָלט איך פאַרווערט,

ווי רעכנט מען אָבער אַלץ אויס,
מע זאָל ניט דערלאָזן קיין בלויז?

ווי פאַלשע מאַטבייעס, ווי מיסט,
ווער דאַרף זיי אַפילע אומזיסט?

די זון האָט אויך פלעקן אַף זיך
נאָר ס'ווערט ניט פאַרשטעלט דאָך איר ליכט...

## אין אַט דער וווּנדערלעכער רעגע

ס'איז מיטן וועטער שווער צו שטרייטן,
ער קען זיך בײַטן ווען ער וויל,
און אין די אויסגעבליטע ווײַטן
טויט מיטאַמאָל די זון א שפּיל.

א האַלבע וועלט, דאַכט זיך, פאַרנומען,
א גאַנצע וועלט די זון פאַרהיט.

דער טאָך דער אײביקער — אין דעם דאָך,
אַז די נעשאָמע זײַן זאָל ריין,
ניט פּוצן זיך אין קליידער פרעמדע,
אינמיטן וועג ניט בלײַבן שטיין.

און ס'זשומען נאָכאַמאָל די בינען —
פון בלומען נאַשן דעם נעקטאַר.
נאָר אויך אין לויטערן באַגינען
עס ליגט פאַרבאָרגן א געפאַר.

זאָל זײַן די זון, זאָל זײַן א רעגן,
ווען כ'זע דײַן שמייכלענדיקן כיין, —
אין אַט דער וווּנדערלעכער רעגע
ווערט ליכטיקער ניט מיר אַליין...

דער שלעכטער וועטער וויל ניט שטומען,
מיט דער נעשאָמע איז ער קוויט.

* * *

זײַ מיר, טײַערע, געזונט,
שולדיק זײַנען מיר דאָך ביידע,
ס'שײַנט מעכײַעדיק די זון,
ווי זשע קענען מיר זיך שיידן?..

וועסט דערנאָך עפּשער פאַרשטיין,
אַז דו האָסט מיך ניט פאַרשטאַנען,
כ'וויל א ביסל זײַן אַליין,
נאָר זיך פילן פאַרט צוזאַמען...

# זײַן לעצטער בריוו

מײַן ברודער באָריס
א ליכטיקן אָנדענק

עס האָבן סעדער בלײַען ערשט גענומען,
מיט פרישע זאפטן האָט געשמעקט די ערד,
מײַן ברודער האָט פון דינסט געדאַרפט שוין קומען,
נאָר קומען איז אים ניט געווען באַשערט.

זײַן לעצטער בריוו געפלויגן איז דורך מײַלן,
אין הימל האָט נאָך העל געשײַנט די זון,
נאָר אויסגעשליפטע פײַערדיקע פײַלן
געווען זײַנען שוין אָנגעצילט אין אונדז.

ס'איז קורץ געווען די יון־נאכט, ווי א געוועץ,
ווען ס'האָט דער פײַנט דעם ערשטן קלאַפּ דערלאַנגט,
פון יענער ווײַטער מײַרעוודיקער גרענעץ
מײַן ברודער גייט צו מיר שוין יאָרנלאַנג...

און כ'ווייס: איך וועל מיט אים שוין מער ניט ריידן,
באַם טיש ניט זיצן היימיש זאַלבעצווייט,
איז זאָל אים זײַן א ליכטיקער גאַניידן
דער ברודער־קייוווער, וואָס האָט אונדז צעשיידט.

דעם שווערן ווייטיק קאָן איך ניט פאַרטײַען.
זײַן לעצטן גרוס, וואָס ער האָט מיר געשיקט,
איך האָב באַקומען אין א בריוול־דרײַעק
אין ערשטן טאָג פון פײַערדיקן קריג.

* * *

ווי די שטערן אין די הויכע רוימען
לאָזן איבער שפּורן העלע שײַן,
וואָס א יאָר — א נײַער רינג אין בוימשטאַם
און אין הארצן — טעג זיך קריצן אײַן.

ס'קומען יונגע יאָרן און פאַרגייען,
נאָר דער ווי ווערט קלענער טאָג ווי נאַכט,
בא דעם פײַער אייביקן מיר שטייען
אָף א שטרענגער יאָמעוודיקער וואַך.

נאָר ס'איז הײַנט מיט מיר שוין ניט געשטאַנען
נאָר אײן פרײַנט. ווי ס'טוט דאָס האַרץ מיר וויי!
וואָס א יאָר אַלץ מערער וועטעראַנען
גייען אָפּ פון אונדזער שטאָלצער ריי.

דאַכט זיך, ערשט איך בין מיט אים געזעסן
און געזעגנט פון מאָרגנדיקן גליק,
עס האָט ניט געקלעקט אים אײן מעסלעס נאָך
ביזן יאָמטעוו, ביזן טאָג פון זיג.



נ אָ ט ע  ל ו ר י ע

# טעג און יאָרן

(אוטאָביאָגראַפישע נאָטיצן)

## 4

## שווערע וואָלקנס איבער הולײַפּאָליע

קיין האַלושקעס האָבן מיר זיך שוין ניט אומגעקערט, פֿאַרבליבן אינעם ביז גאָר ניט־היימלעכן, פֿרעמדן פּײַכטן דירעלע אין הולײַפּאָליע.

וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט הולײַפּאָליע, וועלכע איז דעמלט, בעשאַס דעם בירגערקריג, געווען דער צענטער פֿון דער מאַכנאָוושטשינע? א גרויס פֿאַרמעגלעך דאָרף מיט זייער פֿיל גערייכט באַגרינטע גאַסן און געסלעך, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט מיט די אַרומגעצאַמטע הויפֿן, מיט די ווײַנשל־פֿאַליסאַדניקעס און גערטנער אין דער לענג און אין דער ברייט אין אַלע זײַטן. אינמיטן דאָרף האָט זיך געפֿונען א ראַכוועסדיקער מאַרק־פּלאַץ און א הויכער, א ווײַס־אַרומגעקאַלכטער קלויסטער מיט א בלאַסקענדיקן געלבלעכן קופּאָל. די ברייטע הויפּט־גאַס, וועלכע האָט זיך געצויגן פֿאַרבײַ דעם מאַרק־פּלאַץ, איז אַרומגעבויט געווען מיט קאָלערלײַ קלייטלעך און וואַרשטאַטלעך. צווישן זיי האָט בוילעט זיך אויסגעטײלט דאָס איין־און־איינציק אין דאָרף צווייִשטאָקיק, פֿײַן אויסגעבויט פֿון רויטן ציגל מויערל, וואָס האָט אַמאָל געהערט דעם געוועזענעם פּריסטאַוו. שפּעטער, שוין נאָך דער רעוואָליוציע, האָבן דאָרט זיך געפֿונען די אָרטיקע דאָרף־אָרגאַנען.

אפֿן סאַמע ראַג לעבן אָט דעם צווייִשטאָקיקן געהויבענעם מויערל איז געשטאַנען פֿעסט אײַנגעגראָבן אין דער ערד א הויכער קרומלעכער סלופּ, אויף וועלכן די דעניקינצעס האָבן אויפֿגעהאַנגען באָלשעוויקעס, און אויף אָט דעם זעלבן סלופּ האָבן די מאַכנאָווצעס אויפֿגעהאַנגען דעניקינצעס...

אין הולײַפּאָליע האָט פֿיל מאָל זיך געביטן די מאַכט. אָפֿט האָט אויף דעם מויערל געפֿלאַטערט א שוואַרצע פֿאָן, אויף וועלכער עס איז מיט געדיכטער ווײַסער פֿאַרב געווען אָנגעמאָלט: „אַנאַרכיע איז די מוטער פֿון אָרדענונג". דאָרט האָט דעמלט זיך געפֿונען מאַכנאָס שטאַב, אים, דעם איין־און־דרײַסיקיאָריקן היציקן באַטקאָ, וועמען עס האָט געלונגען אין דעם פּאַנאַנדערגעוויקלטן קאַמף קעגן די דײַטשישע אָקופּאַנטן און אָרטיקע רײַכע גוטבאַזיצער שאַפֿן פֿונעם אָרעמען פּויערטום שטורמישע באַוואָפֿנטע רײַטער־אָטריאַדן, האָבן אַרומגערינגלט קאָלערלײַ אַנאַרכיסטן. צווישן זיי איז אויך געווען דער הויפּט־טעאָרעטיקער זייערער אַרשינאָוו־מאַרין, מיט וועמען נעסטאָר מאַכנאָ איז היפּשע יאָרן אָפּגעזעסן אין איין קאַמער אין מאָסקווער בוטירסקער טפּיסע. די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אַהער פֿון פֿאַרשיידענע ערטער, האָבן געגאַרט, אַז דער באַטקאָ מאַכנאָ זאָל מיט זײַנע שוין פֿילצאָליקע שלאַכטפֿולע רײַטער־אָטריאַדן פֿאַרווירקלעכן אין לעבן די אידייִ זייערע און שאַפֿן א „פֿרײַע מעלוכע". שאַפֿן טאַקע דאָ, אין הולײַפּאָליע און אין איר אומגעגנט, אײַנגעשלאָסן אויך א טייל טאַוריע. א מעלוכע

---

פ אָ ר ז ע צ ו נ ג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1 און נומ. 8, 1986, נומ. 1, 1987.

אָן קיין שום מאכט. זיי האָבן געוואָלט, אז מאכנאָ זאָל פאַרווירקלעכן אָט דעם „גרויסן עקספּערימענט", ווי זיי האָבן עס אָנגערופן. וועגן דעם האָבן זיי געטרוימט, ארומרינגלענדיק אַלץ פעסטער דעם באַטקאָ און ווירקנדיק אַלץ שטאַרקער אויף אים.

נאָר דערווײַל זײַנען ארום און ארום גאַנץ נאָענט געגאַנגען ניט קיין גרינגע שלאַכטן. פון פאַרשיידענע זײַטן האָבן אָנגעגרײַפט די דעניקינצעס, די פּעטליוראָווצעס, די גריגאָריעווצעס... מאכנאָ האָט דעמלט מיט זײַנע אַטריאַדן אָנטיילגענומען טיילווײַז באַגלײַך מיט דער רויטער ארמיי אין די שלאַכטן.

אין הולײַפּאָליע פלעגט צײַטנווײַז טרעפן, אז באַגלײַך מיט מאכנאָס אַטריאַדן האָבן זיך דאָרט געפונען רויטאַרמייִשע טיילן. אין דער פײַערונג פון דעם פּרילינג-יאָמטעוו, דעם ערשטן מײַ, האָבן זיך באַטייליקט רויטאַרמייִשע טיילן מיט רויטע פאָנען און אויך מאכנאָס אַטריאַדן מיט שווארצע פאָנען.

איך בין געווען צווישן די נײַגעריקע ייִנגלעך, וועלכע זײַנען נאָכגעלאָפן די קאָלערליי קאָלאָנעס ביזן סאמע הויפּטפּלאַץ, ווו סע האָט געשפּילט א רויטאַרמייִשער אָרקעסטער און עס האָט געראַשט א מיטינג.

מיטינגען און הייסע דיספּוטן פלעגן פון מאָל צו מאָל פאָרקומען אין דער אָנוועזנהײַט פון א גרויסן עוילעם בא די הויכע טרעפּלעך פון דער פּיריאַריקער אָנפאַנג-שול, וועלכע האָט זיך געפונען נאָענט פונעם מארק-פּלאַץ, אנטקעגן דעם קלויסטער. די באָלשעוויקעס האָבן געשטרײַט מיט די אנארכיסטן, די אנארכיסטן מיט די באָלשעוויקעס. צווישן די באָלשעוויקעס איז געווען איינער אַן עטוואָס סוטולעוואַטער, אין בריִלן, אגעוו, זייער ענלעך אויף לייווי-יאַסיעס פּלימעניק.

איך האָב ניט דורכגעלאָזט קיין איין מיטינג, קיין איין דיספּוט, וועלכע פלעגן פאָרקומען געוויינלעך פאַרנאַכט. באַלד ווי איך האָב זיך אופּראַוועט בא לייווי-יאַסיען אין וואַרשטאַט, בין איך שוין געווען צווישן דעם פּילקעפּיקן עוילעם, וואָס האָט פאַרפּולט דעם פּלאַץ. איך בין געווען אויך דעמלט, ווען עס איז ארויסגעטראָטן די באַרימטע מארוסקע ניקיפאָראָווא, די אטאמאַנשע פון דעם אופּשטענדלערישן אָטריאַד, ווי זי האָט אָנגערופן אירע העכער טויזנט באוואָפנטע מיט אָברעזן, מיט שווערדן, מיט קינזשאַלן פאַרשײַטע רײַטער. א הויכע, א דאַרלעכע, אין א לאַנגער שינעל. פון איין זײַט שינעל, בא דעם באַגילדעטן ברייטן פּאַס — א שווערד, בא דער צווייטער זײַט — א מאוזער. האָט זי שפּאַנענדיק אהין און צוריק אויף די טרעפּלעך, פלאַמענדיק גערעדט, אויסשרײַענדיק צומאָל אויסטערלישע פאַר מיר ווערטער: קאַפּיטוליאַציע, עקספּראָפּריאַציע, קאָנטריבוציע, רעקוויזיציע, נאַציאָנאַליזאַציע... ווערטער, וועלכע איך האָב געהערט צום ערשטן מאָל. פון אירע רייד האָב איך דאָך פאַרשטאַנען, אז אין איר פּלאַקערט א סינע צו דער בורזשואַזיע, צו די ווײַסגוואַרדייער, און אז זי איז, פּונקט ווי מאכנאָ, קעגן יעדער מאכט, אז זי איז אַן אנארכיסטקע...

עטלעכע ווערטער וועגן דעם גורל פון אָט דער גרויזאַמער אטאמאַנשע מארוסקע ניקיפאָראָווא. אזוי האָט מען זי גערופן — ניט מאַריע, ניט מארוסיע, נאָר מארוסקע...

געבוירן איז זי אין אַן אָרעמער מישפּאָכע אויף דאָרעם-אוקראַיִנע, אין טאַקמאַק. פון קינדווײַז אויף געבאַטראַקעוועט, נאָכדעם געאַרבעט אויף א זאַוואָדל פון זעלצערוואַסער. געשווענקט די פלעשער, געהאָרעוועט אָפּן באַלעבאָס. ווען מע האָט אראָפּגעוואָרפן די צאַרישע מאכט, האָט זי צונויפגעקליבן ארום זיך די אָרעמשאַפט, די באַאוולטע, געשאַפן א רײַטער-אַטריאַד, אָנגעפאַלן אויף דער אָרטיקער בורזשואַזיע, אויף די פּריצישע פאַסעסיעס, קאָנפיסקירט דאָס האָב-און-גוטס, עקספּראָפּריִרט דאָס פי, די פאָראַדיסטע פערד, די נײַנקע טאַטשאַנקעס, פאַרכאַפּט דאָס געווער און צוזאַמען מיט מאכנאָס אַטריאַדן צומאָל זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן קעגן די ווײַסגוואַרדייער. בעשאַס די דעניקינצעס האָבן פאַרנומען א טייל דאָרעם-אוקראַיִנע איז מארוסקע ניקיפאָראָווא ארײַנגעפאַלן צו זיי אין די הענט. די ווײַסגוואַרדייער האָבן אין איר געבורטשטאָט, אין טאַקמאַק, אָפן אָפענעם פּלאַץ, זי אויפגעהאַנגען מיטן קאָפּ אראָפּ, פאַר די פאַרוווּנדעטע פיס...

עס זײַנען דורכגעגאַנגען עטלעכע וואָכן, און אין הולײַפּאָליע איז ניט געווען קיין שום מאכט. אזוינס פלעגט, אגעוו, אָפּט טרעפן. עס זײַנען ניט פאָרגעקומען קיין שום מיטינגען, קיין שום דיספּוטן. אויף דעם צווישטאָקיקן מויערל איז ניט געהאַנגען קיין שום פלאַג. די רויטאַרמייִשע טיילן זײַנען אוועק אָפן פראָנט, וועלכער האָט זיך אַלץ מער און מער צו אונדז דערנעענטערט. אין עטלעכע טעג ארום זײַנען פאַרשוווּנדן מאכנאָס אַטריאַדן. די ווײַסגוואַרדייער האָבן אָנגעגרײַפט. פון טאָג צו טאָג האָט בוילעטער זיך דערטראָגן דאָס שיסערײַ פון הארמאַטן, אופּרײַסן פון סנאַריאַדן, די דעניקינצעס זײַנען געווען שוין גאָר נאָענט. דער הימל איז באַדעקט געוואָרן מיט שווערע, געפּערלעכע כמאַרעס...

אין הולײַפּאָליע איז געווען א היפּשע קהילה פון עטלעכע הונדערט ייִדישע מישפּאָכעס. דרייקער באַלמעלאָכעס — שנײַדערס, שוסטערס, קירזשנער, גלעזערס, באָנדערס, סטאָליערס, שמידן, שאָרניקעס, מאַליערס. עס זײַנען געווען אויך עטלעכע הענדלער, מעקלערס, א שויכעט, א פּאַריקמאַכער.

פון די פאַרשיידענע קלאַנגען, וואָס זײַנען דערגאַנגען אַהער, האָט מען שוין געוווּסט וועגן די שוידערלעכע רעציכעס, וועגן די גוואַלדטאַטן, וועלכע די דעניקינצעס באַגייען בענעגייע ייִדן.

שאַבעס אינדערפרי האָט באַם דאַוונען אין דער פולגעפּאַקטער שול דער פאַרזאָרגטער אוילעם, בעסויכעם דער טאַטע און אויך איך, טפילע געטאָן, געבעטן דעם אייבערשטן, אַז די ראָצכים, די סאָנים יִסראָעל, ווײַסגוואַרדייער זאָלן צעשמעטערט ווערן, זיי זאָלן האָבן אַ וויסטע מאַפּאָלע...

מיט אַ פאַרשטאַרט האַרץ האָב איך אַ גאַנצן טאָג זיך צוגעהערט צו דער נאָענטער שיסערײַ, געהאָפט, געוואַרט, אַרויסגעקוקט, אַז עס זאָלן אָט־אָט זיך באַווײַזן די באַשיצער אונדזערע, די רויטע אַרמיי...

נאָר אָנהייב אָוונט זײַנען מיט אַ טרײַומפאַלן שאַלן פון אַ מיליטערישן בלאָז־אָרקעסטער און אַ הילכיקן טופערײַ פון געקאָוועטע פערד אַרײַן די דעניקינישע גרויזאַמע קאַזאַקן. אַלע רײַטנדיק, אין שוואַרצע בורקעס אויף די אַקסלען, מיט מעשונע לאַנגע פּיקעס באַ דער זײַט.

דער באַלעבאָס פונעם הויף רעב בענציען טאַנענבוים און די שכיינים, אויך דער טאַטע, האָבן גוט פאַרשפּאַרט, פאַרלייגט מיט שטאַנגען דעם הויכן הילצערנעם טויער פונעם הויף און זײַנען אײַלנדיק, אינדערגיך זיך צעגאַנגען יעדערער צו זיך אין שטוב.

די נידעריקע טיר פון אונדזער שטיבל, וואָס האָט קוים זיך געהאַלטן אויף די פאַרזשאַווערטע זאַוויסעס, האָבן מיר אויך באַלד פאַרשפּאַרט און, ניט אָנצינדנדיק קיין פײַער, זיך צוגעדריקט איינס צום אַנדערן, זיך — צוגעזעצט לעבן דעם האַלב־פאַרהאַנגענעם פענצטערל, אַרויסגעקוקט אין הויף צו דעם פאַרשפּאַרטן טויער. דאָס ראַשיקע טופערײַ פון די פערד און דאָס דראָענדיקע שאַלן פונעם דעניקינישן בלאָז־אָרקעסטער האָט זיך דערווײַטערט אַלץ מער און מער, אינגאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען. עס האָט זיך אײַנגעשטעלט אַן אומגעווײנלעכע, אַ פאַרדעכטיקע שטילקײַט. מיר זײַנען נאָך היפּש געזעסן, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, באַם פענצטערל, זיך צוגעהערט צום דרויסן. מידע, עטוואָס באַרויִקטע, האָבן מיר, ניט אויסטוענדיק זיך, צוגעלייגט זיך אויף די ניט־אויסגעבעטע געלעגערס. און באַלד דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּן אין דעם פאַרשפּאַרטן הילצערנעם טויער. מיר זײַנען צוגעלאָפן צום פענצטערל און דערזען, אַז די קאַזאַקן זײַנען שוין באַ אונדז אין הויף. אין דער זעלבער רעגע האָט זיך דערטראָגן אַ פאַרצווייפלטער גוואַלד־געשריי פון די דערבײַיִקע געסלעך, ווו עס האָבן אָמערסטן געוווינט ייִדישע מישפּאָכעס: „גוואַלד!", „גוואַלד!", ראַטעוועט!"...

דער דעניקינישער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן.

עטלעכע ראָצכים האָבן מיט אַ ווילדן געלעכטער פאַרקערעוועט צו אונדזער שטיבל. דער טאַטע האָט אינדערגיך געעפנט אין קיך דאָס פענצטערל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אינעם שכיינעסדיקן הויף, ווו עס האָבן געוווינט זייער פײַנע אוקראַיִנער, מיר זײַנען געשווינד אַרויסגעשפּרונגען און אַרײַנגעלאָפן צו יעוודאָקיִע גאַווריל אָוונען אין טונקעלן שטיבל, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען עטלעכע ייִדישע מישפּאָכעס, פאַרזאָרגטע, דערשיטערטע מענער, פרויען, קינדער.

פון די נאָענטע געסלעך, ווו עס האָבן געוווינט די באַלמעלאָכעס, האָט פון מאָל צו מאָל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער זיך דערטראָגן דער שוידערלעכער געשריי: „גוואַלד!", „ראַטעוועט!", „גוואַלד!"... פון אָט דעם געשריי האָט געשוידערט דאָס לײַב. ס'איז מיר שרעקלעך געווען פון דעם, וואָס אומבאַהאָלפענע מענטשן בעטן ראָצכים, מע זאָל זיי ראַטעווען, און קיינער פון די, צו וועמען עס דערגייט זייער פאַרצווייפלטער ווייגעשריי, איז ניט אימשטאַנד, קאָן מיט גאָרנישט ניט העלפן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען אָנגעהויבן קלאַפּן צו יעוודאָקיִע גאַווריל אָוונען אין טיר. מע האָט געקלאַפּט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. יעוודאָקיִע גאַווריל אָוונע האָט אַ שעפּטשע געטאָן צו אונדז, מיר זאָלן זיצן רויִק, אַ נעם געטאָן אין שטוב־ווינקל אַ האַק און מיט האַסטיקע טריט אַרויס אויף דער שמאָלינקער אָנגעגלאָזטער וועראַנדע.

— טשאָהאָ סטוטשיטע, טשערטי פּאָהאַניִע, פּאָהיבעל נאַ וואַס![1] — האָט זי אַן אויפגעבראַכטע אויסגעשריִען צו די קאַזאַקן.

— אָטקראַי![2] — האָט פון דרויסן זיך דערטראָגן אַ שיקערער געשריי.

— פּאָשלי וואָן ווידציליאַ, סוויניאַטשי מאָרדי, — האָט זי מיט צאָרן פאַרהויבן די האַק, — באָ יאַ וואַם צים טאָפּאָראָם וואַשי דורני גאָלאָווי ראַזרובליו![3]

יעוודאָקיִע גאַווריל אָוונע האָט די קאַזאַקן אין שטוב ניט אַרײַנגעלאָזט. אונדז געראַטעוועט.

שוידערלעכס איז געשען אין דער זעלבער נאַכט באַ דעם באַלעבאָס פון אונדזער הויף, באַ רעב בענציען טאַנענבוימען. פינף קאַזאַקן האָבן אויפגעבראָכן זײַן זייער פעסטע טיר, זיך אַרײַנגעריסן צו אים אין שטוב, געכאַפּט, אַרומגערינגלט זײַן איידעלע גאָטספאָרכטיקע, זייער שיינע פרוי סאָרע־לייען,

[1] וואָס קלאַפּט איר, שיידים פאַרשיווע, אַ פּאָהיבעל אויף אײַך.
[2] עפן.
[3] פאַרנעמט זיך פונדאַנען, כאַזערשע מאָרדעס, ווײַל איך וועל מיט אָט דער האַק אײַערע נאַרישע קעפּ צעהאַקן.

ווילד זיך איזדיעקעוועט איבער איר, און אין זײַן, אין דעם מאַנס, אָנוועזנהײַט, פאַר אים אין די אויגן, אין דער אָנוועזנהײַט פון דעם זון, פון דעם דרײַצניאָריקן אַרנאָלדן, האָבן די שיקערע קאַזאַקן אײנער נאָכן אַנדערן זי פאַרגוואַלטיקט...

צוועלף קאַזאַקן האָבן אײנעם אַנטקעגנדיקן הויף פאַרגוואַלטיקט שיפּרע דער אַלמאָנעס אײנציק טעכטערל, דאָס טמימעסדיק־שעמעוודיקע זעכצניאָריקע רײזעלע, און זי איבערגעלאָזט שוין אָן אָן אָטעם, א טויטע...

די קאַזאַקן האָבן גערויבט, געגאַזלט, פאַרגוואַלטיקט, זיך איזדיעקעוועט עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד, דעריקער איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג.

שרײַבנדיק איצט וועגן דעם, האָב איך א טראַכט געטאָן, צי זײַנען בעעמעס די קאַזאַקן דעמאָלט געווען אַזוי אַכזאָריעסדיק, צי האָב איך עס ניט אויסגעטראַכט? ניין, ניט אויסגעטראַכט, ענלעכע אַכזאָריעסדיקײַט, שרעקלעכע רעציכעס פון די דאָנער קאַזאַקן שילדערט אינעם ראָמאַן „שטילער דאָן" דער גרויסער רוסישער שרײַבער מיכאיל שאָלאָכאָוו.

אינעם דריטן טייל פונעם ערשטן בוך „שטילער דאָן" באַשרײַבט שאָלאָכאָוו, וויאַזוי די קאַזאַקן פונעם ערשטן ווזוואָד האָבן פאַרשלעפּט אין טונקעלן ווינקל פון דער פערד־שטאַל דאָס יונגינקע, פײַנינקע פוילישע מיידל פראַניען, אומגעוואַלגערט זי אויף דער ערד אין דער צעריסענער קלייד העכער די בריסטן, פאַרקוטעט איר דעם קאָפּ אין א שטיקנדיקער וואָלענער שמאַטע און זי פאַרגוואַלטיקט. אַלע. דער גאַנצער ווזוואָד קאַזאַקן. נאָכדעם האָבן צוויי קאַזאַקן, — באַשרײַבט שאָלאָכאָוו, — אויפגעהויבן דעם פאַרוויקלטן גרויען קנויל — פראַניען מיט די אַנטבלויזטע נאַקעטע פיס, אַרויפגעקראָכן, שלעפּנדיק זי מיט זיך, אויף אויבן פון די יאַסליעס אין שטאַל, און אַרויסגעוואָרפן דורך דעם אָפענעם כאַלעל אין וואַנט אויף דער האַרטער ערד אין דרויסן...

און נאָך אַן עפּיזאָד:

אינעם ערשטן טייל פון דעם זעלבן ווערק ווערט דערציילט: בעשאַס די זעכצניאָריקע אַקסיניע האָט געאַקערט אין סטעפּ א וויאָרסט אַכט פונעם כוטער, האָט דער טאַטע אירער, דער פופציקיאָריקער קאַזאַק, געבונדן מיט פּענטעס איר די הענט און זי פאַרגוואַלטיקט. „דערהאַרגענען וועל איך דיך, אויב וועסט אויסמורמלען א וואָרט", — וואָרנט ער די זעכצניאָריקע טאָכטער. נאָכדעם, — דערציילט שאָלאָכאָוו, — האָבן אַקסיניעס מאַמע און דער עלטערער ברודער שרעקלעך געמיימעסט, דערהאַרגעט דעם טאַטן.

אַזוי באַשרײַבט שאָלאָכאָוו די אַכזאָריעסדיקײַט פון די דעמאָלטיקע קאַזאַקן.

די שוידערלעכע גוואַלדטאַטן, וועלכע די קאַזאַקן זײַנען באַגאַנגען בענעגייע דער ייִדישער באַפעלקערונג אין הולײַפּאָליע, האָב איך ניט אויסגעטראַכט. געווען איז דאָס אין יאָר 1919.

און אין זיבעצן יאָר אַרום, זומער 1936, האָב איך באַקומען פונעם נײַ־זלאַטאָפּאָליער ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן אַן אײַנלאַדונג אויף פײַערלעכן יאָמטעוו פון פעלקער־פרײַנטשאַפט באַם שליסן א סאָציאַליסטישן אָפּמאַך מיט די דאָנער קאַזאַקן פון צימליאַנסקער ראַיאָן.

צימליאַנסקער ראַיאָן האָט זיך געפונען בישכיינעס מיט וועשענסקער ראַיאָן, וווּ עס האָט געלעבט און געשאַפן שאָלאָכאָוו. נײַ־זלאַטאָפּאָליער ראַיאָן, וועלכער האָט פאַררייניקט עטלעכע און דרײַסיק ייִדישע קאָלווירטן, האָט זיך געפונען בישכיינעס מיט הולײַפּאָליער ראַיאָן. צו אים האָבן געהערט די אַלטע ייִדישע קאָלאָניעס, וועלכע זײַנען נאָך אַלע אומגליקן, וואָס זיי איז אויסגעקומען אויסצושטיין און איבערלעבן, דאָך פאַרבליבן אויף זייער היימישער אויסגעכאָוועטער ערד, וועלכע איז געווען זיי טײַער, ווי דאָס לעבן. אין נײַ־זלאַטאָפּאָליער ראַיאָן האָט זיך געפונען אויך דאָס טײַערע דערפל פון מײַן קינדהײט — האַלושקעס און העכער צוואַנציק נײַע ייִדישע דערפער, אויפגעקומענע באַם אײַנאָרדענען אָט דאָ, אויף דער פרײַער ערד, די דעקלאַסירטע באַפעלקערונג פון די שטעטלעך.

אויף אָט דער פרוכטבאַרער שוואַרצערד האָט דאָס לעבן אויך פון די נײַע פויערים זיך גוט אײַנגעשטעלט, די פעלדער האָבן געגעבן רײַכע גערעטענישן, און דער נײַ־זלאַטאָפּאָליער ייִדישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן איז באַוווּסט געווען אַלס אײנער פון די סאַמע פאָרגעשריטענע ראַיאָנען אין דער געגנט.[1]

ווען איך בין געקומען אינעם געדיכט באַגרינטן ראַיצענטער, קיין נײַ־זלאַטאָפּאָל, האָב איך דאָרט שוין געטראָפן עטלעכע און צוואַנציק דאָנער קאַזאַקן, פאָרשטייער פונעם צימליאַנסקער ראַיאָן. אַלע

[1] דעמאָלט, פאַר דער מילכאָמע, ביז די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט אוקראַינע און קרים, זײַנען געווען פיר ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען: נײַ־זלאַטאָפּאָליער אין זאַפּאָראָזשיער געגנט, קאַלינינדאָרפער אין כערסאָנער געגנט, סטאַלינדאָרפער אין דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט און פרײַדאָרפער — אין קרים. אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען זײַנען געפירט געוואָרן אויף דער ייִדישער שפּראַך אַלע איניאָנים אין ראַיפּאַרטקאָם, אין ראַיאויספּירקאָם, אין אַלע מעלוכישע אַנשטאַלטן, אין מיליציע, אין געריכט, אין יעדן ראַיאָן פלעג דערשײַנען א ייִדישע צײַטונג, געווען ייִדישע שולן און טעכניקומס.

אין דער פֿולער פֿאָרמע זייערער — אין בלאָווע הויזן מיט ברייטע רויטע לאַמפּאַסן, אין כאַקענע גימנאַסטיאָרקעס, אין גלאַנציקע כראָמאָווע שטיוול, אין קאַרטוזן מיט רויטע קאַנטן.

פֿינף טעג זײַנען מיר, איך און מײַן זייער נאָענטער פֿרײַנט, דער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער מאָסקווער צײַטונג „דער עמעס" נאָכעמקע לעווין, אומגעפֿאָרן מיט די אופֿגעלעבטע, גוטמוטיקע דאָנער קאָזאַקן אויף די פֿרײַנטלעך אונטערברענגענדיקע טאַטשאַנקעס איבער די פֿײַנע ייִדישע דערפֿער פֿונעם ראַיאָן. די קאָלווירטניקעס האָבן פֿריילעך אײַנגעלאַדן די קאָזאַקן צו זיך אין די צוגעקליבענע שטיבער, גוטהאַרציק אופֿגענומען.

צוזאַמען מיט די קאָזאַקן בין איך געווען אויך אין מײַן דערפֿל, אין האַלושקעס. באַלד ווי מיר זײַנען אַריבערגעפֿאָרן די הויך אָנגעשאָטענע הרעבליע, האָבן אונדז באַגעגנט מײַנע לאַנדסלײַט, די קאָלאָניסטן, מענער און פֿרויען, קליין און גרויס. קלעזמער האָבן געשפּילט א „פֿריילעכס". די קאָזאַקן און די ייִדן האָבן ברידערלעך פֿאַרבראַכט, צוזאַמען אַרויסגעפֿאָרן אין סטעפּ, באַטראַכט די פֿעלדער, די ווײַנגערטנער, די סעדער, די פֿערמעס, די פּלאַנטאַזשן, די וועלדלעך מיט די בינשטאָקן. די קאָזאַקן זײַנען באַוווּנדערט געווען פֿון דער מוסטערהאַפֿטער ווירטשאַפֿט, און זיי האָבן אײַנגעלאַדן די ייִדישע קאָלווירטניקעס קומען צו זיי אויפֿן דאָן, אין צימליאַנסקער ראַיאָן.

אין עטלעכע וואָכן אַרום זײַנען זעקס און צוואַנציק ייִדישע קאָלווירטניקעס, צווישן זיי דרײַ געוועזענע בודיאָנאָווצעס, גלענצנדיקע קאַוואַלעריסטן, אַוועקגעפֿאָרן צו די דאָנער קאָזאַקן.

סאַראַ ווונדערלעכע, סאַראַ אויסערגעוויינלעכע, סאַראַ בעפּייִרעשע הערלעכע ענדערונגען זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאַר די זיבעצן יאָר ראַטנמאַכט אין אונדזער לעבן!..

איך האָב עס דערציילט אַגעווי אורכע, אײַנקורצן, גענוי האָב איך וועגן דעם געשריבן אין דער פֿאַרצייכענונג „א פֿריילעכס", וועלכע איז אָפּגעדרוקט אין מײַן ביכל „בא מיר אין לאַנד". ברייטער וועל איך דערציילן אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען.

דערווײַל קער איך זיך אום קיין הולײַפּאָליע. די גרויזאַמע דעניקינצעס האָבן דאָרט לאַנג ניט געוועלטיקט. רויטאַרמייִשע טיילן האָבן אין העפֿטיקע אָנגעשטרענגטע שלאַכטן זיי אַרומגערינגלט, צעקלאַפּט. דעמלט שוין האָבן זיך אָנגעטראָגן, ווי שטענדיק אומגעריכט, די מאַכנאָווצעס אָנגעטראָגן זיך, ווי א שטורעם מיט אַן אומופֿהערלעכער שיסערײַ, מיט א טראַסקערײַ, מיט א ליאַזגערײַ, פֿאָכנדיק מיט די אַנטהילטע שווערדן. זיי האָבן געפּאַקט דעם דעניקינישן פּאָלקאָווניק, דעם רעצייעך מיט דער ברייטער שוואַרצער באָרד, וועלכער האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן אין קלויסטער, געצווונגען אים זיך אויסטאָקימאַט נאַקעט און אין איינע אונטערשטע גרעט מיט צוגענייטע צו די אַקסלען, צום לײַב זײַנע באַגילדעטע פּאָגאָנעס, א באָרוועסן, געטריבן אים מיט א זידלערײַ איבער דער אופֿגעלעבטער הויפּט־גאַס.

צוזאַמען מיט דעם היפּשן אוילעם האָב איך געזען, ווי די מאַכנאָווצעס האָבן צוגעפֿירט דעם פּולבלעכן שוואַרצבערדיקן דעניקינישן פּאָלקאָווניק צו דעם אויסגעקרימטן הויכן סלופּ אויפֿן סאַמע ראָג לעבן דער שיינער צווייסטאָקיקער געבײַדע, אָנגעטאָן אים א שמוציקע שטריק אויפֿן לאַנגן, ווי בא א גאָנער, האַלדז, און אופֿגעהאַנגען. די באָרוועסע פֿיס זײַנע האָבן שיר־שיר ניט דערגרייכט די זאַמדיקע ערד...

די רויטאַרמייִשע טיילן האָבן אין הולײַפּאָליע זיך ניט פֿאַרהאַלטן. די מאַכנאָווצעס אויך. לעבן דער אײַזנבאַן־סטאַנציע זײַנען געגאַנגען שלאַכטן. טאָג־אײַן, טאָג־אויס האָט געהילכט א שיסערײַ. עס האָבן מיט א האַסטיקן געוואַי זיך געטראָגן סנאַריאַדן. אייניקע פֿון זיי האָבן זיך אופֿגעריסן אויפֿן מיטן מאַרק, לעבן דער פּיריאַריקער שול, ניט ווײַט פֿון דער סינאַגאָגע.

אין איינעם א רעגנדיקן טאָג האָט א סנאַריאַד געטראָפֿן צו אונדז אין הויף. פּונקט צו לייווי־יאָסיען אין בלעכער־וואַרשטאַט. צעשמעטערט אים און לייווי־יאָסיען שווער פֿאַרווונדעט. איך בין אַלפֿי נעס פֿאַרבליבן גאַנץ, נאָר אָן מײַן באַליבטער אַרבעט. אָן א פֿאַרדינסט. דער טאַטע — אויך אָן א פֿאַרדינסט. יעכיעל־טאַנכומס ווײַב האָט שוין מער ניט געקאָנט קריגן קיין טאַבעק. עס איז אָן קיין שום נוץ איבערגעבליבן א גאַנצער פּאַק מיט פּוסטע הילזעס.

די אייניקע שפּײַזערן אונדזערע איז איצט געווען בלויז די בעהיימע. יעדן טאָג פֿלעג די מאַמע אַרײַנטראָגן לייווי־יאָסיען און יעכיעל־טאַנכומען א קריגעלע מילך, א ביסל סמעטענע, א ביסל קעז... יעדן טאָג האָט די מאַמע געגרייט א מילכיקן מײַכל. אַפֿילע שאַבעס. נישקאָשע, מע האָט געקאָנט אויסקומען. נאָר אײַנגיכן האָט אין דאָרף צווישן די בעהיימעס זיך פֿאַרשפּרייט א שווערע קרענק — יאַשטשור. קיין רעפֿועס קעגן אָט דער שרעקלעכער קרענק זײַנען ניט געווען. עס האָט זיך אָנגעהויבן א מאַגייפֿע פֿון די פֿי.

יעדן קאַיאָר האָב איך מיט א ציטערדיק האַרץ אַרויסבאַגלייט אונדזער בעהיימע אויף פּאַשע אַראָפּ דער לאַנגער שמאָלער גאַס איבערן הילצערנעם בריקל אויסערן דאָרף, ווו עס האָט זיך צונויפֿגעקליבן די טשערעדע. און פֿאַרנאַכט פֿלעג איך גיין מיט אַן אומרויִק האַרץ זי באַגעגענען.

אין איינעם א שטארק כמורנעם פארנאכט האָט די בעהיימע צום בריקל זיך ניט אומגעקערט. מיר אלע, שטארק פארזאָרגטע — דער טאטע, די מאמע, כײַע־כאנע, פייגעלע און איך — זײַנען אוועק זי זוכן און זי געפונען אף דער אויסגעטראָטענער טאָלאָקע א טויטע...

מיר זײַנען פארבליבן אָן דער איינציקער שפּײַזערן אונדזוערער...

## 5

# אפן דאך מיט א טאָרבעלע קיין מינסק

מיר ווילט זיך זייער ניט דערקוטשען דעם לייענער מיט ניט קיין פריילעכע געשיכטעס. איך לאָז איבער היפש וועגן דער דעמלטיקער גאָר ניט גרינגער אויסקומעניש. נאָר דעם הונגער, דעם שוידערלעכן הונגער איז אוממעגלעך פארבײַגיין. דער הונגער האָט זיך אָנגעהויבן אין הולײַפּאָליער אומגעגנט און בכלל אף דאָרעם־אוקראַינע אין איין־און־צוואנציקסטן יאָר בעשאס דער אויסערגעוויינלעכער פארטריקעניש. א גאנצן פרילינג, א גאנצן זומער איז קיין איין רעגן ניט געגאנגען. דער הימל איז אומבעראכמאָנעסדיק געווען לויטער־ריין. די זון האָט געסארפּעט. איבער די פעלדער, פארזייטע מיט וויץ, מיט גערשטן, מיט האָבער, קוקורוזע און זונרויזן האָבן געווירבלט, געהוליעט הייסע טרוקענע ווינטן, סוכאָווייען.

די הולײַפּאָליער פארזאָרגטע פויערים און פויערטעס בעראָש מיטן אלטיטשקן גאלעך זײַנען ארויס דעמלט אין סטעפּ מיט ציילעמס און איקאָנעס אין די הענט, זיך אראָפּגעלאָזט דאָרט אף די קני, אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל און מיט א געיאָמער טפילע געטאָן, געבעטן גאָט אראָפּשיקן א רעגן אף די פעלדער.

שטייענדיק אין א זײַט, פונדערווײַטן, האָב איך זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו מיזרעך און שטיל אין זיך געמורמלט א טפילע, געבעטן דעם אייבערשטן, ער זאָל זיך דערבארעמען און אָנפּאָיען די פעלדער.

די רירנדיקע טפילעס האָבן ניט געהאָלפן. קיין רעגנס זײַנען ניט געגאנגען. די זון האָט ווי פריער געבאקט. אף די פעלדער איז אלץ פארסארפּעט געוואָרן. פון טאָג צו טאָג איז אלץ שווערער, אוממעגלעכער געוואָרן צו קריגן כאָטש וועלכע־ניט־איז שפּײַז. דער מארק־פּלאַץ איז געווען פּוסט. קיין איין פור, קיין איין הארבע, קיין איין בעסטארקע. ניטאָ ווו, בא וועמען צו קויפן כאָטש א ביסל מעל, צי קוקורוזע, צי קארטאָפל. אף די פויערטעס, וועלכע האָבן זיך באוויזן מיט גאָרטנווארג, פלעגן אָנפאלן הונגעריקע, ארויסרײַסן עס פון די הענט...

איך און פייגעלע האָבן ארומגעבלאָנדזשעט הונגעריקע איבער די ווײַטלעכע פויערישע גערטנער, וועלכע האָבן זיך געפונען הינטער דעם אויסגעטריקנטן טײַכל, מיר האָבן געגראבלט, געראַיעט מיט די פארכאלעשטע פינגער די הייסע שטויביקע ערד, געזוכט, געהאָפט צו געפינען דאָרט א פארבליבענע נאָך פון פאראַיאָריקן קארטאָפל, א בורעקל, עפשער א מערל, א רעטעכל. אומגעקערט זיך אהיים בלויז מיט א ביסל קראָפּעווע און פערדן־שטשאַוועל. די מאמע האָט עס אָפּגעקאָכט, און מיר אלע האָבן אָטכאיעט א ביסל די נעשאָמע...

אין יענע מאָרעשכוירעדיקע טעג בעשאס מענטשן זײַנען געלעגן אף דער גאס געשוואָלענע, אויסגעגאנגען פון הונגער, איז צו אונדז אָנגעקומען א בריוו פון דעם טאטנס עלטערן ברודער, פון רעב יאנקעוון, וועלכער האָט געוווינט ווײַט, זייער ווײַט פון אונדז, אזש אין ווײַסרוסלאנד, אין מינסק. דער פעטער האָט געשריבן, אז זיי האָבן קיין שום באגריף, אפילע קיין אנונג ניט פון א הונגער, און געצייצעט, מיר זאָלן איבערלאָזן אלץ מיטאנאנדער און אריבערפאָרן צו זיי, קיין מינסק. איבערלאָזן האָבן מיר שוין ניט געהאט וואָס. אלץ, וואָס מיר האָבן פארמאָגט, דערין אויך דעם טאטנס יאָמטעוודיקן מאנטל, דער מאמעס זײַדענער שאל, כײַע־כאנעס נאדן, אפילע די לײַכטער — אלץ האָבן מיר מיט ניט ווייניק מאטערנישן און הארץ־פּלאָגענישן אויסגעפארקויפט, אויסגעביטן אף א ביסל קוקורוזע־מעל, אף א ביסל דערט אָדער פּראָסע. פארבליבן איז בלויז דאָס פּייסעכדיקע געפעס און דעם טאטנס זילבערנער זייגער, וועלכן מע האָט אים געשענקט נאָך צו דער כאסענע.

ניט געקוקט אף דעם אלעמען, האָט דער טאטע דאָך, ווי שטענדיק, געלעבט מיט ביטאָכן, געהאָפט, געגלייבט, אז עס וועט קומען א יעשועע. דער בריוו פון מינסק האָט אים דערפרייט שוין מיט דעם, וואָס דאָרטן הונגערט מען ניט. דאָס איז שוין גוט. נאָר אריבערפאָרן מיט דער מישפּאָכע אהין, ניט פארמאָגנדיק קיין גראָשן, ביפראט נאָך, אז די מאמע האָט זיך געפילט שוואך, איז פּאָשעט אוממעגלעך געווען. איך אָבער האָב בא זיך באשטימט אומבאדינגט פאָרן. דערווײַל אליין. פון דעם

וועט שוין אויך זײַן א געוויסע נוץ פאר דער מישפּאָכע, עס וועט פארבלײַבן אַף א לענגערע צײַט דאָס האלבע זעקל קארטאָפל, צו וועלכן מע האָט זיך ניט דערלויבט דערווײַל צורירן.

די מאמע האָט מיט טרערן מיך אָפּגערעדט, ניט געוואָלט מיך לאָזן פאָרן אָן קיין שום מיטלען, אײנעם אליין אין אזא ווײַטן אומבאקאנטן וועג. נאָר איך בין באשטאנען אַף מײַנס. קעדיי מיטגעבן מיר כאָטש עפּעס־וואָס אין וועג, האָט דער טאטע אויסגעביטן בא א דורכפאָרנדיקן פויער דעם זילבערנעם זייגער פאר א ניט־פולן עמער מאקוכע.

שוין צום סאָף פונעם זומערדיקן יאָמטעוו־טאָג שוועס, פארנאכט־צו, ווען די זון, א צונטער־רויטע, א גרויסע, א צעגליט־פלאמענדיקע, האָט אָנגעהויבן זיך זעצן הינטער די געלבלעך וועלקנדיקע ארופבארגיקע פאליסאדניקעס, האָב איך זיך געזעגנט מיטן בלייכן טאטן, מיט דער פארוויינטער שוואכער מאמען, מיט דער פארטרויערטער שוועסטער כײַע־כאנען, מיט פייגעלען, איך האָב גענומען דאָס טאָרבעלע, אין וועלכן עס האָבן זיך שוין געפונען מײַנע טפילן, דער סידער און עטלעכע שטיקלעך מאקוכע, זיך צוגעזוצט א ווײַלע, דערנאָך א קוש געטאָן די מעזוזע, און בין ארויס פון אונדזער אומעטיק פײַכט צימערל. אויסערן הויף שוין, בין איך באם אָפענעם הילצערנעם טויער געבליבן שטיין, מיט א פארקלעמט הארץ זיך אומגעקוקט אַף אונדזער בידנע שטיבל און אוועקגעשפּאנט אין די צעטראסקעטע שיך מיט די אויסגעקרימטע אָפּצאסן, וועלכע מע האָט געקראָגן פאר מיר, אינעם פארלאטעטן ציצענעם העמדל און קורצלעכע געשטוקעוועטע פארוסינענע הויזן צו דער הולײַפּאָליער אײַזנבאַן־סטאנציע.

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן ווערן טונקל, ווען איך האָב זיך דערשלעפּט צו דעם אײַנשטאָקיקן רויט־געמויערטן צעקאַליעטשעטן וואָקזאלכל, וועלכן די מאכנאָווצעס, צעגראָמירטע פון דער רויטער ארמיי, האָבן, פארלאָזנדיק אַף שטענדיק הולײַפּאָליע, טיילווײַז אופגעריסן.

לעבן וואָקזאלכל איז אַף אָנגעוואלגערטע קלעצער געזעסן א היפשער אוילעם, פארמורזעטע מעשאָטשניקעס מיט שווערע פּעק און טאָרבעס. איך האָב זיך אוועקגעזעצט אַף א גראָבן קלאָץ לעבן דעם טומלענדיקן אוילעם, וועלכער האָט שוין, קאָנטיק, לאנג געווארט אַף א צוג.

אין א ווײַלע ארום האָט אפן קלאָץ לעבן מיר זיך צוגעזעצט א שווארצכיינעוודיקער יונגערמאנטשיק אין ברילן מיט צוויי פײַנע געפלאָכטענע קוישלעך. ער האָט מיט נײַגער מיך אָנגעקוקט און אָנגעהויבן זיך פאנאנדערפרעגן, פונוואנען בין איך, ווער זײַנען מײַנע עלטערן, וווהין פאָר איך. דערבײַ דערציילט וועגן זיך: ער פאָרט פון יעקאטערינאָסלאוו צו זיך אהיים, קיין סינעלניקאָווא. ס׳וועט אויסקומען פאָרן אין איין צוג, — האָט ער באמערקט און בעשאסמײַסע, אגעוו, א פרעג געטאָן, וואָס פיר איך מיט זיך. איך האָב אים געזאָגט, אז אויסער די טפילן און דעם סידער האָב איך אין טאָרבעלע עטלעכע שטיקלעך מאקוכע. ער האָט זיך צוגערוקט נעענטער, געייצעט פאָרן צוזאמען מיט אים, ווײַל זײַן היימלעכער און פארייניס געבעטן טאָן אים א טויווע: האלטן איין געפלאָכטן קוישל לעבן זיך. טאָמער וועט מען פרעגן, וואָס איך פיר אין קוישל, זאָל איך זאָגן, אז איך פיר וואָרצלען פון קרײַטעכצער און פארשיידענע גראָזן פארן קראנקן פעטער.

אינגיכן איז מיט א צעצויגענעם הײַזעריקן פײַפערײַ פונעם שווארצן, ווי אין סמאָלע אויסגעשמירטן, לאָקאָמאָטיוו, אָנגעקומען אַף דער קליינינקער סטאנציע אן אליארמדיקער צוג מיט קאָלערליי צעקלאפּטע, פארסארפּעטע, צעקאַליעטשעטע וואגאָנען, צווישן זיי בלויז איין גאנצע טעפּלושקע. איך און דער יונגערמאנטשיק נאפטאָליע פייסאכאָוויטש, — אזוי, האָט ער געזאָגט, רופט מען אים, — האָבן צוזאמען מיט דעם צעפּודזשעטן אוילעם, מיט די מעשאָטשניקעס, זיך געלאָזט לויפן צו אָט דער איין־און־איינציקער גאנצער טעפּלושקע. בא דער גוואלדיקער שטופּעניש האָבן מיר מיט גרויס מאטערנישן זיך דורכגעריסן, זיך ארײַנגעכאפּט אינווייניק. אין דער טעפּלושקע איז שוין געווען פיל און פול. דאָך האָט אונדז געלונגען זיך אײַנמאָסטען אין סאמע טונקעלן ווינקל, פארכאפּט דאָרט א שטיקל פלאץ און אויסגעמאטערטע זיך אויסגעצויגן איינס לעבן אנדערן אַפּי ווארעמען הילצערנעם דיל.

ס׳איז שוין געווען גוט טונקל, ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט מיט א שטארק צעצויגענעם הייזעריקן פײַפערײַ א האסטיקן צי געטאָן דעם צוג. עס האָט זיך דערטראָגן א טעמפּע קלאַפּערײַ פון די בופערן, און איך האָב דערפילט, אז מיר פאָרן. ביז וועלכער סטאנציע גייט דער צוג, האָט קיינער פון אונדז ניט געוווּסט, נאָר אז מע וועט קאָנען דערפאָרן מיט אים ביז סינעלניקאָווא, איז דער יונגערמאנטשיק נאפטאָליע פייסאכאָוויטש געווען זיכער.

דער צוג איז אוועק אלץ שנעלער און שנעלער. דער דיל פון דער טעפּלושקע האָט געלאָסן זיך אונטערגעוויגט. דער אָנגעפּאקטער אין דער טעפּלושקע אוילעם האָט צוביסלעך זיך בארויִקט, זיך אײַנגעשטילט, פון פארשיידענע זײַטן האָט זיך דערטראָגן א כראָפּען, און איך בין אויך אנשלאָפן געוואָרן.

אינמיטן נאכט האָב איך דערפילט א שטויס אין זײַט, זיך אופגעכאפּט. אין דער טעפּלושקע איז געווען שטאָק־פינצטער. ס׳איז געשטאנען א שרעקלעכער טומל, א זידלערײַ. דער אוילעם איז, קאָנטיק, אופגעשפּרונגען פון די ערטער, זיך געשטופּט צום ארויסגאנג. פילנדיק, אז ס׳איז עפּעס געשען און מע

דארף וואָס גיכער פאַרלאָזן די טעפּלושקע, האָב איך אין דער געדיכטער פינצטערניש געפּרוּווט א שטורכע טאָן, אופוועקן דעם יונגערמאַנטשיק, נאָר ער איז לעבן מיר ניט געלעגן. „ווו איז ער? מעג־לעך, אז שלאָפנדיק האָט אָדער ער, אָדער איך זיך אָפּגערוקט איינער פונעם אנדערן ערגעץ אין א זייט". — איז דורכגעלאָפן א געדאנק, און איך האָב א געשריי געטאָן, א רוף געטאָן אים באם נאָמען. ארום און ארום איז געשטאנען א ראַש, א טומל, און ער האָט, מעגלעך, ניט דערהערט. איך האָב נאָכאמאָל העכער א געשריי געטאָן: „פּייסאַכאָוויטש!", „נאַפּטאַליע!", „פּייסאַכאָוויטש!". ער האָט זיך ניט אָפּגערופן. „וואָס איז געשען? ווהין איז ער אהינגעקומען? — האָב איך ניט אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין. — עפּשער איז ער שוין ארויסגעשפּרונגען און ווארט אויף מיר און אויף זיין געפּלאַכטן קוישל אויף דער פּלאַטפאָרמע?" מיט מאַטערניש בין איך אַריין־ארויסגעשפּרונגען. אויף דער פּלאַטפאָרמע איז ער ניט געווען. דער אוילעם פון טעפּלושקע איז געלאָפן צו דעם פאַרנעפּלטן צוג, וועלכער איז געשטאנען די בישכיינעס. באַלאַגערנדיק דאָס שמאָלינק לייטערל פונעם ארויסגעלאָשענעם פּאַסאַזשיר־וואַגאָן, זיינען די מעשעשטשניקעס געקראָכן, געקאַראַפּקעט זיך מיט די פּעק און זעק אין דער הייך אויפן פּלאַטשיקן דאַך. „דער באַלעבאָס פון דעם קוישל איז, מיסטאָמע, שוין אויך דאָרטן, — האָב איך א טראַכט געטאָן, — דער צוג גייט דאָך, האָב איך געהערט זאָגן, קיין סינעלניקאָווע, פּונקט אהין, ווהין דער יונגערמאַנ־טשיק דאַרף". איך האָב אויך ארופגעקלעטערט אויפן גליטשיקן בלעכענעם דאַך, א זוך געטאָן אים צווישן דעם אָנגעשפּיקעוועטן אוילעם. ער איז דאָ ניט געווען. דער צוג האָט גלייך זיך גערירט. „מיסטאָמע איז ער ארופגעקראָכן אויפן דאַך פון דעם שכייניסדיקן וואַגאָן, — האָב איך זיך באַרויקט, — אויף דער סטאַנציע סינעלניקאָווע וועט ער דאָך אראָפּשטייגן, וועלן מיר זיך טרעפן און איך וועל אים אָפּגעבן זיין געפּלאַכטן קוישל.

קיין סינעלניקאָווע איז דער צוג אָנגעקומען גאַנצפרי. א פאַרקאַליִעטער פונעם איינגעגעסענעם קאַלטן ווינט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געבלאָזן איבערן גליטשיקן דאַך פונעם וואַגאָן, בין איך אראָפּ־געקראָכן אויף דער טומלדיקער פּלאַטפאָרמע, און, האַלטנדיק אין איין האַנט דאָס טאָרבעלע, אין דער צווייטער דאָס געפּלאַכטן קוישל, אינדערגיך אוועק צו דעם ארייַנגאַנג אין וואָקזאַל. דאָרט בין איך געבליבן שטיין און מיט אומגעדולד ארויסגעקוקט אהין, ווו עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער צוג. איך האָב געוואַרט, אז אָט־אָט וועט זיך באַווייזן דער יונגערמאַנטשיק, אָט באַלד וועט ער מיך דערזען, זיך דערפרייען, וואָס איך האָב פאַרהיט זיין קוישל. פיל, זייער פיל, קאַלערליי פאַרשיינען זיינען געגאַנגען פון דעם צוג, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז איך זע אים שוין צווישן זיי. פּונקט דעמאָלט איז פונעם וואָקזאַל ארויס א בלייכער מיליציאָנער, קרום זיך אומגעקוקט אויף מיר, אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, זיך אומגעקערט און געהייסן מיר גיין מיט אים. עטוואָס אין א זייט פונעם וואָקזאַל האָט ער מיך אריינ־געפירט דורך א שמאָלן טונקעלן קאָרידאָר אין א באַהאַנגענעם מיט קאַלערליי פּלאַקאַטן צימערל, אין וועלכן עס זיינען געזעסן באַ א קייַלעכדיקן טישל עטלעכע מיליציאָנערן. די מיליציאָנערן האָבן זיך אומגעקוקט פאַרדעכטיק אויף מיר, ווי מע וואָלט געפּאַקט א גאַנוו. איינער פון זיי, א הויכער, א דאַרער, אין א מונדיר מיט א פּיסטאָלעט באַ דער זייט, איז צוגעגאַנגען צו מיר און אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערפרעגן, ווער איך בין, פונוואַנען און ווהין פאָר איך. איך האָב אים געענטפערט אזוי ווי ס'איז, אז איך פאָר פון הוליַיפּאָליע, ווו ס'איז א שרעקלעכער הונגער, אז מיר האָבן באַקומען א בריוו פון מינסק, פונעם פעטער, אז באַ זיי ווייסט מען ניט פון קיין הונגער, פאָר איך דעריבער אהין.

— און וואָס פירסטו מיט זיך? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— איך פיר א סידער, א שטיקל מאַקוכע (די איבעריקע צוויי האָב איך שוין געהאַט אופגעגעסן) און טפילין.

— וואָס איז דאָס אזוינס טפילין? — האָט ער געפרעגט.

— ס'איז צום דאַוונען, — האָב איך אים דערקלערט.

— צום דאַוונען? — האָט ער פאַרוואונדערט, אָנקוקנדיק מיך, איבערגעפרעגט, — אנו, ווייַז עס. איך האָב ארויסגענומען פונעם טאָרבעלע די מאַקוכע, דעם סידער, נאָכדעם די טפילין און גע־וויזן אים.

— נו, גוט, — האָט ער, שמייכלענדיק, א זאָג געטאָן, — לייג אריין דיין גוטס צוריק אין טאָר־בעלע. און וואָס איז באַ דיר דאָרט? — האָט ער א ווייַז געטאָן אויפן געפּלאַכטן קוישל.

— דאָרט איז א ביסל וואָרצלען פון קרייַטעכצער און פאַרשיידענע גוטע גראָזן, רעפּועס פאַרן קראַנקן פעטער.

איך האָב געזאָגט אזוי, ווי דער יונגערמאַנטשיק האָט געהייסן.

— טשיקאַווע, וואָס פאַר א גראָזן זיינען עס. שליס אויף דאָס קוישל, וועלן מיר א קוק טאָן. — האָט ער גוטמוטיק פאַרגעלייגט.

— איך קאָן ניט אופשליסן, — האָב איך שטיל געזאָגט.

— פאַרוואָס?

— איך האָב ניט דאָס שליסעלע.

— ווו איז עס?

— מע האָט מיר עס ניט געגעבן, — האָב איך, ווי דער עמעס איז, מיט א גרינג געמיט געזאָגט.

— ווײַבאַלד דו קאָנסט ניט, — האָט ער מיט באַדויערונג א זאָג געטאָן, — וועלן מיר אַליין ווי־ניט־איז אופשליסן.

ער האָט זיך אָנגעבויגן, מיט עפּעס פלײַסיק געעפנט, אַראָפּגענומען דאָס שלעסעלע, אוועקגע־שטעלט דאָס פײַן געפלאָכטן קוישל אַפן טיש און אופגעהויבן דאָס דעקל.

איך האָב א קוק געטאָן און בין דערשיטערט געוואָרן. אינעם קוישל איז ניט געווען אפילע קיין סימען פון וועלכע־ניט־איז גראָזן. דאָס קוישל איז געווען אָנגעפּאַקוועט מיט קאָלערלײַ זעלטענע, טײַערע סכוירעס, מיט שיינע פּעקלעך פּאַפּיראָסן, מיט גלאַנצנדיקע זאַשיגאַלקעס, מיט טאָרבעלעך סאַכאַרין, מיט שפּולקעס פאַרשידנקאָליריקע פעדעם...

— נו, און ווו איז דאָס הײַ־גראָז פאר דײַן קראַנקן פעטער? — האָט דער עלטסטער מיליציאָ־נער אָנגעכמורעט א פרעג געטאָן.

איך האָב זיך דערפילט זייער שולדיק. א געפּלעפּטער, א פאַרלוירענער, האָב איך ניט געקאָנט ארויסברענגען קיין איין וואָרט. דאָס פּאַנעם האָט געפלאַמט בא מיר פון בושע. ס'איז מיר געווען א בײַזאָיען, א שרעקלעכער בײַזאָען. איך האָב אף מײַן לעבן קיינמאָל קיינעם קיין ליגן ניט געזאָגט... און איצט...

— אָט וועיר דו ביסטו!.. האַ? ספּעקולירסט?! — האָט דער מיליציאָנער מיט פאַראַכטונג זיך אָנגערופן.

— ניין... ניט עמעס... — האָב איך מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם קוים ארויסגערעדט, — איך ספּעק־קוליר ניט... דאָס קוישל איז ניט מײַנס... מײַנס איז בלויז דאָס טאָרבעלע. דאָס קוישל איז א פרעמדנס, — און גלײַך אַפן אָרט דערציילט דעם פולן עמעס.

— אַך, ווי ניט גוט דער ספּעקוליאַנט האָט דיך אונטערגעפירט, — האָט דער מיליציאָנער מיט עכטער באַדויערונג שטיל געזאָגט, — א היגער איז ער? ווו איז זײַן פאַמיליע? ער האָט דיר דאָך געזאָגט מיסטאָמע...

דעם יונגערמאַנטשיקס פאַמיליע האָב איך געוווּסט. נאָר זאָגן האָב איך ניט געוואָגט. ניט געוואָלט, כאָלילע, אים אָנטאָן שלעכטס.

פונעם צימערל, ווו עס איז פאַרבליבן דעם יונגערמאַנטשיקס פײַן געפלאָכטן קוישל מיטן גוטס, בין איך ארויס מיט א צעבויטעטן געפיל, ווי איך וואָלט באַגאַנגען עפּעס אן אוולע. ער, דער יונגער־מאַנטשיק, האָט מיר טאַקע זייער מיִעס אונטערגעפירט, דאָך האָט מיך באַנג געטאָן, וואָס עס האָט זיך אזוי באַקומען מיט זײַן קוישל, וועלכן ער האָט מיר פאַרטרויט. ער קאָן מיינען, אַז איך בין בעקיוון מיטן קוישל ניט געוואָרן, בעקיוון אַנטרונען געוואָרן, אוועקגעגאַנגען. מיר האָט זיך זייער געוואָלט אים איצט אָפּזוכן, דערציילן אַלץ אזוי, ווי ס'איז געשען. ער איז דאָך, מיסטאָמע, אָט דאָ, בא זיך אינדער־היים. און איך האָב זיך געלאָזט גיין איבער די פאַרשטויבטע סיגנעלניקאָווער גאַסן און געסלעך, עפשער וועל איך אים דאָרט טרעפן. לאַנג זיך ארומגעדרייט, נאָר אומזיסט. אין ערגעץ אים ניט באַ־געגנט. א מידער, א דערשלאָגענער, האָב איך זיך אומגעקערט צום וואָקזאַל. אף די עטוואָס זײַטיקע רעלסן איז געשטאַנען א צוג מיט אָפענע פּלאַטפאָרמעס, אָנגעלאָדענע מיט שטיינקוילן. איך בין מיטן טאָרבעלע ארופגעקראָכן אף דער לעצטער פּלאַטפאָרמע, זיך אײַנגעמאָסטעט צווישן די הרודעס קוילן און מיט א געדריקטן געמיט אוועקגעפאָרן, ניט וויסנדיק, אייגנטלעך, וווהין דער צוג גייט...

דער פאַרשטויבטער צוג מיט די אָפענע פּלאַטפאָרמעס שטיינקוילן האָט מיך, א פאַרמורזעטן, אן אָפּגעשוואַכטן, א הונגעריקן, געבראַכט קיין כאַרקאָוו. אין טאָרבעלע בא מיר זײַנען געווען בלויז די טפילן און דער סידער. דאָס לעצטע שטיקל מאַקוכע האָב איך נאָך באַנאַכט אופגעגעסן. עס האָט מיך שטאַרק גענודיעט אונטערן האַרצן. איך האָב ווי־ניט־איז זיך דורכגעשטופּט אין דעם פול אָנגעפּאַקטן וואָקזאַל, קעדיי נעמען דאָרט כאָטש א טרונק וואַסער. לעבן דעם קראַן האָט אן עלטערע שוואַכע פרוי, ווען איך האָב געהאָלפן זיך אופהייבן פונעם נאַקעטן דיל, מיר געזאָגט, אַז דאָ, אין כאַרקאָוו, איז פאַראַן א יידישע אומזיסטיקע סטאָלאָווקע פאַר הונגעריקע. איך האָב באַלד זיך געלאָזט גיין אין שטאָט. לאַנג געפּלאָנטערט איבער די אומבאַקאַנטע גרויסאַרטיקע גאַסן. סאָפּקאַלסאָף האָב איך אף א זײַטיק שמאָל געסל, נאָענט פון דעם האַלב־אויסגעטריקנטן טײַכל, אָפּגעזוכט די וווּנדערבאַרע סטאָ־לאָווקע. לעבן דער איינשטאָקיקער ווײַס־אויסגעקאַלכטער סטאָלאָווקע האָט זיך געשלענגלט א לאַנגע ריי נעבעכדיקע, אויסגעדאַרטע, פאַרשלומפּערטע מאַנצבילן, פרויען און קינדער. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מע דאַרף בא דעם אָפענעם פענצטערל זיך פאַרעגיסטרירן, וועל איך באַקומען א טעלער סופּ, א הירזשענע קאַשע און דערצו נאָך א פּאַרציע ברויט. ס'האָט, דעם עמעס געזאָגט, מיר זיך ניט

געגלייבט, איך האָב זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַזוינס איז מעגלעך. קיין ברויט האָב איך שוין לאַנג, זייער לאַנג אַפילו פאַר די אויגן ניט געזען.

באַ דעם אָפּן פענצטערל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום געסל, האָט אַן אַלטיטשקער גרייז־גראָווע ייִד מיך פאַרשריבן אין אַ בוך, פאַרעגיסטרירט, געגעבן דריי טאַלאָנטשיקעס, און איך בין אַריין אין עסצימער. אַך, מיט וואָס פאַר אַ פּרעכטיקן סוף איך האָב זיך דערקוויקט! אַך, מיט וואָס פאַר אַ מעכייעדיקער קאַשע, מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָב איך געגעסן דאָס אויסערגעוויינלעך געשמאַק ברויט!

אַפילו די סאַמע בעסטע, די סאַמע שענסטע געריכטן, וועלכע מע האָט דערלאַנגט באַ אונדז צום טיש בעשאַס אַ יאָמטעוו, זיינען ניט געווען אַזוי ווונדערלעך באַטאַמט.

מיט דער האָפענונג, אַז מאָרגן וועל איך ווידער באַקומען טאַלאָנטשיקעס אויף אַ סוף, אויף אַ קאַשע און אויף אַ פּאַרציע ברויט, בין איך אַ דערמוטיקטער פאַרנאַכט אַוועק צוריק אויפן וואָקזאַל (ער איז איבערגעפּולט געווען מיט היימלאָזע, מיט קאַלערליי שלעפּערס, שנאָרערס), קעדיי דאָרט אויף אַ באַנק צי אויפן דיל ווי־ניט־איז איבערנעכטיקן.

גאַנצפרי בין איך שוין געווען אינעם באַקאַנטן געסל לעבן דעם האַלב־אויסגעטריקנטן טייכל, זיך אַרומגעוואַשן און באַצייטנס פאַרנומען אַ ריי באַ דער סטאָלאָווקע. נאָך דעם, ווי איך האָב באַקומען די טאַלאָנטשיקעס און געשמאַק אָפּגעגעסן, בין איך, ניט וויסנדיק וווהין זיך אַהינצוטאָן, אַריין גלאַט אַזוי זיך אין דעם גערעמען הויף.

צוויי יונגע פאַרברוינטע כעוורע האָבן צעזעגט גראָבע קלעצער און צעהאַקט די שווערע שייטלעך אויף שפּענער. איך האָב געקוקט, ווי די כעוורע האָרעווען, און מיר האָט זיך פאַרוואָלט כאָטש מיט עפּעס־וואָס באַהילפיק זיין. פון קינדווייז אויף בין איך געוווינט געווען עפּעס טאָן, זיך פאַרנעמען מיט אַרבעט, ניט זיצן ליידיק. גאָרנישט ניט זאָגנדיק, האָב איך גענומען צונויפקלייבן די אָנגעהאַקטע שפּענער און זיי אָפּגעטראָגן צו דער קופּע, וועלכע האָט זיך געפונען לעבן דער קיך פון דער סטאָלאָווקע.

אין אַ היפּשער ווייַלע אַרום איז אין הויף אַריין אַ מיטליאָריקער האַדראָספּאָנעמדיקער מאַנצבל אין אַ טונקעלער שליאַפּע. ער האָט וועגן עפּעס זיך דורכגערעדט מיט די כעוורע, וועלכע האָבן געהאַקט דאָס האָלץ, נאָכדעם אָפּגעגאַנגען אויף אַ זייט, געבליבן שטיין, געקוקט, ווי איך קלייב צונויף די פאַנאַנדערגעוואָרפענע שפּענער און טראָג זיי צו דער קיך.

אומגעריכט האָט ער מיך אַרויף געטאָן, געפרעגט, פונוואַנען בין איך, ווי קום איך אַהער, ווער זיינען מיינע עלטערן.

איך האָב גערן אים אַלץ דערציילט.

— און ווער האָט דיר געהייסן צונויפקלייבן און טראָגן די שפּענער? — האָט ער, באַטראַכטנדיק מיך פון קאָפּ ביז די פיס, אַ פרעג געטאָן.

— קיינער האָט מיר ניט געהייסן, — האָב איך געענטפערט אַזוי, ווי איך וואָלט זיך מיט דעם פאַרשולדיקט, — איך האָב אַליין... אַליין געוואָלט אַ ביסל העלפן...

— אַליין? — האָט ער צופרידן איבערגעפרעגט. — דאָס איז גוט. זייער גוט. און שרייבן, זאָג מיר, שרייבן קענסטו?

איך האָב געענטפערט, אַז שרייבן קען איך אויף ייִדיש און אַ ביסל אויף רוסיש.

— און די האַנטשריפט איז באַ דיר אַ גוטער?

— דאַכט זיך... דאַכט זיך, אַ גוטער.

— איז קום, קום מיט מיר, — האָט ער מיך אַ רוף געטאָן.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליין צימערל, פון וועלכן מע גיט אַרויס דורכן אָפענעם פענצטער די טאַלאָנטשיקעס, געהייסן מיר זיך זעצן צום טישל און דערלאַנגט אַ גראָבן פאַרפלעקטן העפט.

— דאָס, וואָס דו האָסט ליב אַרבעטן, געפעלט מיר, — האָט ער מיט צופרידנקייט געזאָגט, — מיין אַלטיטשקער באַהעלפער איז, צום באַדויערן, פאַרשלאָפט געוואָרן, ניטאָ ווער עס זאָל רעגיסטרירן און אַרויסגעבן די טאַלאָנטשיקעס, — ס׳איז ניט קיין שווערע מעלאָכע. איך מיין, אַז דו וועסט זיך ספּראַווען. וואָס זאָגסטו? ווילסט?

אַ פרעגע, צי איך וויל! אויף אַזוינס, אויף אַזאַ גליק וואָלט איך קיינמאָל זיך ניט געריכט.

— אַוואַדע וויל איך, — האָב איך אין איבערגליקלעכער געענטפערט.

ער האָט גלייך אויפן אָרט מיר דערקלערט, וואָס איך דאַרף טאָן.

— איך האָב ניט קיין צייט זיך צו פאַרנעמען מיט דעם, איך האָב אַנדערע זאָרגן, — האָט ער געזאָגט, ווי צו זיינעם אַ גלייכן.

ס׳איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער סטאָלאָווקע פאַר הונגעריקע, זייער אַ שיינער ייִד מיט אַן אונטערגעשוירענער גראָוולעכער באָרד, רעב מאַנדל טשערניאַק, אַזוי האָט ער געהייסן. דאָס געדענק איך ביז איצט און דערמאָן זיין נאָמען מיט זייער אַ גוטן געפיל.

ער האָט מיר געוויזן, וווּ עס ליגן די טאָלאַנטשיקעס אַף אַ סופּ, וווּ אַף אַ קאַשע, וווּ אַף אַ פּאַרציע ברויט, און דערבײַ אַ פֿרעג געטאָן, וווּ איך וווין.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך נעכטיק אויפֿן וואָקזאַל.

ער האָט אַ ווײַלע זיך פֿאַרטראַכט, אַ רײַב געטאָן דעם שטערן, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך עפּעס דערמאָנען.

— איך וועל עס האָבן אין זינען, איך וועל לעמאַנעשעם צוזוכן פֿאַר דיר אַן אָרט אַף אַ נאַכטלעגער, — האָט ער צוגעזאָגט אַוועקגייענדיק.

אַף מאָרגן האָט ער זײַן צוזאָג אויסגעפֿילט. נאָך דעם, ווי מע האָט אין דער כאַרקאָווער גרויסאַרטיקער שול אָפּגעדאַוונט מײַרעוו, האָט דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער סטאָלאָווקע, רעב מאַנדל טשערניאַק, מיך צוגעפֿירט צו אַן אויסגעפּוצטן, גראָבלעכן, קאָנטיק זייער אַ רײַכן ייִדן, געזאָגט אים, ווײַזנדיק אַף מיר, אַז איך בין דאָס באָכערל, וועגן וועלכן ער האָט מיט אים אײַנדערפֿרי גערעדט, און אָפּסנײַ געבעטן אים פֿאַרדינען אַ מיצווע און מיך נעמען אַף נאַכטלעגער. דער פֿולבלעכער געמיטלעכער ייִד האָט, באַטראַכטנדיק מיך, געזאָגט, אַז צו זיך אין דירע קאָן ער מיך ניט נעמען, בײַ אים איז שלאָפֿט די פֿרוי. נאָר וואָס קאָן ער יאָ, ער קאָן מיך באַזאָרגן מיט אַ נאַכטלעכער אין דעם פֿאָדערשטן צימערל פֿון זײַן ברויט־בעקערײַ, וועלכע געפֿינט זיך אין דעם זעלבן הויז, וווּ ער וווינט, נאָר אַפֿן אונטערשטן שטאָק.

ער האָט טאַקע גלײַך פֿון שול מיך פֿאַרנומען מיט זיך. גייענדיק, האָט ער זיך פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט, וויפֿל זמאַנים איך האָב זיך געלערנט אין כיידער, געפּרוּווט מיך פֿאַרהערן, צי קען איך כומעש און טאַנאַך. ענדלעך זײַנען מיר געקומען צו זײַן הויז. ער האָט מיט מיר זיך אַראָפּגעלאָזט עטלעכע טרעפּלעך נידעריקער פֿונעם ערשטן שטאָק און אַרײַנגעפֿירט אין אַ העל־באַלויכטענעם פֿאָדערצימערל פֿון דער בעקערײַ. אַף אַ שמאָלער הילצערנער קאַנאַפּע איז געלעגן עפּעס ענלעכס אַף אַ קישעלע און אַלטע קאָלדרע. עמעצער האָט, קאָנטיק, דאָ שוין גענעכטיקט. מעגלעך, אַ שוימער.

דער באַלעבאָס פֿון דער ברויט־בעקערײַ האָט אַ פֿרעג געטאָן, צי וויל איך עפּשער עסן. איך האָב אים באַדאַנקט, געזאָגט, אַז איך האָב גוט אָפּגעגעסן אין סטאָלאָווקע.

— וויבאַלד דו ביסט זאַט, איז בענטש אָפּ קרישמע און לייג זיך שלאָפֿן, — האָט ער געייִצעט.

דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט ער געהייסן ניט אויסלעשן, לאָז עס לײַכטן, קעדיי קיין טאַראַקאַנעס, קיין שום מזיִקסקײַטן זאָלן זיך ניט פֿאַרפֿירן, ניט קריכן צום ברויט, וואָס געפֿינט זיך אין בעקערײַ אַף די פּאָליצעס.

— די טיר וועל איך פֿאַרשליסן, — האָט ער מיר צו וויסן געגעבן, — טאָמער וועסטו דאַרפֿן אַרויסגיין אָדער אַרײַנגיין, קאָנסטו דורכקריכן דורכן פֿענצטערל.

ער האָט מיר געוויזן, וויאַזוי עפֿענען און וויאַזוי פֿאַרמאַכן די פֿאָרטקע.

ווען דער באַלעבאָס איז אַוועק און איך בין פֿאַרבליבן אַליין, האָב איך אַף טשיקאַוועס אָן עפֿן געטאָן די האַמעטנע טיר פֿון דער בעקערײַ. עס האָט פֿון דאָרט גלײַך אַ שפּאַר געטאָן אַף מיר אַ מעכײַעדיקער גערוך פֿון די פֿרישׂ אָפּגעבאַקענע לאַבנס ברויט, וועלכע זײַנען געלעגן אַנטקעגן אַף אַ הילצערנער פּאָלקע, עס האָט מיך פֿאַרכאַפּט דער אָטעם. איך האָב אײַנדערגיך גוט, פֿעסט צוגעמאַכט די טיר, זיך געלייגט אַף דער אונטערסקריפּענדיקער קאַנאַפּקע, אײַנגעגנורעט דעם קאָפּ אין קישעלע, שטאַרק אײַנגעגנורעט, קעדיי ניט פֿילן דעם פֿאַרגעניגנדיקן רייצנדיקן רייעך פֿונעם פֿרישן ברויט. איך האָב זיך געסטאַרעט אַנשלאָפֿן ווערן. און ניט געקאָנט. מיר האָט זיך פֿאַרוואָלט עסן. שטאַרק פֿאַרוואָלט עסן. איך האָב ניט געקאָנט אײַנליגן. ווי אַ פֿאַרקישעפֿטער האָב איך זיך אופֿגעהויבן פֿון דער קאַנאַפּקע, מיט אומרויִק גיכע טריט אַרײַן אין דער בעקערײַ, אַ נעם געטאָן אַ וואַרעמען, אַן אַרומגערווינטן לאַבן ברויט, גרייט אײַנבײַסן זיך אין אים.

— טשעפּע ניט... ניט סמייע!.. — האָב איך אַן אופֿגערודערטער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, — לייג אַוועק דעם לאַבן צוריק אַף דער פּאָלקע! — האָב איך זיך באַפֿוילן.

נאָר איך בין ניט בעקויעך געווען עס צו טאָן.

„לייג אַוועק, — האָב איך אײַנגעטײַנעט צו זיך, — האָסט דאָך הײַנט גוט זיך אָנגעגעסן. צוויי סופּן, צוויי קאַשעס, צוויי פּאָרציעס ברויט האָט דער פֿאַרוואַלטער דיר געגעבן, און מאָרגן וועסטו ווידער האָבן, וועסט אין סטאָלאָווקע זיך אָנעסן וויפֿל דו וועסט וועלן, נאָר דאָ ריר זיך ניט צו. מע האָט דיר געטאָן אַזאַ טויווע, אַרײַנגעלאָזט, דיר פֿאַרגלייבט, און דו?!"

נאָר וויפֿל איך האָב ניט אײַנגעטײַנעט מיט זיך, האָט ניט געהאָלפֿן. איך האָב ניט געקאָנט זיך בײַקומען. מיט אונטערציטערנדיקע הענט האָב איך גענומען אַרומברעכן כקאָרינקעס פֿון איין לאַבן, פֿון אַ צווייטן, פֿון אַ דריטן. אַרומגעבראָכן פֿאָרזיכטיק, שטיקלעכווײַז, ניט קיין סאַך מיטאַמאָל, מע זאָל ניט באַמערקן. דאָס ברויט איז געווען זייער געשמאַק, אויסערגעוויינלעך באַטאַמט. איך האָב געגעסן, געגעסן און ניט געקאָנט זיך אָנעסן.

געווען איז דאָס, ווי איך האָב שפּעטער באַנומען, ניט קיין געוויינלעכער הונגער־געפֿיל, נאָר אַ פּסיכישער... וואָס דאָס באַטײַט, איז מיר ניט צו דערקלערן. דאָס קאָן פֿאַרשטיין, באַנעמען בלויז דער,

װעלכער האָט אלײן עס איבערגעלעבט, װעלכער האָט אלײן שװער געליטן, לאַנג געהונגערט. אַף מאָרגן באַנאַכט האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע. איך האָב זיך באַשװאָרן די לאַבנס מער ניט טשעפּען, זיך ניט צורירן. און װידער שטיקלעכװײַז ארומגעבראָכן אײן לאַבן נאָכן אנדערן, זיך געקװיקט מיט די ארומגעברױנטע סקאָרינקעס און ניט געקאָנט זיך אָנזעטיקן.

אין עטלעכע טעג ארום, אינדערפרי, האָב איך דעם באַלעבאָס פון דער בעקערײַ געזען. ער האָט גאָרנישט ניט געפרעגט, גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר פארנאַכט, נאָך דעם, װי מע האָט אין שול אָפּגעדאַװנט מינכע, האָט ער מיך צוגערופן און מיט באַדױערונג געזאָגט, אַז בא אים אין דער בעקערײַ איז געװען א סאַניטאַר-אינספּעקציע. מע האָט באַפױלן גלײַך ארױסװאַרפן די קאַנאַפּע און שטרענג פארבאָטן איבערלאָזן עמעצן, װער עס זאָל ניט זײַן, נעכטיקן אין בעקערײַ...

איך האָב פארשטאַנען, אַז װעגן דער סאַנינספּעקציע האָט ער פון העפלעכקײַט װעגן צוגעטראַכט. ער האָט מיט קײן אײן װאָרט ניט דערמאָנט װעגן די לאַבנס ברױט, װעלכע איך האָב ארומגעבראָכן. פון דעם האָב איך זיך דערפילט נאָך מער שולדיק בענעגײַע אים און בענעגײַע דעם פּארװאַלטער פון דער סטאָלאָװקע רעב מאַנדל טשערניאַקן, װעלכע האָבן מיט עכטן צוטרױ און גלױבן זיך באַצױגן צו מיר.

מיט זײער א שװערן געמיט בין איך ארױס פון דער שול, אװעקגעגאַנגען מיטן טאָרבעלע אַפן װאָקזאַל, באַשטימט פאָרן װײַטער, קײן מינסק, צום פעטער, װו מע װײסט ניט ביכלאַל פון קײן הונגער. אינמיטן נאַכט האָב איך זיך פארקליבן אין א פוסטן שטאַרק שמעקנדיקן מיט סמאָלע טאַמבור, נאָכדעם ארופגעקראָכן אַפן דאַך פונעם װאַגאָן און מיט א נאָגנדיק האַרץ פארלאָזט כאַרקאָװ מיט דער סטאָלאָװקע און מיט דער מעכײַעדיקער בעקערײַ...

(פאָרזעצונג קומט)



## מענטשן — זייער צײַט און זייער גורל

יוסעף שוסטער

# די לעבנס־קאַריערע פון די קאָוולערס

זינט די קאָוולערס זײַנען אריבערגעפאָרן פון מאַלאַכאָוקע קיין אודעלנע זײַנען מיר געוואָרן איינע צו די אנדערע אָפטע אַרײַנגייער — ווען אין א יאָמטעוו־טאָג און ווען אין א געוויינלעכן שאבעס אָדער זונטיק. באזעצט האָבן זיך די קאָוולערס טאקע בישכיינעס מיט אונדז אין א הילצערן יערו־שע־שטיבל, וואָס זיי האָבן געהאלטן אין איין רע־מאָנטירן און איבערבויען ביז די לעצטע יאָרן. ווען אין לאנד איז געוואָרן קלענער דער דעפיציט אין בוי־מאטעריאלן — דעריקער ציגל און געהילץ, האָבן זיי מיט די אייגענע קויכעס דאָס שטיבל אפסניי איבערגעבויט און דערפירט עס צום אויסזען פון א טיפיזירטן הינטערמאָסקווער קאָטעדזש מיט אלע באקוועמלעכקייטן. און טאקע באלד איז פאַר־פלאנצט געוואָרן א סאָד פון פלוימען, ווײַנשל־ און עפּלביימער, פונוואנען זיי האָבן איינגיכן שוין גע־נאָסן די ערשטע פּיירעס.

אין זייער געוועזענער קאָמונאלער דירע האָבן זיי איבערגעלאָזט דעם עלטערן זון, וועלכער האָט נאָכן פאַרענדיקן דעם בוי־אינסטיטוט כאסענע גע־האָט אַף א מאלאכאָווקער מיידל, א געקאָנטשעטער דאָקטער. הײַנטיקע יונגע פּאָרלעך ווילן ניט ווינען צוזאמען מיט די עלטערן — ערגער צי בע־סער, אבי באזונדער. כוץ דעם, זײַנען זיי איבער־צײַגט, אז מיט דער צײַט וועט מען אויך זיי אויס־טיילן א דירע.

ביידע יישוּווים אונדזערע געפינען זיך בײַ־שכיינעס, אַף דער גרענעץ צווישן צוויי ראַיאָנען — מאַלאַכאָווקע אפן ראַנד פונעם ליובערעצקער און אודעלנע — אפן ראַנד פון ראַמענסקער ראַיאָן. ס׳פאַרייניקט זיי א קליין רויִק טײַכעלע מיט א קלינגענדיקן נאָמען — מאקעדאָנקא. דוכט זיך, א קוים באמערקבאַר ריטשקעלע, נאָר ס׳איז בעקוועך צו נערן מיט איר לויטערן און שטילן שטראָם די פּלוּואסערדיקע אָזערע, א באזוימטע מיט פלאכע זאמדיקע ברעגן, וואָס זײַנען באוואקסן מיט גרינע וואלד־פּאסן פון סאָסנעס און יעלן. מאקעדאָנקא האָט אויסגעבילדעט א מאָלעריש ווינקעלע אין אונדזער עקאָלאָגיש רײַכער הינטערמאָסקווע — א פּייזאזש, וואָס דערמאָנט אין עפּעס מיט דעם רי־גער יאם־ברעג יורמאלא.

וואָס איז שײַך דעם נאָמען פון דער אָזערע, קאָנען די אודעלנער טוישווים ניט מאסקים זײַן, וואָס מע רופט זי מאַלאַכאָווקער, ווען דער הויפּט־פּליאזש געפינט זיך גראדע אפן אודעלנער ברעג, אפילע דער בופעט מיט די לײַכטע זומער־טישעלעך הינטער שוואָמען־דעכלעך איז א האנדלס־„טאָטש־קע" פון אודעלנע. אין די הייסע זומער־טעג ווערן ביידע ברעגן פאַרפלייצט מיט מענטשן, וועלכע קומען זיך באָדן פון די דערבײַיִקע יישוּווים און אפילע פון מאָסקווע.

ביידע יישוּווים וועט איר אַף די געאָגראַפישע מאפּעס זעלטן־ווו געפינען. נאָר יעדערער פון זיי איז דאָך מיט עפּעס באַרימט. מאַלאַכאָווקע ווערט דערמאָנט אין ביכער און אין קינאָ־פילמען. ניט נאָר אדאנק דעם סאָלידן מאַרק, אַף וועלכן איר קאָנט קריגן אלץ פון הערן און געדענקען. אין די זונטיקדיקע טעג טרעפט מען דאָ קוינים פון גאנץ הינטערמאָסקווע. מאַלאַכאָווקע איז פון די זעלטענע יישוּווים, וועלכע האָט שוין מיט הונ־דערט יאָר צוריק געהאט איר אייגענע גימנאזיע. איצט געפינט זיך אין יענער געבײַדע א צעניאָריקע מוסטער־שול. אין מאַלאַכאָווקער קינדערהיים, וועל־כער איז געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן פונעם בירגערקריג, איז געווען א פּעדאגאָג פאַר מאָלערײַ מארק שאגאל. אין יענע יאָרן האָט מאַלאַכאָווקע צו זיך צוגעצויגן ניט ווייניק שרײַבער, מאָלער, אַר־טיסטן. דאָרט האָט געלעבט און געשאפן דער שרײַבער און קונסט־פאָרשער טעלעשאָוו, אין אָר־טיקן אלטן זומער־טעאטער האָט געזונגען פיאָדער שאליאפּין.

איצט פאַרמאָגט מאַלאַכאָווקע א באפעלקערונג פון העכער דרײַסיק טויזנט מענטשן. דאָס איז אן

ארבעטער־יִשעוו, וועלכער האָט פאר די לעצטע יאָרן ברייט זיך צעוואקסן אדאנק דער מאשינבויונג. זייַנע נייַ־קאָנסטרויִרטע שטיינקויל־קאָמבייַנען מיט דער זאוואָדישער מארקע „מעז" — מאלאכאָווקער עקספערימענטאלער זאוואָד — דערגרייכן צו די ווייַטסטע שטיינקויל־באסייִנען בא אונדז און אין אויסלאנד.

נו, און דער יִשעוו אודעלנע — ער איז פיל קלענער פון מאלאכאָווקע, נאָר האָט אויך מיט וואָס זיך צו בארימען, דעריקער מיט דער קארדיאָלאָגישער סאנאטאָריע, מיטן אלפארבאנדישן אינסטיטוט פון כייַעסצוכט, און אפילע, זעט איר, מיט דער אוניקאלער ווירטשאפט פון ארויסבאקומען מעדיציניש פיאווקעס, וועלכע מע האָט איצט ווידער אָנגעהויבן ניצן אלס עפעקטיוו היילונגס־מיטל.

די קאָוולערס זייַנען אייַנגעליבט אין ביידע יִשוּווים באגלייַך. לעאָניד איז דער דירעקטאָר פון דער מאלאכאָווקער מוזיק־שול און ראָזע — א פעדאגאָג אינעם פאָרטעפיאנע־קלאס פון דער אודעלנער שול.

אנומלטן האָט ראָזע איזיאסלאוואָוונע מיך אייַנגעלאדן אף א באריכט־קאָנצערט, וואָס איז אייַנגעאָרדנט געוואָרן אין דעם אודעלנער קולטור־פאלאץ ספעציִעל פאר די עלטערן, וועמענס קינדער לערנען זיך אין דער שול. ווען מע האָט געמאָלדן די ארויסטרעטונגען פון אירע דערצויגלינגען, האָט ראָזע, ווי א מאמע, איבערגעלעבט פאר יעדערן פון זיי.

— אָט זעצט זיך צום ראָיאל אָליע קוטשארינא, — האָט זי מיט ציטערנדיקע ליפן צו מיר געשעפטשעט. — דאָס נייַניאָריקע מיידעלע פילט אויס ראכמאנינאָווס „פרעליודיע"...

ראָזע איזיאסלאוואָוונע כאפט אוף יעדן טאקט, די דינסטע איבערגאנגען. און ערשט דעמלט, ווען אָליע האָט זיך אָפגעשטעלט אף דעם לעצטן אקאָרד, האָט די דערציִערן איבערגעכאפט דעם אָטעם.

אין די אפדערנאכטן, נאָך דער ארבעט, באם טיי־טרינקען, בעשאס א געוויינלעכן שטייגערישן שמועס, איז אין דער מישפאָכע קאָוולער די מוזיק־טעמע געשטאנען אפן פאָדערפלאן. אין אזעלכע שמועסן פלעגן אָפט זיך אָנשליסן ביידע זין, קאָסטיק און מאריק, וועלכע האָבן זייער פרי ארויסבאוויזן נייַגעריקייַט צו מוזיק, צו מוזיקאלע אינסטרומענטן. די ערשטע פעדאגאָגן זייערע זייַנען, פארשטייט זיך, געווען די מאמע מיטן טאטן. צו פינף יאָר האָבן די יִינגעלעך שוין געקאָנט אָנקומען אין צווייטן קלאס פון א מוזיקאלער קינדער־שול. אינגיכן האָט מען קאָסטיקן געשיקט אין קלאס פון וויִאָלאָנטשעל און דעם יִינגערן, מאריקן, אין פידל־קלאס. שכיינים פלעגן מיט א שמייכל זאָגן:

— ס'איז בא אייַך א פולע שטוב מיט מוזיק, א גאנצער אנסאמבל!

טאטע־מאמע האָבן געטרוימט, אז די קינדער וועלן מיט דער צייַט באקומען קאָנסערוואטאָרישע בילדונג. קאָסטיע האָט שוין צוויי מאָל זיך באטייליקט אין געגנטלעכע קאָנקורסן פון יונגע וויִאָלאָנטשעליסטן, ווירטואָזיש געשפילט די סויִטע פון באכן און ביידע מאָל געווונען דאָס ערשטע אָרט.

קאָלזמאן די קינדער האָבן נאָך געלערנט אין שול, זייַנען קיין איבעריקע זאָרגן ניט געווען. זיי פלעגן אריבערגיין פון איין קלאס אין אנדערן מיט גוטע באלן און אפילע מיט גראמאָטעס. קאָנסטאנטין, א קרעפטיקער און ספאָרטיוו־געשולטער, האָט אזוי באוויזן פארענדיקן דעם צענטן קלאס. אויך מאריק האָט פארשאפט פארגעניגן די עלטערן מיט זייַן לער און גוטער אופירונג.

גלייַך נאָכן ארויסלאָז־אָוונט אין דער מאלאכאָווקער שול האָט קאָנסטאנטין, קעגן דעם ווילן פון די עלטערן, ענדגילטיק באשלאָסן אָנקומען זיך לערנען אין א טעכנישער הויכשול, ווו מע קאָן ווערן אן אינזשעניער — א בויער. אייַ די מוזיק, — האָט ער באשלאָסן, — וועט זי פון אים ניט אנטלויפן. זאָל זי ווערן די שיינע באגלייטערן אין זייַן ווייַטערדיקן לעבן.

ער האָט אָפגעגעבן די עקזאמענעס און, אריבערטרעטנדיק די שוועל פון דער היים, באגייַסטערט געמאָלדן:

— איר מעגט מיר שוין באגריסן, כ'בין א סטודענט.

— פון דער קאָנסערוואטאָריע? — האָט מיט האָפענונג א פרעג געטאָן די מאמע.

— דאפקע ניט, — האָט געענטפערט קאָנסטאנטין, ניט אָפוועגנדיק די אויגן פון דער מוטערס פארזאָרגט פּאָנעם. — פאראן אין מאָסקווע א בארימטע הויכשול מיטן נאָמען „מיסי" — מאָסקווער אינסטיטוט פון אינזשעניערן־בויער...

ראָזע איזיאסלאוואָוונע איז געבליבן ווי געפּלעפט. זי האָט אומרויִק א זאָג געטאָן צו דעם מאן:

— אזא טאלאנט! אויסגעווונען צוויי קאָנקורסן אין טשייַקאָווסקי־זאל. מע וואָלט דאָך אים אָנגענומען אפילע אָן עקזאמענעס. נעמט ער און פארבייַט די מאָסקווער קאָנסערוואטאָריע אף עפעס א „מיסי".

לעאָניד יאָסיפאָוויטש האָט געפּרוּווט לינדערן די אָנגעשטרענגטקייַט צווישן דער מאמען און דעם זון:

— עס זיך ניט אָפּ דאָס הארץ, ס'איז דאָך ווייַט ניט אומבאדינגט, אז קינדער זאָלן אין אלץ נאָכפאָלגן זייערע עלטערן...

אין יענע יאָרן איז „מיסי" געווען איינער פון די ערשטע צווישן די מאָסקווער הויכשולן, וואָס האָבן אָרגאניזירט סטודענטישע בוי־אָטריאדן אף ארויסצוווייַזן בעשאס די זומער־קאניקולן פּראקטישע הילף די קאָלווירטן און סאָווירטן אין דער בויונג. קאָנסטאנטינען פלעג מען אויסקלייַבן פאר



די רעדאקציע און די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאנד" באגריסן הארציק דעם פאראנטוואָרטלעכן סעקרעטאר פונעם זשורנאל יויסעף שוסטער מיט זיין 70־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, ארי־כאס־יאָמים און נייע שעפערישע דערפאָלגן.

א קאָמאנדיר. אזוי — ביזן ארויסלאָז־קורס. און אינ־דערהיים האָט געוואַרט אַף אים די בויונג פון דער נייער שטוב. ער האָט געהאָלפן אין די אָפּרו־טעג דעם טאטן און דעם יינגערן ברודער, מאריקן. דער־פארונג אין די בוי־פּראָצעסן האָט ער שוין דעמאָלט געהאט איבערגענוג.

אין דריי יאָר ארום נאָכן פארענדיקן דעם אינסטיטוט האָט דער יונגער אינזשעניר אָנגעהויבן גרייטן א דיסערטאציע אַף אן אקטועלער פּראָדוּ־ציר־טעמע — אין שייכות מיט דער היינטצייטיקער ברייט־אנטוויקלטער ווינונגס־בויונג, אין וועלכער עס ווערן אָנגעווענדט בעטאָן־פּאנעלן פון גרויסע גאבא־ריטן. ארבעטנדיק איבער דער דיסערטאציע, האָט ער ארויסגעגעבן עטלעכע ראציאָנאליזאציעס, פאר־עפנטלעכט וויסנשאפטלעכע ארטיקלען אין רעפּע־ראטיווע זשורנאלן.

דאָס יאָר, ווען קאָנסטאנטין האָט שוין גע־האלטן באם פארענדיקן די צוגרייטונגען צו פאר־טיידיקן זיין דיסערטאציע, איז בא די קאָוולערס געווען א יאָר פון גרויסע געשעענישן, אָנהייבנדיק פון דעם, וואָס ער, קאָנסטאנטין, און זיין ווייב, די קינדער־דאָקטערן נאָנע, האָבן באגליקט זייערע טאַ־טע־מאמעס מיט נאָך איין אייניקל, בייס דעם על־טערן אייניקל, מיטיען, איז שוין געגאנגען דאָס פינפטע יאָר.

צום באגעגענען די געווינערן מיט דעם גליק־לעכן צוגאָב האָט מען זיך ראשיק געגרייט סיי בא נאָנעס עלטערן אין מאלאכאָווקע, סיי בא קאָנסטאנ־טינס אין אודעלנע. אָבער די גרעסטע זאָרג ארום דער געשעעניש איז ארויסגעפאלן אַפן טאטן, וועל־כער האָט יעדן טאָג נאָך דער ארבעט געיילט אין געבורט־הויז, קוים באוויזנדיק דורכצופירן אַף זיין ארבעט־אָביעקט די לעצטע קאָנטראָל־אויספּרוּוון ערעוו דער פארטיידיקונג פון דער דיסערטאציע. יעדערער פון די שטוב־מענטשן איז דאָך געווען פארטאָן מיט זיינע איניאָנים, און קיינער פון די באָבעס און זיידעס איז צו אָט דער צייט נאָך ניט ארויס אַף פּענסיע. און דאָך האָבן די עלטערן אויפ־גענומען די זאָרגן מיט פארגעניגן. אין שטוב איז געווען נאָך איין סימכע: קאָנסטאנטין האָט באקו־מען דעם טיטל קאנדידאט פון טעכנישע וויסנשאפטן.

דער ברודער זיינער, מאריק, אויך א פארנר־מענער מענטש, האָט אקוראט אין אָט דער צייט געהאלטן עקזאמענעס אין מאָסקווער אינסטיטוט פון שטאָל און געשמעלצן, פון וואָס ראָזע איזיאסלאַ־וואָוונע איז אויך געווען ניט איבעריקס צופרידן. כאָטש נאָך דעם וויקועך מיטן עלטערן זון בעשאס זיין אָנקומען אין בוי־אינסטיטוט איז זי שוין געווען פיל נאָכגיביקער. כוץ דעם, האָט מאריק נאָכן פארי־ענדיקן די מוזיק־שול אַף אויסגעצייכנט געוואָרנט די עלטערן, אז קיין פּראָפעסיאָנעלער פידלער וועט ער קיינמאָל ניט ווערן און אז זיין ציל אין לעבן איז טעכניק, און בלויז טעכניק.

עס האָט זיך אָבער באקומען אזוי, אז אין יענעם יאָר איז ער אין אינסטיטוט ניט פארעכנט געוואָרן, ווייל ער האָט ניט אָנגענומען די געהערי־

קע צאָל באַלן, כאָטש דער אַטעסטאַט פון א צעניאָריקער שול איז געווען בא אים אַן אויסגעצייכנטער.

קאָוולער דער ייִנגסטער האָט פון דעם זיך ניט אַנטוישט. פאַרקערט, ער באַשליסט אָנקומען אַרבעטן אַף א זאַוואָד אַלס עלעקטראָשווייסער, פּאָרט נעענטער צו טעכניק און אַפילע אויך מיט עפּעס נאָענט צו זײַן אויסגעווײלטן אינסטיטוט. נישקאָשע, האָט מאַריק זיך אַליין באַרויִקט, דער הימל איז נאָך ניט בא דער ערד. ער איז ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער. דער אינסטיטוט וועט אויך פאַר אים נאָך עפענען די טירן... אַפן זאַוואָד איז ער אַרײַנגעפאַלן אין א סוויווע פון גוטע מענטשן, יוגנטלעכע, אַזעלכע ווי ער, און דער בריגאַדיר־נאַסטאַווניק האָט אים מיטן בעסטן ווילן געהאָלפן באַהערשן די קונסט פון עלעקטראָ־ און אויטאָ־שווייסונג. אינגיכן האָט ער זײַן ערשטן זאַוואָדישן אַרבעטסלוין מיט ווירדע אָפּגעגעבן דער מאַמען.

אין א יאָר אַרום האָט מאַריק ווידער אָנגעגעבן די דאָקומענטן אין אינסטיטוט, און טאַקע ווידער אין דער מאָסקווער הויכשול פון שטאָל און געשמעלצן. געגרייט האָט ער זיך דאָס מאָל באַזונדערס פלײַסיק, קעדיי מער ניט דערלאָזן קיין פעלערבייסן עקזאַמען אַף פיזיק, גראַדע אַף זײַן סאַמע באַליבטן קעגנשטאַנד. מיט א יאָר פריִער, ווען ער האָט זיך „פאַרשאָטן“ אַף די עקזאַמענעס, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עקזאַמענעס זײַנען אויך ווי א לאָטעריי — וועמען וויִאַזוי עס גליקט אָפּ. און ער איז געווען בא זיך זיכער, אַז ער וועט דעם באַריער בײַקומען...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער א גליקלעכער דערזען זײַן נאָמען אין די צעטלען פון די אַביטוריִענטן, וועלכע זײַנען פאַררעכנט געוואָרן אַלס סטודענטן פונעם ערשטן קורס. מיט אַט דער גרויסער פרייד איז ער געקומען אַהיים.

— איר מעגט מיך שוין באַגריסן ווי א קומענדיקן אינזשעניער־מעטאַלורג, — האָט ער מיטגעטיילט די עלטערן, אַרומנעמענדיק צאַרט די מאַמע.

— ט'האָסטו דיר די צווייטע טעג יאָמטעוו, — האָט ראָזע איזיאַסלאַוואָוונע אָן איבעריקער היסלײַ־ווּעס געזאָגט לעאָניד יאָסיפּאָוויטשן. — טאָמער איז דיר ווייניק דער אינזשעניער־בויער, ווּעסטו נאָך האָבן דעם אינזשעניער־מעטאַלורג, א קאָכער בא די ספּלאַוון... פון הײַנט אָן וועט בא אונדז אין שטוב דער וויִאָלאָנטשעל און דער פידל אײַנגאַנצן אָנשוויגן ווערן...

— ניט געזאָרגט, מאַמע, — האָט זי מאַריק באַרויִקט, — מיר וועלן נאָך, ווי פריִער, שפּילן צוזאַמען מיט דיר אין די יאָמטעוו־טעג און, אויב דו וועסט וועלן, אַפילע אין די אינדערוואָכנס. טעכניק, מאַמע, פאַרמאָגט אין זיך איר מוזיק און איר ראָמאַנטיק.

— דו הערסט דיבורים, ליאָניע, ווי ער פילאָסאָפירט עס מיט זײַן מאַמען?

לעאָניד יאָסיפּאָוויטשן זײַנען מאַריקס רייד דאַפקע געפעלן געוואָרן, ער האָט דאָך פון אָנהייב אָן געגלייבט אין די פּלענער פון זײַנע זין, אין די אויסגעקליבענע וועגן. אָבער ראָזע, וואָס איז איר גאַנץ לעבן פאַרליבט אין דער קישעפדיקער קונסט פון מוזיק, האָט דאָך ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז אויך מאַריק, אין וועמען זי האָט פון זײַן פריִער קינדהײַט געזען בלויז א פידלער, וועט פאַרענדיקן דעם ניט־לײַכטן אינסטיטוט, ווי געהעריק דורכפירן אַלע זײַנע פּראָדוציר־פּראַקטיקומס און וועט שפּעטער, אַף דער באַזע פון א וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, גרייטן א דיסערטאַציע אַף א ניט־אויסגעפאָרשטער טעמע פון דער מעטאַלורגיע און מאַשינבויונג.

זי וואָרפט אָפּט פאָר לעאָנידן:

— מיט דער אַקשאָנעסדיקײַט זײַנען זיי געראָטן אין דיר. איך קען דיך דאָך פון אַמאָל, ווען דו ביסט געקומען פון טאַשקענט האַלטן עקזאַמענעס אין דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע...

אַנטשלאָסנקײַט איז ניט אַקשאָנעס. ניט לאַנג צוריק האָט מען די קאָוולערס אײַנגעלאַדן אַף א כאַסענע קיין לענינגראַד. אַלע האָבן באַשלאָסן פאָרן מיטן עקספּרעס־צוג „סטרעלאַ“. מאַריק אָבער האָט געוואָרנט:

— מיר קיין בילעט נעמט ניט, איך וועל פאָרן מיט מײַן אייגענעם טראַנספּאָרט.

ער האָט אויסגעריכטעט זײַן ספּאָרטיוון וועלאָסיפּעד, מיטגענומען א רעזערוו־שינע, אָנגערוקט אַף זיך דאָס צווייקאָלירעדיקע רוקזעקעלע, דאָס בלויע היטעלע מיטן רויטן דאַשעק און קאַיאָר גענומען דעם סטאַרט אַף לענינגראַד, און אַפן דריטן טאָג פאַרנאַכט־צו האָט ער פינישירט צום סאַמע ברען פון דער כאַסענע. ווער עס האָט זיך דערוווּסט וועגן זײַן וועלאָ־רײַזע קיין לענינגראַד, האָט געזאָגט מיט א שמייכל:

— אָט אַזוי פאָרט א ספּאָרטסמען אַף א כאַסענע.

אַנומלטן האָב איך נאָך א קורצן איבעררײַס זיך ווידער באַגעגנט מיט לעאָניד יאָסיפּאָוויטשן, און אויך, ווי געוויינלעך, פאָרנדיק צו דער אַרבעט מיט דער עלעקטריטשקע. דאָס מאָל איז מײַן וועגבאַגלייטער אַראָפּגעשטיגן ניט אין מאַלאַכאָווקע, נאָר אין ליובערצי, ווּהין ער פאָרט אָפּט אַרײַן צו ליב געזעלשאַפטלעכע ענינים אין שטאַטקאָם פון דער פּאַרטיי, וועלכער האָט אים אַלס אַלטן קאָמוניסט רעקאָמענדירט פאַר א סעקרעטאַר פונעם קולטור־אָפּטייל פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פונעם ראַיאָן. לעאָניד יאָסיפּאָוויטש איז א כאָשעווער מענטש ניט בלויז אין מאַלאַכאָווקע, נאָר אַפילע אין גאַנץ ליובערעצקער ראַיאָן. ניט לאַנג צוריק, בעשאַס די לעצטע וואַלן אין די אָרטיקע סאָוועטן פון




לעאָניד קאָוולער און ראָזע איידוס



מאַריק קאָוולער בייס דער אַרמיי־דינסט



קאָנסטאַנטין קאָוולער — קאָמאַנדיר פון א בוי־אַטריאַד

דעפּוטאטן פון די ארבעטנדיקע, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן פאר א דעפּוטאט אין מאלאכאָווקער יישעוו־סאָוועט, ווו עס איז אים פארטרויט געוואָרן אָנצופירן מיט דער קולטור־קאָמיסיע.

שטענדיק, ווען מיר באגעגענען זיך מיט לעאָניד יאָסיפאָוויטשן, געפינען מיר א טעמע וועגן וואָס זיך דורכצושמועסן: ווילט איר — וועגן מוזיק אָדער טעאטער. ווילט איר — וועגן מאָלעריי־קונסט, אין וועלכער קאָוולער איז ניט שלעכט באהאוונט. געווען א צייט, ווען ער פלעג מיר א סאך דערציילן וועגן דער עקזאָטיק פון מיטל־אזיע און דעריקער וועגן טאשקענט, ווו ער האָט געלעבט מיט זיינע עלטערן נאָך פאר דער מילכאָמע. ער האָט מיך אפילע געלערנט, וויאזוי צו אָפּקאָכן אן אוזבעקישן פלאָוו.

פארכאַפּנדיק זיינען קאָוולערס רייד וועגן זיינע טוריסטישע רייזעס, דאָס מאָל וועגן אינדיע — דעם לאנד פון לעגענדעס, וועלכע ווערן יאָרטויזנטער איבערגעגעבן פון דאָר צו דאָר.

ארויסגייענדיק פון דער עלעקטריטשקע אַף דער סטאנציע ליובערצי, האָט ער צו מיר א זאָג געטאָן:

— וועגן אינדיע בלויז הערן איז ווייניק. אינדיע דארף מען זען. קומט אריין צו אונדז היינטיקן שאבעס...

ווען איך בין שאבעס נאָך מיטיק אריינגעקומען צו די קאָוולערס, איז אַף א נידעריק זשורנאלטישל שוין געשטאנען א קינאָ־פּראָיעקטאָר, וועלכער כאפּט אליין אוף יעדן סלייד און לייגט נאָכאנאנד צונויף די אויסגענוצטע רעמעלעך, קאדער נאָך קאדער. אַף צוויי בענקלעך איז געהאנגען א שטייפער, ווייסער עקראן, זעט אויס, אז ביז אונדזער אריינקומען האָט מען דאָ איינִיקע סעריעס שוין דעמאָנסטרירט.

— איצט גייען מיר איבער צו אינדיע, — האָט געמאָלדן מייסע גיד לעאָניד יאָסיפאָוויטש, — אונדזער מארשרוט האָט זיך אָנגעהויבן אין באָמביי בא די אוראלטע שטיינערנע ארקעס, וועלכע מע רופט „די טויערן פון אינדיע”...

נאָכאנאנדער שווימען אוף בילדער פון מאדראס, דעלי, קאלקוטא — ווונדערלעכע שטעט, צוויי בערהאפטע ווינקעלעך. אָט איז די אוראלטע שטאָט קאָטשין אפן מייַרעוו־ברעג פונעם אָקעאן, ניט פון די סאמע גרעסטע אין אינדיע — א האלבער מיליאָן איינוווינער. אין דער שטאָט איז געווען באערדיקט וואסקאָ דא גאמא, וועמענס אש מע האָט פון דאָרט אריבערגעפירט און באערדיקט אים אין ליסאבאָן. אין קאָטשין האָט ביז איצט זיך פארהיט א סינאגאָגע.

פארענדיקט מיט דער סעריע אינדיע, איז מען איבערגעגאנגען צו א „מוזיקאלער פּאוזע”. אזוי פירט זיך בא די קאָוולערס אלעמאָל, ווען זיי קלייבן זיך צונויף צוזאמען.

קאָנסטאנטין, וועלכער איז געזעסן נעענטער צום קלאוויר, האָט אָנגעהויבן שפּילן. צו אים האָט זיך צוגעזעצט די פרוי זיינע נאָנע. געשפּילט האָבן זיי אין פיר הענט, סינכראָניש, זעט אויס — ניט דאָס ערשטע מאָל.

— טאטע, דו קומסט דאָך נאָרוואָס פון אינדיע, — האָט קאָנסטאנטין אָנגעהויבן ארייַנצייען אין דער שפּיל לעאָניד יאָסיפאָוויטשן, — עפּשער איז היינט צום אָרט, זאָלסט אונדז אויסזינגען די ליד פונעם אינדישן גאסט?

די מאמע האָט זיך געזעצט צום קלאוויר און, אקאָמפּאנירנדיק, געזונגען צוזאמען מיט לעאָניד יאָסיפאָוויטשן אַף רוסיש:

Не счесть алмазов в каменных
пещерах,
Не счесть жемчужин в море
полуденном,
Далекой Индии чудес...

אין א פּאָר וואָכן ארום קלינגט מיר אָן לעאָניד יאָסיפאָוויטש אַף דער ארבעט:

— מיר פארבעטן אייך דעם קומענדיקן זונטיק צו אונדז.

— נאָכאמאָל א לעקציע וועגן אינדיע?

— דאָס מאָל — טאשקענט. וויאזוי לעאָניד קאָוולער און ראָזע איידוס (ראָזע איזיאסלאוואָוונע טראָגט נאָך ביז היינט איר מיידלשע פאמיליע) זיינען מיט פינף און דרייסיק יאָר צוריק געוואָרן אין טאשקענט מאן און ווייב. פאר אונדז איז עס א דאטע.

ווי קאָן מען זיך אָפּזאָגן פון אזא בעקאָוועדיקער איינלאדונג?

— אונדזער טיש איז היינט א באשיידענער, — האָט באמערקט אין זיין ערשטן טאָסט לעאָניד יאָסיפאָוויטש, — ווי אין די ערשטע נאָכמילכאָמע־יאָרן בא מיינע עלטערן אין טאשקענט, ווו הין כ׳האָב אראָפּגעבראכט ראָזען. דאָס איבעריקע וועט זי אייך אליין דערציילן.

ראָזע איזיאסלאוואָוונע האָט זיך מיידלש פארשעמט.

— אונדזער באקאנטשאפט איז פאָרגעקומען גאנץ צופעליק, אַף א קאָמיוגישער פארזאמלונג אין קליינעם זאל פון דער מאָסקווער קאָנסערוואטאָריע. ס׳איז געווען אָסיען־צייט, גלייך נאָך דעם ווי לעאָניד איז געקומען פון טאשקענט האלטן עקזאמענס אַף דער וואָקאל־אָפּטיילונג פון דער קאָנסערוואטאָריע. אין דער אוזבעקישער טיובעטייקע אַף זיין פּעכיק־שווארצן קאָפּ האָר, מיט זיין אָפּגעברענט פּאָנעם, האָט ער אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אן עמעסער אוזבעק. נאָך דער פארזאמלונג האָט מען געזונגען, געשפּילט און געטאנצט. לעאָניד האָט מיט זיין דראמאטישן טענאָר פארשאָטנט אלע יונגעלייט. מיך האָט ער געפאנגען אַף אייביק...

אפן טיש האָבן זיך באוויזן, ווי געוויינלעך,

פאַמיליע־אַלבאָמען, אַט זײַנען די פאָטאָגראַפיעס פון ביידע זין, אַקוראַט אײַנגעפּאַסטע אין סאָלידע טאָ־װעלער, כראָנאָלאָגיש פון קינדװײַז אָן. אַף איינער זעט מען דעם ייִנגערן, מאַריקן, אַף מיליטערישע איבונגען אין דעם אָפענעם ליוק פון א טאַנק. מיר בלעטערן װײַטער דעם אַלבאָם און שטויסן זיך אָן אַף א פאַרגעלטער פאָטאָ פון לעאָניד יאָסיפאָװי־טשעס פאָטער, א ייִדן מיט א לאַנגער שיינער באָרד, מיט א האַדראַס־פּאָנעם, אַזױװי בא מענדעלײעװן אָדער סטאַסאָװן. די אייניקלעך, װאָס זיצן דערבײַ— דער פינפיאָריקער מיטיע און דער אָנדערהאַלבניאָ־ריקער איליאַ זוכן אַליין אָפּ זייערע פאָטאָגראַפיעס, און מיטיע זאָגט דערבײַ, אַז מער פון אַלעמען האָט ער ליב די עלטערבאָבע, װעמענס בילד עס הענגט אַף דער װאַנט אינעם צימער, װו די קינ־דער שפּילן זיך און **שלאָפן...**

איך האָב דאָ דערציילט װעגן דעם גוירל פון א געװיינלעכער ייִדישער מישפּאָכע פון דרײַ נאָכ־אָקטיאַבערישע דוירעס. דער טאַטע און די מאַמע זײַנען געבוירן געװאָרן אין צען יאָר אַרום נאָך דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע, װעלכע האָט איבערגע־שטאַלטיקט דאָס סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבן אין די שטעטלעך פונעם געװעזענעם טכום. די הײַנ־טיקע ייִנגערע דוירעס שטעלן זיך פאָר דאָס פאַר־אָקטיאַבערישע לעבן סײַדן לויט די באַשרײַבונגען אין ביכער.

פאַר די קאָװלערס און אַזעלכע, װי זיי, איז שוין פרעמד דער אַלטער שטייגער. עס זײַנען פאַר זיי אויך פרעמד די אַלטע פּראָפעסיעס.

בא מיר אינדערהיים הענגט אַן אַקװאַרעל־בילד פון א װילנער קינסטלער, אַף װעלכן עס איז אָנגעמאָלט א ייִד א װאַסערפירער מיט זײַן פערד־און־װאָגן לעבן א טײַכל בעשאַסן אָנפילן די פאַס מיט װאַסער. דאָס אײַנגעשפּאַנטע פערדל איז פון ניט־דערעסן אַזוי אויסגעמאָגערט, אַז מע קאָן אונ־טער דער פעל איבערציילן אַלע ריפּן.

די זעלטענע ייִדישע פּראָפעסיע האָט זיך הײַנטיקע צײַטן פאַרהיט סײַדן אין אַזעלכע פאַמי־ליע־נעמען, װי װאַסערפירער, װאָדאָװאָז, דעריבער איז קיין כידעש ניט, װאָס מײַן אייניקל פרעגט באַם טאַטן, װאָס דאָס בילד באַטײַט, און מע ענטפערט אים: „פרעג באַם זיידן".

דער זיידע װייסט, דער זיידע געדענקט דעם שטעטלשן װאַסערפירער, װעלכן עס פאַרבײַט איצט די װאַסערלייטונג, און ער דערקלערט דעם אייניקל: „דו גייסט אַרײַן אין קיך, אין װאַנע־צימער, דו טוסט א דריי דאָס קרענטעלע, האָסטו װאַסער װיפל דו װילסט. פאַרגעס נאָר ניט צוריק צו פאַרדרייען דאָס קרענטל, קעדיי ס׳װאַסער זאָל זיך אומזיסט ניט גיסן, ניט גיין לעיבעד".

בא די קאָװלערס איז שפּאָרזאַמקײַט און אַקו־ראַטקײַט אַפן ערשטן אָרט.



## ניקאָלײַ גומיליאָוו

### באַם קאַמין

דער קאַמין אין צימער האָט שוין ניט געברענט,
ס'איז אַ מאַן געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט,
צו דער ווײַט געווענדעט דעם פאַרשטאַרטן בליק
און גערעדט מיט ווייטיק, פּונקט ווי זיך געשטיקט:

„אין דער אומבאַוווּסטקייַט כ'האָב געטאָן אַ שפּאַן,
אַכציק טעג געגאַנגען איז מײַן קאַראַוואַן.
זיך געפונען טאָמיד אין אַ הינערפּלעט:
בערג און בערג און פרעמדע אָפּגעשיידטע שטעט.
פון אַ שטאָט, פון דאָרטן, פול מיט שטאַרקן ווײ,
איז צו אונדז דערגאַן אַ שרעקעוודיק געשרײ.
וואַלגערן דעם וואַלד איז ניט קיין קלײנע קונץ,
אָפּט האָבן געיאַוועט לײבן זיך צו אונדז.
נאָר קיין שרעק האָט קײנער קײנמאָל ניט געפילט,
גלײַך צווישן די אויגן האָבן מיר געצילט.
פינעף גרויסע שוואָטים זײַנען דאָרט געווען,
מײַן געזעץ געהאַלטן, ס'לאָשן מײַנס געקענט.
אָפּגעגראָבן כ'האָב אַ טעמפּל אינעם זאַמד
און דעם טײַך געשענקט מײַן נאָמען ניט געזאַמט.
נאָר אַצינד כ'בין שוואַך, זיץ אויף אַן אָרט שוין לאַנג,
די נעשאָמע מײַנע איז געפערלעך קראַנק.
ס'האָט אַרומגעכאַפּט מיך אַזאַ פּאַכעד איצט,
אין פיר ווענט אין מײַנע בין איך ניט באַשיצט.
זאָל מיך גאָט ניט שטראָפן פאַר אַזעלכע רייד,
אײביק אויף מײַן האַרצן הענגען וועט אַ קייט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

יעדעס וואָרט דעם מאַנס עס האָט געהערט גענוי
מיט אַ בײזן שמײכל — אין דער שטוב אַ פרוי.

(פונעם ציקל „קאַפּיטאַנען", אין דער זאַמלונג „פּערל", 1910)



ניקאָלײַ סטעפּאַנאָוויטש גומיליאָוו (1921—1886) האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1902. די ערשטע לידער־זאַמלונגען „דער וועג פון די קאָנקוויסטאַדאָרן" און „ראָמאַנטישע בלומען" האָבן אים אַוועקגעשטעלט אין דער פאָדערשטער ריי פון דער נײַער רוסישער דיכטונג. אַ סאַך אַרומגערײַזט איבער דער וועלט. אין די יאָרן 1917—1914 געדינט אין דער אָפּערירנדיקער רוסישער אַרמיי. אין 1921 דערשאָסן געוואָרן אַלס ווײַסער אָפּיצער.

דאָס גאַנצע לעבן!... מע דרייט זיך, פרייט זיך.
מידבאַריעס, יאַמען און גרויסע שטעט.
דעם, וואָס געווען אין לעבן, אייצע איך
זיך ווידער אומקערן, כאָטש ס'איז שוין שפּעט.

עס ברענט אַ פײַער, ס'הילכן טרובעס,
און מיט די קאָפּיטעס קלאַפּן פערד.
מיר וואַרפן זיך אין שנייען־הורבעס,
און ס'איז אונדז גאָרנישט ניט פאַרוועהרט.

* * *

און ווידער, ווידער פרייד און טרערן,
אַזוי ווי טאָמיד, ווי אַלעמאָל,
די כוואַליע שטײַגט אַזש ביז די שטערן,
און שטעט אין וויסטעניש און אַ צאָל.

נאָר אָט דער מידבער און אָט דאָס קעמל —
אַ, זאָגט — ווען טרעטן זיי אָפּ ביכלאַל
פון מיר, וואָס כאַפּט פאַרנאַכט אַ דרעמל,
ווי אַן אינדוס באַם הייליקן קוואַל?

(פון דער זאמלונג „שײַטער", 1918)

## דער זיקאָרן

דו, זיקאָרן, פירסט דעם טאָג דעם גראָבן,
ווי מע פירט אַ פערד באַם צײַמל פעסט.
וועגן די, וואָס פרי'ר געלעבט זיי האָבן
אין מײַן גוף, דערציילן מיר דו וועסט.

ס'איז געווען דער ערשטער ניט קיין שיינער,
ליב געהאַט דעם שאָטן פונעם וואַלד.
און געוווּסט מע האָט, אַז ער בלויז איינער
מיט אַ וואָרט דעם רעגן־גאַס פאַרהאַלט.

דעם געדיכטן דעמב, דאָס געלע הינטל
האָט ער ליב געהאַט, אין שלאָף געזען.
דו, זיקאָרן, וואָס דו ווילסט פאַרשווינדן,
פּרוּוו דערוויַיז, אַז דאָס בין איך געווען.

און דער צווייטער... שטאַרק געווען אַ
זשוואַוער,
קיינמאָל גאַרניט האָט אים ניט געפעלט.
מיט דעם לעבן האָט ער זיך געבאַוועט,
און געווען אַ פּרינץ איז אים די וועלט.

זאָלט איר וויסן: כ'האָב צו אים אַ טײַנע,
וועגן זיך ער האָט צופיל גערעדט,
זיך באַרימט, אַז אין דער שטוב אין מײַנער
טאַקע ער געווען איז דער פּאַעט.

נו, און איך האָב ליב דעם מענטש דעם פרײַען,
וועלכער ווייסט אין וואַנדערונג אַ טאַלק,
קומט אַהין, ווו ווײַסע מעוועס שרײַען,
ווו עס לעבט דאָס סאַמע ווײַטסטע פאָלק.

ס'איז געווען געראַם זײַן אַרעם בײַדל,
און די אײַזלע האָבן קוי'ך געהאַט,
ניט געוווּסט ער האָט ווי אויסצומײַדן
ווינד־און־ווייַ, און ס'האָט אים ניט פאַרשאַט.

כ'ווייל, אַז דער זיקאָרן זאָל פאַרהיטן,
ווער געוואָרן עס איז הײַנט פאַרפירט —
די געגאַרטע פרײַהײַט אויסגעביטן
אויף די שטרענגע שלאַכטן, וואָס מע פירט.

רוען אינעם וועג ווער פלעג פאַרשפּאַרן,
אויך געוווּסט פון הונגער, דאָרשט און גרויל,
אַ געאָרגי־קאַוואַלער געוואָרן
און פאַרהיט דאָס לעבן פון אַ קויל.

אָט שוין אופגעשטעלט איך האָב מײַן הייכל
אינעם כאַשכעס, ווי אַ זײַל פון ליכט,
נאָר באַנעמען כ'קאָן ניט מיטן זייכל
אַז פון פאָלק אַ טײלכל — דאָס בין איך.

ס'קאָן מײַן האַרץ ניט רוען ביז אַדהײַעם
און ביז דאַן, ווען ווײַזן זיך באַנאַנד
מיט מײַן שטוב וועט בני־ירושאַלאַים
אויף די פעלדער פון מײַן אייגן לאַנד.

דעמלט וועלן ווינטן ווײַען קאַלטע
און די שײַן פון הימל שרעקן וועט,
ווײַל פון מיר דער מילכוועג האָט באַהאַלטן
די פּלאַנעטעס, וואָס פאַרגייען שפּעט.

ס'וועקט אין מיר סײַ זיכערקײַט, סײַ טײַנע
מײַן באַגלייטער מיט דער פעסטער שטים.
ווען דעם לייב איך זע אויף שפּורן זײַנע
און דעם אָדלער, וועלכער פליט צו אים.

כ'וועל אַ רוף טאָן... נאָר עס וועט ניט קיינער
מײַן נעשאָמע אויסהיטן אַפּסני.
ס'וואַרפט אַראָפּ די הויט אַ שלאַנג געווײַנלעך,
דאַן עס ווערט דעם שלאַנגס נעשאָמע ני.

(פון דער זאמלונג „פײַערדיקער זײַל", 1921)



קאָנסטאַנטין דמיטרי׳עוויטש באַלמאָנט (1942—1867) האָט דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין 1890. איינער פון די סימבאָליסטן אין דער רוסישער פּאָעזיע אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. מיט מיטגעפיל האָט ער באַגעגנט די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע („נעקאָמע־לי־דער", 1907). זײַנע לידער זײַנען מוזיקאַליש, רײַך מיט אַליטעראַציעס, מיט אינערלעכע גראַמען. ער איז דער אָוו־טאָר פון א ריי פּראָזאַישע ווערק. איבערגעזעצט אַף רוסיש שאָטאַ רוסטאַוועליס „דער גיבער אין דער טיגער־פעל", ווי אויך טשעכישע, בולגאַרישע, פּוילישע דיכטער. אין 1921 פאַרלאָזט סאָוועטן־רוסלאַנד. געשטאָרבן אין עמיגראַציע.

---

## קאָנסטאַנטין באַלמאָנט

### ליד פון דעם אַרבעטער־האַמער

קלאַפּ, קלאַפּ, העמערל,
א צוואָק אין יעדן ברעטעלע,
די צוועקעס קלאַפּן מיר אַרײַן,
און ס׳וועט א טיש א נײַער זײַן
פאַר די געסט פאַרבעטענע.

אַרום טיש וועט זיצן זיכער
אונדזער אַרבעטער־געזינד,
און אין דרויסן — שניי און וויכער,
שטאַרקער פראָסט און בייזער ווינט.

קלאַפּ און קלאַפּ! דערשראָקן דען
האָט אונדז דאָס, וואָס ס׳לאָקערן
קעלט און הונגער אַף די ווענט?
כ׳נעם דעם האַמער אין די הענט
און פאַרטרײַב זיי מיט א זעמערל:
קלאַפּ, קלאַפּ, העמערל.

קלאַפּ, קלאַפּ, ס׳איז שוין שפּעט,
גיכער מאַך פאַר אונדז א בעט,
זי זאָל פעסט זײַן, ניט צעפּאָרן,
הערצער זאָלן דאָרט זיך פּאָרן.
פון באַגינען ביזן דעמערן
קלאַפּ, קלאַפּ, העמערל.

אַף זיך מערן, שוואַנגער ווערן
האָבן מיר א בעט געשטעלט.
ס׳האָט דער מענטש מיט ליידן שווערע
אין דער בעט דערזען די וועלט.

קלאַפּ, קלאַפּ, האַמער, גרינג,
מיט דער שווערקײַט דײַנער זינג.
אויב מיר וועלן דאָ זיך ענדיקן,
וועט מען אונדז געדענקען שטענדיק.
איצטער, האַמער, שנעל און האַסטיק
קלאַפּ צונויף א פעסטן קאַסטן.

שלאָג, שלאָג, האַמער מײַן,
אין דער קוזניע — היץ און שײַן,
איבערשמידן מינאַסטאַם
וועט מען פינצטערניש און פלאַם.
ס׳קומט די זון צו אונדז אַרײַן,
זינג, זינג, האַמער מײַן.

מיט קלאַנגען קרעפטיקע און האַרבע
אײַך וועק איך אויף און גיב אײַך קוי׳ך,
איך בין א האַמער, וועלכער אַרבעט,
אין מיר עפּאָכעס קלינגען הויך.
באַם ניל מ׳האָט מיך גערופן אַנדערש,
באַם גאַנג געווען כ׳בין עפּשער לײַכט.

מײַן רונד געזיכט מיט אַלץ־אַנאַנדער —
גלײַך די לעוואָנע אינעם טײַך!
כ׳האָב קיינמאָל ניט געזאָגט קיין ליגן,
בין טאָמיד דאָ און שטענדיק הי,
די שווערד געשמידט כ׳האָב צו די קריגן,
דעם אקער — צו דער שווערער מי.
מיט מיר דער מענטש איז שוין ניט אָרעם,
אַן מיר ער פאלט ארײַן אין נויט.
כ׳בין אפן צאָפן, אפן דאָרעם,
דאָרט, ווו מע שאפט און ווו מע בויט.
פון קאָסעס מײַנע הײַנט און נעכטן
צו דר׳ערד געפאלן איז דאָס גראָז,
די שניטער האלטן מײַנע סערפּן,
אזויווי דימענטן באַם גלאָז.
איך קלאַפּ סײַ הילכיק און סײַ פריילעך,
דאָס העליש פײַער מאכט ניט מיד.
די ליאַלקע אין איר פײַנעם היילעך
האָב איך, דער האמער, אויסגעשמידט.
איך טו א רוף — דער מיזרעך הערט,
איך טו א קלאַפּ — דער מײַרעוו ציטערט.
פון שײַן פון מײַנער ליכטיק ווערט,
און מײַן נאבאטן־קלאַנג דערשיטערט.
איך בין — מערידע, אופרײַס בין איך,
פון מײַן געלעכטער קראכן ווענט,
דעם זון־אופגאנג אין הימל שפּין איך,
כאַפּ אויס די שטערן מיט די הענט.
די גרויע פעלדזן כ׳האָב צעשפּאָלטן
און דורכגעלייגט אין זיי א וועג.
דער האָפענונג איך האָב געמאָלדן:
אויב דו ביסט יאם, בין איך דער ברעג.
כ׳בין גאָלד מעזומענס — אַן געגנאר.
א האָרעפאשניק און א האר,
מיט מי דעם לעבנסגאנג איך ענדער.

אין ערשטן מײַ, גלײַך מיט די טויבן,
מיט ווינטן ווארעמע באנאנד
דעם שווערן האמער האָט פארהויבן
א פעסטע זיגערישע האנט.

קלאַפּ, קלאַפּ, האמער מײַן,
אָט איז פינצטער, אָט איז שײַן.
די קוואלדע טוט א קלונג,
און די ליד איז אפן צונג.
זאָל די זון צו אונדז ארײַן,
קלאַפּ, קלאַפּ, האמער מײַן.

20 פעווראל 1920

(דעם 1־טן מײַ 1920 האָט ק. באלמאָנט געלייענט די דאָזיקע ליד אפן פײַערלעכן אָוונט אין מאָסקווער פאריי־נער־הויז)

**ייִדיש — אַרן ווערגעליס**

---

## בראָניק

### גאסטראָלן אין קיִעוו

אין קיִעוו איז פּאָפּולער דער טעאטער „דרוזשבא" („פרײַנטשאפט"). דעם גוטן שעם האָבן אים קוידעמקאָל פארשאפט די ארויסטרעטונגען מיצאד שויספילער פון אנדערע שטעט, רעפּובליקן און לענדער. ניט לאנג צוריק האָבן אף זײַן סצענע געשפּילט פירנדיקע טעאטערס פון גרוזיע און ווײַסרוסלאנד, די טעאטער־סטודיע, וועמענס אָנפירער עס איז דער באוווסטער מאָסקווער רעזשיסער מארק ראָזאָווסקי. מיט גרויס אינטערעס האָבן די קיִעווער צושויער אופגענומען זײַנע ספּעקטאקלען „די געשיכטע פון א פערד", „אָרעמינקע ליזע", „רויטער ווינקל", ווי אויך דער שלוס־קאָנצערט, וועלכער האָט אײַנגעשלאָסן מוישע טייפס ליד „קיכעלעך און זעמעלעך" (איבערגעזעצט אף רוסיש — יונע מאָריץ. מוזיק — מארק ראָזאָווסקי).

לעצטנס איז מיט גאסטראָלן קיין קיִעוו געקומען דער מאָסקווער טעאטער אף ק. סטאניסלאווסקיס נאָמען. צווישן אנדערע שטעלונגען האָט ער באווויזן ארקאדי סטאוויצקיס דראמע „שאָלעם־אלייכעם־גאס, 40". די פארדינסטפולע ארטיסטקע פון רספסר ר. ביקאָווא שאפט אין אָט דער פּיעסע א גלענצנדיק געשטאלט פון א ייִדישער מאמע. אף דער בינע טאנצט כיינעוודיק די באָבעשי ראָזע א פריילעכס מיט איר אייניקלס כאָסן פעטרוק. דער פריילעכס האָט ארויסגערופן לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.

**יויסעף בר ענער**




יאַקאָוו קאַפּער

# פון גענעם ארויס

## • אין געפענקעניש

כ׳בין געבוירן געוואָרן אין 1914 אין שטעטעלע ליובאר, זשיטאָמירער געגנט. אין מײַנע יונגע יאָרן האָב איך קײנמאָל ניט געטראכט, אז כ׳וועל דארפן, כ׳וועל מוזן דערציילן וועגן מײַן לעבן. שווײַגן וועגן דעם איבערגעלעבטן ווערט אלץ שווערער. די יאָרן גייען. און ס׳איז מיר גאָר ניט קיין לײַכטע זאך, אַף וויפל כ׳בין ניט קיין שרײַבער און קיין שום פעיִקײַטן אין דעם געביט איז בא מיר קײנמאָל ניט געווען. אפילע בריוו שרײַבן איז פאַר מיר א גאַנצע פּראָבלעם. ווילט זיך מיר בעטן, אז מע זאָל אַף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, וואָס מײַנע זיכרוינעס זײַנען ניט קיין ליטעראַריש ווערק...

אין די יאָרן 1935—1937 האָב איך געדינט אין דער רויטער ארמיי אין דער שטאָט בעלאַצערקאָוו, אין דעם 185־טן טורקעסטאנער שיסער־פּאָלק. כ׳האָב געענדיקט די שול פון ייִנגערע קאָמאנדירן און באַקומען דעם סטארשינא־ראַנג. דערנאָך האָב איך זיך דעמאָביליזירט און אָנגעהויבן ארבעטן אין קיִעוו אלס סטאָליער אין דער געזעלשאַפט „קיִעווער קינסטלער". אינגיכן האָט מען מיך ארויסגערופן אין געגנטקאָם פון קאָמיוג און רעקאָמענדירט אַף ארבעט אין די אָרגאַנען פון אינערן־איניאָנים. נאָכן ענדיקן די קורסן אין כארקאָווער לאַגער האָב איך געארבעט אין קיִעווער מיליציע־פאַרוואלטונג אלס אָפּעראַטיוּוער באַפולמעכטיקטער אין פּאַספּאָרט־רעגיסטרירנדיקן אָפּטייל.

אין 1941, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, בין איך געווען אופגערופן אין ארמיי אין דער 121־טער באַזונדערער שיסער־ראָטע (דעם נומער פון דער ארמיי האָב איך פארגעסן). מיר האָבן באַוואכט די מיליטערישע אָביעקטן, געווער־לאַגערן אַף ליסאַיא גאָרא. אין די ערשטע טעג פון אווגוסט האָט מען אונדז איבערגעוואָרפן אין דאָרף נאָווי פּעטריווצי, ווו מיר האָבן געגראָבן שוץ־קאַנאַוועס און געבליבן ווארטן אַף דעם אָנגרײַפנדיקן סוינע. אין איינער א נאכט האָט מען אונדז איבערגעפירט נעענטער צו דער שטאָט. בײַסן אָפּשטעל אַפן וואלד־ראַנד האָט אונדזער פּאָליטרוק ארויסגערופן מיך און נאָך איינעם א ייִנגערן קאָמאנדיר וואָלקאָוו און, אָנווײַזנדיק אַף שטיבלעך אין דער ווײַט, באַפעלן גיין אהין אין אויסשפּירונג, זיך דערוויסן, ווער ס׳געפינט זיך דאָרט און וואָס דאָרט טוט זיך. אז מיר זײַנען אוועק אהין, האָבן מיר נאָך פונווײַטנס דערזען א קאָלאָנע מאָטאָציקליסטן, נאָר געמיינט, אז דאָס זײַנען אונדזערע. ווי נאָר מיר זײַנען ארײַן אין דער ערשטער שטוב, האָבן מיר דערהערט א שיסערײַ און צוריק ארויס אין דרויסן. דערזען, אז אַף די מאָטאָציקלען זײַנען דײַטשן און אונדזערע באַשיסן זיי, האָבן מיר זיך אוועקגעלאָזט לויפן צו אונדזערע. ווען מיר זײַנען דערלאָפן, זײַנען שוין א סאַך געווען דערהארגעט און די געבליבענע האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן צום דניעפּער. איך בין געווען פאַרווונדעט אין פוס, נאָר פונדעסטוועגן געלאָפן אהין, ווו אונדזערע זײַנען געווען.

די בריקן זײַנען שוין געווען אופגעריסן און איבערגיין אַף דער אנדערער זײַט האָט מען שוין ניט געקאָנט. א סאַך האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין שטאָט. איך מיט נאָך עטלעכע ארמייער האָבן געפּרנען א שיפל און איבערגעשווומען אפן אנדערן ברעג. אָבער דאָרט זײַנען שוין אויך געווען די דײַטשן... עמעצער האָט געזאָגט, אז מע דאַרף זיך פאַנאַנדערשיטן, אנדערע האָבן געטײַנעט, אז עפּשער... אין די פּלוגבלעטלעך האָבן די דײַטשן צוגעזאָגט, אז ווער ס׳וועט קומען צו זיי גוטוויליק... אָבער איך האָב געוווּסט, אז פאַר מיר איז נאָר איין וועג — זיך דערשלאָגן צו אונדזערע. כ׳בין אוועק ווײַטער.

ס׳איז שוין געווען פינצטער, ווען כ׳בין געקומען קיין דארניצע. די גאַסן זײַנען פּוסט, מע זעט קיינעם ניט. פּלוצעם הער איך, מע רעדט שטיל. כ׳בין צוגעגאַנגען צום הויף, ווו ס׳זײַנען געשטאַנען עטלעכע פרויען און צווישן זיך שטילערהייט געשמועסט. כ׳האָב בא זיי געבעטן א טרונק וואַסער. די פרוי, וואָס האָט געבראַכט מיר וואַסער, זאָגט: „סאָלדאַט, וווּהין גייסטו? ווערסט דאָך ארײַנפאַלן צו



יאַקאָוו קאַפּער

די דייַטשן. גיי אַרייַן אין שטוב. רו זיך אָפּ. קאַיאַר וועסטו שוין זען, ווּהין ווייַטער גיין". כ'האָב געפאָלגט די פרוי. אין שטוב, אין דער פינצטער, זייַנען געזעסן עטלעכע מאַנצבלען בא א בוטל בראַנפן. מ'האָט מיך אויך גערופן. כ'האָב אָפּגעדאַנקט און געבעטן א דערלויבעניש זיך צולייגן, ווייַל כ'בין זייער מיד. די באַלעבאָסטע האָט מיר געמאַכט א געלעגער אין שכייניסדיקן צימער, דערבייַ געזאָגט, אז זיי אַליין נעכטיקן אין א טראַנשיי, וואָס זיי האָבן אויסגעגראָבן ווייַטער פון דער שטוב.

כ'בין נאָך ניט אייַנגעשלאָפן, ווען כ'האָב דערהערט, אז באַם טיש גייט א רייד דערפון, אז די דייַטשן וועלן זייַן בעסער, איידער די באָלשעוויקעס, ווייַל די סאָוועטנמאַכט איז א זשידאָווסקע. ס'איז מיר שלעכט געוואָרן, די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך קאַפּויר געשטעלט... כ'האָב אַפילע קיין קוועך ניט געהאַט צוטראַכטן, וואָס דאַרף איך טאָן אין אָט דער רעגע... און כ'בין אייַנגעשלאָפן... דורכן שלאָף, דוכט זיך, האָב איך געהערט, אז מע באַמבירט, נאָר אַפילע קיין באָמבירונג האָט מיך ניט געקאָנט אופוועקן. קאַיאַר האָט מיך ראַסטאָרמאָשעט די באַלעבאָסטע און געהייסן גיין, ווייַל די דייַטשן זייַנען שוין דאָ. זי האָט געבראַכט אַלטע הויזן און א צעריסענעם וואַטניק, כ'זאָל זיך איבערטאָן, ווייַל אויב די דייַטשן וועלן כאַפּן א רויטאַרמייער, וועלן זיי ניט נאָר אים צעשיסן, זיי וועלן פאַרברענען די שטוב, אין וועלכער ער האָט גענעכטיקט. זי האָט געזאָגט, אז דאָ ניט ווייַט איז א שול, ווּ מענטשן באַהאַלטן זיך פון באָמבירונגען.

כ'בין אַוועק אַהין און געטראָפן דאָרטן א סאַך מענטשן, מערסטנטייל פרויען, קינדער און עלטערע מענטשן. דערנאָך האָב איך דערזען אויך יונגע מאַנצבלען — אייניקע שוין איבערגעטאָנענע און אייניקע — נאָך אין דער אַרמייִשער פאָרמע. אין א קורצער צייַט אַרום האָט זיך דערהערט א שיסערייַ. עמעצער האָט דערנאָך דערציילט, אז ווען ס'איז פאַרבייַגעפאָרן א קאָלאָנע דייַטשישע מאָטאָציקליסטן, האָט איינער אין א מיליטערישער פאָרמע געוואָרפן אף זיי פון א באַלקאָן גראַנאַטעס.

די דייַטשן האָבן אַרומגערינגלט די שול, אַרויסגעטריבן אַלעמען אין דרויסן און אָנגעהויבן סאָרטעווען אף גרופּעס.

אין בין געווען אין דער גרופּע יונגעלייַט (איבערגעטאָנענע און אין דער פאָרמע). אונדז האָט מען באַפוילן צעשיסן. מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג צו בראָוואַרי. אַנטקעגן איז געגאַנגען א קאָלאָנע געפאַנגענע רויטאַרמייער און אייניקע ציווילע. ווען דער דייַטשישער אָפיצער, וועלכער האָט געפירט יענע קאָלאָנע, האָט דערהערט, אז מע פירט אונדז צעשיסן, האָט ער צוגעגעבן זעקס מענטשן, צווישן וועלכע ס'איז געווען א ייִד פון א יאָר 60 — א ציווילער, מיט א פידל אין די הענט. ער האָט זיך גענומען בעטן, מע זאָל אים אָפּלאָזן. ער האָט אָנגעהויבן שפּילן אפן פידל, געוויינט און זיך געבעטן...

...איך האָב זיך די גאַנצע צייַט געפילט ווי א ניט־דאָיִקער. מיך האָט באַהערשט א מין גלייַכגילטיקייַט. ס'איז מיר, דאַכט זיך, געווען אַלצייַנס: צעשיסן איז צעשיסן. עפּשער בין איך געווען ניט באַם זינען... נאָר אז דער ייִד האָט אָנגעהויבן שפּילן אפן פידל, איז צו מיר עפּעס דערגאַנגען, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן טרערן פון מייַנע אויגן... איינער א דייַטש האָט אויסגעשריגן „יודע!" דער אַנדערער האָט אַראָפּגעריסן פונעם פידלער די פּלודערן, זיך איבערצייַגט, אז ס'איז אַזוי. אַלע דייַטשן האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון דעם. איינער האָט דערלאַנגט א מעסער און, לאַכנדיק, פאַרגעלייגט נאָכאַמאָל אים מאַלען... ביז הייַנט הער איך דעם שוידערלעכן געשריי פון יענעם פידלער. און נאָך געדענק איך גוט. לעבן מיר האָט איינער געזאָגט: „ס'קומט זיי אַזוי — זיי זייַנען שולדיק אין אַלע אונדזערע צאָרעס".

דעם ייִדן האָט מען דערשאָסן און איבערגעלאָזט זיך וואַלגערן אין שטויב.

אונדז האָט מען געטריבן ווייַטער. פון א וועלדל האָט מען אַרויסגעטראָגן א פאַרווונדעטן דייַטשישן אָפיצער און געהייסן אים טראָגן אין שפּיטאָל. צוליב דעם האָט מען די לעצטע צוויי רייען, ווּ איך בין געשטאַנען — 8 מענטשן — פאַרהאַלטן, מיר זאָלן צו פיר טראָגן דעם פאַרווונדעטן. אַזוי האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין דאַרניצע, ווּ דער שפּיטאָל האָט זיך געפונען. אינעם הויף זייַנען געווען א סאַך קריגס־געפאַנגענע און אויך ציווילע. אונדז האָט מען געהייסן בלייַבן צווישן זיי. דערנאָך האָט מען אונדז געפירט צום דניעפּער. כ'האָב געזען, אז עס וואַלגערט זיך דער דענקמאָל: לעניןמיט סטאַלינען זיצן אף א באַנק. כ'האָב א טראַכט געטאָן, אז ס'איז עק וועלט.

איבער דער פּאָנטאָן־בריק האָט מען אונדז איינציקווייַז איבערגעפֿירט אױפֿן רעכטן ברעג. ס׳איז שוין צוגעפֿאַלן די נאַכט. מ׳האָט אונדז צונויפֿגעטריבן אױפֿן געוועזענעם היפּאָדראָם. דאָרטן האָבן מיר איבערגענעכטיקט. אינדערפֿרי האָט מען אַלעמען איבערגעטריבן אױף דער קראַסינער גאַס. אױפֿן וועג האָבן מענטשן אונדז געוואָרפֿן ברויט, מאַכאָרקע, נאָך עפּעס־וואָס. נאָענט האָבן די דײַטשן ניט צוגע־לאָזט, און כאַפּן עפּעס איז געווען שווער.

אױף דער קראַסינער גאַס איז געווען א גרויסער לאַגער פֿאַר קריגס־געפֿאַנגענע. אַלע טאָג פֿלעג מען אונדז טרײַבן אױף אַרבעט: פֿונעם ווידוביצער מאָנאַסטיר איבערגעבן אַרױף, אײנער דעם אַנדערן, שטיינדיק אין א ריי, סנאַריאַדן. אין לאַגער פֿלעג מען אונדז געבן א מין באַלאַנדע. די ערשטע טעג איז בא קיינעם ניט געווען, אין וואָס אַנצוגיסן, פֿלעגן מיר אונטערשטעלן היטלען, פּילאָטקעס, געפֿו־נענע פּושקעס...

אײנמאָל האָט מען באַפֿוילן, עס זאָלן אַרויסגיין פֿון די רייען קאָמאַנדירן און פּאָליט־טוער. ווער ס׳איז אַרויס, האָט מען אַוועקגעפֿירט. אַן אַנדערש מאָל האָט מען באַפֿוילן אַרויסגיין פֿון די רייען ייִדן. מ׳האָט ווידער אַוועקגעפֿירט די, וועלכע זײַנען אַרויס, כאָטש כ׳האָב ניט געוווּסט, וווּהין מע פֿירט אַוועק, נאָר כ׳בין געבליבן שטיין אין דער קאָלאָנע.

אין לאַגער האָב איך געטראָפֿן א כאַך פֿון אונדזער ראָטע. אפֿילו א רויטאַרמייער, וועמען כ׳האָב אַמאָל א טויווע געטאָן: זײַן ווײַב איז געווען אין די הויכע כאַדאַשים און געוווינט האָבן זיי אין א קע־לערשטוב. אונדזער פּאָליטרוק האָט מיך געשיקט מיטן סאָלדאַט אין אויספּירקאָם מיט א הישטאַדלעס פֿון אונדזער מיליטער־טייל, מ׳זאָל זיי אויכטיילן א פֿרײַע דירע, פֿונוואַנען מענטשן האָבן זיך עוואַקויִרט. ס׳האָט זיך אונדז דאַן אַלץ אײַנגעגעבן, און איך האָב זיך געפֿרייט מיט אים צוזאַמען. אַז ער האָט מיך דערזען אין לאַגער, האָט ער מיך גלײַך מעקאַבל געווען: „אַלע ייִדן האָט מען צעשאָסן. דיך וועט מען אויך צעשיסן. גיב מיר אָפּ דײַנע שטיוול“. די שטיוול זײַנען טאַקע געווען בא מיר גוטע.

כ׳האָב דאָס דערציילט דעם ייִנגערן קאָמאַנדיר פֿון אונדזער געוועזענער ראָטע, און ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיט יענעם זיך דורכריידן ווי ס׳דאַרף צו זײַן. כ׳האָב געזען, ווי דער שמועס איז פֿאָרגעקומען. אייגנטלעך גערעדט, איז עס געווען א קריג, ניט קיין שמועס. נאָכדעם איז יענער צוגעגאַנגען צו א דײַטש און האָט אים עפּעס געזאָגט. דער דײַטש איז צוגעגאַנגען צו מיר: „דו ביסט יודע?!“ — האָט ער ניט אַזוי געפֿרעגט, ווי באַשטעטיקט. כ׳האָב מוירע געהאַט, אַז ער וועט אָנהייבן זיך איזדיעקעווען איבער מיר, ווי זיי קאָנען, און געענטפֿערט, אַז ס׳איז עמעס.

מע האָט מיך אָפּגעפֿירט אין יענעם לאַגער, ווו ס׳זײַנען געווען נאָר ייִדן. דאָרט האָט מען אַלעמען אויסגעשטעלט און מיר געהייסן זיך לייגן און גענומען שלאָגן. דער איבערזעצער האָט געפֿאָדערט פֿון מיר, איך זאָל אויסזאָגן, ווו ס׳זײַנען פֿאַרלייגט די מינעס (אין יענע טעג פֿלעגן זייער אָפֿט זיך אופֿרײַסן מינעס אױף קרעשטשאַטיק און אין אַנדערע ערטער). כ׳האָב געזאָגט, אַז איך ווייס ניט. א צעמיימעסטן האָט מען מיר געהייסן זיך שטעלן אין ריי. זיי האָבן געמאָלדן, אַז ווער ס׳וועט אָנווײַזן, ווו ס׳געפֿינען זיך מינעס, וועט באַפֿרײַט ווערן און קריגן א באַלוינונג. דערנאָך האָט מען אונדז פֿאַר־מאַכט אין א געוועזענעם סקלאַד.

בייס מע האָט מיך געשלאָגן, האָט מיך דערקענט מײַנער א קאָרעוו — מײַן שוועסטערקינדס מאַן. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און דערציילט, אַז ער איז שוין דאָ עטלעכע טעג. קיין עסן גיט מען ניט. אַלע ווייסן, אַז מע וועט די ייִדן צעשיסן... אַז כ׳האָב אים דערלאַנגט א קליין שטיקעלע ברויט, וואָס איז געווען בא מיר אין קעשענע, האָט ער, ווי א זינלאָזער, דאָס א כאַפּ געטאָן און אַראָפּ־געשלונגען. דערנאָך האָב איך דערלאַנגט א ביסל מאַכאָרקע און מיר האָבן ביידע פֿאַררייכערט. מענטשן האָבן זיך געבעטן בא אונדז, מיר זאָלן לאָזן דעם רויך זיי אין מויל אַרײַן...

כ׳האָב פֿאַנאַנדערגעגעבן צוביסעלעך און זיך געלאָזט א ביסעלע. נאָר דאָ האָט דער קאָרעוו פֿאַר־געלייגט אויסבײַטן דאָס ביסעלע מאַכאָרקע אױף א טרונק וואַסער. אין הויף זײַנען געווען רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע. זיי האָבן געקאָנט אונדז ברענגען א ביסל וואַסער. דורכן פֿענצטערל האָט ער פֿאַר־געלייגט די מאַכאָרקע פֿאַר וואַסער. מ׳האָט אונדז גלײַך געבראַכט וואַסער, און מיר האָבן אַליין זיך מעכײַע געווען און אַנדערע געגעבן...

שפּעטער האָט מען אונדז אַוועקגעפֿירט אין א גרויסן גאַראַזש. דאָרט איז שוין געווען פֿול און מער האָט שוין ניט געקאָנט אַרײַן. אָבער די דײַטשן האָבן אַלץ געשטופּט אַהין אַלעמען. אַז זיי האָבן פֿאַרהאַקט דעם טויער, זײַנען מיר געווען, ווי הערינג אין א פֿאַס. מע האָט אפֿילו מיט קיין אייווער ניט געקאָנט קיין ריר טאָן. אין אַזא צושטאַנד האָבן מיר זיך געפֿונען 6 טעג און 6 נעכט. ניט קיין וואַסער, ניט קיין ביסן ברויט. אפֿילו דעם טויער ניט געעפֿנט. א סאַך זײַנען געשטאָרבן אַזוי שטייענדיק, נאָר ניט געפֿאַלן — זיי זײַנען געווען צונויפֿגעדריקט מיט די לעבעדיקע... ווער ס׳האָט נאָך געקאָנט אַרויס־ברענגען א קלאַנג, האָט געשעפּטשעט: „א טרונק“... אָטעמען איז ניט געווען מיט וואָס. א שרעק־לעכער גערוך — ניט איבערצוטראָגן...

לעבן מיר איז געשטאַנען שינדעלמאַן — מײַן שוועסטערקינדס מאַן. מיר האָבן דערזען, אַז אונטער דער סטעליע איז א באַק, צו וועלכן ס׳גייען טרויבן. מיר האָבן א קלער געטאָן, אַז דאָרט דאַרף זײַן וואַסער. ס׳איז דאָך געווען א גאַראַזש און מ׳האָט דאָ געוואַשן מאַשינען. אָבער ווי דערגרייכט מען צו אים?.. כ׳האָב געהייסן די מענטשן לעבן מיר, זיי זאָלן מיך פּרווון אַרויסשטופּן אין דער הייך. ס׳איז אָנגעקומען זייער שווער, אָבער מ׳האָט מיך אויפֿגעהויבן און איך בין אַוועק איבער די פּלייצעס צו דעם אָרט, ווו דער באַק איז געווען. כ׳האָב זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר די טרויבן און זיך צוגעצויגן צום באַק.

דאָרט איז געווען וואַסער... אַ סאַך וואַסער... כ'האָב זיך איבערגעבויגן און לאַנג געטרונקען. ניט געקאָנט זיך אָפּרײַסן. דערנאָך האָב איך אָפּגעדרייט דעם קאָלפּעק פונעם עלעקטרישן לעמפּעלע, אָנגענומען אין אים וואַסער און מיטן זעלבן „וועג" אַוועק אַהין, ווו כ'בין געשטאַנען פריִער. אַנדערע האָבן אַזוי געטאָן, ווי איך. מע האָט גענומען איבערגעבן אַרויף ווער וואָס ס'האָט געהאַט: פּילאַטקעס, היטלען, שמאַטעס... פאַר איין אויגנבליק איז דער באַק ליידיק געוואָרן...

וואָס ס'וועט זײַן מיט אונדז, האָט קיינער ניט געוווּסט: אייניקע האָבן געהאָפט, אַז מע וועט אונדז אָפּלאָזן, אַנדערע — אַז מע וועט אופרײַסן דעם גאַראַזש מיט אונדז צוזאַמען.

ענדלעך האָט מען געעפנט דעם טויער און געהייסן אַרויס די, וועלכע זײַנען עלטער פון 35. ס'זײַנען אַרויס אַ סאַך. אַנדערע האָבן ניט באַוויזן. בעערעך אין אַ שאָ אַרום האָט מען ווידער אַרויסגעלאָזט אַ גרופּע מענטשן, וועלכע זײַנען געווען נעענטער צום טויער. און אַזוי עטלעכע מאָל. מיר האָבן נאָר געהערט דעם רויש פון די מאַשינען און פאַרשטאַנען, אַז מע פירט אַוועק. אין גאַראַזש איז געוואָרן פרײַער. דער טויער איז געווען ניט פעסט פאַרמאַכט, און דורך דעם שפּעלטעלע האָבן מיר געזען, אַז ווען די מאַשינען קומען, וואַרפט מען פון זיי אַרויס מאַלבושים... מיר האָבן פאַרשטאַנען, ווּהין און צוליב וואָס מע פירט אַוועק...

מער אויסהאַלטן האָב איך שוין ניט געקאָנט און כ'האָב געזאָגט מײַן שוואָגער, אַז כ'וועל מער ניט וואַרטן — כ'וועל אַרויס. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נאָך וואַרטן.

אַז מיר זײַנען אַרויס, האָט מען אונדז געהייסן אַרויסטראָגן די טויטע פונעם גאַראַזש און זיי לייגן אויף די מאַשינען. אַלע מאַשינען זײַנען שוין געווען פול, ווען איך בין אַרויף אין דער לעצטער, ווו ס'זײַנען געווען נאָר טויטע. אויפן וועג, בײַס די מאַשינען האָבן גענומען פאַרקערעווען און דער גאַנג זייערער איז געוואָרן שטילער, האָב איך זיך אַרויסגעוואָרפן פון דער מאַשין און געבליבן ליגן... וויפל כ'בין געלעגן, געדענק איך ניט. כ'האָב געהערט, אַז מע שיסט. ווען כ'האָב געעפנט די אויגן, האָב איך דערזען אַ סאַך טויטע לענגויס דעם וועג...

כ'האָב באַשטימט זיך דערקלײַבן צום וואַלד, וואָס אין פּושטשע-וואָדיצע. בײַס כ'האָב זיך אַראָפּגעלאָזט מיט לוקיאַנאָווקע-גאַס, האָט מיך פאַרהאַלטן אַ פּאָליצײַ און אָפּגעפירט אויף קאָראָלענקאָ-גאַס, 33, ווו ער האָט דערקלערט, אַז כ'בין אַ „ייִדע". אָן שום פראַגן האָט מען מיר געהייסן צוזאַמען מיט אַנדערע פינף רײַן מאַכן די געבײַדע. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט ביז אָוונט. אויף נאַכט האָט מען אונדז פאַרשלאָסן אין אַ קעלער-קאַמער. אינדערפרי האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין אַ געבײַדע, ווו ס'איז פריִער געווען דער אויבער-סאָוועט. דאָרטן האָבן מיר אויך געראַמט די צימערן און אַפילע געפונען אין די טישקעסטלעך רעשטלעך פון אַמאָליקן עסנוואַרג.

## ● דער לאַגער פאַר ייִדן

אין אָוונט האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אויף אינסטיטוטסקע, 3/5. ביז דער רעוואָליוציע איז אין אָט דעם הויז געווען אַן אינסטיטוט פאַר איידלמוטיקע יונגפרויען, נאָך דער רעוואָליוציע — די פאַרוואַלטונג פון נ.ק.וו.ד.

די דײַטשן האָבן פריִער טיילווײַז אופגעריסן די געבײַדע, דערנאָך זיך געכאַפּט און גענומען זי אופשטעלן. נאָך דער ערשטער צעשיסונג פון דער גרעסטער מאַסע ייִדן האָט מען צונויפגעזוכט און געבראַכט אַהער די פאַרבליבענע אויף בוי-אַרבעט. אַהער פלעגן קומען אויך פרײַגעדונגענע. אָנגעפירט מיט אַלע גרופּעס האָט דער הויפּט-אינזשעניער קריניטשני. די פרײַגעדונגענע האָבן געאַרבעט אין באַהייצונג- און סאַנטעכנישער סיסטעמען. נאָך דער אַרבעט פלעגן זיי גיין אַהיים, און אינדערפרי קומען.

דעם אָפּדערנאַכט, ווען מ'האָט אונדז געבראַכט, זײַנען אַלע געווען אויסגעשטעלט. אונדז האָט מען אויך געהייסן זיך שטעלן אין די רייען. אַנטקעגן זײַנען געשטאַנען דײַטשן מיט אויטאָמאַטן און יעדער האָט נאָך געהאַלטן אין דער האַנט אַ בײַטש-שטעקל. אַן אָפיצער האָט עפּעס גערעדט. לעבן אים איז געשטאַנען איינער, אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, געקנאַלט מיט די אָפּצאַסן און געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן: „יאַוואָל!" (שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס איז אַ ייִד פון פוילן. דאָ — אַן איבערזעצער.) אונדז האָט ער געמאָלדן אויף רוסיש (שוין איין מאָל אַ רוסיש): „ווער ס'וועט שלעכט אַרבעטן, דעם וועט מען צעשיסן! ווער עס וועט ברעכן די דיסציפּלין, וועט צעשאָסן ווערן! ווער ס'וועט אויוועקגיין אויף די קלאָלים פונעם לאַגער-רעזשים — וועט צעשאָסן ווערן!" דערנאָך האָט מען אונדז אָנגעשאָטן אין די היטלען עטלעכע סוכאַרעס און געגעבן אויסזופּן אַ טשערפּאַק „קאַווע". מע האָט אונדז אַרײַנגעטריבן אין די קעלער-קאַמערן. אין דער קאַמער, ווו איך בין געווען, האָט זיך געפונען דער פּוילישער ייִד. מ'האָט אים גערופן וואָלף. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די סוכאַרעס, וואָס מ'האָט אונדז געגעבן, זײַנען פונעם באַבי יאַר. דאָס האָבן די קאַרבאַנעס גענומען מיט זיך אין וועג...

אונדזערע פּענעמער זײַנען געווען שמוציק און פאַרבלוטיקט, דאָס לײַב — צעמיימעסט פון די שטעקנס. אַלע טאָג — צען-פופצן דערהאַרגעטע. אַלע זײַנען הונגעריק, צעוודערט, בייז. מע רעדט

קימאט קיין וואָרט ניט איינער צום אנדערן. די נאכט — אפן הוילן צעמענט. קאיאָר — „אאופשטיין! הערױס!" פון יענער זײַט טיר — צוויי רייען דײַטשן מיט נאהײַקעס. צווישן זיי דארף מען לויפן אזוי שנעל, אז זיי זאָלן ניט באוויַזן אראָפּלאָזן די נאהײַקע אַף אונדזערע קעפּ. אויב עמעצער פארטשעפּעט זיך אָדער פאלט, — הייבט זיך אָן א הארגעניש, און אפן אָרט בלײַבן א סאך טויטע. מע שלעפּט זיי ארויס און מע ווארפט זיי אין א גרוב. טאקע דאָ אין הויף. מע פארשיט זיי אפילע ניט. אזוי — טאָג בא טאָג.

אָט דער פוילישער ייִד האָט אויך געהאַלטן א בײַטש־שטעקל. ער האָט אפילע געמאכט דעם אָנשטעל, אז ער שלאָגט אונדז, קעדיי זיך אויסדינען פאר די דײַטשן.

כ'האָב דאָ געטראָפן א כאווער — יאשע שויכעטן, מיט וועלכן מיר האָבן פאר דער מילכאָמע געארבעט צוזאמען אין קיִעווער מיליציע. דאָ האָבן מיר מיט אים געטראָגן ציגל אפן פערטן שטאָק, פון דאָרט געלאָדן דאָס טראָגברעטל מיט מיסט און געשלעפּט אין הויף. מ'האָט אונדז געטריבן ארויף און אראָפּ, נאָר לויפנדיק, אַף קיין אויגנבליק זיך ניט פארהאַלטן. אנדערש — קלעפּ איבערן קאָפּ, איבער די הענט. ווי מיר האָבן אויסגעהאלטן אזא קאטאָרגע — איז פּאָשעט ניט צו באגרײַפן...

אין איינער א נאכט האָבן מיר מיט יאשען זיך גענומען דערמאָנען, ווי מיר האָבן געלעבט ביז דער מילכאָמע, ווי גוט ס'איז געווען.

יאשע איז געווען זייער א פריילעכער באָכער, ער פלעג שיטן מיט כאָכמעס, מיט אנעקדאָטן. מענטשן ארום פלעגן שטענדיק לאכן. דער שעף פון אונדזער פאספּאָרט־רעגיסטרירונג־טייל, אָסמארק, איז געווען זייער א שטרענגער, ער פלעג אלעמען אויסריידן, אויב מע האָט געלאכט בײַם דער ארבעט. אָבער אלע אנדערע, אפילע זײַן פארטרעטער, האָבן מיט גרויס פארגעניגן אופגענומען יאשען מיט זײַנע כאָכמעס...

מיר זײַנען געלעגן און זיך דערמאָנט וועגן אונדזערע מיטארבעטער: יעריאָמענקאָ, זשוק, ווינינהאוז, פילצער, כאטוצקי און נאָך אנדערע. לאָזט זיך אויס, אז לעבן אונדז איז געלעגן וואָלפס א באקאנטער, אויך א פוילישער ייִד, זיך צוגעהערט און דערנאָך דערציילט אלץ וואָלפן. נאָך דער שלאָפלאָזער נאכט בין איך קוים אופגעשטאנען. יאשען איז גאָר שלעכט געווען. ער האָט ניט געקאָנט לויפן מיטן טראָגברעטל ארויף און אראָפּ. מיר איז אויסגעקומען צו שלעפּן דאָס טראָגברעטל און יאשען...

מיר האָבן קוים דערלעבט ביז אפדערנאכט, זיך צונויפגערעדט מיט אים, אז אַף מאָרגן וועלן מיר, ווי נאָר מע וועט אונדז ארויסיאָגן — לויפן צו די גלעזער. זיי ארבעטן כאָטש אינווייניק. אזוי האָבן מיר געטאָן. מיך האָט מען געהייסן גיין אפן דאך און דאָרט אָנגלאָזן די דאך־שויבן. דער בריגאדיר, אומאנסקי איז געווען זײַן פאמיליע, איז געווען אן אלטער דערפארענער גלעזער. ער האָט אָנגעשניטן דאָס גלאָז און מיר מיט נאָך איינעם האָבן עס געדארפט ארײַנשטעלן און פארקיטעווען. די ארבעט איז געווען א סאך לײַכטער. נאָר דאָס שטיין אפן דאך האלבנאקעטע, אַף די פיס — צוויי שמאטעס אָנשטאָט שוכווארג, מיט די הוילע הענט ארײַנשטעלן דאָס גלאָז אין אײַזערנע ראמען און קנעטן דעם פארפרוירענעם קיט... דער דײַטש מיט דער דובינקע איז דאָ אויך זײַער „אופמערקזאם" צו אונדז און „העלפט" אונדז מיט א קלאָפּ איבער דער פלייצע.

נאָר דער טאָג איז אויך פאריבער, פארנאכט האָב איך אָנגעטראָפן אַף מײַנעם א לאנדסמאן — אַף לייבע שרײַער. כ'האָב אים אלץ דערציילט. זאָגט ער מיר: „קום צו אונדז אין סטאָליארנע צעך". ער האָט געוווּכט, אז כ'האָב געענדיקט די פּראָפטעכשול, דעם האָלצבאארבעטנדיקן אָפּטייל. אַף מאָרגן, ווען מ'איז געלאָפן זיך אויסשטעלן, בין איך אוועק אהין, ווו ער האָט מיר געהייסן, נאָר זיך פארלוירן, זיך פארפלאָנטערט און גענומען לויפן צוריק. דער דײַטש האָט דערזען מײַן פארלוירנקײַט און מיך א נערעק געטאָן מיטן שטעקן איבערן קאָפּ. כ'בין געפאלן, און ער האָט געהייסן מיך ארײַנשלײַדערן אין גרוב. בײַס מ'האָט מיך געשלעפּט איז צוגעגאנגען וואָלף און געזאָגט, מע זאָל מיך ארײַנטראָגן אין קאמער. ער איז אליין אויך ארײַן און פארמאכט אונטער זיך די טיר. זיך צוגעזעצט צו מיר און פרעגט, צי ס'איז עמעס, אז כ'האָב געארבעט אין מיליציע. ניט ווייסנדיק, וואָס ער וויל פון מיר, האָב איך פונדעסטוועגן אים געענטפערט, אז ס'איז עמעס. פרעגט ער: „דו האָסט דאָ באקאנטע? וואָלסט געקאָנט געפינען פאר מיר א מאָקעם־מענוכע?" כ'האָב אים געענטפערט, אז אַף געוויס: „גוט, — זאָגט ער, — מאָרגן, אז מ'וועט זיך שטעלן אין די קאָלאָנעס, זאָלסטו צולויפן צו דער מאשין, ווו ס'זײַנען די טרעגער און אָנלאָדער". זאָג איך: „וויאזוי וועל איך ארבעטן, אז דער קאָפּ איז בא מיר צעהאַרגעט?" ער האָט נאָר א שפּײַ געטאָן, זיך אויסגעזידלט און איז ארויס פון דער קאמער.

כ'האָב געפונען א שמאטע, פעסט אײַנגעקרעמפּעוועט דעם קאָפּ, און אינדערפרי בין איך צוגעלאָפן צו דער מאשין, וועגן וועלכער ער האָט מיר געזאָגט. דאָרט זײַנען שוין געווען פיר מענטשן. מ'האָט צוגעשטעלט צו אונדז א דײַטש, און מיר זײַנען אוועקגעפאָרן אפן ציגל־זאוואָד, וואָס אַף קורעניאָווקע. דער דײַטש איז אוועק אין דער קאָנטאָר און געהייסן דעם שאָפער, ער זאָל פון אונדז קיין אויג ניט אראָפּלאָזן. די פארבײַגייער האָבן אַף אונדז געקוקט מיט מיטלייד, און מיר האָבן בא זיי געבעטן עפּעס עסן. זיי האָבן אונדז געבראכט, ווער א שטיקל ברויט, ווער — א בורעק, א ציבעלע. מיר האָבן אלץ צונויפגעלייגט אין די גאז־מאסקעס. א גאנצן טאָג האָב מיר אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן די ציגל, וואָס מ'האָט געפירט פונעם זאוואָד. א גאנצן טאָג האָט מען אונדז ניט געשלאָגן.

אין לאגער פלעג מען אינדערפרי געבן א שטיקל ברויט און א טשערפּאק באלאנדע, אפדער־נאכט — א טשערפּאק מיט פליסיקײַט, וואָס מ'האָט אָנגערופן קאווע. אלס קעכער האָבן געארבעט צוויי

ברידער. זיי פלעגן אויסבעטן אויף דער דײַטשישער קיך די קאַרטאָפל־שאָלעכץ און פון דעם באַקן פאַר אונדז „באַבקעס". ס'פלעג אונדז אונטערהאַלטן. אַז מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויספאָרן פון לאַגער און קריגן פון מענטשן עפּעס עסנוואַרג, פלעגן מיר דאָס אַפּדערנאַכט ברענגען אין קאַמער און זיך טיילן מיט אַנדערע. עמעס, וואָלף פלעג באַ אונדז אַ סאַך אָפּנעמען פאַר זיך.

אונדז איז געוואָרן אַ ביסל לײַכטער, נאָר אַלע אָפּדערנאַכט פלעגן מיר ניט טרעפן 10—15 לאַגערניקעס — מע האָט זיי דערהאַרגעט פאַרן טאָג. ווי ביטער איז מיר געווען, ווען כ'האָב אויך יאַשען שוויכטן פאַרלוירן... מע פלעג האַלטן אין איין כאַפּן מענטשן, איבערהויפּט ייִדן און קריגס־געפאַנגענע, און ברענגען צו פירן אַהער. אַכוץ פון די דײַטשן, פלעגן די לאַגערניקעס זייער לײַדן פונעם פרײַגעדונגענעם הויפּט־אינזשעניער קריניטשני. ער פלעג האַרגענען די מענטשן מיט אַן אויסטערלישן פאַרגעניגן. איבערהויפּט די ייִדן. כ'האָב געזען, ווי איינער אַ ייִד האָט אויף איין ווײַלע אָפּגעלאָזט דאָס טראָגברעטל און געוואָלט אויפהייבן אַ ציגאַר־רעשטל. אין דער רגע האָט קריניטשני געכאַפּט אַ לאָפּעטע און צעשפּאָלטן יענעם דעם קאָפּ.

(אין 1945 האָב איך אָט דעם קריניטשני דערזען אויף באָגדאַן כמעלניצקי־פּלאַץ, כ'האָב גלײַך געמאָלדן וועגן אים אין מיליציע. מ'האָט אים אַרעסטירט און פאַרמישפּעט אויף 15 יאָר).

צווישן די פרײַגעדונגענע איז געווען דער בריגאַדיר פון די סטאָליערס, אַ גוטער פאַכמאַן. די דײַטשן האָבן אים זייער געשעצט. איינמאָל האָט מען געבראַכט זײַן זון. דער פאָטער האָט געוויינט, געבראַכט אים ברויט, געקושט, דערציילט, וואָס פאַר אַ גוטער זון ער איז. זיי האָבן ערשט ניט לאַנג אים כאַסענע געמאַכט. מיר האָבן זיך געקוויקט מיטן פאָטערס גוטהאַרציקײַט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר געזען, ווי דער פאָטער טרײַבט אים פון זיך און וויל פון אים ניט וויסן... דער שיינער, אינטערעסאַנטער, גוטער באָכער איז אומגעקומען, ווי אַ סאַך, אַ סאַך אַנדערע: פון הונגער, פון קעלט, פון פּײַן, פון קלעפּ...

מע פלעג אונדז ציילן אינדערפרי און אָפּדערנאַכט. דער כעזשבן איז געווען אַ שטרענגער, די דײַטשן האָבן געוווּסט, וויפל טויטע און וויפל לעבעדיקע.

אין איינעם אַן אָפּדערנאַכט האָט מען אונדז לענגער געהאַלטן אין די רייען, עטלעכע מאָל געציילט, איינער האָט געפעלט. דער פראָסט איז אַ שטאַרקער — און מיר שטייען. דערנאָך האָט מען אונדז אָפּגעלאָזט. אָבער מיר האָבן אַפילע ניט באַוויזן זיך אַנידערלייגן, ווי מ'האָט אונדז ווידער אַרויסגעטריבן. אַזוי זײַנען מיר געשטאַנען אויפן פראָסט אַ גאַנצע נאַכט. ס'איז אַנטלאָפן דער בריגאַדיר פון די מאָליערס. זײַן אַנטלויפן האָט געקאָסט 15 לעבנס. מ'האָט אויסגעקליבן 15 שוואַכסטע און זיי צעשאָסן. צווישן זיי איז געווען איינער פון אונדזערע פינף אָנלאָדערס.

(נאָך דער מילכאָמע האָב איך באַגעגנט דעם אַנטלאָפענעם בריגאַדיר. ער האָט מיר דערציילט, אַז זײַן פרוי — אַן אוקראַינערן — האָט אים געבראַכט מאַלבושים. ער האָט זיך איבערגעטאָן, און ס'האָט זיך אים אײַנגעגעבן אַרויס פונעם לאַגער.)

מיר זײַנען שוין געבליבן אינפירן. דער שאָפער פון דער מאַשין איז אויך געווען אַ פרײַגעדונגענער — ליאָניע סמולסקי. ער האָט געדאַרפט אונדז היטן, מיר זאָלן ניט אַנטלויפן. קיין אַנדער וואָך איז לעבן אונדז ניט געווען. ליאָניע האָט געזאָגט, אַז אויב עמעצער פון אונדז וועט אַנטלויפן, וועט מען אים צעשיסן און זײַן מישפּאָכע אויך. אונדז וועט מען סײַווי כאַפּן, ווײַל קיין דאָקומענטן האָבן מיר ניט און אונדזער אויסזען גיט אונדז אויס. כ'געדענק אַ טאָג, ווען מיר האָבן געלאָדן זאַמד אין דער מאַשין. אַז מיר האָבן אָנגעלאָדן די מאַשין, האָט ער אונדז אָפּגעפירט אין אַ געסעלע און געהייסן, אַז פאַר 10 מינוט זאָלן מיר באַווײַזן צונויפזאַמלען אין די נאָענטסטע שטיבער פאַר זיך עפּעסוואָס. מיר פלעגן נעמען, וואָס מע פלעג געבן. ס'פלעג טרעפן אַפילע אַ טעלער זופּ... אין יענעם טאָג האָט מען מיר אַרויסגעטראָגן פון אַ סאַרײַ אַ ווינטער־מאַנטל. דעם פוטער־קראַגן האָט מען אָפּגעשניטן, נאָר ס'איז מיר געוואָרן וואַרעם. עמעס, די פיס זײַנען געבליבן באָרוועס, אויב ניט רעכענען די שמאַטעס, אין וועלכע זיי זײַנען געווען פאַרוויקלט. אין יענעם טאָג האָבן מיר אויך פאַר אונדזערע געבראַכט מער אָפּגעשפּאָרט עסנוואַרג. מענטשן אין לאַגער זײַנען געווען געשוואָלן פון הונגער. איינער האָט געזאָגט, אַז זאָל מען אים געבן איין מאָל אָפּצועסן צו זאַט, און דערנאָך מעג מען אים הארגענען...

איינמאָל האָט מען סמולסקין געהייסן ברענגען קוילן אין געסטאַפּאָ־הויז אויף מעלניק־גאַס, 48. ער מיט זײַן מאַשין זײַנען געווען פאַרעכנט צו דער געסטאַפּאָ. צוויי טעג האָבן מיר געפירט אַהין קוילן. אויפן צווייטן טאָג האָט סמולסקי זיך צונויפגערעדט, מע זאָל אונדז לאָזן דאָרט בלײַבן אויף באַנאַכט — ס'איז באַקוועמער קאַיאָר אַרויספאָרן. מ'האָט אונדז אָפּגעפירט אַהין, ווו די באַהילפיקע אַרבעטער נעכטיקן. אין איין צימער — האָבן מיר געטראָפן דרײַ ייִדן: דעם עלעקטריקער בודניק, דעם מעכאַניקער איוורי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער באָקי אין אויטאָמאַשינען, און דער דריטער — סעמיאָן פּאָדקאַמינער — ער איז געווען אַ באַהעלפער אויף דער קיך. אין יענעם אָוונט האָבן מיר אָפּגעגעסן צו זאַט און געשלאָפן אין דער וואַרעם. און נאָך איין גליק: פּאָדקאַמינער האָט מיר געבראַכט גאַנצע קירזאָווע שטיוול. זיי האָבן דערציילט, אַז מ'האָט זיי איבערגעפירט אַהער פונעם לאַגער און זיי האָבן רעכט אַרומגיין איבערן הויף. נאָר אויף דער גאַס לאָזט מען זיי אַפילע ניט אַרויסקוקן. און אויף די פענצטער — גראַטעס.

שאַבעס אָפּדערנאַכט איז צו אונדז אין צימער אַרײַן אַ פרײַגעדונגענער — שאַריקאָוו איז געווען זײַן פאַמיליע. אויך אַ שאָפער. ער האָט געזאָגט, אַז וואָלף האָט איבערגעגעבן, מיר זאָלן אומבאַדינגט

מאָרגן קומען אין לאַגער, אַנדערש וועט מען אונדז צעשיסן. שאַריקאָוו האָט נאָך געזאָגט, אַז מאָרגן איז ער פֿרײַ און וועט אַליין אונדז אָפּפֿירן אַהין. ס'איז אונדז געוואָרן זייער קאַלעמוטנע אויפֿן נעשאַמע. אַכוץ אַלעמען, האָבן מיר שוין אַ ביסל געוווּסט וועגן אָט דעם שאַריקאָוו. ער איז אַ פֿאַרשיווער נעפעש. נאָר מע קאָן גאָרניט מאַכן.

זונטיק באַגינען איז ער געקומען נאָך אונדז, אָוועקגעפֿירט אַהין און אַליין גלײַך אַנטרונען געוואָרן. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אויב אַ דײַטש וועט דערזען, אַז מיר פּוסטעפּאַסעווען — וועט זײַן שלעכט. מיר זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעלאָפֿן: איך מיט ווילקיסן — אין הויף־טואַלעט, אַסטראָווסקי מיט בערלאַנדן — אין קאַטשעגאַרקע. אין אַ ווײַלע אַרום זײַנען מיר מיט ווילקיסן אויך אַהין אַרײַן. פּלוצעם האָבן מיר דערזען, אַז ס'גייט אַהער אַ דײַטש. מיר מיט ווילקיסן האָבן געכאַפּט עפּעס אַ טרויב און גענומען זי קלײַמערשט טראָגן ערגעץ. אַסטראָווסקי האָט ניט באַוויזן צו געפֿינען פֿאַר זיך אַ טועכץ. דער דײַטש איז אַרײַן, דערזען דעם „לײדיקגייער", געפֿרעגט בײַ אים, צי ער איז אַ פֿרײַגעדונגענער, אָן אוקראַיִנער, צי אַ „יודע". אַז ער האָט דערהערט דעם ענטפֿער, האָט ער געהייסן אַסטראָווסקין גיין מיט אים. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט קוים אַ לעבעדיקער: אַרײַנגעכאַפּט 25 שטעקנס פֿאַר פּוסטעפּאַסעווען...

אָפּדערנאַכט האָט וואָלף געפֿרעגט, פֿאַרוואָס זײַנען מיר געקומען אַהער. לאָזט זיך אויס, אַז שאַריקאָוו האָט אַליין צוגעטראַכט די גאַנצע מײַסע. דאָס נעמט ער אַזוי נעקאָמע אין די ייִדן, ווײַל זיי ווילן אים ניט באַדינען, ניט רייניקן דעם גאַז־וואָגן, וועלכן ער פֿירט. זײַן פֿאָטער האָט געאַרבעט אויף דער מעלניק־גאַס אין געסטאַפּאָ־הויז אַלס סאַנטעכניקער. ער פֿלעג זיך אַלעמאָל שאַפֿן מיט אונדז, געצווּנגען רייניקן די אָפּטרעטן, דערנאָך זיך קלאָגן, אַז מיר זײַנען פֿוילע און טויגן אויף גאָרניט. אָט אַזוי „פֿײַן" זײַנען דער טאַטע מיטן זון זיך באַגאַנגען מיט אונדז...

## די מעלניק־גאַס, 48

אינדערפֿרי איז געקומען סמולסקי נאָך אונדז. מיר זײַנען געפֿאָרן נאָך פּראָדוקטן פֿאַר דער קיך. אַז מיר האָבן געענדיקט אונדזער אַרבעט שוין שפּעט אין אָוונט, האָט סמולסקי באַקומען פֿאַר אונדז אַן אָפּיציִעלע דערלויבעניש בלײַבן אויף נאַכט דאָ, אויף דער מעלניק־גאַס. און נאָך האָט מען אים געגעבן אַ מעגלעכקײַט אָפּקלײַבן פֿאַר אונדז וואַרעמע מאַלבושים און גאַנצע — מיר זאָלן אויסזען בעסער, געפֿינענדיק זיך דאָ, אויף דער „הייליקער" טעריטאָריע.

די פֿרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אין קיך אַלס פֿרײַגעדונגענע, האָבן געהאַט ראַכמאָנעס אויף אונדז און געהאָלפֿן מיט וואָס זיי האָבן געקאָנט. איינמאָל זײַנען מיר געפֿאָרן נאָך קאַרטאָפֿל. מיט אונדז איז געווען אַ דײַטש פֿון געסטאַפּאָ. בײַס מיר האָבן אָנגעלאָדן די מאַשין מיט זעקלעך קאַרטאָפֿל האָט איינע אַ פֿרוי, פֿון די, וואָס האָבן די קאַרטאָפֿל אָפּגעלאָזט, געפֿרעגט, צי מיר וועלן האָבן די מעגלעכקײַט באַהאַלטן איין זעקל קאַרטאָפֿל פֿאַר אונדז, אויב יאָ — וועט זי געבן אַן איבעריקס. ווען מיר האָבן שוין אָנגעלאָדן, האָט דער דײַטש ניט איבערגעציילט. אַז מיר זײַנען געקומען, האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן אַראָפּוואַרפֿן אונדזער זעקל לעם דעם באַרג קוילן, גיך אים פֿאַרשיטן און צום סקלאַד ברענגען, וויפֿל מ'האָט געדאַרפֿט. ווען דער דײַטש האָט איבערגעציילט, וויפֿל מיר האָבן געבראַכט און אויסגעלאָדן, איז געווען אַלץ ריכטיק.

אָפּדערנאַכט, ווען מיר האָבן געטראָגן די קוילן אין קאַטשעגאַרקע, האָבן מיר אַהין אַרײַנגעטראָגן אונדזער קאַרטאָפֿל. דאָרט האָבן געאַרבעט צוויי פֿרײַגעדונגענע אוקראַיִנער. זיי האָבן זיך צו אונדז באַצויגן טאָלעראַנט. מיר פֿלעגן אַהין אַרײַנשפּרינגען זיך אָנוואַרעמען, דער ייִנגערער פֿלעג איבערלאָזן מיך מיט ווילקיסן אויף נאַכט־דעזשורסטווע. אינדערפֿרי איז געווען אַלץ אין אָרדענונג: די קעסלען אויסגערייניקט, דער שלאַק — אַרויסגעטראָגן, ס'האָט זיך געהייצט, ווי ס'דאַרף צו זײַן. ער איז געווען צופֿרידן, און מיר זײַנען געווען צופֿרידן: אַ גאַנצע נאַכט אין דער וואַרעם און זאַט מיט קאַרטאָפֿל.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער פֿאַן זשאַרזש אונדז אָפּגעפֿירט אויף דער קאַראַלענקאָ־גאַס, 33, ווּ ס'איז געווען אָנגעוואַלגערט אַ סאַך מאַלבושים פֿון די פֿאַרניכטעטע... ער האָט באַפֿוילן איבערטאָן זיך אין גאַנצע און אָנשטענדיקע קליידער.

דערנאָך האָבן מיר געאַרבעט מיט די פֿאָלקס־דײַטשן אויף דער געסטאַפּאָ־בײַוווירטשאַפֿט: אויפֿגעשטעלט אַ פּלויט, געמאַכט סטעלאַזשן אין די סקלאַדן. שפּעטער האָט מען דאָרט איבערגעלאָזט בערלאַנדן און קופֿערמאַנען. אונדז האָט מען אומגעקערט אויף מעלניק־גאַס, 48: דאַניע בודניק — אַלס אַן עלעקטריקער, מיך — אַלס אַ סטאָליער, אַסטראָווסקין און פֿאַדקאַמינערן — בײַ דער קיך: פֿאָרן נאָך פּראָדוקטן, האַקן האָלץ, הייצן.

קיין אינסטרומענטן זײַנען ניט געווען. מ'האָט געדאַרפֿט רעמאָנטירן די טירן און פֿענצטער. דער פֿאַן זשאַרזש האָט מיר געגעבן צוויי לעבלעך ברויט און מיט אַ פּאָליצײַ געשיקט אויפֿן געוועזענעם „יעווּבאַז" קויפֿן אינסטרומענטן. ברויט איז געווען זייער טײַער, ביפֿראַט נאָך דײַטשיש, ס'הייסט ריין ברויט. כ'האָב ניט געוווּסט, וויפֿל צו בעטן. ס'איז געוואָרן גלײַך אַ געשלעג — אַזויפֿיל באַלאָנים האָבן זיך געפֿונען. אַז כ'האָב געקויפֿט דעם אינסטרומענט, האָב איך דערזען אין אַ בײַדל אַ פֿרוי, וועלכע האָט פֿאַרקויפֿט פֿאַרשיידענע פֿאַרבײַסעכץ. זי האָט אַמאָל געאַרבעט אין מיליציע אין בופֿעט. זי האָט מיך אויך דערקענט און אַ ווונק געטאָן. אָבער צוגיין צו איר האָב איך ניט געטאָרט.

כ'האָב אָנגעהויבן מאַכן פּאַליצעס פאַר די זאַכן, וואָס עס גיבן אָפּ די אָנגעקומענע אין פּאָליציי־שול. אין דער טיר פונעם צימער, ווו די פּאָליצעס זײַנען געווען, האָב איך אַרײַנגעשטעלט א שלאָס. איין שליסל האָב איך איבערגעלאָזט בא זיך.

מ'האָט געדאַרפט אָנגלאָזן די פענצטער — האָט מען מיך ווידער געשיקט אפן מארק נאָך א דימענט (א שנײַדגלאָז). כ'האָב געבעטן, אז בייס כ'וועל קויפן זאָל דער פאָלקס־דײַטש ניט שטיין דערבײַ, ווײַל מענטשן האָבן מוירע פאַר א פּאָליציי. מ'האָט דערלויבט. אפן מארק בין איך אַרײַן אינעם בײַדל, ווו די באַקאַנטע פרוי האָט געהאַנדלט, און דער פּאָליציי איז געבליבן אַף דער גאַס. זי האָט גלײַך אַרײַנגערופן נאָך איין פרוי, מיט וועלכער זי האָט זיך געביטן דאָ אין בײַדל. די לעצטע האָט געזאָגט, אז זי האָט א מעגלעכקײַט אונדז פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער און צוגרייטן דאָקומענטן, נאָר ס'וועט קאָסטן 5000 מאַרקעס. כ'האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן קריגן פאַר מיר א שנײַדגלאָז, כ'וועל נאָך אים קומען און ברענגען אַן ענטפער. אפדערנאַכט האָב איך וועגן אַלץ דערציילט אונדזערע. אַף מעלניק־גאַס, 48, האָט געאַרבעט א ניי־וואַרשטאַט. פרײַגעדונגענע האָבן גענייט פאַר געסטאַפּאָ־לײַט. דער בריגאַדיר פון די שנײַדערס פלעג צו אונדז אַרײַנגיין, דערציילן, וואָס ס'טוט זיך אַף די פראָנטן, וועגן די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן באַשטימט אים פאַרטרויען זיך.

וואָס נאָר מיר האָבן געקאָנט אַרויסטראָגן פון דער קיך, פונעם צימער, צו וועלכן כ'האָב געהאַט א שליסל, — אַלץ האָבן מיר אים אוועקגעגעבן, ער זאָל פאַרקויפן און זאַמלען פאַר אונדז געלט. האַלטן דאָס געלט בא זיך. ער איז געווען געריירט פון אונדזער צוטרוי, געגעבן אונדז זײַן אַדרעס, — ער האָט געוווינט אַף טורגעניעוו־גאַס, — צוגעזאָגט, אז ער וועט אונדז אויסבאַהאַלטן, ווי נאָר ס'וועט קומען די נויטווענדיקײַט.

אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען מיר ווידער מיטן זעלבן פּאָליציי אוועק אפן מארק. כ'האָב זיך ווידער באַגעגנט מיט דער פרוי. זי האָט פאַרזיכערט, אז אַלץ וועט זײַן, ווי זי האָט צוגעזאָגט, נאָר מ'דאַרף געלט. אַזוי־ווי בא מיר איז שוין ניט געווען מער קיין אויסרייד צו גיין אפן מארק (דעם דימענט האָבן זיי מיר צוגעגרייט), האָבן מיר זיך צונויפגערעדט, אז זי וועט קומען אַליין אַף א פּאַסיק אָרט אַף מעלניק־גאַס.

ווען כ'בין געקומען, האָב איך זיך דערוווּסט, אז ליאָניע איוורי שיקט מען אוועק אַף אינסטיטוטסקע. זשעניע שאַריקאָוו האָט אים טאַקע „דערלאַנגט", זיך אָנגעקלאָגט אַף אים, עפּעס אויסגעטראַכט, און ס'איז גענוג, אז איוורי זאָל אַרײַנפאַלן אין גענעם.

די, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דער קיך, פלעגן אַמאָל פאָרן מיט עמעצן פון די קיך־באַלעבאַטים אַף אינסטיטוטסקע. זיי האָבן געטראָפן דאָרט ליאָניען, און ער האָט זיי געזאָגט, אז מע גרייט זיך אַנטלויפן פונעם לאַגער, נאָר מע וואָלט געדאַרפט געווער. איין רעוואָלווער איז בא זיי שוין דאָ.

דערווײַל איז געקומען דער טאָג, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן מיט לידע סטאַניסלאַוואָוונע (די פרוי פונעם מאַרק־בײַדל). איך האָב איר איבערגעגעבן דאָס צונויפגעזאַמלטע געלט.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז א דײַטש האָט אינעם לאַגער אַף אינסטיטוטסקע צעשאָסן וואָלפן: קריניטשני האָט אַף אים אָנגעמאָסערט, ווען ער האָט געוואָלט פאַרטיידיקן אײנעם א לאַגערניק. אַף וואָלפס אָרט האָט מען געשטעלט אויך א פּוילישן ייִדן. זײַן נאָמען איז געווען וואָלאַדיע. ער האָט גוט געקענט דײַטש, נאָר שלעכט רוסיש. די פּײַן און די צאָרעס האָבן זיך פאַרגעזעצט אינעם לאַגער אַף אינסטיטוטסקע.

בא אונדז אַף דער מעלניק־גאַס איז געווען רויִקער, כאָטש מיר האָבן אויך געליטן קאַלטס און וואָרעמס פון די דײַטשן, איבערהויפּט אין די טעג, ווען זיי פלעגן באַקומען יאָמערוודיקע פּײַקעס מיט שנאַפּס. ווען זיי האָבן זיך אָנגעטרונקען, פלעגן זיי אויסגעפינען אויסטערלישע מיטלען צו איזדיעקעווען זיך איבער אונדז. אין אַזעלכע אפדערנאַכטן פלעגן מיר זיך פאַרמאַכן און זיצן שטיל אין דער פינצטער. איינמאָל האָט איינער א דײַטש אַזוי געקלאַפּט אין טיר, אז ס'איז געבליבן א האָר צו צעברעכן זי. מיר האָבן געמוזט עפענען. לאָזט זיך אויס, אז ער האָט געוואָלט אונדז זאָגן, אז ער איז אויך א מענטש מיט א האַרץ און וויל אויסטרינקען מיט אונדז שנאַפּס. מיר האָבן געענטפערט, אז פאַר ברויט וואָלטן מיר געווען מער דאַנקבאַר. קיין שנאַפּס דאַרפן מיר ניט. ער האָט מיך גענומען מיט זיך אפן דריטן שטאָק, געגעבן א לעבל ברויט, א שטיק זייף, א פּאָר וועש און... שנאַפּס.

אפן אַנדערן טאָג איז צו אונדז אַרײַן א פאָלקס־דײַטש פון די, וואָס לערנען זיך אין פּאָליציי־שול. צוליב וואָס, האָבן מיר דאַן ניט פאַרשטאַנען. ער האָט דערזען, אז אין צימער איז פינף מענטשן, האָט ער זיך צוגעזעצט און גענומען מיט אונדז שטודירן, וויאַזוי מיר דאַרפן זיך באַציִען צו א דײַטש: גלײַך אופשטיין, אז א דײַטש רעדט צו אונדז, זיך אויסציִען פאַר אים און ניט ווידערשפּרעכן אַוואו. מיר האָבן אים אויסגעהערט זיצנדיק. ער איז אוועק א בייזער. אינדערפרי איז ער אַרײַן צו מיר אין סטאָליער־וואַרשטאַט (כ'האָב אפילע ניט באַמערקט, ווי ער איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר). גאָרניט זאָגנדיק, האָט ער פלוצעם דערלאַנגט א נערעק מיך איבערן פּאָנעם, אז ס'איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן און כ'האָב זיך באַוואָשן מיט בלוט. אין דער זעלבער רעגע, ווי איך בין צו־זיך געקומען, האָב איך געכאַפּט דעם שטעקן, וועלכן כ'האָב געשניצט, און מיט אַלע קויכעס אַראָפּגעלאָזט אים אַף זײַן קאָפּ. ער האָט גענומען אַנטלויפן, און איך, ניט געדענקענדיק זיך, נאָך אים. אין הויף האָט אונדז גלײַך אָפּגעשטעלט יענער דײַטש, וועלכער האָט אונדז געגעבן יענץ מאָל ברויט, וועש, זייף. דערזען מײַן בלוטפאַרגאָסענעם פּאָנעם, האָט ער געפרעגט, וואָס איז געשען. דער פּאָליציי האָט אים געזאָגט,

אז כ׳האָב ניט אראָפּגענומען דאָס היטל פאר אים, און נאָך עפּעס געשטאמלט. דאַן האָט דער דײַטש אליין געגעבן א נערעק יענעם אין נאָז, אז ער זאָל אויך וויסן אָפּשײַ...

ס׳איז פאַריבער א צוויי־דרײַ טעג. אונדזער דײַטש האָט זיך באוויזן אין הויף א שיקערער און הויך געשריגן, אז „אַלע פּראָלעטאריער זאָלן זיך פאראייניקן". מ׳האָט אים געכאַפּט און אוועקגעפירט. מער האָבן מיר אים קיינמאָל ניט געזען.

אין הויף איז געווען אַן אייבערדאך, אונטער וועלכן ס׳איז געשטאַנען א פעלד־קיך. אינדערפרי און אָפּדערנאכט פלעג מען דאָרט קאָכן קאַווע. דער פּאַן זשאַרזש פלעג אליין אויסגיסן אין קעסל א פאַר בוטל ראָם. אונדזערע ייִנגלעך פון דער קיך פלעגן־הייצן די פעלד־קיך. דער פּאַן זשאַרזש האָט זיך געפוילט אופשטיין פאַר זעקס אינדערפרי, פלעג־ער לאָזן דעם ראָם פאַר אונדזערע און הייסן, זיי זאָלן אליין קאָכן די קאַווע און אַרײַנגיסן דעם ראָם. אָבער די ייִנגלעך פלעגן ניט דעם גאַנצן ראָם איבערגיסן. דאָס אָפּגעשפּאָרטע פלעג מען, ווי פריִער, אָפּגעבן דעם שנײַדער־בריגאַדיר. איבערהויפּט אַסטראָווסקי פלעג זיך ספּראַווען מיט דעם, וואָס ס׳פלעג איבערפאַלן פון דער קיך און פון דער קאַווע. ער איז געווען א הויכער, א שלאַנקער, געטראָגן ברייטע פלודערן, אַף דער לינקער זײַט פון וועלכע ער האָט אָנגענייט גרויסע טאַשן. דאָרט האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן ניט נאָר א רונג ווורשט, א האַלב לעבל ברויט, נאָר אַפילע א בוטל...

פון דעם שאָפער סמולכקין האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז אַף כירצע איז א נײַער קאָנצלאַגער און מענטשן מוטשען זיך דאָרט נאָך ערגער, ווי אַף אינכטיטוטסקע. מיר האָבן גענומען שיקן אהין מיט כמולסקין ברויט און וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט (ער פלעג די מאַשין שטעלן לעבן דער קיך אַף נאַכט. קאַיאָר פלעגן מיר אים איבערגעבן, וואָס מיר האָבן באוויזן אָנקלײַבן). מיר האָבן ניט געוווּסט צי ער גיט איבער, און וועמען, ביז איינמאָל האָט ער אונדז געבראַכט א צעטעלע, וווּ מע האָט אונדז זייער געדאַנקט. אונטערגעשריבן: „ארקאַדי איוואַנאָוו".

בודניק האָט רעמאָנטירט ראַדיאָ־אופנעמערס, און א פּאָר מאָל האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן כאַפּן מאָסקווע. א נײַ־באַקאַנטער שוץ־פּאָליצײַ — יאַשע פון פּאָלטאַווע — פלעג אונדז אָפּט איבערגעבן די נײַס, וואָס ער האָט געהערט. ער פלעג אינדערפרי, בייס מע האָט אים אָנגעגאָסן די קאַווע, אַרײַנרוקן אין האַנט א צעטעלע מיט די לעצטע נײַס...

כ׳האָב רעמאָנטירט די טירן און פענצטער בא גרויסע נאַטשאַלניקעס. אַף איין טיר איז געווען א שילדעלע: „הויפּטשטורמפיורער דאָקטער שומאַכער", אַף דער צווייטער — „שטורמבאַנפיורער ראַדאָמסקי". איינמאָל האָט מען מיך מיט בודניקן געשיקט צו ראַדאָמסקין אַף דער קוואַרטיר. בודניקן האָט מען געהייסן אופהענגען א נײַע ליוסטרע, מיר — גאַרדינען אַף די פענצטער. מיר האָבן שוין געהאַלטן באַם ענדיקן, ווי ס׳איז געקומען ראַדאָמסקי. מיט אים זײַן הונט רעקס — ער איז געווען העכער פונעם באַלעבאָס. ראַדאָמכקי אליין איז געווען ניט קיין ווּקסיקער, נאָר א דיקער, מיט רויטע באַקן. דערזען דעם הונט, האָבן מיר זיך דערשראָקן. ראַדאָמסקי האָט אים פאַרמאַכט אין צווייטן צימער, און אונדז האָט ער א וואָרף געטאָן שווײַגנדיקערהייט צוויי פעקלעך פּאַפּיראָסן.

און נאָך זײַנען געווען ראָטנפיורערס — לאַנגע, ווילי און איינער א געלער. זיי פלעגן פאָרן צוזאַמען מיט די שוץ־פּאָליצײַען און פאָלקס־דײַטשן פאַרפאָלגן און רוידעפן פּאַרטיזאַנער. וועגן אזא „געיעג" האָבן מיר שוין געוווּסט פאַרפריִער, ווײַל מע פלעג אָנלאָדן אין די מאַשינען טרוקענעם ראַציאָן. זיי פלעגן אוועקפאָרן אַף עטלעכע טעג. מיר האָבן באַצײַטנס געגרייט קאַסטנס, אין וועלכע מע פלעג באַגראָבן די שוץ־פּאָליצײַען. פאַר די דײַטשן — טרונעס. אז זיי פלעגן זיך אומקערן, פלעג אונדזער באַקאַנטער שוץ־פּאָליצײַ יאַשע דערציילן, ווו זיי זײַנען געווען און וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. ער האָט דערציילט, אז אייניקע פון די פּאָליצײַען פּרוּוון אַנטלויפן בייסמײַסע. נאָר מערסטנטייל כאַפּט מען און מע צעשיכט זיי אַפן אָרט. ס׳איז געווען א פאַל, ווען באַנאַכט האָבן צוויי פּאָליצײַען געוואָלט אַנטלויפן, נאָר דער וואַכמאַן האָט זיי דערשאָסן. זיי האָט מען באַגראָבן אָן א קאַסטן. די שיסערײַ האָבן מיר באַנאַכט געהערט.

מע האָט געבראַכט עטלעכע מענטשן פון קאָנצלאַגער, זיי זאָלן אַרבעטן אין שוסטער־וואַרשטאַט. צווישן זיי איז געווען איינער א מישע — א הויכער, געזונטער יאַט פון א יאָר 30—35, א געוועזענער מאַטראָס פון דער דניעפּער־פלאָטיליע. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס א סאַנטעכניקער. מיט אים איז געווען נאָך איינער, וועלכער האָט אויך קלוימערטש געאַרבעט. מישע האָט אים גערופן „לייטענאַנט". ער איז געווען נאָך אין דער מיליטער־פאָרמע, נאָר אָן דערקען־צייכנס. דער דריטער איז געווען באַיאַרסקי. אין לאַגער איז ער געווען א סאָטניק. צוליב וואָס איז ער געקומען אַהער, האָבן מיר ניט געוווּסט.

אינעם שוכטער־וואַרשטאַט האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן געוועזענע פוטבאָליסטן: מישע סווערדאָווסקי, מאַקאַר גאָנטשאַרענקאָ און סערגיי גריגאָריאַן. דער לעצטער איז געווען א בריגאַדיר אין סירעצקער לאַגער. וועגן אים און וועגן באַיאַרסקין האָבן מיר געהערט ביז זייער קומען אַהער. דער באַנדיט גריגאָריאַן האָט זייער אַכזאָריעסדיק זיך איזדיעקעוועט איבער די ייִדן אין לאַגער. ער האָט דערנאָך זיך באַרימט, מיט וואָס פאַר א „מײַסטערשאַפט" ער פלעגט זיי הארגענען. מ׳האָט דערציילט וועגן אים, אז ווי נאָר דער דײַטש איז אַרײַן אין קיִעוו, האָט ער געעפנט א שוכטער־וואַרשטאַט. קעדיי באַזאָרגן די מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אַף אים, מיט ברויט, האָט ער אָרגאַניזירט א בעקערײַ. לעדער אַף שוכוואַרג האָט ער אַליין אויסגעאַרבעט פון פעל, וועלכע ער פלעג אײַנקויפן אין די דערפער. ער איז אַרומגעפאָרן אַף אַן אייגענער לאַסטמאַשין און געלאָדן אין איר די פעל. ווען ס׳איז פאַר אים געוואָרן



יאקאָוו קאָפּער. 1941



די ערדשטיבלעך אין סירעצקער קאָנצלאַגער

יאקאָוו קאָפּער (דער פֿינפֿטער פֿון רעכטס) צווישן א גרופּע סאָוועטישע מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פֿונעם באַבי יאַר



ווייניק די נאָענטע דערפער, איז ער אוועק אין אן אנדער געגנט. נאָר דאָרט האָט מען אים געכאַפּט און אזוי צענערעקט, אז ער איז קוים לעבן געבליבן. מ׳האָט אים געבראַכט קיין קיִעוו און אַרײַנגעוואָרפן אין סירעצקער לאַגער. דאָרט האָט ער גלײַך אופגעלעבט, זיך באוויזן, ווי אן עכטער מײַסטער פון אכזאָריש צוגעטראַכטע פּײַניקונגען איבער ייִדן, און מ׳האָט אים געמאַכט פאר א בריגאַדיר.

באַיאַרסקי איז געווען פריִער שעף פון קיִעווער פּאָליצײַישער פּאָליט־פּאַרוואַלטונג, א געוועזענער עמיגראַנט, געלעבט אין פּוילן און אין דײַטשלאַנד. ער איז געווען רעקאָמענדירט קיין קיִעוו נאָך ביז דער אָקופּאַציע. אין לאַגער איז ער אַרײַנגעפאַלן דערפאר, וואָס ער האָט קלוימערשט געקעמפט פאר אן „אומאָפּהענגיקער אוקראַינע״. אין א צײַט ארום האָט ער זיך ווידער אומגעקערט אַלס א סאָטניק אין סירעצקער לאַגער.

(אינעם 1943 האָט מען דעם לאַגער עוואַקויִרט, און באַיאַרסקי איז אויך אוועק מיט די דײַטשן. גריגאָריאַנען האָט מען געכאַפּט נאָך דער באפרײַונג פון קיִעוו און אים אופגעהאַנגען.)

מיר האָבן געוואַרט אף דאָקומענטן, זיך געגרייט אנטלויפן. פּלוצעם האָט מען אונדז ארויסגערופן און באַשולדיקט, אז מיר האָבן אראָפּגענומען די אַנטענע פונעם דאַך פאר א געהיימער ראַדיאָ־אײַנריכטונג. די דײַטשן זײַנען געקומען צו אזא אויספיר, ווײַל בודניק איז א באָקי אין דעם פאַך. אים האָט מען דעם ערשטן געשטעלט צו דער וואַנט. אין דער מינוט איז צוגעלאָפן מישע — דער מאַטראָס און האָט געזאָגט, אז ער און נאָך אַנדערע האָבן געזען, אז די אַנטענע האָט אראָפּגענומען שאַריקאָוו דער עלטערער. אונדז האָט מען אָפּגעלאָזט, און שאַריקאָוון האָט מען אוועקגעפירט אף קאַראַלענקאָ־גאַס, 33. צוויי וואָכן האָט מען אים דאָרט געהאַלטן, ביז זײַן זון, זשעניע, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס א שאָפער אף דער דושעגובקע, האָט אים ארויסגעראַטעוועט.

ליאָניע סמולסקי האָט דערציילט, אז אונדזער איוורי האָט זיך מיט עפּעס פארזינדיקט פארן הויפּט־מעכאַניקער פונעם גאַראַזש, ווו ער האָט געאַרבעט... ער האָט איוורין ארויסגעפירט אף סמולסקיס מאַשין אויסער דער שטאָט און דאָרט אים צעשאָסן...

אין אײנעם א טאָג האָט מען מיר באפוילן אופשטעלן א גאַראַזש אף פינף מאַשינען. פּאַרטיק דאַרף ער זײַן ביז פאַרנאַכט. מע האָט מיך געשטעלט „בעראָש״ פון א גרופּע שוץ־פּאָליצײַען מיט פאַרשיידענע אינסטרומענטן. כ׳האָב אַלץ באַטראַכט און לויט אַלע טאַקאָנעס זיך געשאַפט מיט דער גרופּע ביז דער גאַראַזש איז פּאַרטיק געוואָרן. אינדערפרי, אפן אַנדערן טאָג, רופט מיך ווידער דער פאַן ווילי און פרעגט, פאַרוואָס שטייט ניט קיין פּלויט ארום דעם גאַראַזש. כ׳האָב געזאָגט, אז דאָס האָט מען מיר ניט געהייסן. בייסמײַסע איז געווען ראַדאָמסקי, און ווילי האָט באַשטימט באַשולדיקן מיך, קעדיי אַליין זיך ארויסדרייען. ער האָט מיר א פּליאַסק געטאָן אין פּאָנעם און געהייסן גלײַך אופשטעלן א פּלויט... אין עטלעכע שאָ ארום איז דער פּלויט שוין געשטאַנען.

מישע דער מאַטראָס פלעג קומען אף דער אַרבעט פון סירעצקער לאַגער. ער האָט דערציילט:

מע האָט געבראַכט אין דושעגובקעס לעבעדיקע ייִדן. זיי זײַנען געווען נאַקעטע. מע האָט זיי ארויסגעטריבן אפן פּלאַץ, געהייסן אָנרײַסן קראָפּעווע און אײנס דעם אַנדערן שמײַסן, ס׳זאָל זיי ווערן הייס. מ׳האָט זיי געטריבן מיט שטעקנס, מיט נאַהײַקעס, געשלאָגן ביז טויט. די עטלעכע, וועלכע זײַנען נאָך געווען לעבעדיק, האָט מען באפוילן זינגען און טאַנצן. א רעשטל זינלאָזע האָבן געפּרוּווט טאַנצן, זינגען... מ׳האָט זיי געפּײַניקט ביז שפּעט אין אָוונט. צעשיסן איז געבליבן א קליין הײַפעלע...

די „אָפּעראַציע״ האָבן דורכגעפירט די פּאָליצײַען און לאַגער־נאַטשאַלניקעס. די דײַטשן האָבן זיי דערלויבט זיך פאַרווײַלן אף זייער געשמאַק.

אין עטלעכע טעג ארום האָט סמולסקי דערציילט, אז דער מעכאַניקער, וועלכער האָט צעשאָסן ליאָניע איוורי, האָט געפונען א פּיסטאָלעט אין גאַראַזש אף אינסטיטוטסקע, ווו ס׳איז געווען דער לאַגער פאר ייִדן, און געזאָגט, אז דאָס האָט איוורי אים באַהאַלטן און מע דאַרף אונטערזוכן אַלע ייִדן. מע האָט זיי אַלע אַרײַנגעטריבן אין קאַטשעגאַרקע, געהייסן זיך אויסטאָן און גענומען זוכן אין די מאַל־בושים. אין צוויי זעקלעך פון גאַז־מאַסקעס האָט מען געפונען פּיסטאָלעטן. אזוי ווי אַלע זײַנען געווען נאַקעט, אזוי האָט מען זיי פאַרטריבן אין די דושעגובקעס און אוועקגעפירט...

אף קאָראָלענקאָ־גאַס, 33, האָט די געסטאַפּאָ צונויפגעטריבן גרעסערע גרופּעס צו פאַרניכטן. מע האָט זיי אַרײַנגעשטופּט אין א גרויסער קאַמער, און ווי נאָר זי איז פול געוואָרן, פלעג מען אַלע־מען ארויספירן אין באַבי יאַר און דאָרט צעשיסן. די קאַמער פלעג מען „אויסליידיקן״ אײן מאָל אין וואָך. אײנמאָל האָט מען אהין געבראַכט א ייִנגעלע פון א יאָר 12—13 מיטן טאַטן. דאָס קינד האָט זייער האַרציק געשפּילט אף א פידל, וועלכן ער האָט געהאַט מיט זיך.

עטלעכע מאָל האָט מען דעם קליינעם פידלער מיט זײַן פאָטער איבערגעלאָזט. די דײַטשן האָבן ליב געהאַט גוטע מוזיק... אז מ׳האָט ווידער געבראַכט אן אוילעם, האָט דעם ייִנגעלעס פאָטער דער־ציילט, אז פונדאַנען פירט מען אַלעמען אין באַבי יאַר... די מענטשן האָבן באַשטימט אָנפאַלן אף די דײַטשן, ווען מע וועט קומען נאָך זיי. נאָר דער פּלאַן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן: דער דײַטש, אף וועלכן מ׳איז צוערשט אָנגעפאַלן, האָט באַוויזן אויסשרײַען א וואָרענונג צו אַלע אַנדערע, און קיינעם האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אנטלויפן...

מיר האָבן אַלץ געוואַרט אף לידע סטאַניסלאַוואָוונען, וועלכע האָט געדאַרפט אונדז ברענגען דאָקומענטן. אונדזער האָפענונג אף א ישועה, האָט געצאַנקט... ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן אונדז מאַכלויקעס: עמעצער האָט געהאַלטן, אז מע דאַרף פּרוּוון אנטלויפן, ניט וואַרטנדיק, אַנדערע האָבן געטײַנעט, אז ס׳איז זינלאָז. ס׳איז דערגאַנגען צו דעם, אז ווילקיס האָט א שלײַדער געטאָן דעם טשײַ־

ניק אָסטראָווסקין אין פּאָנעם. פּונקט אין אָט דער צײַט איז אַרײַן צו אונדז א דײַטש. מיר האָבן אים גערופן פאַן יאַן. ער איז געווען ראַדאָמסקיס שטעלפאַרטרעטער. כ׳האָב זיך אופגעהויבן שנעל אים אנטקעגן און געזאָגט, אַז אָסטראָווסקי האָט געהאַקט האָלץ און א שפּענדל האָט אים געטראָפן אין פּאָנעם. ער האָט געהייסן מיר מיטגיין מיט אים און געגעבן א ביַנט, וואַטע און יאָד.

## דער סירעצקער קאָנצלאַגער

אין יענעם טאָג האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען מיט בודניקן. מיר האָבן געזען, אַז אין הויף איז אַרײַנגעפאָרן די דושעגובקע. פּאָליצײַען מיט אויטאָמאַטן זײַנען אַרײַן צו אונדז, באַפוילן אופהייבן די הענט און גיין אין דרויסן. כ׳האָב געוואָלט נעמען דעם פּידזשאַק, האָט מען מיך ניט געלאָזט. אין דרויסן זײַנען שוין געשטאַנען ווילקיס מיט אָסטראָווסקין. פּאָדקאַמינער איז צופעליק געווען הינטערן סאַרײַ. דערזען, אַז מע פירט אונדז, איז ער אַראָפּ אין יאַר און גענומען לויפן. מע האָט אים געזוכט אין קיך, אין דער געבײַדע — ניט געפונען. אונדז האָט מען אַרײַנגעטריבן אין דער דושעגובקע, פאַרקלאַפּט אונטער אונדז די טיר. מיר האָבן צונויפגעקלאַמערט די הענט און זיך געזעגנט איינער מיטן אַנדערן — מיטן לעבן. א שאַרפער ווייטיק האָט מיך דורכגענומען פונעם מויעך ביז די שפּיץ פינגער. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי הויך, אַז כ׳האָב מער גאָרניט געהערט. די צײַט האָט זיך אָפּגעשטעלט. כ׳האָב א טראַכט געטאָן: שוין, מער וועט שוין גאָרניט נישט זײַן...

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט. געשטאַנען לאַנג. דערנאָך האָט מען אופגעעפנט און אונדז אַרויסגעטריבן. ס׳איז שוין געווען פינצטערלעך. א גרופּע פּאָליצײַען האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז מ׳האָט זיך פאַרהאַלטן, ווײַל מ׳האָט געזוכט דעם אַנטלאָפענעם (פּאָדקאַמינערן). צו אונדז איז צוגעגאַנגען איינער און געזאָגט אַף א שלעכטן רוסיש, אַז ער זעט, ווי מיר זײַנען פאַרפרוירן, וועט ער אונדז העלפן זיך אָנוואַרעמען. מע רופט אים ראָסטיסלאַוו. ער איז זיכער, אַז מיר וועלן אים פאַרגעדענקען. ער האָט באַפוילן זיך אויסשטעלן אין א ריי און „שאַגאָם מאַרש!", דערנאָך „בעגאָם!", דערנאָך — זיך לייגן, ווידער לויפן, אַהין און צוריק. אַז ער האָט זיך געפונען נאָענט פון עמעצן און געקאָנט דערגרייכן מיט דער נאַהײַקע, האָט ער מיט קויעך און טײַנע געשמיסן. דערנאָך האָט ער אונדז אָפּגעשטעלט, באַדויערט, וואָס ער אײַלט זיך, נאָר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך נאָך פאַרנעמען מיט אונדז...

מע האָט אונדז אָנגעוויזן, ווי ס׳איז די זעמליאַנקע פאַר ייִדן. קימאַט אַף אַלע פיר זײַנען מיר אַרײַנגעקראָכן. אַף צוויי־יאַרוסדיקע נאַרעס זײַנען געלעגן מענטשן, אײַנגעהילט אין שמוציקע שמאַטעס. מיר האָבן געפרעגט, ווער איז דער סטאַראָסטע, נאָר צו אונדז האָט זיך שוין אופגעהויבן איינער א לאַגערניק. אַז ער האָט זיך דערוווּסט, ווער און פונוואַנען מיר זײַנען, האָט ער קוידעמקאָל אָפּגעדאַנקט פאַר דעם, וואָס מיר האָבן זיי איבערגעגעבן מיט סמולסקין, און געזאָגט, אַז דאָס איז ער, אַרקאַדי איוואַנאָוו, וועלכער האָט אונטערגעשריבן יענץ צעטעלע. ער האָט אונדז אָנגעוויזן אַף פרײַע נאַרעס לעבן זײַן אָרט און גענומען דערציילן וועגן אַלע ליידן, וואָס זיי שטייען דאָ אויס, וועגן דעם סאַדיסט ראָסטיסלאַוו. דעם באַבי יאַר קאָן מען עטוואָס דערווײַטערן, ווען ס׳גיט זיך אײַן אָנקומען אין די וואַרשטאַטן. נאָר אַהין קלײַבט אָפּ אַנטאָן אַליין — דער הויפּט־נאַטשאַלניק.

אינדערפרי, נאָך אַלע „ריטואַלן" אַף פּלאַץ, ווו די סאָטניקעס און די בריגאַדירן האָבן געיושעוועט, זײַנען מיר געבליבן שטיין. אַז אַנטאָן האָט אונדז דערזען, האָט ער עפּעס באַפוילן דעם בריגאַדיר מאַטקאָבאָג און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די עקזעקוציע איבער אונדז. מיר האָבן ניט געוווּסט, וווּהין זיך אַהינטאָן פון זײַן שטעקן. אין דער צײַט האָט זיך באַוויזן דער פאַן יאַן, וועלכער האָט אונדז געקענט דאָרט, אַף דער מעלניק־גאַס. כ׳בין צו אים צוגעגאַנגען און אויסגעשטאַמלט: „העלף אונדז, פאַן יאַן, מע וועט אונדז באַלד הארגענען". ער האָט אָפּגעשטעלט דעם געשלעג און געהייסן: „דו, יאַקאָב, וועסט גיין אַרבעטן אין סטאָליער־וואַרשטאַט, בודניק — אַלס עלעקטריקער, אָסטראָווסקי — אים האָט ער גערופן „מיצלמאַכער" — אַף דער פּילאָראַמע". ווילקיסן איז אויסגעקומען איבערטראָגן א סאַך קלעפּ, ביז יאַן האָט אים אויך אַפן צווייטן טאָג געשטעלט גרייטן האָלצקוילן.

אין סטאָליער־וואַרשטאַט האָט געאַרבעט אַרקאַדי, ער האָט מיך באַקאַנט מיט צוויי כאַווירים, וועלכע האָבן געאַרבעט ניט ווײַט פון מיר. מאַמאַיעוו און איוואַנאָוו האָבן מיר דערציילט, אַז אַפן פראָנט זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן אין אַרומרינגלונג, לאַנג געבלאָנדזשעט און דערנאָך געקומען אַהער, אַהיים, ווו מ׳האָט זיי געכאַפּט און אַלס קאָמוניסטן פאַרזעצט אַהער אין לאַגער. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז דער לאַגער איז זייער א גרויסער. אַרום און אַרום — שטעכלדראָט אין צוויי רייען, דורך וועלכע ס׳גייט דורך א הויך־אָנגעלעקטריזירטער דראָט. אין יעדן ווינקל — הויכע וואַך־טורעמס, אַף וועלכע עס געפינען זיך פּאָליצײַען און קוילנוואַרפערס. אַף דער טעריטאָריע זײַנען פאַראַן עטלעכע זאָנעס. די זעמליאַנקעס פאַר ייִדן זײַנען אין דער צווייטער. דאָרט איז אופגעשטעלט א טלייִע. פּונקט אין דעם טאָג, ווען מ׳האָט אונדז געבראַכט, האָט מען אופגעהאַנגען א ייִנגל, וואָס האָט געפּרוּווט אַנטלויפן. בישכיינעס זײַנען געשטאַנען זעמליאַנקעס, וועלכע האָבן געהייסן: „סאָוועטישע", „פּאַרטיזאַנישע", „קאָמוניסטישע". א באַזונדערע זאָנע אַף דער לינקער זײַט, ווו ס׳האָבן געוווינט די הויפּט־נאַטשאַלני

קעס: אַנטאָן, ראַסטיסלאַוו, באַיאַרסקי, נאָך עטלעכע סאָטניקעס, בריגאַדירן. ווײַטער — זעמליאַנקעס, ווו ס׳האָבן זיך געפֿונען אוגאָלאָווניקעס. זיי זײַנען געווען מער בעקאָוועדיק, איידער די קריגס־געפֿאַנגענע.

ס׳איז געווען אַ סאַרײַ, ווו מע פֿלעג דעזינפֿעקצירן דאָס אָנטאָן פֿון די לאַגערניקעס, און די אויסגעטאָנענע — שטעלן אונטערן דוש מיט קאַלטן וואַסער.

די בריגאַדירן האָבן אַרודעווועט מיט ספּעציעלע בײַטשן, וועלכע ס׳פֿלעגן פֿלעכטן פֿאַר זיי די שאָרניקעס (ס׳איז געווען אַזאַ בריגאַדע, וועלכע האָט געמאַכט געשפּאַנען פֿאַר פֿערד). אין די בײַטשן האָט מען געצוווּנגען אײַנפֿלעכטן מוטערקעס און אויספּרוּוון זיי גלײַך אַף די, וואָס פֿלעגן זיי מאַכן. שאָרניקעס זײַנען געווען פּיאָדער זאַוויאַרטאַני, ניקאָלײַ מוראַשקאָ, לעאָניד ניקאָלײַעוו, סטעפּאַנאָוויטש. נאָך אַ „דערפֿינדונג“ פֿון די בריגאַדירן געדענקט זיך: בײַס דער קאַרטשאָווקע פֿון ביימער פֿלעגן זיי שיקן איינעם אַרופֿקלעטערן אַפֿן שפּיץ בוים און דאָרט צובינדן איין עק שטריק. נאָכן אונטערזעגן דעם בוים, האָט מען פֿאַרן אַנדערן עק געצויגן. דער, וואָס האָט זיך געפֿונען פֿון אויבן, האָט געדאַרפֿט פֿאַלן צוזאַמען מיטן בוים און שנעל זיך אויספּלאָנטערן פֿון די צווײַגן, אויב ער פֿלעג בלײַבן גאַנץ. אויב ער האָט פֿאַר איין רעגע זיך ניט אַרויסגעריסן, פֿלעג אים דער בריגאַדיר דערשיסן אַפֿן אָרט. דערנאָך פֿלעג מען רופֿן ראַדאָמסקין און אים פֿאַרשאַפֿן פֿרייד מיט דער „גרעטעניש“...

...דער שטורמבאַנפֿיורער ראַדאָמסקי פֿלעג קומען אין לאַגער אַף זײַן אויטאָמאָביל. ער איז אַליין געזעסן באַם רול און לעבן אים — זײַן הונט רעקס. מע פֿלעג אים אַלעמאָל באַגעגענען זייער פֿײַערלעך און לויט אַן אויסגעאַרבעטן ריטואַל: דער ערשטער ראַפּאָרטירט דער ראַטנפֿיורער — דער לאַגערדעזשורנע, נאָך אים — אַנטאָן. נאָכן ראַפּאָרטירן גייט מען אינספּעקטירן דעם לאַגער: ראַדאָמסקי מיטן הונט פֿאָרויס, נאָך אים — דער ראַטנפֿיורער און אַנטאָן.

אָפֿט פֿלעג מען אונדז אויסשטעלן אין אַ קאָלאָנע, הייסן זינגען „אוי, טי גאַליאַ“ און „סאָלאָוויי, סאָלאָוויי, פּטאַשעטשקאַ“. ראַדאָמסקי האָט ליב געהאַט די לידער. זינגען האָט מען געדאַרפֿט הויך, מיט געפֿיל, און שיין מאַרשירן. אויב ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס׳קלינגט ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, פֿלעג מען אונדז לאַנג־לאַנג מושטירן, אַמאָל אַרויסציִען עמעצן פֿון דער ריי און אים לייגן אַף דער „פֿלאַכע“ צו שמײַסן. ס׳איז געשטאַנען אַפֿן פּלאַץ אַזאַ ווערקשטעל מיט צופּאַסונגען אַף קרעפּטיקן דעם קאָפּ און די פֿיס פֿונעם „פֿאַרזינדיקטן“, ער זאָל זיך ניט קאָנען רירן. שמײַסן פֿלעג מען הייסן איינעם פֿון די לאַגערניקעס. ער האָט געמוזט עס טאָן אַזוי, אַז עס זאָלן פֿליִען שטיקער פֿלייש און הויט, ווי שפּענער. אויב ניט — פֿלעג מען גלײַך אים אַליין אַוועקלייגן... וויפֿל מענטשן האָבן דאָס ניט געקאָנט אויסהאַלטן און אָפּגעגעבן דעם לעצטן אָטעם דאָרטן...

אין פֿאַרגלײַך מיט אַזעלכע עקזעקוציעס זײַנען שוין אַנדערע געווען „ניט צום באַמערקן“. אַשטייגער, מ׳האָט געהייסן בודניקן אויסוואַשן אַ מאַשין, וואָס איז אַרײַנגעפֿאָרן. אַז ער האָט געענדיקט, איז דעם שאָפֿער — אַ דײַטש פֿון געסטאַפּאָ־לײַט — עפּעס ניט געפֿעלן געוואָרן. ער האָט, ניט לאַנג טראַכטנדיק, דערלאַנגט בודניקן אין פּאָנעם און אַרויסגעקלאַפּט אים פֿיר ציינער.

...פּאָדקאַמינערן האָט מען געבראַכט אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך אונדזער קומען. ער האָט באַוויזן צו דערציילן, אַז ווי נאָר ער איז אַרויס פֿון הויף, איז ער אַוועק צום בריגאַדיר פֿון די שנײַדערס אַהיים, אַף וויפֿל יענער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט שטענדיק העלפֿן און אויסבאַהאַלטן אונדז, ווי נאָר ס׳וועט זײַן נייטיק. מ׳האָט אים אַרײַנגעלאָזט, אָנגעהאָדעוועט, געגעבן זיך אָפּוואַשן און זיך איבערטאָן, געלאָזט נעכטיקן. אינדערפֿרי האָט דער באַלעבאָס אים געהייסן וואַרטן, אין ערגעץ ניט אַוועקגיין. אַליין איז ער אַוועק אַף דער מעלניק־גאַס און אויסגעזאָגט, אַז פּאָדקאַמינער איז בא אים. ס׳זײַנען געקומען צוויי עסעסאָווצעס מיט צוויי שוץ־פּאָליצײַען, אים געכאַפּט און אַוועקגעפֿירט אַף קאָראָלענקאָ־גאַס, 33. דאָרט האָט מען אים שטאַרק געשלאָגן. אַהער האָט מען אים געבראַכט קוים אַ לעבעדיקן. אינעם זעלבן אָפּדערנאַכט זײַנען צו אונדז אין זעמליאַנקע אַרײַן מאַטקאָבאָג מיט באָיאַרסקין. מאַטקאָבאָג האָט מיט אַן אײַזן אָפּגעשלאָגן פּאָדקאַמינערן דעם גאַנצן אינגעווייד. אַז זיי זײַנען אַוועק, איז ער געבליבן ליגן אָן אַ סימען פֿון לעבן. אינדערפֿרי האָט מען אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ מאַשין און אַוועקגעפֿירט.

יענער טאָג האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זיכּאָרן מיט נאָך אַ מוירעדיקער געשעעניש: בײַס מיר זײַנען שוין געווען אַף דער אַרבעט, האָבן מיר דערזען אַ פֿור, געשפּאַנט מיט אומגעלומפּערטע באַשעפֿענישן. אַז מיר האָבן זיך צוגעקוקט, האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳איז מענטשן מיט מאָדנע, ווי אויסגעצויגענע, העלגעפֿאַרבטע קעפּ. דאָס זײַנען געווען אײַנגעשפּאַנט, קימאַט נאַקעטע, ייִדישע פֿרויען מיט געגאָלטע, צעהאַרגעטע קעפּ. אויך דאָס לײַב איז געווען אַ דורכויכיקע רויע וווּנד. אַף דער פֿור איז געווען אָנגעלאָדן אַ באַרג פֿאַרגראַזיקט ערד. הינטער דער פֿור איז געגאַנגען אַ קאָלאָנע פֿרויען, וועלכע האָבן געזונגען „אוי, לימאָנטשיקי, ראַסטיאָטיע או סאַרי נאַ באַלקאָנטשיקע“. די פּראָצעסיע האָט באַגלייט אַ רוסישע פֿרוי מיט אַ בײַטש אין האַנט. דאָס איז געווע לאַגווינאַ — אַנטאָנס „פּאַסיע“. ער האָט איר געשענקט די בײַטש. זי איז געווען זייער אַ ראַפֿינירטע סאַדיסטקע, אַלעמען גערופֿן „כײַקע“ און מיט נאָך אַזעלכע נעמען. די בײַטש האָט ניט גערוט קיין רעגע. זי האָט געהאַרגעט מיט פֿיל האַמצאָעס. און אַלע טאָג פֿלעג מען איר צושטעלן נײַע, קעדיי אונטערהאַלטן בא איר דאָס געפֿיל פֿון אַלמעכטיקײַט.

נאָך אַ טאָג.

מ׳האָט אַרײַנגעפֿירט אין לאַגער אַ דושעגובקע, פֿול מיט מענטשן, געמאָלדן, אַז דאָס זײַנען פּאַרטיזאַנער. שטענדיק פֿלעג מען די דושעגובקעס פֿירן גלײַך אין באַבי יאַר. דאָס מאָל האָט מען באַ־

שטימט מאַכן אַ פאַרשטעלונג פאַר די לאַגערניקעס. די געבראַכטע האָט מען אוועקגעשטעלט אַף די קני און געהייסן די פּאָליציייַען, זיי זאָלן שיסן אין די נאַקנס. איינער אַ פּאָליציייַ האָט זיך צעוויינט, זיך צעשריגן, אַז ער קאָן עס ניט טאָן, ווייַל צווישן די פּאַרטיזאַנער שטייט זייַן אייגענער ברודער. ראַדאָמסקי האָט זיך געכאַפּט פאַרן פּיסטאָלעט און געוואָלט אויסשיסן אינעם וויינענדיקן, נאָר ניט באַוויזן: דער פּאָליציייַ האָט געשאָסן אין די נאַקנס פון די שטייענדיקע אַף די קני. נאָך דעם איז ער געפאַלן אין כאַלאַשעס און מ׳האָט אים אוועקגעשלעפּט.

...אַנטלויפן איז קיין שום מעגלעכקייַט ניט געווען. איינמאָל אַפּדערנאַכט זייַנען מיר געשטאַנען אַפן פּלאַץ אויסגעשטעלט און מ׳האָט אונדז געציילט, ווי דער דין איז. איין מאָל, נאָך אַ מאָל, ווידער אַ מאָל. עמעצער האָט געפעלט. ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז עס פעלט איינער אין דער בריגאַדע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט, גערייניקט און פּלאַנירט די טעריטאָריע. די בריגאַדירן, פּאָליציייַען און די סאָטניקעס האָבן געזוכט איבערן גאַנצן לאַגער. מ׳האָט אים געפונען אין גרוב פונעם לאַגער-קלאָזעט. ער האָט, ווייַזט אויס, פאַרטראַכט אונטערגראָבן באַנאַכט די ערד אונטער די דראָטן. אַז מ׳האָט אים געבראַכט צו שלעפּן, האָט ראַדאָמסקי געהייסן, מע זאָל אַליין זיך אָפּרעכענען מיט אים. אין געציילטע סעקונדעס האָט מען אים פאַר די פיס צעריסן...

און פונדעסטוועגן פלעג זיך טרעפן, אַז עמעצער פלעג אַנטלויפן פון די בריגאַדעס, וועלכע האָבן געאַרבעט אויסער דעם לאַגער. אין אַזאַ פאַל פלעג ראַדאָמסקי זיך באַגיין מיט אונדז לויט זייַן שטימונג אין אָט דער רעגע. איין וואַריאַנט איז געווען אַזאַ: אויסגעשטעלט אונדז אין אַ ריי, אַלע צענטע אַרויסגעפירט, געשטעלט אַף די קני און געשאָסן אין די נאַקנס. דער צווייטער וואַריאַנט — שיסן אַפן אָרט די „אויסגעוויילטע״, אָן אַנדערס מאָל — צעשיסן די גאַנצע בריגאַדע צוזאַמען מיט די שוץ-פּאָליציייַען, וועלכע האָבן ניט אויסגעהיט.

איינמאָל האָט מען געבראַכט אַ לאַסט-אויטאָמאָביל אַף רעמאָנט. פאַר איין נאַכט האָט מען זי אָפּגערעמאָנטירט, און אינדערפרי, ווען אַנדערע מאַשינען זייַנען געקומען נאָך מענטשן אַף אַרבעט, זייַנען אַף דער אָפּגערעמאָנטירטער מאַשין אַרויף אַ סאַך מענטשן און עטלעכע פּאָליציייַען און אַרויס-געפאָרן פונעם לאַגער. אַנטפּלעקט האָט מען דאָס ערשט נאָך מיטיק. ס׳זייַנען געקומען אין לאַגער הויכע טשינען, ראַדאָמסקי איז פאַר זיי געשטאַנען אויסגעצויגן... ביז מ׳איז געקומען צו אַן אַלגעמייַנעם באַשלוס: מ׳האָט געבראַכט אין אַ קורצער צייַט עטלעכע דושעגובקעס מיט מענטשן, אַרויסגע-פירט אַ סאַך פון די זעמליאַנקעס — אַלעמען אויסגעשטעלט אַפן פּלאַץ און זיי צעשאָסן...

אַזוי זייַנען געגאַנגען די ביטערע טעג.

אין אונדזער סטאָליער-וואַרשטאַט האָבן נאָך געאַרבעט סטעלמאַכער, באַנדערס, כ׳האָב זיך באַ-פרייַנדעט מיט אַ גוטן מייַסטער — מיט ליאָניע כאַראָש. ער פלעג שטילערהייט מאַכן זייער שיינע פּאַפּיראָסן. די פּאָליציייַען פלעגן אים ברענגען פאַר דער אַרבעט ברויט, מאַכאָרקע. ער האָט גע-זאָגט, אַז ער וועט מיך אויסלערנען מאַכן אַזעלכע, נאָר מע דאַרף קריגן ביינער, מיט וועלכע מע אינקרוסטירט די דעקעלעך. פון דער קיך פלעגן מיר ברענגען אין וואַרשטאַט די אַרויסגעוואָרפענע ביינער, זיי קאָכן, רייניקן און שנייַדן אַף דינע פּלאַסטינקעלעך. כ׳האָב שוין אַליין געמאַכט עטלעכע פּאַפּיראָסן. איינמאָל איז אַרייַן דער ראָטנפיורער — דער געלער פאַן רידער. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און געהייסן מאַכן פאַר אים אַ פּאַפּיראָסן! ער האָט מיר אָנגעצייכנט זייַנע איניציאַלן, כ׳זאָל זיי אינקרוסטירן אַף אַ זייַט פונעם פּאַפּיראָסן. די הויפּט-אַרבעט פלעג איך מאַכן אין וואַרשטאַט, נאָר ענדיקן פלעג איך אַפּדערנאַכט אין זעמליאַנקע אַף דער נאַרע. אין אָנגעמערקטן טאָג איז רידער געקומען. ס׳איז אים זייער געפעלן געוואָרן, און ער האָט געלאָזט אַפן וואַרקשטעל אַ פּעקל פאַר מיר. דאָרט איז געווען אַ לעבל ברויט, עטלעכע שטיקלעך צוקער, אַ שטיק כאַזער-שמאַלץ און צוויי פּעקלעך מאַכאָרקע. אַ גאַנץ רייַכטום. אויך בודניק פלעג אַמאָל ברענגען אין זעמליאַנקע דאָס, וואָס מע פלעג אַרויסשלעפּן פון די דראָט-רייען, וועלכע די עלעקטריקער מיט די פּאָליציייַען פלעגן קאָנט-ראָלירן — אַ הונט, אַ פויגל — פלעגן מיר עס קאָכן און עסן.

אין אַ צייַט אַרום איז אַליין ראַדאָמסקי געקומען צו אונדז מיט זייַן איבערזעצער. ער האָט מיר געהייסן מאַכן אַ קעסטעלע פאַר פּאַפּיראָסן, ניט קיין טאַשן-פּאַפּיראָסן, ווי רידערן, נאָר אַ שקאַטול-קעלע, וואָס שטייט אַפן טיש. ער האָט אַף מיר אַפילו קיין קוק ניט געטאָן און איז אוועק. כ׳האָב זיך דערשראָקן, ווייַל כ׳האָב געוווּסט, אַז ס׳איז גאָר אַן אַנדער זאַך, און מאַכן וואָלט עס געקאָנט נאָר ליאָניע כאַראָש. מיר האָבן זיך געייצעט מיט אַרקאַדין, נאָר ליאָניע האָט בעשום-אופן ניט געוואָלט זיך נעמען פאַר אַזאַ אַרבעט, איך האָב פּאַשעט ניט געוווּסט וויאַזוי — איז געבליבן ניט געמאַכט. אין צוויי טעג אַרום איז ראַדאָמסקי געקומען נאָך דער באַשטעלונג. אַז ער האָט דערהערט, אַז ס׳איז ניט פאַרטיק און איך ווייס ניט וויאַזוי צו מאַכן, האָט ער מיר אַלץ „דערקלערט״ מיט אַ פּאָר גוטע קלעפּ איבערן קאָפּ און אין פּאָנעם און געזאָגט, אַז אויב אין דרייַ טעג אַרום וועל איך ניט מאַכן, וועט ער מיר שוין ווייַזן, וויאַזוי צו אַרבעטן... מיר האָבן אויסגעקליבן אין קיך די געהעריקע ביינער, און כ׳האָב זיך זייער געסטאַרעט, ס׳זאָל זיך אַלץ באַקומען אַמבעסטן. אַז ס׳איז פאַרטיק געווען (פריִער פונעם אָנגעמערקטן טאָג), האָב איך דאָס איבערגעגעבן מיטן איבערזעצער. אַפן צווייטן טאָג איז ראַדאָמסקי אַרייַן און אַ וואָרף געטאָן מיר אַ פּעקל פּאַפּיראָסן אַפן וואַרקשטעל.

ס׳איז געווען אַן אינדערפרי, ווען מ׳האָט אונדז געהייסן איבערלאָזן אַלע וואַרעמע זאַכן אַף די נאַרעס. ווען מיר זייַנען געקומען נאָך דער אַרבעט, האָבן מיר גאָרניט געפונען: מ׳האָט אַלץ פאַר-ברענט און אין די זעמליאַנקעס האָט מען געמאַכט אַ דעזינפעקציע. אונדז האָט מען אַרויסגעטריבן

אין דרויסן, מיר זאָלן אויסטרייסלען אַלץ, וואָס עס איז אויף אונדז. מיר זײַנען געשטאַנען אויפֿן פֿראָסט נאַקעטערהייט און געטרייסלט די אינזעקטן אויף דער ערד. אָבער ווי נאָר מיר האָבן זיך אַנידערגעלייגט אויף די נאַרעס, האָבן זיי ווידער זיך אײַנגעזויגן אין אונדזערע לײַבער...

ווען מע האָט געטריבן מענטשן אין די דושעגובקעס, זײַנען זיי געווען זיכער, אַז ס'איז שוין זייער סאָף. אַז מע פֿלעג זיי ברענגען לעבעדיקערהייט אין לאַגער, זײַנען זיי געווען מאַסקים אויף אַלץ, וואָס די סאָטניקעס האָבן פֿון זיי געפֿאָדערט. ערשטנס, פֿלעג מען זיי אויסטאָן און די בעסערע מאַלבושים צונעמען. זיי פֿלעג מען געבן שמאַטעס. אוועקנעמען אַלץ, וואָס ס'איז געווען אין די קעשענעס. אין אַזעלכע טעג האָבן די בריגאַדירן און סאָטניקעס געטרונקען סאַמאַהאָן און געזוכט פֿאַרווײַלונגען. זיי האָבן צוגעטראַכט קאָנצערטן פֿון קינסטלערישער זעלבסטטעטיקייט. די „בינע" איז געווען אויפֿן פּלאַץ. צווישן די לאַגערניקעס זײַנען געווען פּראָפֿעסיאָנעלע אַרטיסטן. פֿאַר אַן אַרויסטרעטונג, וואָס איז געפֿעלן געווען, פֿלעג מען באַלוינען מיט אַ טשערפּאַק באַלאַנדע. די, וואָס האָבן געוואָלט נויטע כיין זײַן, האָבן אַרײַנגעשטעלט אין די לידער לײַכטזיניקע, טריוויאַלע כאָכמעלעך און פֿלעגן באַקומען צוויי טשערפּאַקן. כ'געדענק וולאַדימיר וועסעלאָוון, באָריס טאַבאַקאָוון, וואַניע טאַלאַלאַיעווסקין. מיר האָבן געדאַרפֿט זײַן פֿריילעכע צושויער און אונטערהאַלטן די אַרטיסטן.

איינמאָל, בײַם אַזאַ „שוישפּיל", האָב איך געדאַרפֿט אַרײַן צו זיך אין זעמליאַנקע. די טיר איז געווען פֿאַרמאַכט אינווייניק. מע טרײַבט דאָך אַלעמען אַרויס — ווער זשע האָט זיך דאָרט פֿאַרמאַכט? ס'איז מיר געוואָרן אומרויִק, און כ'האָב גענומען קלאַפּן. געעפֿנט האָט מיר אַרקאַדי. אינווייניק האָט ער מיך ניט אַרײַנגעלאָזט, געהייסן גיין. כ'האָב באַמערקט, אַז דאָרט זיצן מענטשן פֿון אַנדערע זעמליאַנקעס און אויך טאַלאַלאַיעווסקי, וועלכער איז נאָרוואָס אַרויסגעטראָטן. ווען כ'בין אַוועק פֿון דער טיר, האָב איך געזען אין אַ ווײַלע אַרום, אַז פֿון דאָרט זײַנען אַרויס צו איינציקווײַז זשאָרע — דער פֿאַבריקמאַכער, איגאָר וואָראָניצקי, סערגיי בעסטיזשעוו און אַנדערע, וועלכע כ'האָב ניט געקענט. כ'האָב פֿאַרשטאַנען, אַז מער דאַרף מען גאָרניט פֿרעגן און מיט קיינעם דערפֿון ניט ריידן. מיר האָבן געוווּסט, אַז צווישן די לאַגערניקעס זײַנען דאָ פֿאַרעטער. אויף איינעם האָט מען מיר אָנגעוויזן. ער האָט געאַרבעט אַלס סטעלמאַך. זײַן פֿאַמיליע איז געווען מיראָשניטשענקאָ, ער פֿלעג אָפֿט בײַטן די זעמליאַנקעס. קומען, איבערנעכטיקן, זיך צוהערן, וועגן וואָס מע רעדט, און פֿאַרשווינדן.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען פֿאַרנומען זשאָרען דעם פֿאַבריקמאַכער און אָפּגעפֿירט אין געסטאַפּאָ. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, איז ער געווען שוואַרץ, ווי די ערד. ער האָט עפּעס געזאָגט אַרקאַדין, און יענער איז געוואָרן זייער אומרויִק. מיר האָט ער געענטפֿערט אויף מײַן פֿראַגע: „וואָס קומט פֿאָר?", אַז ס'איז זייער שלעכט.

זשאָרע האָט געפֿונען אַ מאָמענט, ווען אין זעמליאַנקע איז קיינער ניט געווען, און זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז.

ס'זײַנען געקומען הויכגעשטעלטע געסטאַפּאָווצעס און אויסגערופֿן 20 מענטשן — אַלע, וועלכע זײַנען געווען מיט אַרקאַדין. פֿון אונדזער זעמליאַנקע — 8 מענטשן. אַרקאַדין האָט מען געמאָלדן פֿאַר בריגאַדיר פֿון דער גרופּע, וועלכע וועט פֿאָרן בויען אַ נײַע דאַטשע פֿאַר אַ דײַטשישן גענעראַל. מ'האָט זיי ניט געלאָזט גאָרניט נעמען מיט זיך — זיי וועלן אַלץ באַקומען. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר דערהערט, אַז מע שיסט אין באַבי יאַר (אונדזער לאַגער איז געווען גאָר נאָענט — קימאַט אַנטקעגן). מער האָבן מיר שוין קיינמאָל די מענטשן ניט געזען.

כ'געדענק ניט, דורך וועמען, נאָר מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די גרופּע איז געווען פֿאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער דורך טאַלאַלאַיעווסקיס ברודער. מ'האָט אים גערופֿן „דיעד". ווי נאָר מע האָט אַרעסטירט זשאָרען, האָט דער „דיעד" פֿאַרשטאַנען, אַז מ'האָט זיי אויסגעגעבן. זשאָרע האָט ניט אויסגעהאַלטן און באַשטעטיקט דאָס, וואָס די דײַטשן האָבן שוין געוווּסט. דעריבער איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

און ווידער איין טאָג, ביטערער פֿונעם אַנדערן: אָנשטאָט די געהאַרגעטע ברענגט מען אַנדערע. אַ גרויסע גרופּע קריגס־געפֿאַנגענע האָט מען אַוועקגעשיקט קיין דײַטשלאַנד. הונדערט מענטשן פֿון די געבליבענע האָט מען אַוועקגעפֿירט אין באַבי יאַר.

עמעצער האָט געזאָגט, אַז אונדזערע זײַנען ניט ווײַט, אַז מע הערט זיך צו, דערטראָגט זיך קאַנאָנען־שיסערײַ פֿון לינקן ברעג פֿונעם דניעפּער.

דאָס רעשטל געבליבענע אין לאַגער האָט דעמאָנטירט אַלע ווערקשטעלן, פֿאַרפּאַקעוועט אין קאַסטנס און געלאָדן אויף מאַשינען. ווען מיר האָבן געענדיקט די אַרבעט, האָט מען אונדז אויסגעשטעלט און אויך אַוועקגעפֿירט אין באַבי יאַר.

## ● באַבי יאַר

אַנטקעגן דעם טויער פֿון אונדזער לאַגער, אויפֿן וועג, וואָס פֿירט אין באַבי יאַר, איז אויסגעוואַקסן אַ הויכער לאַנגער פּלויט לענגאויס דער גאַנצער טראַסע. ווען מיר זײַנען געקומען צום טויער, האָט מען געהייסן אויסטאָן די שיך. מיר זײַנען געווען זיכער, אַז דאָס איז אונדזער לעצטער וועג. דורכן טויער און ווײַטער זײַנען מיר שוין געגאַנגען צווישן צוויי קייטן דײַטשן. זייערע אויטאָמאַטן — אָנגעשטעלט אויף אונדז. דער וועג איז געווען אַ קורצער.

פֿון יענער זײַט פֿלויט איז געווען אן ערד־וואל. ניט ווײַט פֿונעם אַרײַנפֿאָר איז געשטאַנען א בײַדל. אויף דער טיר איז געווען צוגעפּעסטיקט א שאַרבן און איבערגעקרייצטע ביינער. דאָס איז געווען ניט קיין געמעל... נאָך איין סימען, אַז צוריק איז קיין וועג פֿאַר אונדז ניטאָ. מ'האָט אונדז געפֿירט ווײַטער, אַראָפּ אין א יאַר. דער דנאָ אינעם יאַר איז געווען א פֿלאַכער, א גלײַכער. ס'איז געווען צו פֿאַרשטיין, אַז דאָ גייען די דושעגובקעס, וואָס פֿירן מענטשן אויף יענער־וועלט. מ'האָט געהייסן אונדז זיך אויסזעצן אויף דער ערד. פֿון ערגעץ האָט זיך געהערט א טומל, געשרייען. ס'האָט זיך באַוויזן א יונגער אָפֿיצער, קענטיק א גרויסער נאַטשאַלניק. ער האָט באַפֿוילן פֿירן צו פֿינף. ווען דאָס ערשטע מאָל האָט מען אַוועקגעפֿירט, האָבן מיר זיך צוגעהערט, צי מע שיסט. ניט דערהערט. אינגיכן איז נאָכאַמאָל געקומען יענער פֿאַשיסט און ווידער אַוועקגעפֿירט פֿינף מענטשן. איך זיץ און וואַרט אויף מײַן ריי... ווען מ'האָט מיך אויך צוגעפֿירט אַהין, וווּהין די פֿריערדיקע, האָב איך דערזען אַזעלכס, וואָס אפֿילו אין שרעקלעכסטן חלום קאָן מען ניט זען. טויטע קערפּערס זײַנען געווען אַקוראַט און גלײַך, ווי לויט א שנירל, אויסגעלייגט. זייער א סך... כ'בין געשטאַנען און געקוקט. כ'האָב געפֿילט, אַז כ'וועל באַלד אַראָפּ פֿון זינען. כ'האָב זיך צעשריגן: „האַרגעט מיך, שיסט מיך! כ'קאָן עס ניט אויסהאַלטן!". יענער פֿאַשיסט איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר און האָט מיר דערלאַנגט אַזא קלאַפּ, אַז דער קינבאַק איז אַרויס פֿון אָרט. דער ווייטיק האָט פֿאַרטויבט דעם געשריי. שרײַען אָדער א ריר טאָן מיט דער צונג האָב איך שוין ניט געקאָנט. מ'האָט מיך א וואָרף געטאָן צו א דײַטש, וואָס איז געזעסן אויף א בענקל. לעבן אים זײַנען געלעגן אײַזערנע קייטן. מ'האָט מיר אָנגעטאָן צוויי כאָמעטלעך אויף די פֿיס, פֿאַרקליאָפּעוועט א קייט צווישן זיי, אָפּגעשטופּט אַהין, וווּ ס'זײַנען געווען אונדזערע, אויך פֿאַרקאָוועטע, ווי איך. פֿונעם מויל האָט גערונען בלוט. קיין ווייטיק האָב איך ניט געפֿילט, אַזוי־ווי כ'האָב ניט געפֿילט די צונג, די ציינער — דעם קינבאַק. כ'האָב געפּרוּווט אַליין אַוועקשטעלן דעם קינבאַק אויפֿן אָרט...

מ'האָט פֿאַנאַנדערגעטיילט צו שטיקלעך ברויט און א טשערפּאַק זופּ. מײַן פּאָרציע האָב איך אָפּגעגעבן ווילקיסן: כ'האָב ניט געקאָנט אַראָפּשלינגען קיין ביסן. ווילקיס האָט געזאָגט: „שוין, איצט איז קיין טראָפּן האָפֿענונג ניט געבליבן".

נאָך מיטיק האָט מען צען מענטשן געשיקט צום „אַרויספֿאָר". ס'איז, פֿאַרשטייט זיך, קיין שום „אַרויספֿאָר" ניט געווען. מיר זײַנען געגאַנגען א ביסל צופֿוס, אויף צוריקוועגס און דאָרט זיך אַראָפּגעלאָזט אין א יאַר. אייגנטלעך, איז עס געווען ניט קיין יאַר, נאָר אונדזערע קעגנטאַנקען־גראָבנס פֿון אָנהייב מילכאָמע. דאָ האָבן די דײַטשן צעשאָסן אונדזערע סאָלדאַטן און אָפֿיצערן. אַזוי זײַנען זיי געלעגן איינער אויפֿן אַנדערן אין די מיליטער־קליידער. בא אייניקע זײַנען געווען אַראָפּגעצויגן די אייבערשטע מאַלבושים.

אַהער האָט מען געבראַכט מאַציוועס פֿונעם יידישן בעסוילעם, פֿון וועלכע מ'האָט „אויסגעלייגט" די אויוונס אויף צו פֿאַרברענען די טויטע. אויף די מאַציוועס זײַנען דײַטלעך געווען די אויפֿשריפֿטן. געבויט האָט מען ריכטיקע קוואַדראַטן: מאַציוועס, אויף זיי רעלסן, דערנאָך קוווּרע־צוימען, האָלץ — מיט צווישנרוימען, ס'זאָל גוט ברענען. פֿון אויבן — די טויטע. מ'האָט אונדז געגעבן אײַזערנע קרוקן, געוויזן, וויאַזוי צו אַרבעטן: אַרויסשלעפּן א קערפּער און לויפֿן צום אויוון. דאָרט האָבן געאַרבעט „גאָלדזוכער". נאָכן קאָנטראָל האָבן אונדזערע אויפֿגעהויבן די קערפּערס אויפֿן שײַטער. א שיכט קערפּערס, א שיכט האָלצוואַרג, באַגאָסן מיט נאַפֿט, ווידער דאָס זעלבע. אַזוי ביז 2,5—3 מעטער. דער אויוון איז געווען אַרומגעצוימט מיט רישטעוואַניעס, אויף וועלכע מ'פֿלעג זיך אויפֿהייבן, קעדיי אויסלייגן די אייבערשטע שיכטן. דרײַ טויזנט טויטע אין יעדן אויוון — דאָס איז געווען די טעגלעכע נאָרמע... מע פֿלעג אָנלאָדן אַלע אויוונס און דערנאָך אונטערצינדן. די פֿײַער־שײַן פֿלעג פֿאַרפֿלייצן דעם יאַר און די גאַנצע וועלט. ווען דאָס פֿײַער פֿלעג ווערן שטילער, האָט א שוואַרצער רויך אײַנגעהילט דעם גאַנצן אַרום. דער טשאַד פֿון די שײַטערס פֿלעג פֿאַרסאַמען די לופֿט. אָטעמען האָט מען ניט געקאָנט, אַהינטאָן זיך איז ניט געווען ווּ... ווען ס'ברענען די אייגענע האָר און דאָס לײַב, וואָלט געווען לײַכטער...

די דײַטשן פֿלעגן זיך אָפֿט בײַטן און ניט אָפּנעמען די פֿליאַגעס מיט שנאַפּס פֿון מויל...

די ביינער פֿלעגן בלײַבן גאַנץ. מע האָט זיי אַרויסגעשאַרט, צעמאָלט, אויסגעמישט מיט זאַמד און פֿאַנאַנדערגעשאָטן אויפֿן וועג.

דער ערשטער טאָג אין באַבי יאַר האָט זיך געענדיקט. אויף נאַכט האָט מען אונדז אַוועקגעפֿירט אין א גרויסן סאַרײַ, וואָס איז געשטאַנען האַלב אין דער ערד, מיט א סאַך נאַרעס. די טירן זײַנען געווען געמאַכט פֿון אײַזערנע שטענגלעך, ווי גראַטעס. קיין פֿענצטער זײַנען ניט געווען. דורך די שטענדיק אָפֿענע גראַטעס (אָן גלאָז) האָט דערגרייכט דער שרעקלעכער טשאַד פֿונעם יאַר. אין ווייטיק און אין צאַר בין איך אײַנגעשלאָפֿן...

ווען מ'האָט אָנגעהויבן קלאַפּן און וועקן, האָב איך אין דער ערשטער רעגע ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווּ איך בין און וואָס עס איז מיט מיר... ס'איז נאָך געווען פֿינצטער, אָבער אַלע האָבן שוין געײַלט צום אַרויסגאַנג. אַנטקעגן — א טורעם מיט קוילנוואַרפֿערס, אָנגעצילט אויף אונדזער זעמליאַנקע. ביז מ'האָט זיך אויסגעשטעלט, האָב איך באַוויזן צובינדן די קייט מיט א שטריקל צום אייבערשטן קנעפּל אויף די פּלודערן. אַזוי האָבן אַלע געטאָן — ס'איז געווען לײַכטער זיך באַוועגן, די קייט האָט זיך ניט נאָכגעשלעפּט.

ווידער — דער קאָנטראָל, צי אַלע זײַנען פאַרקאָוועט ווי ס'דאַרף צו זײַן, א טשערפּאַק זופּ און א שטיק ברויט (א גרעסערע, ווי אין סירעצקער לאַגער), דערנאָך ציילט מען — וויפל, וווהין. א גרויסע גרופּע האָט מען אוועקגעשיקט אהין, וווּ איך בין נעכטן געווען. אַלע איבעריקע האָט מען אַראָפּגעלאָזט אין טיפערן יאַר.

דאָ זײַנען געווען אָנגעוואָרפן קאַרבאַנעס, וועלכע מ'האָט געהאַרגעט נאָך אין 1941. מיר האָבן געדאַרפט טאָן דאָס זעלבע, וואָס נעכטן. נאָר דאָ איז געווען נאָך שווערער. פאַנאַנדערנעמען די קערפּערס איז געווען אומעגלעך. מישפּאָכעס זײַנען געלעגן פעסט געאַרעמט... קוקן אַף דעם און קלערן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, איז געווען אומעגלעך אפילע פאַר אזעלכע האַלבזינלאָזע, ווי מיר. קיין גאַנצן קערפּער אַרויסשלעפּן האָט מען ניט געקאָנט. נאָך שטיקערווײַז... נאָר די „גאָלדזוכער" האָבן געאַרבעט לעבן די אויוונס זייער וואַכזאַם...

כ'מיין, אז די דײַטשן האָבן מוירע געהאַט פאַר אונדזערע האָקנס און לאָפּעטעס, ווײַל זיי האָבן געוווּסט, אז מיר האָבן ניט וואָס צו פאַרלירן. דעריבער זײַנען זיי געווען אזוי האַרב און וואַכזאַם: דרײַ מאָל אין טאָג קאָנטראָלירט די קייטן אַף די פיס, ניט געלאָזט רעדן צווישן זיך, בא א מינדסטער באַוועגונג אין א זײַט פלעג מען גלײַך שיסן.

איינמאָל איז געשען א נעס. איין איינער פון די גרופּעס האָט געאַרבעט אונדזער א כאַווער פּיאָדער זאַוויאַרטאַני. ער האָט געבעטן א דערלויבעניש באַם דײַטש אָפּגיין אין א זײַט אַף איין מינוט. געוויינלעך לאָזט דער דײַטש קיין אויג ניט אַראָפּ אין אזא פאַל, אָבער אין אָט דער רעגע איז אַרײַנגעפאָרן אן אווטאָמאָביל מיט גרויסע נאַטשאַלניקעס און דער דײַטש האָט זיך אָפּגעווענדט פון פּיאָדערן, וועלכער האָט שנעל פאַנאַנדערגענומען די קליאָפּקעס און איז אוועק אַפן בעסוילעם, וואָס איז געווען ניט ווײַט פונעם יאַר, פון דאָרט — אין שטאָט. אים האָט זיך אײַנגעגעבן זיך אויסבאַהאַלטן און בלײַבן לעבן. דאָ, אין יאַר, האָט מען פאַר אים צעשאָסן 15 מענטשן. אויך דעם דײַטש, וואָס האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט מען פאַרנומען.

אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין באַבי יאַר, איז געווען שטרענג פאַרסעקרעטעוועט. אפילע ווען מע האָט געבראַכט צו פירן האָלץ אָדער נאַפט פאַר די אויוונס, פלעג מען אָפּשטעלן די מאַשינען באַם אַרײַנפאָר און שיקן אהין דײַטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אינווייניק, זיי זאָלן אַרײַנפירן.

אהער, אַפן פלאַץ, פלעגן קומען די דושעגובקעס. מע האָט אויסגעלאָדן פון זיי די טויטע, דערשטיקטע פון גאַז. אָפט פלעג מען ברענגען נאָך לעבעדיקע און דאָ, לעבן די אויוונס, זיי טייטן. מיר האָבן געהערט זייער קלאַפּן און געשטיקטע קוילעס, וועלכע פלעגן ווערן אַלץ שוואַכער, ביז אינגאַנצן אײַנגעשטילט...

מיר האָבן געאַרבעט, ווי אווטאָמאַטן. געוווּסט, אז אויב א שרײַפעלע וועט ניט אויסהאַלטן, וועט מען האַרגענען. די אויוונס האָבן געברענט פון פינצטער ביז פינצטער. עטלעכע מאָל האָט מען געבראַכט די דושעגובקעס, פון וועלכע מ'האָט אַרויסגעלאָזט לעבעדיקע. מ'האָט זיי פאַרקאָוועט, ווי אונדז, און געשטעלט אַרבעטן.

די דײַטשן האָבן זייער געײַלט, און דער אופזיכט איבער אונדז איז געוואָרן נאָך שטרענגער. כאָטש וואָס קאָן שוין זײַן שטרענגער? וואָס קאָן שוין זײַן פינצטערער און ביטערער? עפּשער נאָר דער פאַל, וואָס האָט געטראָפן מיט אונדזערן א כאַווער, וועלכער האָט צווישן די טויטע דערקענט זײַן פרוי און זײַנע צוויי טעכטערלעך... וואָס ס'איז מיט אים פאָרגעקומען — איז ניט איבערצוגעבן. ערשט אין דער נאַכט האָט ער געקאָנט צווישן געוויין אויסריידן א פּאָר ווערטער, פון וועלכע מיר האָבן פאַרשטאַנען, אז ער איז א קריגס־געפאַנגענער. ער האָט ביז איצט ניט געוווּסט, וואָס ס'איז מיט דער פרוי און מיט די צוויי מיידעלעך, איינע א צעניאָריקע, די צווייטע א צוועלפיאָריקע. זיי זײַנען געבליבן אין קיעוו, ווען ער איז אוועק אַפן פראָנט.

די נאַכט האָט אונדז געבראַכט צום געדאַנק, אז מע דאַרף עפּעס פאַרנעמען, ס'זאָל כאָטש ווער־ניט־איז זיך ראַטעווען און דערציילן דער וועלט וועגן באַבי יאַר... וואָלאָדיע קוקליע, לעאָניד קאַדאָמסקי און איך האָבן געדאַרפט געפינען א שליסל צום אמבאַר־שלאָס, מיט וועלכן ס'איז פאַרשלאָסן די טיר פון אונדזער זעמליאַנקע, דערנאָך דאַרף מען באַנאַכט שטיל אופשליסן, אָנפאַלן אַף דער נאַענטער וואַך און פרווון אַנטלויפן.

אין די מאַלבושים אַף די טויטע זײַנען געווען שליסלען. פאַרשיידענע. אין אײניקע קעשענעס זײַנען געווען אפילע אינסטרומענטן: א שער, א שרויפנציִער, א פײַל און אַנדערע זאַכן.

די טעג זײַנען געגאַנגען. אין אונדזערע הענט האָט מען זיך שוין ווייניקער געניטיקט, דערפאַר פלעג מען אָפטער האַרגענען. אייניקע האָבן אַליין געריסן זיך צום טויט, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. נײַע פלעג מען ברענגען זעלטענער. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז דער פראָנט איז שוין גאָר נאָענט. מ'האָט געדאַרפט הורעלעבן.

געפינען א שליסל איז געווען לײַכטער, ווי ברענגען אים מיט זיך אין זעמליאַנקע. ווען מע האָט קאָנטראָלירט די קייטן, פלעג מען א זוך טאָן אין די קעשענעס. ווען זיי געפינען שליסלען, אָדער איין שליסל אפילע, וואָלטן זיי זיך אָנגעשטויסן, אז מיר האָבן עפּעס פאַרטראַכט. דעריבער האָט וואָלאָדיע און לעאָניד ניט געקאָנט באַשטימען בא זיך אַראָפּלאָזן א שליסל אין קעשענע. און איך האָב ריזיקירט: עטלעכע מאָל געבראַכט צו איין שליסל. איצט האָט מען געדאַרפט אויספּרווון, וועלכער פון די געבראַכטע גייט צו. בײַס אַלע האָבן אָפּדערנאַכט געגעסן און די וואַך איז געווען רויִק אָפּגעווענדט פון אונדז, האָבן דאָלינער און טרובאַקאָוו מיך פאַרשטעלט און כ'האָב א פּאָר מאָל געפּרווט די שליס־

לען, ביז איין שליסל האָט אופגעעפנט דעם שלאָס... כ'האָב גלײַך פארמאכט אים צוריק, דעם שליסל פארגראָבן לעבן מײַן נארע (די איבעריקע אויך פארגראָבן אין אנדערע ערטער).

אף וואָס פאר א סאקאָנע כ'בין געגאן מיט די שליסלען, האָב איך פארשטאנען אינגיכן, ווען מ'האָט בא איינעם געפונען א שערעלע און, כאָטש ער האָט געזאָגט, אז ער האָט געוואָלט זיך אונ־טערשערן, האָט אים טאָפּײַדע — אזוי האָט מען גערופן דעם אָפיצער, וועלכער איז געווען דער עלטסטער פון דער „הימל־קאָמאנדע" — לעבעדיקערהייט ארײַנגעוואָרפן אין פײַער. דערבײַ געזאָגט, אז ווער ס'קלײַבט זיך צעקליאָפּען די קייטן, זאָל זען, וואָס מיט זיי וועט זײַן.

דער גרעסטער יאר איז שוין געווען אָפּגערייניקט. מיר האָבן אופגעראמט דעם טראקט אינעם קלענערן יאר, וואָס איז נעענטער צום קירילאָווער שפּיטאָל. א גרופּע האָט שוין פאנאנדער־גענומען דעם אופגעשטעלטן פּלויט, וואָס האָט מאסקירט דעם יאר.

איין גרופּע האָט מען געשיקט בויען א נײַעם אויוון. מיר האָבן פארשטאנען פאר וועמען.

כ'בין געשטאנען און גערייניקט דעם איבערגעבליבענעם פּלאץ, צונויפגעשארט דאָס אש און גע־לאָדן אף א טראָגברעטל. אין אש האָט עפּעס א בלישטשע געטאָן. כ'האָב אופגעהויבן עטלעכע גאָלדענע שטיקלעך. זיי זײַנען, ווײַזט אויס, געווען אײַנגענייט אין מאלבושים אָדער פארוויקלט אין עפּעס, דער־פאר האָט מען עס ניט געפונען. כ'האָב א וואָרף געטאָן דאָס געפונענע אין העמד.

מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט. די דײַטשן האָבן אף עמעצן געווארט. לאנג געווארט. אונדז האָט מען דערלויבט זיך זעצן און אפילע אָפּקאָכן קארטאָפל. ווען די קארטאָפל זײַנען שוין געווען אָפּגע־קאָכט, האָבן זיי אונדז אָפּגעשיקט אין זעמליאנקע. אונדזער א כאווער, יאקאָוו סטאיוק, וועלכער האָט געארבעט לעבן קירילאָווער שפּיטאָל, האָט אונדז דערציילט, אז אים האָט געזאָגט איינער פון די אופזעער, אז מאָרגן וועט אונדז אלעמען זײַן קאפּוט. ס'קאָן זײַן, אז עמעצער האָט באשטימט הײַנט ענדיקן אלץ און מיט אלעמען, נאָר דערבײַ האָבן געדארפט זײַן כפּעציעלע טשינען, דעריבער האָבן זיי אונדז געהאלטן דאָרט אין יאר און געווארט. נאָר אזוי ווי יענע זײַנען ניט געקומען, האָט מען אָפּגעלייגט אף מאָרגן.

מיט סטאיוקן, בודניקן און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן מיר זיך צונויפגערעדט שפּעט אין דער נאכט פאנאנדערניטעווען די קייטן, עפּענען דעם שלאָס און אנטלויפן. דערווײַל זײַנען מיר זיך פאנאנ־דערגעגאן יעדער אף זײַן אָרט. פּלוצעם דערזעען מיר, אז צוויי וואכלײַט גייען צו אונדז אין זעמליאנ־קע. זיי עפּענען דעם שלאָס און טראָגן ארײַן דעם קעסל אָפּגעקאָכטע קארטאָפל. זיי האָבן, ווײַזט אויס, באשטימט אונדז אָנהאָדעווען פארן סאָף.

די צײַט שלעפּט זיך זייער לאנגזאם. קיינער שלאָפט ניט. מיר ווארטן. דערנאָך האָבן מיר אָנגע־הויבן שטילערהייט פאנאנדערניטעווען די כאָמעטלעך (בא איינעם איז געווען א פּינצעט). כ'האָב קוי־דעמקאָל געהאָלפן אָסטראָווסקין. מיט אים איז געשען אן אומגליק: מ'האָט אים דערלאנגט מיטן האָקן אין האנט. ס'איז געוואָרן זייער א שלעכטע ווונד. די האנט איז געשוואָלן געוואָרן. מיר האָבן מוירע געהאט, ס'זאָל ניט זײַן קיין גאנגרענע.

נאָך אָסטראָווסקין בין איך צוגעגאנגען צו ווילקיסן. ער זאָגט מיר: „יאשע, כ'וויל נאָך לעבן כאָטש א האלבע שאָ". נאָר כ'האָב אים ניט געהערט. פאנאנדערגעניטעוועט און געזאָגט: „איצט לעב, וויפל די ווילסט". דערנאָך — וואניע קוזניעץ. קימאט אלע זײַנען שוין געווען גרייט, ווען וואָלאָדיע קוקליע האָט זיך גענומען פארן שלאָס. ער האָט ארויסגערוקט די האנט דורך די גראטעס, שטילער־הייט ארײַנגעשטעלט דעם שליסל, א דריי געטאָן... און ווײַטער באקומט זיך ניט. ער האָט גיך ארויס־געכאפּט דעם שליסל, אוועקגעלאָפן פון דער טיר, זיך פארטשעפּעט פאר עפּעס און אומגעפאלן. דער דײַטש, וואָס איז געשטאנען אף דער וואך, איז צוגעגאנגען צו דער טיר, באלויכטן מיטן קעשענע־לעמפל דעם שלאָס, א פּרווו געטאָן און פרעגט: „וואָס האָט פּאסירט?" סטאיוק האָט אים געענטפערט אף דײַטש, אז מע שלאָגט זיך פאר קארטאָפל. בײדע וואכלײַט האָבן זיך צעלאכט, און איינער זאָגט צום אנדערן: „זיי ווייסן ניט, אז אינדערפרי וועלן זיי שוין גאָרניט דארפן".

מיר האָבן באשטימט ווארטן, ביז די וואך וועט זיך בײַטן. זיך דערווארט. די וואכלײַט האָבן גע־שמועסט שטילערהייט צוויש זיך, אפילע ניט געקוקט אין דער זײַט פון אונדזער טיר.

קוקליע האָט ארײַנגעשטעלט דעם שליסל און לײַכט געעפנט דעם שלאָס. דעם שליסל ארויסגע־נומען, נאָר דער שלאָס איז געבליבן הענגען. מיר זײַנען צוגעגאנגען צו דער טיר. ווילקיס האָט אראָפּגענומען דעם שלאָס און אויסגערופן: „ראטעוועט זיך! לויפט, כאווײרים!" עמעצער האָט גענומען שרײַען, ווי אפן פראָנט: „זא ראָדינו! זא סטאלינא! הורא!" און מ'האָט גענומען לויפן דורך דער צע־פּראלטער טיר.

עפּשער דערפאר, וואָס די וואכלײַט האָבן זיך ניט גערעכט אף אזא זאך, עפּשער האָבן זיי פּאָשעט ניט באגרײַפט, וואָס עס קומט פאָר, נאָר די ערשטע זײַנען ארויסגעלאָפן בעשאָלעם. אינגיכן האָט אָנגעהויבן שיסן דער קוילנוואָרפער, וואָס אפן טורעם. מענטשן זײַנען געלאָפן. ווער פארוווּנדעט, ווער אף אלע פיר, א ווער ס'איז ליגן געבליבן. געלאָפן איז מען אין פארשיידענע זײַטן. די וואכלײַט האָבן ניט געוווסט, וועמען נאָכיאָגן, וווהין שיסן. די אנטלאָפענע, וועלכע זײַנען אריבער דעם ערד־וואל, האָבן זיך געלאָזט מיט דער טראסע צום זאוואָד „באָלשעוויק" און אף קורעניאָווקע. די, וואָס זײַנען לענגער געלאָפן מיטן יאר, האָבן געקאָנט זיך לאָזן נאָר אף קורעניאָווקע. מיר האָבן גע־הערט דעם טומל, די שיסערײַ, נאָר ביז די דײַטשן האָבן ארומגערינגלט אלע ארויסגענג פונעם יאר, — זײַנען שוין א סאך געווען אף דער פרײַ. 18 מענטשן האָבן זיך געראטעוועט.

אז כ'בין ארויס פון דער טיר, האָב איך זיך צוערשט פאַרלוירן — ניט געוווּסט, וווּהין לויפן. כאָטש אַזויפיל שלאָפלאָזע נעכט זיך פאַרגעשטעלט אַזאַ מעגלעכקייט. כ'בין אַראָפּ אין יאַר, אין סאַמע טיפסטן. כ'בין געשפּרונגען, זיך געקײַקלט, זיך געקוליעט סטראַם־האַלאַוואַי, ווי מע זאָגט. פונוואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ פלינקייט צו מיר — אַזאַ אויסגעמאַטערטן און אויסגעפּײַניקטן? כ'האָב ניט געפילט קיין קלעפּ, קיין ווייטיק — כ'בין געפלויגן, ווי אויף פליגל. ווען כ'בין שוין ארויס אויפן וועג, האָב איך פונדערווײַטנס דערזען אונדזערע כעוורע. זיי זײַנען זייער שנעל געלאָפן. נאָר איך האָב זיי דעריאָגט. דאָס זײַנען געווען: בודניק, אָסטראָווסקי, ווילקיס, בערלאַנד, קאַטליאַר. מיר האָבן באַשטימט זיך צעטיילן אויף צוויי גרופּעס. מיר האָבן גענומען אויף רעכטס און ארויס צום ציגל־זאַוואָד. ווען אונדזערע האָבן פאַרלאָזט קיִעוו, האָט מען באַוויזן איין פליגל אופרײַסן, נאָר אַ גרעסערער טייל מיט אויסשטאַטונג איז געבליבן. אויף דער וואַך האָט דער דײַטש געשטעלט אַרטיקע אײַנוווינער.

ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צום זאַוואָד, האָבן מיר דערזען, אַז אַ מענטש גייט פון דאָרט און טראָגט אַ ברעט אויפן אַקסל. מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד. בודניק האָט זיך אַ ביסל אונטערגעהויבן און אַ רוף געטאָן: „טאָוואַרישטש!" דער מענטש האָט זיך אומגעקוקט, דערזען אונדז, אַ וואָרף געטאָן די ברעט און איז אַנטלאָפן. מיר האָבן שוין כאַראָטע געהאַט, וואָס בודניק האָט אים אַ רוף געטאָן. אין עטלעכע מינוט אַרום איז צו אונדז צוגעגאַנגען אַ פרוי און געפרעגט, ווער זײַנען מיר? מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר זײַנען פּאַרטיזאַנער און מיר בעטן אויסבאַהאַלטן אונדז. זי האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף עפּעס צוטראַכטן. געהייסן וואַרטן דאָ און אַליין, דורך די אָפּגעריסענע ברעטער פונעם פּלויט, אַוועק צום זאַוואָד. אינגיכן איז פון דאָרט ארויס אַ מענטש אין אַ פּאָליצײַ־פאָרמע און זיך געלאָזט צו אונדז. אַז מיר האָבן אים דערזען, האָט ווילקיס געזאָגט, אַז מע וועט אים דאַרפן באַלד הארגענען. ווען יענער איז שוין געווען ניט ווײַט פון אונדז, האָבן מיר דערהערט זײַן קאָל: „האָט קיין מוירע ניט. כ'בין אַ פּאָלקאָווניק פון אונדזער אַרמיי". ער האָט אונדז גענומען קושן, אַרומנעמען, דערציילט, אַז ער איז אַ קריגס־געפאַנגענער. זײַן היים און אַלע אייגענע זײַנען דאָ, אויף קורעניאָווקע. מ'האָט אים אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט אויפן זאַוואָד אַלס וואַכמאַן. דעריבער איז ער אין אַזאַ פאָרמע. מע רופט אים מיכאַיל. ער האָט געהייסן גיין נאָך אים.

אויף דער טעריטאָריע פונעם זאַוואָד האָט ער אופגעעפנט אַ ליוק, געהייסן אונדז זיך אַראָפּלאָזן און געזאָגט, אַז ער וועט גיך זיך אומקערן.

מיר זײַנען געבליבן אין דער פינצטער. גענומען באַוועגן זיך „פּאַרויס". וואָס ווײַטער מיר זײַנען געקראָכן, אַלץ מער וואַסער איז געוואָרן אונטער די פיס, מע קאָן זיך אפילע ניט אויסגלײַכן. מיר האָבן שוין גענומען טראַכטן, אַז מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין אַ פּאַסטקע. סאָפקאָלסאָף זײַנען מיר ארויס אויף אַ טרוקן אָרט און זיך אָפּגעשטעלט. מיר זײַנען שוין, מיסטאַמע, צוויי שאָ אונטער דר'ערד. פאַרוואָס זשע קומט ניט מישע? ווען ער וואָלט געוואָלט אונדז אויסגעבן, וואָלטן די דײַטשן שוין לאַנג דאָ געווען... מיר האָבן זיך אויסגעזעצט ענג איינס לעבן אַנדערן און... אײַנגעשלאָפן.

דער ערשטער האָט זיך אופגעכאַפּט אָסטראָווסקי. דערהערט עפּעס אַ שאָרך, גלײַך עמעצער גייט אַהער. ווען ער האָט אונדז אופגעוועקט, האָבן מיר שוין דערזען די שײַן פון אַ קעשענע־לעמפּל און דערהערט דאָס וואָרט „טאָוואַרישטש".

דאָס איז געווען אונדזער פּאָלקאָווניק. ער האָט דערציילט, אַז אַ גאַנצן טאָג נישטערן די דײַטשן, זאַמלען „פאַרדעכטיקע" מענטשן און צעשיסן זיי, דערנאָך לאָדט מען אָן די לאַסטמאַשינען און מע פירט אַוועק די קערפּערס אין יאַר. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז „שפּײַז" פאַרן נײַעם און לעצטן איוון אָנשטאָט אונדז.

פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט מוירע געהאַט אַהער צו קומען. איצט האָט ער געבראַכט געקאָכטע קאַרטאָפל, זויערע אוגערקעס, אַ סולייקע מיט וואַסער און מאַכאָרקע. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז דער פראָנט איז הינטערן דניעפּער, אַז אונדזערע סאָלדאַטן וועלן הײַנט־מאָרגן זײַן דאָ.

מישע האָט אונדז איבערגעפירט אויף אַ טרוקן אָרט, צוגעזאָגט ברענגען היי און עסנוואַרג, כאָטש אַכוץ קאַרטאָפל איז אין שטוב גאָרניט נישטאָ — ס'איז ניטאָ פאַר וואָס צו קויפן. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז בא מיר זײַנען דאָ די געפונענע גאָלדענע מאַטבייעס און אים אָפּגעגעבן צוויי. ער איז געווען זייער דאַנקבאַר און צופרידן. אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, איז געווען עלף אַזייגער אין אָוונט. אפילע קיין מעסלעס איז ניט פאַריבער זינט מיר זײַנען אַנטלאָפן...

ס'איז געווען דער 29 סענטיאַבער 1943. פּונקט מיט צוויי יאָר צוריק — דעם 29 סענטיאַבער 1941 — האָט מען אונדז געפירט צום באַבי יאַר אויף צעשיסן און איך האָב זיך ארויסגעוואָרפן פון דער מאַשין. דערווײַל לעב איך...

וויפל איבערלעבענישן פאַר די צוויי יאָר! אפילע ווען כ'בין אַ גוטער שרײַבער, וואָלט איך עס סײַווי ניט געקאָנט באַשרײַבן. אַזוי זײַנען געבליבן אין זיקאָרן און אין הארצן אײַנדרוקן, וועלכע ס'איז אומעגלעך איבערגעבן מיט ווערטער.

וועגן יענע פרויען, וועלכע האָבן נאַקעטערהייט, מיט צעפּײַניקטע לײַבער געפירט דעם וואָגן מיט פאַרגראָזיקטער ערד, האָב איך געפרוווט דערציילן. אָבער דאָס, וואָס ס'איז מיט מיר פאָרגעקומען, ווען מ'האָט אין יאַר געעפנט די גאַז־קאַמער און פון דאָרטן אויסגעלאָדן נאַקעטע קערפּערס פון יונגע פרויען, מיידלעך... מיר האָבן זיי געטראָגן אויף די הענט צום שײַטער... די לאַנגע האָר האָבן

געקערט די ערד... די סטענגעלעך אין די מיידלשע צעפּלעך האָבן געגלאַנצט... ווי קאָן מען וועגן דעם דערציילן?...

קאַיאַר איז געקומען מישע. ער האָט געבראַכט צום ליוק היי. מיר מיט ווילקיסן זײַנען אַוועק צום ליוק און איבערגעטאַסקעט דאָס היי. אַכוץ דעם, האָט מישע געבראַכט אַלטע קאָלדרעס, אַ טשוּ־הונענעם טאָפּ מיט קאַרטאָפל, ברויט, אוגערקעס, נאָך אַ סולייקע מיט וואַסער, גלעזער, סאַמאָהאָן און אַ ליכט. מיר האָבן געפּראַוועט יאָמטעוו... לאַנג פאַרהאַלטן זיך האָט מישע ניט געקאָנט. זיך געזעגנט מיט אונדז ביז מאָרגן.

ס'איז געווען רויִק אַרום און אַרום. נאָר אָסטראָווסקיס הוסט האָט אונדז זייער באַאומרויִקט, איבער־הויפּט ווען ער פלעג פאַרייכערן. מישע האָט געזאָגט, אַז זײַן הוסט הערט זיך פון אויבן. ס'איז זייער געפערלעך: ניט נאָר פאַר אונדז, אויך פאַר אים און פאַר זײַן געזינדל. דערפאַר פלעגן מיר בײַטאָג שלאָפן און בײַנאַכט — וואַכן (אין שלאָף פלעג אָסטראָווסקי קימאַט ניט הוסטן). מישע האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף אונדז איבערפירן אויף אַ בעסער אָרט.

אין יענעם טאָג, ווען מיר זײַנען אַרויסגעקראָכן פון דער אונטערערד, איז געגאַנגען אַ רעגן. ס'האָט שוין אָנגעהויבן דעמערן, אַזוי אַז מיר האָבן קימאַט ניט געקוקט איינער אויפן אַנדערן. אָבער אַז מישעס פרוי האָט אונדז באַטראַכט בײַ דער צאַנקענדיקער טאָג־שײַן, האָט זי זיך צעוויינט. מיר, אויף איר קוקנדיק, האָבן איר געהאָלפן מיט אונדזערע ביטערע, מאַנצבלשע טרערן.

אין שטוב איז געווען אָנגעגרייט הייסע וואַסער. מיר האָבן לאַנג און גרינטלעך זיך געוואַשן. דערנאָך — געגעסן אַ געטלעכן באָרשטש, זיצנדיק בײַם טיש. נאָכן באָרשטש — לאַטקעס פון קאַרטאָפל. ריינע און זאַטע, האָבן מיר זיך אויפגעהויבן אויפן בוידעם, ווו מיר וועלן זיך פון איצט אָן געפינען. מישע האָט געהייסן אויפהייבן דעם לייטער, ס'זאָל קיינער קיין כיישעק ניט האָבן אַרויפקלעטערן צו אונדז. מיר זײַנען אײַנגעשלאָפן, ווי געהאַרגעטע, כאָטש אפילו אין שלאָף האָט דער מויער זיך ניט באַפרײַט פון די איבערגעלעבטע קאָשמאַרן...

ווען כ'האָב געעפנט די אויגן, האָב איך דערזען, אַז עס שטייען לעבן אונדז קאָטליאַר און בער־לאַנד. כ'האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז נאָך אין כאָלעם. נאָר זיי האָבן גענומען ריידן, און מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט. לאָזט זיך אויס, אַז זיי האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין די זעלבע קאַטאַקאָמבעס, ווו מיר. בײַנאַכט פלעגן זיי אַרויסגיין און זוכן עסנוואַרג אויף די גערטענער, לעבן די שטיבער. זיי שלאָפן אויך דאָ אויפן בוידעם, נאָר דער באַלעבאָס ווייסט ניט פון זיי. מיר האָבן זיי דערציילט, אַז מישע האָט געהערט, אַז מ'קלײַבט זיך אַרויסשיקן אַלעמען, ווער עס וווינט אויף קורעניאָווקע. וווּהין — ווייסט מען ניט. נאָר ער קלײַבט זיך באַצײַטנס אָפּשיקן די פרוי מיט די קינדער און דערנאָך — אַליין צו קרויווים אין דאָרף.

דעם עמעס געזאָגט, האָבן מיר געמיינט, אַז ער כיטרעוועט מיט אונדז. נאָר... אין איינעם אַ טאָג האָבן די דײַטשן אָנגעיאָגט אַהער, אויף קורעניאָווקע, אַ סאַך זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן צונויפגע־טריבן אַלע אײַנוווינער פון דעם ראַיאָן, אַוועקגעפירט זיי אויפן וואָקזאַל, פאַרטריבן אין וואַגאָנען, קעדיי אַוועקשיקן קיין דײַטשלאַנד. די מענטשן האָבן ניט באַוויזן נעמען מיט זיך דאָס סאַמע נייטיקסטע, מ'האָט אפילו די שטיבער ניט פאַרמאַכט. בלויז אַ טייל האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצובאַהאַלטן — ווער אין די קאַטאַקאָמבעס, ווער אין צוגעגרייטע סעקרעטן. איצט זײַנען מיר שוין געווען אין די קאַטאַקאָמ־בעס ניט אַליין. בײַטאָג זײַנען אַלע געזעסן שטיל, און בײַנאַכט פלעגן מיר אַרויס נישטערן אין די איבערגעלאָזטע שטיבער עפּעס צום עסן.

די דײַטשן זײַנען עפּעס כוישעד געווען און אומעטום פאַנאַנדערגעשטעלט וואַכלײַט. אין איינער אַ נאַכט זײַנען מיר מיט אָסטראָווסקין אַרויס פונעם ליוק, נאָר אויף אים איז אָנגעפאַלן אַ הוסט, און גלײַך האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי: „האַלט!" אָסטראָווסקי האָט באַוויזן זיך אַראָפּלאָזן צוריק אין ליוק, און מיך האָט אָנגעכאַפּט פאַר אַ פוס אַ הונט. אין דער זעלבער רעגע האָט דער אָנגעלאָפענער דײַטש מיר דערלאַנגט מיטן רעוואָלווער איבערן קאָפּ און... מער געדענק איך ניט. כ'ווייס ניט, וויאַזוי מ'האָט מיך געבראַכט אין זשאַנדאַרמעריע. אַז כ'בין געקומען צו־זיך, בין איך געלעגן אויפן דיל אין קאַמער. שרעקלעכער פון אַלץ איז פאַר מיר געווען, אויב זיי וועלן אין מיר דערקענען אַן אַנטלאָפּע־נעם פון באַבי יאַר און וועלן צווינגען צו ווײַזן, ווו באַהאַלטן זיך אַלע אַנדערע. איך האָב באַשטימט לעבעדיקערהייט אין זייערע הענט מער ניט אַרײַנפאַלן. צווישן די גראַטעס אויפן פענצטערל האָב איך דערזען אַ קליין שטיקעלע גלאָז. כ'האָב באַשטימט איבערשנײַדן מיט דעם די אָדערן אויף די הענט... ס'האָט זיך ניט באַקומען... ס'איז בלויז געוואָרן אַ וווּנד. אין אַ ווײַלע אַרום, האָב איך אַרויסגעצויגן די שנירלעך פון די שיך, צונויפגעבונדן (די האַנט האָט שוין גוט וויי געטאָן) און זיך אַרומגעקוקט, ווו זיך אויפהענגען... די קראַנקע האַנט האָב איך אַרײַנגערוקט אין קעשענע, ס'זאָל איר רויִקער זײַן. אין קעשענע זײַנען געבליבן נאָך גאָלדענע מאַטבייעס. וואָס טוט מען מיט זיי? כ'האָב דערזען, אַז דער פּלינטוס שטייט אָפּ פון דער וואַנט, און אין דעם שפּאַלט פאַרוקט אַלע 10 מאַטבייעס צו 5 רובל. דערנאָך בין איך אַרופגעקראָכן אויף דער נאַרע און צוגעבונדן די שנירלעך צו די גראַטעס אַזוי, אַז ס'זאָל זיך באַקומען אַ שלייף איבערן האַלדז, און בין אַראָפּגעשפּרונגען פון דער נאַרע. נאָר... די שנירלעך זײַנען געווען פוילע. כ'בין געבליבן ליגן אויפן דיל אַ לעבעדיקער. בלויז צעקלאַפּט די זײַט אין דער נאַרע. די דײַטשן האָבן דערהערט דעם קלאַפּ און זײַנען אַרײַן אין קאַמער. איינער האָט דערזען

די שנירלעך אױפֿן האַלדז און זאָגט צו מיר אױף רוסיש: „דוראַק!” און צום צװײטן — אױף דײַטש: „מע דאַרף אים פֿירן. ער װײסט, װוּ אַנדערע באַהאַלטן זיך”. אַז כ'האָב דאָס דערהערט, האָב איך אַ קלער געטאָן, אַז זיכערער פֿון אַלץ װעט זײַן זײערע אַ קױל, װען כ'װעל נעמען אַנטלױפֿן... און זיך באַרױיקט.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען אַהער אין קאַמער אַרײַנגעשטופּט אַ מאַנצבל מיט אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר 7—8. ער האָט דערצײלט, אַז אַלעמען האָט מען אַװעקגעפֿירט אױפֿן װאָקזאַל, און ער מיטן ייִנגעלע האָבן זיך באַהאַלטן אין סאַרײַ, װוּ מ'האָט זײ געפֿונען און געבראַכט אַהער. דערנאָך האָט זיך געעפֿנט די טיר און אַ דײַטש האָט, װײַזנדיק אױף מיר מיט אַ פֿינגער, געהײסן אַרױסגײן. אַז כ'בין אַרױס, פֿרעגט ער בײַ מיר די פֿאַמיליע, כ'ענטפֿער אים „קאָװאַל”. דערנאָך פֿרעגט ער, פֿאַרװאָס בין איך אַזױ פֿאַרװאַקסן און שמוציק, זאָג איך, אַז כ'בין אַן אַלטער. אױף דער פֿראַגע, פֿאַרװאָס בין איך ניט אַװעקגעפֿאָרן מיט אַלע צוזאַמען, האָב איך געענטפֿערט, אַז דאָ איז בײַ מיר אַ װירטשאַפֿט און אַ שטוב. דערנאָך האָט ער געזאָגט, אַז מע װעט מיך באַלד פֿירן, כ'זאָל װײַזן, װוּ נאָך באַהאַלטן זיך די איבערגעבליבענע. אױב כ'װעל װײַזן, װעט מען אונדז ניט צעשיסן — מע װעט אַלעמען אַװעקשיקן קײן דײַטשלאַנד.

מיט מיר זײַנען אַװעק צװײ דײַטשן: אײנער אַן עלטערער, אַן אומגעלומפּערטער מיט אַ לעפּישן גאַנג. דער צװײטער — אַ ביסל ייִנגער, נאָר אױך ענלעך אױף אַ גולעם. נאָר זײ זײַנען באַװאָפֿנט.

כ'הער זיך צו צו זײערע רײד. זײ האָבן מורא, אַז זײ װעלן ניט באַװײַזן אַװעק פֿונדאַנען, װײַל דער רוס איז שױן זײער נאָענט און מ'האַלט זײ נאָך דאָ. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט, דערקענט די גאַס — סטאַראָזאַבאַרסקע — און באַשטימט װידער אױספּרוּװן מײַן גורל. כ'האָב אַ שפּרונג געטאָן, װי אַ הירש, אין אַ זײַט, אַרײַן אין אַ פּוסטער שטוב, דורכן פֿענצטער אַרױס און װידער אַרײַן אין אַן אַנדערער שטוב און װידער אַרױס, — כ'האָב געהערט, אַז זײ שרײַען, זוכן, נאָר איך בין אַלץ װײַטער פֿון זײ אַװעק. כ'בין שױן געװען אױף דער דריטער גאַס. װידער אַרײַן אין אַ פּוסטער שטוב און, זײער אַ צוגעשטאַנענער, אַרונטערגעקראָכן אונטער אַ בעט און, אומבאַמערקט פֿאַר זיך אַלײן, אײַנגעשלאָפֿן. אױפֿגעכאַפּט האָב איך זיך פֿון אַ שרעקלעכן װײטיק. כ'האָב ניט פֿאַרשטאַנען, װאָס עס איז מיט מײַן פּאָנעם. די האַנט האָט אָנגעכאַפּט אַ מױז, װאָס האָט געהריזעט דאָס פֿאַרטריקנטע בלוט... כ'האָב מיט קאַס זי דערשטיקט אין פֿױסט...

מער בין איך ניט געשלאָפֿן. װען ס'האָט אָנגעהױבן שאַרײַען אױף טאָג, האָב איך געפֿונען אַ פֿידזשאַק, גאַנצע פֿלודערן, זיך איבערגעטאָן. אָפּגעזוכט אַן אַלטגעבאַקן שטיקל ברױט, זױערע אוגערקעס, איבערגעביסן און מיט אַ שטעקל אין האַנט אַרױס אין דרױסן. אױף דער גאַס איז שטיל — מע זעט ניט קײן לעבעדיקן נפֿש. אין אַ צײַט אַרום האָבן זיך באַװיזן צװײ ציװילע מענטשן מיט רױטע בענדלעך אױף די אַרבל. זײ האָבן מיך פֿאַרהאַלטן און אָפּגעפֿירט צום טראַמװײַ־פּאַרק אױף קראַסינס נאָמען. דאָרט, אַנטקעגן דעם פּאַרק, איז געשטאַנען אַ דײַטשישער מיליטער־טײל. אַהער האָט מען געטריבן אַלע, װעמען מ'האָט געזען: גראָבן אַקאָפּעס אָדער טאָן אַנדערע װירטשאַפֿט־אַרבעטן. מ'האָט מיר געגעבן אַ לאָפּעטע און געשטעלט גראָבן.

נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז געגעבן צו לעבלעך ברױט און אָפּגעפֿירט צופֿוס, אין באַגלײטונג פֿון צװײ דײַטשן אױף באַרשטשאַגאָװקע.

װידער אַ לאַגער, אַרומגעצױמט מיט שטעכלדראָט. דאָרטן זײַנען געװען אונדזערע סאָלדאַטן (קריגס־געפֿאַנגענע). דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אױף אונדזערע סאָלדאַטן פּאַגאָנעס. װידער שטײ איך אין אַ קאָלאָנע און װאַרט. אײנער אַ דײַטש האָט געפֿרעגט, צי ס'איז דאָ צװישן אונדז אַ טעסלער. איך האָב זיך אַרױסגערופֿן. ער האָט מיר געהײסן גײן נאָך אים. אַרײַנגעפֿירט אין אַ געבײַדע, האָט ער אָנגעװיזן אױף אַ פּיראַמידע מיט נעסטן פֿאַר ביקסן און געהײסן פֿון אײנער מאַכן צװײ. כ'האָב בײַ אים געבעטן, ער זאָל מיר געבן אַ העלפֿער, װעט עס זײַן גיכער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער אַרײַנגעפֿירט אַ מאַנצבל אין ציװילע קלײדער, װען מיר האָבן אינצװײען אױסגעפֿילט די אַרבעט, האָט דער זעלבער דײַטש געפֿרעגט, צי קאָן איך מאַכן אַ טשעמאָדאַן. כ'האָב געזאָגט, אַז צוליב דעם דאַרף איך פֿאַניער, דערמאַטין, קלײ און אַ װערקשטעל. אַ װערקשטעל האָט ער געהײסן שטעלן אין דער זעלבער געבײַדע, אױפֿן בױדעם, אַלץ, װאָס כ'האָב געדאַרפֿט, האָט ער געבראַכט.

מײַן אונטערהעלפֿער האָט זיך אַרױסגעװיזן פֿאַר אַ פֿאַרשױן פֿאַרשױן: אַ באַנדיט־רעצידיװיסט, װאָס איז געזעסן ביז דער מילכאָמע אין טורמע. די סאָװעטן האַסט ער פֿון גאַנצן האַרצן, אױף דײַטשיש װײַשער האָפֿט ער זײער.

כ'האָב פֿאַרשטאַנען, אַז אָן אים װעט מיר זײַן רױיקער און כ'האָב געזאָגט דעם דײַטש, אַז טשעמאָדאַנעס װעל איך מאַכן אָן זײַטיקער הילף, און איך בין געבליבן אַלײן. פֿאַר אַ טאָג פֿלעג איך באַװײַזן מאַכן צװײ טשעמאָדאַנעס. באַשטעלונגען זײַנען געװען אַ סך.

אױף דער טעריטאָריע פֿונעם לאַגער זײַנען געשטאַנען װאַגאָנען אױף רעלסן. די רעלסן האָבן זיך אָנגעהױבן בײַ לאַנגע סקלאַדן און געפֿירט אױסער דעם לאַגער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָנגעלאָדן די װאַגאָנען מיט קריגס־געפֿאַנגענע און אַװעקגעשיקט (דערנאָך האָב איך געהערט, אַז קײן

דײַטשלאַנד). בײַסמײַסע האָב איך זיך באַהאַלטן אױפֿן בױדעם. קײנער האָט מיך ניט געזוכט. אַז ס'איז שױן שטיל געװאָרן, בין איך אַרױסגעקראָכן. אין לאַגער איז געבליבן דער קעכער, דער איבערזעצער (אױך אַ קריגס־געפֿאַנגענער) און נאָך עטלעכע מענטשן. דער איבערזעצער האָט גענומען דעמאָנסטראַטיװ מיך זידלען, פֿאַרװאָס כ'בין ניט אַװעקגעפֿאָרן. דער אָפֿיצער, פֿאַר װעמען ער האָט זיך אױסגעשטעלט, האָט געזאָגט, אַז גיך װעט נאָך אַן עשעלאָן אָפּגעשיקט װערן, דאַן װעט שױן קײנער ניט בלײַבן.

דערװײַל פֿלעג איך מאַכן טשעמאָדאַנעס. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען װידער געבראַכט אַ סאַך קריגס־געפֿאַנגענע, צװישן װעלכע כ'האָב דערזען אונדזער בערלאַנדן, מיט װעמען מיר זײַנען געװען אין יאַר, צוזאַמען אַנטלאָפֿן און דערנאָך געװען אױפֿן בױדעם באַם פֿאָלקאָװניק. כ'האָב אים אַרױפֿגעפֿירט אױפֿן בױדעם, װוּ כ'האָב איצט געאַרבעט, אָנגעהאָדעװעט, און ער האָט מיר דערצײלט, װי־אַזױ מע האָט אים געכאַפּט און אָפּגעפֿירט אַהער.

גאָר אײַנגיכן, אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט מען אונדז אײַליק צונױפֿגעזאַמלט, אױסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע און דורכן צעפֿראַלטן טױער גענומען טרײַבן פֿון דער שטאָט. ס'איז געװען אַן אײַנדרוק, אַז די דײַטשן אַלײן װײסן אױך ניט, װוּהין זײ טרײַבן אונדז. װען מיר זײַנען שױן געװען אױסער דער שטאָט, האָבן מיר דערזען אונדזערע אַעראָפּלאַנען. עמעצער האָט אױסגעשריגן: „לײגט זיך!" ס'איז געװאָרן אַ טומל. די דײַטשן האָבן אױך גענומען לױפֿן, פֿאַלן צו דער ערד. איך בין דערװײַל אַנטלאָפֿן אין נאָענטן װאַלד און זיך באַהאַלטן. כ'האָב געזען פֿונדערװײַטן, אַז די דײַטשן פּרוּװן װידער צונױפֿזאַמלען און אױסשטעלן די קאָלאָנע, יאָגן אַלעמען. װען זײ זײַנען אַװעק, האָב איך זיך פֿאַרטיפֿט אין װאַלד און גענומען זוכן אַ װעג אַרױסצוגײן פֿון אַ צװײטער זײַט. פּלוצעם האָב איך דערזען צװײ דײַטשן, צװײ פּאָליצײַען און צװישן זײ — אַ גרופּע פֿון פֿינף מאַנצבילען און פֿיר פֿרױען. ס'איז געװען פֿאַר מיר אַזױ אומדערװאַרט, אַז כ'האָב ניט באַװיזן אַנטלױפֿן. מ'האָט מיר געהײסן זיך שטעלן צו דער גרופּע. פֿונעם װאַלד זײַנען מיר אַרױס צו עפּעס אַ דאָרף, דוכט זיך, זאַבירנע, װײַל אױף דער שול־געבײַדע איז אַזױ געװען אױפֿגעשריבן. מ'האָט אונדז אַרײַנגעטריבן אין שול, װוּ ס'זײַנען שױן געװען עטלעכע מענטשן. אינװײניק איז געװען קאַלט און אײמעס־מאָװעדיק... אײנער פֿון די פּאָליצײַען האָט געהײסן אַרײַנטראָגן האָלץ און אײַנהײצן.

אין אַ צײַט אַרום האָבן מיר דערהערט אַ שיסערײַ. די פּאָליצײַען, װעלכע זײַנען געװען אינװײניק, זײַנען אַרױסגעלאָפֿן. אײנער האָט זיך גלײַך אומגעקערט, אױפֿגעעפֿנט אַ פֿענצטער אַנטקעגן דעם אַרײַנגאַנג און איז אַרױסגעשפּרונגען. מיר זײַנען אױך אַרױס און... גלײַך צו אונדזערע סאָלדאַטן אין די הענט. ס'איז געװאָרן אַ טומל, אַ געװײן. אונדז האָט מען אױפֿגענומען אַלס פֿײַנט, װײַל פֿון דער געבײַדע האָט מען געשאָסן און מיט אונדז זײַנען געװען צװײ פּאָליצײַען: אײנער האָט געװאָלט אַנטלױפֿן, דער אַנדערער האָט זיך באַהאַלטן. נאָר די מאַנצבילען האָבן דערװיזן דעם קאָמאַנדיר, אַז זײ זײַנען פּאַרטיזאַנער, און די פֿרױען, װעלכע זײַנען אױך אין שול געװען, זײַנען מיט זײ. פֿאַר דער צײַט האָט אײנער אַ דײַטש געפֿונען עפּעס קלײדער און געװאָלט אָפּנאַרן, אַז ער איז מיט אונדז. נאָר אים און די פּאָליצײַען האָט מען פֿאַרנומען און אַװעקגעפֿירט.

איך האָב זײער געבעטן דעם קאָמאַנדיר, זײ זאָלן מיך נעמען מיט זיך. כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'דאַרף נעקאָמע נעמען פֿאַר אַלע מײַנע אומגעקומענע ברידער, שװעסטער, פֿרײַנט — פֿאַר אַלע, בײַ װעמען די פֿאַשיסטישע כײַעס האָבן אָפּגענומען דאָס לעבן אין באַבי יאַר און אומעטום, װוּ זײ האָבן זיך געפֿונען... כ'האָב געװײנט און געבעטן. נאָר דער קאָמאַנדיר האָט געזען אין מיר אַן אַלטן, קראַנקן מענטשן און געהײסן גײן אַהײם און אָפּרוען פֿונעם איבערגעלעבטן. כ'זאָג אים, אַז כ'האָב ניט קײן הײם — װײַל ער װיט הערן. ער זאָגט, אַז איצט װעל איך געפֿינען מײַן הײם.

קאַיאָר בין איך געקומען אין װאָיענקאָמאַט. דער װאָיענקאָם האָט מיך אױסגעהערט און געהײסן װאַרטן: מע קלײַבט צונױף אַ גרופּע אױף אַװעקשיקן אױפֿן פֿראָנט און מע װעט מיך אױך פֿאַררעכענען. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געװאַרט. ס'איז שױן װידער צוגעפֿאַלן די נאַכט. כ'בין זײער הונגעריק. גוט, װאָס בײַ די פּריזיװניקעס זײַנען געװען פֿולע זעק מיט עסנװאַרג. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין אַ פֿאָלװאַרק פֿון אַ געװעזענעם קאָלװירט.

אינדערפֿרי האָט מען אונדז פֿאַנאַנדערגעטײלט צװישן די מיליטער־טײלן און גלײַך אָפּגעשיקט אױף דער פֿאָדערשטער ליניע. אַפֿילע ניט איבערגעטאָן. איך בין אָנגעקומען אין אַ פּעכאָטע־פּאָלק. אינעם זעלבן טאָג האָבן מיר געשאָסן אינעם כװינע פֿון אונדזערע טראַנשײען, אים אַרױסגעיאָגט און װידער פֿאַרפֿאָלגט. אַזױ האָט זיך אָנגעהױבן מײַן לאַנגדערװאַרטע נעקאָמע.

אין אַ צײַט אַרום בין איך קראַנק געװאָרן: הױכע טעמפּעראַטור און געשװירן איבערן גאַנצן לײַב. אַלע קראַנקע און פֿאַרװוּנדעטע האָט מען אַװעקגעשיקט אין קיִעװער װאָקזאַל־האָספּיטאַל.

װען ס'איז מיר געװאָרן אַ ביסל בעסער, האָט זיך מיר זײער פֿאַרװאָלט דערװיסן, װער עס איז געבליבן פֿון די געראַטעװעטע פֿונעם באַבי יאַר. כ'בין אַרײַנגעגאַנגען אין דער רעדאַקציע, װאָס איז דאַן געװען אױף דער לעניִן־גאַס, דערצײלט, װער איך בין און װעמען איך זוך. מ'האָט מיר געגעבן בודניקס אַדרעס און געזאָגט, אַז ער װײסט װעגן אַלע אונדזערע, װעלכע זײַנען געבליבן לעבן.

אין רעדאַקציע האָב איך געטראָפֿן מײַנעם אַ לאַנדסמאַן פֿון ליובאַר — יעכיִעל פֿאַליקמאַנען. מיר זײַנען מיט אים אַװעק צו אים אַהײם, לאַנג גערעדט װעגן דעם איבערגעלעבטן שױדער. דערנאָך האָט ער אָנגעשריבן אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער צײַטונג „אײניקײַט", װעלכע האָט געהײסן „אַ לעבע־

דיקער אײדעס". פונעם אַרטיקל האָט מײַן שוועסטער אין ביראָבידזשאַן זיך דערוווּסט, אַז כ'בין געבליבן לעבן.

אַדאַנק דער רעדאַקציע האָבן אַלע גראַטעוועטע פונעם באַבי יאַר זיך געטראָפֿן אױף נײַ־יאָר באַם פֿאַרזיצער פֿון דער אױסעראָרדנטלעכער מעלוכישער קאָמיסיע צו אױספֿאָרשן די ווילדע רעציכעס פֿון די דײַטשישע אָקופּאַנטן אין דער שטאָט קיִעוו — בײַ ניגע איוואַנאָווגע אינדערהײם. אױף דער באַגעגעניש זײַנען געקומען: דאַווידאָוו, בודניק, אַסטראָווסקי, קוקליע, טרובאַקאָוו, איך און נאָך א צען מענטשן. אַ כאָך פֿון די בײַוועזנדע זײַנען אַוועק אַפֿן פֿראָנט. מיר האָט דער פֿאָדאָליער וואָיענקאָמאַט געשיקט אין צווייטן אָטריאַד פֿון בריק־אױפֿשטעל־אַרבעטן.

נאָך זײַענדיק אין קיִעוו, בין איך אַוועק אין מיליציע אױף קורעניאָווקע און האָב דערציילט, אַז בײַ די דײַטשן איז דאָ געווען די זשאַנדאַרמעריע און אין דער קאַמער, ווו איך בין געזעסן, האָב איך באַהאַלטן צען גאָלדענע מאַטבייעס. כ'האָב געוויזן דאָס אָרט, מ'האָט אָפּגעריסן דעם פּלינטוס און געפֿונען אַלע צען.

אין בריק־אױפֿשטעל־אָטריאַד האָב איך געאַרבעט ביזן 1947. ווען מע האָט מיך דעמאָביליזירט, בין איך געוואָרן א סטאָליער באַם קיִעווער מעדיצינישן אינסטיטוט, ווו כ'האָב געאַרבעט ביזן 1956, דערנאָך — קימאַט 30 יאָר — אין די וואַרשטאַטן פֿון דער קיִעווער קינסטלערישער געזעלשאַפֿט.

אין 1946 זײַנען געשיקט געוואָרן פֿון קיִעוו אױפֿן נירנבערגער פּראָצעס בודניק און דאַווידאָוו. אין 1969, ווען אין שטוטהאַרט (פֿרד) האָט מען געמישפּעט די ראָצכים פֿון באַבי יאַר, האָט מען אױף דעם פּראָצעס געשיקט דאַווידאָוון, בודניקן און מיך. בײַסן פֿליִען אַהין, דורך וואַרשע און צוריק, האָבן מיר פֿיר שאָ געהאַט די מעגלעכקײט צו באַקאַנען זיך מיט אָט דער דײַטשישער שטאָט.

אין שטוטהאַרט האָט אונדז באַגעגנט א יונגער באָכער, אַן איבערזעצער. ער האָט אונדז דערקענט לױט די פֿאָטאָגראַפֿיעס, וואָס מ'האָט אים געגעבן, אָנגערופֿן אונדז בײַ די פֿאַמיליעס מיט דער ווענדונג „הער". ער האָט אונדז פֿאַרגעלײגט פֿאָרן גלײַך אין א „פֿעשענעבעלן רעסטאָראַן", נאָר מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט, ווײַל מיר האָבן זיך געגײַטיקט אין אָפּרו. אין האָטעל האָבן מיר נאָכן דוש געכאַפּט א דרעמל און געקומען צו־זיך נאָך דער ניט־געוויינלעכער רײַזע. אהער זײַנען געקומען דער איבערזעצער מיט זײַן כאַווערטע, וועלכע האָט זײער געדאַרשט צו באַקאַנען זיך מיט רוסישע מענטשן. לױט זײַן ביטע, האָט מען אונדז געבראַכט מיטיק אין צימער. מיר זײַנען מיט זײ געזעסן, געשמועסט אױף רוסיש און אױף דײַטש. פֿאַרן אוועקגײן האָט ער געגעבן זײַן גרייט מאָרגן אינדערפֿרי. ער וועט קומען צו אונדז און אוועקפֿירן צום ריכטער.

דער ריכטער האָט אונדז אױפֿגענומען זײער פֿרײַנטלעך, געוואָרנט, אַז דאָ מעגן מיר ריידן וועגן אַלץ, נאָר ניט וועגן דעם, וואָס עס האָט א שײַכעס צום פּראָצעס, וועלכער וועט זיך אָנהייבן מאָנטיק. מיר דאַרפֿן זיך דאָ געפֿינען צען טעג. דאָ, אין דער געריכט־געבײַדע, האָבן מיר באַקומען וועג־הױצאָעס און אױף צענטאָגיקן אױפֿהאַלט.

אױפֿן צווייטן טאָג האָט אונדז באַזוכט דער סאָוועטישער קאָנסול און אַן אַטאַשע־פֿאָרשטײער פֿון באַן. זײ האָט אינטערעסירט אונדזער זעלבסטגעפֿיל אינעם פֿרעמדן לאַנד, ווי איז די באַציִונג צו אונדז. זײ האָבן דערציילט, אַז ס'גאַסטראָלירט דאָ אונדזער צירק, געבעטן אונדז האַלטן זיך צוזאַמען און אויב ס'וועט זײַן כאָטש א קלײנע נויטבאַדערפֿעניש, גלײַך קלינגען. מ'האָט איבערגעלאָזט די וויזיט־קאַרטלעך, האַרציק געזעגנט זיך מיט אונדז.

זונטיק האָבן איך און דאַווידאָוו — בודניק איז קראַנק געווען — באַשטימט באַזוכן אונדזער צירק, וועלכער איז געקומען אהער אױף גאַסטראָלן. פֿאַרן אַרײַנגאַנג איז געשטאַנען א גרויסער אוילעם, וואָס האָט געזוכט בילעטן אָדער א מעגלעכקײט אַרײַנצוגײן. מיר האָבן זיך קוים דערקליבן צו דער טיר, געוויזן אונדזערע פּאַספּאָרטן, און מ'האָט אונדז גלײַך אָפּגעפֿירט הינטער די קוליסן. אַז די אַרטיסטן האָבן זיך דערוווּסט, ווער מיר זײַנען, האָבן זײ זיך זײער דערפֿרייט מיט אונדז, אָנגעהויבן אויספֿרעגן, וואָס עס הערט זיך אינדערהײם. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז זײ בענקען זײער, און זיך געסטאַרעט וואָס מער צו דערציילן. זײ האָבן אונדז לאַנג ניט אָפּגעלאָזט.

ווען מיר זײַנען געקומען אין האָטעל, האָט בודניק געזאָגט, אַז אין קאָרידאָר האָט עמעצער סקאַנדירט פֿאַר אונדזער טיר: „רוס — קאַפּוט!" הייסט עס, אַז דער סאָוועטישער קאָנסול האָט געכטן ניט אומזיסט געוואָרנט וועגן אַזעלכע „פֿרײַנטלעכע" שטימונגען. ס'איז געוואָרן קאַלעמוטנע אױף דער נעשאָמע.

מיר האָבן באַשטימט זיך אויסשלאָפֿן און אינדערפֿרי מיט פֿרישע קעפּ זיך יאָוועם אין געריכט. נאָר קײנער פֿון אונדז האָט ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. א גאַנצע נאַכט האָבן מיר גערעדט, און די איבערגעלעבטע צאָרעס האָבן אונדז אױף קײן רעגע ניט פֿאַרלאָזט...

באַגינען, ווען מיר האָבן זיך גענומען קלײַבן, האָב איך אָנגעטאָן אַ ווײַס העמד און זיך געגע־דעשט, וואָס דער קראַגן איז מיר אַזוי גרויס — עפּשער פֿאַר דער שלאָפֿלאָזער נאַכט בין איך אַזוי אַ טעל געוואָרן.

...ווען מ׳האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט אין זאַל און מיר האָבן דערזען די פֿײַערלעכקייט און שטרענג־קייט, וואָס הערשט דאָרט, אי אַף אונדז אָנגעפֿאַלן אַ פּאַכעד. דער ריכטער און די בײַזיצער — אין שוואַרצע מאַנטיעס און אין הויכע היטעלעך. אונדז האָט מען געהייסן שווערן אַף דער ביבל, נאָר זיך געכאַפּט, אַז מיר זײַנען ניט קיין גלויביקע, געהייסן אויפֿהייבן צוויי פֿינגער און שווערן, אַז מיר וועלן זאָגן נאָר דעם עמעס. דערנאָך האָט מען אונדז אַפּגעפֿירט אין אַ שכיינעסדיקן צימער. מיר האָבן ניט געדאַרפֿט הערן, וואָס מע רעדט אינעם געריכט־זאַל.

דעם ערשטן האָט מען אַרויסגערופֿן דאַווידאָווען. מ׳האָט אים געהאַלטן זייער לאַנג. מיר מיט בודניקן האָבן שוין אָנגעהויבן זיך באַומרויִקן. דערנאָך האָט מען אַרויסגערופֿן בודניקן. איך בין גע־בליבן אַליין. דערווײַל איז אַרײַן אין צימער אַ הויכער, ברייטפּלייציקער דײַטש אין אַ פּאָליציי־פֿאָרמע, זיך געווענדט צו מיר אַף רוסיש, געבעטן פֿאַררייכערן. כ׳האָב אים דערלאַנגט דאָס פּעקל סיגאַרעטן. זאָגט ער מיר: „ווען איך בין געווען בײַ אײַך אין געפֿאַנגענשאַפֿט, האָט מען מיר געגעבן מאַכאָרקע", — און ער האָט גענומען ווײַזן, ווי ער פֿלעג פֿאַרדרייען אַ „ציגן־פֿיסל". כ׳האָב אים געענטפֿערט, אַז ווען איך בין געווען בײַ זיי אין געפֿאַנגענשאַפֿט, האָט מען מיר אַפֿילע קיין מאַכאָרקע ניט געגעבן. פֿאַר אונדז איז מאַכאָרקע געווען צו אַ גרויסער ווילטיק...

מ׳האָט דערקלערט אַן איבערײַס. מיר האָבן געצוווּנגען זיך עפּעס איבערבײַסן. דערנאָך האָט מען ווידער אַרויסגערופֿן בודניקן. שפּעטער — מיך. מ׳האָט מיר געהייסן צוגיין נאָענט צום ריכטער. לעבן מיר איז געווען דער איבערזעצער. די ערשטע פֿראַגע איז געווען, וועמען קען איך פֿון די, וואָס זיצן אַף דער באַשולדיקונגס־באַנק. מ׳האָט זיי געהייסן אויפֿשטיין. אָבער כ׳האָב קיינעם פֿון זיי ניט דער־קענט. דערנאָך האָט מען מיר פֿאָרגעבן פֿראַגן וועגן דעם, וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען אין באַבי יאַר. כ׳זאָל דערציילן מיט פּראַטים (צי איך בין ניט קיין אונטערגעשטעלטע פּערזאָן...). אַף אַלץ האָב איך געענטפֿערט. דערנאָך האָט מען מיר געוויזן אַן אַלבאָם מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס, צווישן וועלכע כ׳האָב גע־דאַרפֿט געפֿינען באַקאַנטע. כ׳האָב גענומען בלעטערן. אונטער די פֿאָטאָגראַפֿיעס זײַנען געשטאַנען נאָר נומערן. אַפֿן לעצטן זײַטל האָב איך דערקענט דעם שטורמבאַנפֿירער ראַדאָמסקי, כאָטש די פֿאָ־טאָגראַפֿיע איז געווען אַ קליינע און אַ בלייכע. כ׳האָב געזאָגט, אַז דער נומער (און אָנגערופֿן) איז ראַדאָמסקי. אַף דעם האָט זיך געענדיקט דער ערשטער טאָג אין געריכט.

אין האָטעל זײַנען געקומען מיר מידע און צעבראָכענע.

ווען כ׳האָב גענומען זיך אַרויסגעוויזן, אַז כ׳בין אַ גאַנצן טאָג געווען אין דאַווידאָווס העמד, וועמענס מאָס איז גרעסער פֿון מײַנער אין פֿיר מאָל... מיר האָבן גענומען לאַכן, און אָט די לעפּישע קלייניקייט האָט פֿאַנאַנדערגעלאָדן אונדזער געמיט, געלינדערט די שטימונג.

נאָך צוויי טעג האָבן מיר געגעבן אונדזערע באַווײַזונגען פֿאַרן געריכט. איך קאָן ניט פֿאַרגעסן, וויאַזוי די פֿאַרברעכער פֿלעגן קומען צו פֿאָרן אין געריכט אַף די אייגענע מעשינען. אַליין — זייער עלעגאַנטע, פֿריילעכע, פֿרײַע. מ׳האָט זיי אַפֿילע ניט געהאַלטן אונטער דער וואַך.

מיר זײַנען אַוועקגעפֿאָרן אַהיים, ניט דערוואַרטנדיק זיך אַפֿן אורטייל. דער ריכטער האָט אונדז אָפּגעלאָזט.

אין פּראָקוראַטור פֿון פּססר, אין מאָסקווע, האָבן מיר דערציילט וועגן דעם פּראָצעס אַלץ, מיט אַלע פּראַטים. מיט גרויס אינטערעס און מיטגעפֿיל האָט מען אונדז אויסגעהערט.

אין אַ צײַט אַרום האָבן מיר פֿון די צײַטונגען זיך דערוווּסט וועגן דעם אורטייל, וואָס איז געווען אַרויסגעטראָגן די דײַטשישע פֿאַרברעכער.

• • •

## אונדזער קאָסמאָס-ווינקל

יעווגעניאַ מאַלאַכאָווסקאַיאַ

# די לעבנס-געשיכטע פון א קאָנסטרוקטאָר

דעם 5 יאנוואר 1965 האָבן די צענטראַלע ציַיטונגען פונעם לאַנד אָפּגעדרוקט א נעקראָלאָג וועגן דעם טראַגישן אומקום אין אן אווטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע פונעם קאָנסטרוקטאָר פון אעראָפּלאַן־ און ראַקעטן־מאָטאָרן, העלד פון סאָציאַליסטישער מי, לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע, דאָקטאָר פון טעכנישע וויסנשאַפטן סעמיאָן קאָסבערג.

סעמיאָן אַריעוויטש קאָסבערג איז געבוירן געוואָרן דעם 14 סענטיאַבער 1903 אין סלוצק (וויַיסרוסלאַנד). זיַין פאָטער איז געווען א קאָוואַל, א פעסטער, פאַרהאַרטעוועטער מענטש. אין דער מישפּאָכע זיַינען געווען פיר זין און פינף טעכטער. זומער האָט אַריע, ווי ס'האָט זיך געדוכט, ניט פאַרלאָזט זיַין קוזניע, דעם „הייסן צעך", וועלכער איז אָנגעפּילט געווען מיט די קלעפּ פון האַמערס, מיט א טרעשטשען פונעם פיַיער, מיט א צישעריַי פון וואַסער, מיט א ליאַזג פון פּאָדקאָוועס, פלוגמעסערס, רייפן.

א געהילף איז בא אַריען געווען זיַין יינגערער ברודער יאַקאָוו — א שיינער שוואַרצהאָריקער גיגאַנט.

דער געהאָרכזאַמער און בעריעשער יאַקאָוו האָט הויך אויפגעהויבן דעם האַמער, אָפּ א רעגע מיט האַרץ־ציטער געבליבן שטיין און מיט א שרעקלעכן קויעך אַראָפּגעלאָזט דעם האַמער אָפן איַיזן. עס האָבן א שפּריץ געטאָן צעגליטע פונקען, און דער מעטאַלענער קלאַנג, וועלכן ס'האָט איַינגעשלונגען דאָס צעפּלעטשטע איַיזן, האָט פאַרפולט די נידעריקע, אָרעמע געביַידע פון דער קוזניע.

אין די דאָזיקע מינוטן איז יאַקאָוו געווען שיין, מאָנומענטאַל, וואָס עס האָט אַרויסגערופן קינע בא די יאַטן פונעם עלטערן קאָסבערג, וועלכע זיַינען געקומען קוקן אָפּ אָט דעם צערעמאָניאַל פון באַהערשן דעם מעטאַל. זיי האָבן געקוקט אָפּ די קישעפדיקע באַוועגונגען פון זיַינע מוסקולן, אין וועלכע ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער אָפּגלאַנץ פון פיַיער. אָפּשטעלן, שטערן אָט דעם אַרבעטס־ריטם האָט קיינער ניט געקאָנט: פאַר די אויגן איז געבוירן געוואָרן א ניַיע זאַך, און ניַיס, ווי אַריע האָט געהאַלטן, איז קעסיידער פאַרבונדן מיט דעם שיר ניט געטלעכן קויעך פונעם באַלמעלאָכע, וועלכער פאַרמאָגט די פאַנטאַזיע פון א קינסטלער.

צווישן יאַקאָווס פאַרערער איז געווען דער קלייניקער סעמיאָן. ווען יאַקאָוו האָט אויפגעהויבן דעם האַמער, טיף געזיפצט, זיך אָנגעשטרענגט און א וואָרף געטאָן די שווערוואָגיקע לאַסט אָפּ דער קוואַדלע, האָט סעמיאָנען זיך געדוכט, אז באַלד וועט געשען עפּעס שרעקלעכס, עס עקט זיך מאָמעש די וועלט, און, א פאַרכושטער פון די קינדערשע טרוימען, האָט ער פאַרמאַכט אין א צאַפּלדיקן ניט־וויסן די אויגן.

מעכיַיעדיק זיַינען געווען זיַינע געפילן, און דער פעטער יאַקאָוו האָט זיך אים אויסגעדוכט צו זיַין די פאַרקערפּערונג פון ניט־ערדישע קויכעס. דעמלט טאַקע איז בא אים געבוירן געוואָרן דער טרוים צו זיַין אַזאַ ווי דער פעטער יאַקאָוו. ער האָט געפּאַסקנט, אז אינעם צווייקאַמף פון די מיַיסטערס — דעם טאַטן און דעם פעטער — שפּילט יאַקאָוו די ערשטע פידל, וויַיל זיַין האַמער האָט געבויגן דעם מעטאַל־שטאַנג, געפּלעטשט די באַלוואַנקע, אויסגעשלאָגן א פאָנטאַן פון פונקען א סאַך פלינקער און שטאַרקער, איידער דעם טאַטנס האַמער.

אָסיען־ציַיט, ווען עס זיַינען אָנגעקומען די קעלטן און דער הויף פון די קאָסבערגס איז פריַיגעוואָרן פון די פויערשע וואָגנס, האָט אַריע אַראָפּגענומען דעם שווערן פאַרטעך, פאַנאַנדערגעלייגט אָפּ די קני דאָס געציַיג — פיל העמערלעך, שטשיפּצעס, פּאָרמעס, — פאַרלאָשן דעם שמידאויוון און צום ערשטן מאָל פאַרן סעזאָן אויסגעקערט די פּאָדלאָגע.

ווינטער איז ניט געווען קיין אַרבעט, ס'זיַינען מאָגערער געוואָרן די פאַרדינסטן, דאָס לעבן — שווערער.



ס. א. קאָסבערג. סמאָלענסק, 1942

אָבער זיצן אָן ארבעט האָט אריע ניט געקאָנט.

ער האָט אין שטוב אוועקגעשטעלט א שלײַף־ווערקשטעל און זיך ארײַנגעטאָן אין זײַנע שלאָסערײַ־טועכצן: פֿון האָלץ אויסגעשניטן שפּילכלעך, לעפֿל, טייג־ברעטלעך, קאטשלקעס, פֿון מעטאל געמאכט געפֿעס, געלייט עמערס. אין די אָוונטן, ווען דער ביינהאשמאָשעס האָט פֿרי אײַנגעהילט די שטוב, האָט ער, היטנדיק די אויגן, אופֿגעהערט צו ארבעטן, אונטערגעוואָרפֿן סטרוזשקעס אינעם פֿײַער, זיך דערוואָרעמט און אָנגעהויבן זינגען.

מעגלעך, אז קיין שטארקע שטים האָט ער ניט געהאט און ניט געקענט די ווערטער פֿון די לידער, האָט ער געצויגן די מעלאָדיע שטילערהייט, און די קינדער, איבערראשט פֿון דער הארציקײַט, האָבן זיך אײַנגעהערט און פֿאָרזיכטיק אונטערגעזונגען.

וועגן וואָס האָט אריע געקאָנט זינגען? וועגן דעם שווערן גוירל פֿון א ייִדן אין טכום, וועגן די קינדער, וועמען ער האָט געווונטשן גליק. די שכיינים האָבן גערעדט צווישן זיך, אז אריע שרײַבט קלוימערשט לידער, אָבער אליין האָט ער וועגן דעם קיינעם ניט דערציילט. איבעררײַסנדיק דאָס זינגען, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן מײַסעס, אין וועלכע ס׳האָבן פֿיגורירט די ווײַטע פּלאנעטעס, דער הימל, די גאלאקטיקעס און שטארקע, שיינע מענטשן. וועגן די לעגענדארע העלדן האָט ער געקאָנט אָן אופֿהער דערציילן, אָבער אַף דער פֿראַגע: ווּ לעבן זיי? האָט ער ערלעך אנערקענט, אז ער ווייסט ניט, נאָר ער וועט אומבאדינגט זיך דערוויסן.

סעמיאָן האָט געהערט דעם טאטן, אײַנשטילנדיק דאָס קלאפּן פֿונעם אייגענעם הארצן. און דער איקער איז — ער האָט געגלייבט אין אלץ, וואָס דער טאטע האָט דערציילט. אין פֿיל יאָרן ארום, קומענדיק צו פֿאָרן אַף דער פֿאָדערשטער ליניע, אינעם ראיאָן פֿון די שלאכטן, באקענענדיק זיך מיטן לעבן פֿון די מיליטערישע פֿליִער, האָט ער געטראכט, אז דאָס זײַנען טאקע די לעגענדארע גיבוירים פֿון דעם טאטנס פֿארכאפּנדיקע דערציילונגען. זיי זײַנען געווען יונג, שרעקלאָז, די באגײַסטערונג האָט זיי צוגעגעבן שיינקײַט, די באזעסנקײַט — שרעקלאָזיקײַט, פֿעסטקײַט.

סעמיאָן האָט מיט אומגעדולד געוואָרט אַפֿן זומער, ווײַל דער טאטע האָט אים דערלויבט ארבעטן אין דער קוזניע, באפֿרײַט פֿאר אים א גאנץ ווינקל, אין וועלכן ער האָט געקאָוועט שטשיפּצעס, אזעלכע, וואָס זאָלן קאָנען ארומכאפּן א צעגליט שטיקל אײַזן.

ווען סעמיאָן איז אונטערגעוואקסן, האָט דער טאטע באשטימט, ער זאָל אָנקומען אין א קאָמערץ־שול. קיין רעכט אַף דעם זײַנען ניט געווען — ס׳האָט געווילדעוועט דער טרויעריק־באַרימטער געזעץ וועגן טכום־האמוישעוו פֿאר ייִדן. אָבער די אָרטיקע אריסטאָקראטיע איז ווייליק געווען צו מאכן א פֿארמילדערונג פֿאר אריע דעם שמיד, און מע האָט דערלויבט זײַן זון אָפּגעבן די עקזאמענעס...

פֿרי האָט זיך אנטפּלעקט בא סעמיאָנען דער אינטערעס צו מאטעמאטיק, פֿיזיק, כעמיע. די פּעדאגאָגן האָבן אים פֿאָרויסגעזאָגט א גרויסע צוקונפֿט אין געביט פֿון פּינקטלעכע וויסנשאפֿטן, אָבער ער אליין האָט געטראכט וועגן יענער צײַט, ווען ער וועט דארפֿן פֿארבײַטן דעם טאטן און אליין האלטן מיט די אָפּצווענגעס די באָלוואנקע.

די זאַלפּן פֿון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וועמענס אָפּשײַנען עס האָט באגריסט אריע, האָט שארף א קער געטאָן דאָס לעבן פֿון די קאָסבערגס. די מישפּאָכע האָט באקומען רעכט אַף אײַנגעזעסנקײַט, אַף ארבעט און בילדונג, אַף געזעלשאפֿטלעכער טעטיקײַט. דער עלטערער קאָסבערג האָט אין אָוונט, ווען אלע האָבן זיך צונויפֿגעזאמלט צום טיי־טרינקען, דערציילט וועגן די מיטינגען, אַף וועלכע ער איז בײַגעווען, אפֿילע ארויסגעטראָטן, באדויערט, וואָס ער איז צו פֿרי געבוירן געוואָרן, עס סטײַען ניט קיין יערעלעך צו דערזען דאָס נײַע לעבן. ווי גליקלעך אָבער איז ער געווען, ווען זײַנע קינדער זײַנען ארײַנגעטראָטן אין א נײַ לעבן, און עס וועט זיי נאָך צושפּילן דאָס מאזל.

אריע איז זיך ניט טויע געווען. אלע קינדער וועלן שפּעטער באקומען מיטל־ און הויכבילדונג, ווערן אינזשעניערן, דאָקטוירים, פּעדאגאָגן, אָפּיצערן, ברענגען נוץ דעם היימלאנד, באלוינט ווערן מיט אָרדענס און מעדאלן, און סעמיאָן אריעוויטש וועט ווערן א העלד פֿון סאָציאליסטישער מי.

דאָס וועט אָבער זײַן שפּעטער.

און דערווײַל זײַנען געווען שווערע יאָרן פֿונעם בירגערקריג. אריע האָט אונטערגעקאָוועט פֿערד פֿאר דער רויטער ארמיי, רעמאָנטירט געווער: ביקסן, קוילנווארפֿערס, הארמאטן, געלערנט דאָס טאָן די קינדער.

ס׳איז געווען שווער. אָבער געלעבט האָבן אלע פֿריילעך, פֿרײַנטלעך, מיט א פֿריידיקער האָפֿענונג אַף דער צוקונפֿט.

אין 1921 איז סעמיאָן גערופן געוואָרן צו דער מיליטער־דינסט. ניט ווייניק איז אים אויסגעקומען צו זען און איבערלעבן אין דער רויטער אַרמיי: אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן, פאַרפאָלגט באַנדיטן, נאָכגעשפּירט גרענעצברעכער. געווען פאַרוווּנדעט, זיך געהיילט, אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פונעם קעגנער — אַנטלאָפן.

ווען די דינסט האָט זיך געענדיקט, האָט דער קאָמאַנדיר זיך האַרציק מיט אים געזעגנט:

— זײַ געזונט, רויטאַרמייער קאָסבערג, א נײַ לעבן דיר, זײַ דרייסט! שטעל זיך ניט אָפּ אינעם וועג...

זיי האָבן זיך אַרומגענומען. די צאַרטע אַנטפּלעקונג פון די געפילן האָט ניט געבראָכן די סובאָרדינאַציע, דער קאָמאַנדיר און דער סאָלדאַט זײַנען ניט אָפּגעטראָטן פונעם סטאַטוט, ניט באַוויזן קיין פאַניבראַטישקײַט. זיי האָבן זיך צעשיידט אויף שטענדיק, אַזוי האָט זיך זיי געדוכט, אַזוי האָט געדאַרפט זײַן, אָבער זיי וועלן זיך באַגעגענען, דערקענען איינער דעם אַנדערן, ווידער זיך אַרומנעמען: דער גענעראַל לעוו דאָוואַטאָר און דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר סעמיאָן קאָסבערג. דאָס וועט געשען אין 1941 יאָר.

נאָך דער אַרמייִשער דינסט האָט סעמיאָן זיך אומגעקערט קיין סלוצק און אָנגעהויבן אַרבעטן אין דעם פּאָטערס קוזניע. קויעך האָט ער געהאַט ניט צו פאַרזינדיקן, אַרבעט — א וועלט.

אַריע איז געווען צופרידן, וואָס דער זון האָט זיך באַוויזן באַם בלאָז־זאַק, ס׳האָט אים אָבער געשראָקן, טאָמער וועט יענער ניט גיין ווײַטער פון דער קאָוואַדלע...

— מע דאַרף זיך לערנען, זונעניו, — האָט ער זיך געכטאַרעט איבערצײַגן סעמיאָנען.

און דאָס האָט געהאָלפן. דער יונגער קאָסבערג איז אַוועקגעפאָרן קיין לענינגראַד, אײַנגעאָרדנט זיך אין דער פאַבריק אויף כאַלטורינס נאָמען, דאָרט געווען א שוואַרצאַרבעטער, א טאָקער, א שלאָסער, א געהילף פונעם מײַסטער. אין קאָלעקטיוו האָט מען אים געשעצט פאַר די גאָלדענע הענט, פאַר דער לײַכטקײַט אין דער אַרבעט, פאַר כוואַרישקײַט.

דאָס לאַנד איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט אַן אַלגעמיינעם אַרבעטס־אויפשטײַג. די אָנגעמערקטע טעמפּן פון דער אינדוסטריִאַליזאַציע זײַנען געווען אַזעלכע גרויסע, אַז זיי האָבן געבראָכן די פאַרשטעלונג וועגן די אײַנגעשטעלטע נאָרמאַטיווע אַרבעטן, אַרײַנגעטראָגן א גוואַלדיקע פאַרשנעלערונג, וואָס עס האָט זי אויסגעהאַלטן דער מענטש, אָבער ניט די מאַשין. עס זײַנען אַנטשטאַנען דיספּראָפּאָרצן: דער מענטש גייט פאָרויס פון די מעכאַניזאַציע־מיטלען, דער מענטש אַרבעט ביז קאָפּשווינדל, און די מאַשינען בלײַבן פון הינטן.

וויאַזוי אויסבעסערן די לאַגע?

די אָנפירונג פון דער פאַבריק האָט זיך געווענדט צו די אַרבעטער. אָפּגערופן האָבן זיך אַלע, ווער עס האָט געוואָלט אַרײַנטראָגן א בײַשטײַער אין דער איבערבויונג פון דער פאַבריק, דערגרייכן העכערע רעזולטאַטן. געגאַנגען איז מען מיט פאַרשיידענע וועגן.

קאָסבערג האָט פאָרגעלייגט דעם וועג פון מאָדערניזאַציע, ד.ה., פאַרפולקומען די פאַראַנענע ווערקשטעלן, ווײַל דאָס איז רעאַלער, שנעלער, באַנײַען דעם ווערקשטעל־פּאַרק איז א לאַנגער פּראָצעס און וועט קאָסטן טײַער.

אין 1927 רוקט מען אַרויס סעמיאָן קאָסבערגן, ווי אַן אַוואַנגאַרדיסט־ראַציאָנאַליזאַטאָר, אַן אַקטיוון קאָמיוגיסט, ער זאָל גיין זיך לערנען אין אינסטיטוט. דאָס איז געווען א גרויסער צוטרוי. ער קומט אָן אין פּאָליטעכנישן אינסטיטוט אויף דער מאָטאָרבויונג־אָפּטיילונג.

די צײַטונגען האָבן מיטגעטיילט וועגן נײַע מערקווירדיקע אַרבעטן פון די אַוויאַ־קאָנסטרוקטאָרן ניקאָלײַ פּאָליקאַרפּאָוו און אַנדריי טופּאָליעוו, וועגן דעם, אַז אינגיכן וועט אויסגעפּרוּווט ווערן דער עראָפּלאַן פונעם קאָנסטרוקטאָר גריגאָראָוויטש, אַז עס גרייט זיך אַן איבערפלי לויטן מאַרשרוט מאָסקווע—אָדעס, סעוואַסטאָפּאָל—קיִעוו—מאָסקווע.

פון אַזאַ אינפאָרמאַציע האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אויף זייערע פאַרזאַמלונגען האָבן די סטודענטן געשטרײַט, וואָס פאַר אַן עראָפּלאַן מע דאַרף בויען פריִער, וויאַזוי בעסער אָנווענדן די עראָפּלאַנען אין דער פאָלקסווירטשאַפט.

די אַוויאַציע האָט זיך געניטיקט אין א צופלוס פון נײַע מענטשן, און סעמיאָן קאָסבערג איז געווען איינער פון זיי.

אין 1929 ווערט אין מאָסקווע געשאַפן דער אַוויאַציע־אינסטיטוט, אין וועלכן עס ווערט אַריבערגעפירט קאָסבערגס פאַקולטעט. דאָס פרייט סעמיאָנען און ברענגט אים אַגמעסנעפּעש: א שאָד זיך צעשיידן מיט לענינגראַד, מיט דער שטאָט, וועלכע ער האָט אַזוי ליב באַקומען.

אין יענע יאָרן זײַנען אין דער אַוויאַציע פאָרגעקומען א סאַך קאַטאַסטראָפעס, אַוואַריעס, געצווונגענע לאַנדונגען, אַוואַריע־סיטואַציעס, די סיבעס פון וועלכע זײַנען, אַלס קלאַל, געווען אין די קאָנסטרוקציע־דעפעקטן. די אויפגאַבן, וואָס זײַנען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער אַוויאַציע, זײַנען האַסטיק געוואַקסן. אָן געלערנטע, קאָנסטרוקטאָרן, אינזשעניִערן איז אוממעגלעך געווען צו לייזן די דאָזיקע אויפגאַבן.

די אָנפירער פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון דער אַוויאַ־אינדוסטריע האָבן צוגעגעבן דעם ערשטן אַרויסלאָז פונעם מאָסקווער אינסטיטוט א באַזונדערע באַדײַטונג. ער האָט געדאַרפט זײַן א באַזע פאַר דער אויסברייטערונג פון אָט דעם צווײַג, פאַר א וויסנשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער אַוויאַ־אינדוסטריע. די יונגע אינזשעניִערן האָבן געדאַרפט ווערן קאָמאַנדירן פון דער פּראָדוצירונג, לידערס פונעם פּראָגרעס.

פאַרענדיקנדיק אין 1930 דעם אַוויאַציע־אינסטיטוט, איז סעמיאָן קאָסבערג אָפּגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין צענטראַלן אינסטיטוט פון אַוויאַ־מאָטאָרבויונג (ציאַם) אַלס אינזשעניִער־קאָנסטרוקטאָר. ס׳איז פאָרגעשטאַנען שאַפן נײַע פּאָטערלענדישע מאָטאָרן, וועלכע זאָלן איבערשטײַגן די בעסטע אויסלענדישע מוסטערן.

א גוטע רעפּוטאַציע האָבן דאַן געהאַט די מאָטאָרן „מ־11" (קאָנסטרוקטאָר ז. שוועדאָוו), „מ־9" (קאָנסטרוקטאָרן יע. טשודאַקאָוו און נ. ברילינג), „מ־18" (קאָנסטרוקטאָר א. בעסאָנאָוו), „מ־13" (קאָנסטרוקטאָר א. מיקולין).

סעמיאָן קאָסבערג פירט דורך א ריי טעאָרעטישע פאָרשונגען, וועלכע זײַנען עקספּערימענטאַל קאָנטראָלירט געוואָרן. זיי שאַפן א גאַנצע ריכטונג אין דער מאָטאָרבויונג. אין א יאָר ארום האָט דער קאָנסטרוקטאָרן־קאָלעקטיוו פונעם אינסטיטוט צוגעשטעלט אַף די מעלוכישע אויספּרוּוון דעם צוואַנציקצילינדרישן מאָטאָר „מ־34" מיט א וואַסער־אָפּקילונג. די אַלגעמיינע אָנפירונג מיט דער פּראָיעקטירונג האָבן פאַרווירקלעכט מיקולין און דאָברינין, די אויסרעכענונגען אַף פעסטקייט — די גרופּע בעראָש מיט ניימאַנען, די סיסטעם פון אומיטלבאַרער אײַנשפּריצונג — די גרופּע בעראָש מיט קאָסבערגן.

דאָס באַווײַזן זיך פונעם ערשטן מאָטאָר מיט א וואַסער־אָפּקילונג און פון זײַנע מאָדיפיקאַציעס האָט דערמעגלעכט די סאָוועטישע אַוויאַטאָרן אײַנצושטעלן א ריי וועלט־רעקאָרדן, פאַרווירקלעכן די איבערפליִען פון וואַלערי טשקאַלאָוון און מיכאַיל גראָמאָוון.

קאָסבערג פירט דורך עקספּערימענטן, פּאַראַלעל געמיינערט די אַנאַליז און אין זשורנאַל „אוויאַדוויגאַטעל" פאַרעפנטלעכט ער אין 1936 זײַנע אַרבעטן. אינגיכן ווערט ער דער שעף פון איינעם פון די גרעסטע פאָרשונגס־אָפּטיילן אינעם צענטראַלן אינסטיטוט פון אוויאַ־מאָטאָרבויונג.

ווען וואַלערי טשקאַלאָווס עקיפּאַזש האָט זיך אומגעקערט פון פשא, האָט אפן אעראָדראָם צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט דער יונגער קאָנסטרוקטאָר, וועלכער האָט מאַמעש געטאַנצט פון פרייד. אין א שטיקל צײַט ארום וועט טשקאַלאָוו א פרעג טאָן קאָסבערגן אַף א באַגעגעניש מיט דער טעאַטראַלער געזעלשאַפטלעכקייט:

— וואָס האָסטו אזוי געגוואַלדעוועט, ווי א שעד?

— פון פרייד, וואַלערי פּאַוולאָוויטש.

— פון וועלכער? האָסט כאַסענע געהאַט, צי וואָס?

— אונדזער מאָטאָר האָט אויסגעהאַלטן, ניט אונטערגעפירט.

— וועלכער מאָטאָר?

— דער זעלבער, וואָס איז געשטאַנען אַף אײַער אעראָפּלאַן.

— דאָס האָסטו, הייסט עס, אים אויסגעמײַסטרעוועט?

— ניט איך איינער, מיר זײַנען א סאַך.

— לאָז, וועל איך דיך צעקושן! — און טשקאַלאָוו האָט צוגעצויגן צו זיך קאָסבערגן. — דעם טאַטן גיסטו אָפּ קאָוועד? — האָט ער ערנסט געפרעגט, דריקנדיק אין די אָרעמס דעם קאָנסטרוקטאָר.

סעמיאָן קאָסבערג האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון אַן ענטפער: ער האָט שוין לאַנג ניט באַזוכט זײַן היים, ניט געזען די עלטערן, די ברידער און שוועסטער. דאָס איז געווען א פאַרוואורף פונעם גרויסן פליִער דעם יונגן מאָטאָריסט. אין צוויי טעג ארום איז ער ארויסגעפאָרן אהיים. זײַן קומען האָט אויפגעהויבן א מעהומע: אין שטוב האָט מען אָנגעהויבן ארומהאַווען, אײַליק גרייטן קיבעד, רופן די שכיינים. דער טאַטע האָט שלעכט געזען, ער איז האַרט צוגעגאַן צו אים, און סעמיאָן האָט דערפילט, ווי אויסגעדאַרט און שוואַך עס איז דער אַלטער קאָוואַל.

— א דאַנק, זונעניו, — אַריע האָט זיך אַוועקגעשלעפּט צוריק אין זײַן ווינקל. — היט אָפּ די מאַמע, — האָט ער געזאָגט אינמיטן גאַנג.

אויך די מאַמע איז שטאַרק אַלט געוואָרן. אין דער שטוב האָט זיך פיל געענדערט: אַנדער מעבל, ניטאָ די פריִערדיקע ציכטיקייט. דער טאַטע אַרבעט שוין מער ניט — ניטאָ קיין קויעך.

געזעגענענדיק זיך מיט די עלטערן, האָט סעמיאָן אַריעוויטש ניט געוווּסט, אז ער זעט זיך מיט זיי דאָס לעצטע מאָל. אין 1940 וועט שטאַרבן דער פאָטער, אין 1941 וועלן די פאַשיסטן, וועלכע האָבן אָקופּירט קאָסבערגס היימשטעטל, פאַרפּײַניקן און דערהאַרגענען די מוטער.

אין דער וועלט האָט זיך פאַרשאַרפט די לאַגע. דער בירגערקריג אין שפּאַניע האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר די שלאַכטן אַף כאַלכין־גאָל, מעשוגענערווײַז האָט געווילדעוועט דער פאַשיזם אין אייראָפּע, די פינישע עקסטרעמיסטן, אונטערגעהעצטע מיצאַד די פאַשיסטן, האָבן זיך געגרייט צו א קריגס־רעוואַנש קעגן דעם כאַוועטנפאַרבאַנד.

עס זײַנען נייטיק געווען נײַע אעראָפּלאַנען, שנעלפליִענדיקע, זיכערע, גוט באַוואָפנטע. באַגלײַך מיט דער שאַפונג פון נײַע אעראָפּלאַנען איז געשטעלט געוואָרן אַן אויפגאַבע מאָדערניזירן די שוין אָנגענומענע אַף דער באַוואָפענונג, אַרײַנטראָגן אין זיי די נייטיקע קאָנסטרוקטיווע ענדערונגען.

קאָסבערגס אָפּטייל ווערט דער פירנדיקער אינעם צענטראַלן אינסטיטוט פון אוויאַ־מאָטאָרבויונג. סעמיאָן אַריעוויטש פּובליקירט א ריי אָפּהאַנדלונגען, וועלכע רופן ארויס א שטאַרקן אינטערעס בא די קאָנסטרוקטאָרן, אינזשעניערן, פּילאָטן. אין 1940 ווערט ער באַשטימט אַלס שטעלפאַרטרעטער פונעם הויפּט־קאָנסטרוקטאָר און שעף פון דער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ פון דער אוויאַ־אינדוסטריע.

גראָד אים איז פאָרגעשטאַנען אַריבערפירן די אַרבעט פון אייניקע אוויאַ־זאַוואָדן אַף א דרײַאומבײַט־אַרבעט, שאַפן באַדינגונגען פאַר א העכערונג פון דער אַרבעט־פּראָדוקטיווקייט.

אין יול 1941 פאַרנעמט זיך קאָסבערג מיט דער עוואַקואַציע פון די אוויאַ־זאַוואָדן אַף מיזרעך, אין די טיפע ראַיאָנען פונעם לאַנד. דער פראָנט נייטיקט זיך אין אעראָפּלאַנען, אין א סאַך אעראָפּלאַנען און פון די סאַמע פאַרשיידענע קאָנסטרוקציעס, מאָדיפיקאַציעס, טיפּן. און וויאַזוי קאָן מען זיי בויען, שאַפן, ווען קיין מענטשן זײַנען ניטאָ, די מאַנצבלען גייען אַוועק אפן פראָנט, די דערוואַקסלינגען זײַנען ניט אויסגעשולט, די פרויען — ניט צוגעגרייט?

קאָסבערג שטעלט צונויף א פּראָגראַם פון צוגרייטן יונגע אַרבעטער, פירט פערזענלעך דורך לי־

מודים, באַווײַזט די אַרבעט פֿון די בויערונג־ און טאַקער־ווערקשטעלן, שטעלט זיך צו דער קוואַדלע, לערנט שווייסן, לייטן. די אַרבעט איז געגאַנגען אַ קײַלעכדיקן מעסלעס. די ראַדיאָ האָט געבראַכט אומרויִקע ידיעות: אונדזערע מיליטער־קרעפֿטן האָבן פֿאַרלאָזט שטעט... דער סוינע דערנעענטערט זיך צו מאָסקווע... די הויפּט־שטאָט פֿאַלט אַרײַן אין אַ באַלאַגערונג־צושטאַנד...

קאָסבערג האָט זיך געווענדט צו זײַן נאַטשאַלסטווע מיט אַ באַקאַשע וועגן באַפֿרײַען אים פֿון אַלע פּאָסטנס און שיקן אויפֿן פֿראָנט. זײַן ווענדונג צום ראַיוואָיענקאָם האָט ער מאָטיווירט מיט דער קאַוואָנע צו ברענגען וואָס מער נוץ אויפֿן אַעראָדראָם, וווּ ער וואָלט געקאָנט זײַן אַן אינזשעניער אין אַ פּאָלק, אַן עלטערער טעכניקער פֿון אַן אַוויִאַעסקאַדריליע, אַ מעכאַניקער פֿון אַן אַעראָפּלאַן.

דער מיליטערישער קאָמיסאַר האָט איבערגעלייענט די מעלדונג, פֿאַרזיכטיק אַוועקגעלייגט דאָס בלעטל אויפֿן טיש און מיט די רויטע פֿײַערדיקע אויגן אַ קוק געטאָן אויפֿן קליינינקן אויסגעדאַרטן קאָסבערגן.

— וואָס וועט איר באַדינען? — האָט ער געפֿרעגט.

— אַעראָפּלאַנען, — האָט פֿעסט געזאָגט קאָסבערג.

— ניטאָ קיין אַעראָפּלאַנען, מיר פֿירן איבער פֿליִער אין פּעכאָטע.

— וואָס הייסט ניטאָ? — האָט אַלץ ניט פֿאַרשטאַנען קאָסבערג.

— פֿיל טויזנטער אַעראָפּלאַנען זײַנען צעקלאַפּט. מע דאַרף ערשט אויסבויען נײַע. אָט מיט וואָס מע דאַרף זיך פֿאַרנעמען.

דאָס איז געווען אַן אַנטפּלעקונג — אויפֿן פֿראָנט זײַנען ניטאָ קיין אַעראָפּלאַנען. מע דאַרף אַרבעטן!

קאָסבערג ווערט באַשטימט אַלס הויפּט־קאָנסטרוקטאָר פֿון אַ פֿאַרייניקטער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ, און מע פֿאַראָרדנט אים טיקעף אַרויספֿאָרן אויף מיזרעך, אָרגאַניזירן דעם אַרויסלאָז פֿון מאָטאָרן און שפּעטער אויך דורכפֿירן זייער מאָדערניזאַציע, אויסשטאַטן די מאָטאָרן מיט אַגרעגאַטן פֿון אומיטלבאַרער אַרײַנשפּריצונג.

די שטימונג איז אַ שלעכטע. ניטאָ קיין ידיעות פֿון די קרויווים. די מאַמע, די ייִנגערע ברידער און שוועסטער געפֿינען זיך אויף דער טעריטאָריע, וועלכע די פֿאַשיסטן האָבן פֿאַרכאַפּט. די עלטערע זײַנען אַוועק אויפֿן פֿראָנט.

די קריגס־אומגעבונג האָט דיקטירט אירע באַדינגען, מע האָט געדאַרפֿט געווינען צײַט, זי איז געווען די מאָס פֿון דער גרייטקײַט צו פֿאַרטיידיקן דאָס היימלאַנד.

קאָמפּלעקטירנדיק זײַן גרופּע, וועלכע וועט זיך אַוועקלאָזן אויף מיזרעך, איז קאָסבערג אויף אַ קורצער צײַט אַרויסגעפֿאָרן אויף מײַרעוו, אויפֿן פֿראָנט. אין ראַיאָן פֿון נאַראָפֿאָמינסק האָט ער געשמועסט מיט אַוויִאַטאָרן, באַטראַכט די שלאַכט־אַעראָפּלאַנען. דאָרט האָט ער זיך אויך געטראָפֿן מיט זײַן געוועזענעם קאָמאַנדיר, דעם לעגענדאַרן גענעראַל לעוו מיכײַלאָוויטש דאָוואַטאָר. אין עטלעכע טעג אַרום איז דאָוואַטאָר אומגעקומען אין עלטער פֿון 38 יאָר.

אויפֿן מיזרעך האָט מען געאַרבעט אַ קײַלעכדיקן מעסלעס, ביז די לעצטע קויכעס. אין פֿיל יאָרן אַרום וועט סעמיאָן קאָסבערג אויף דער פֿראַגע פֿון אַ זשורנאַליסט, וויאַזוי עס האָט זיך געאַרבעט אויפֿן מיזרעך, ענטפֿערן:

— מיט דער פּראָדוקטיווקײַט פֿון אַן עקסקאַוואַטאָר.

פֿאַרגעסנדיק וועגן דעם הויכן אמת פֿון אַ „הויפּט", האָט ער געאַרבעט, ווי אַלע, אויף דער בויונג, געזונגען טרויעריקע און פֿריילעכע לידער, געשטאַנען באַם טאָקער־ווערקשטעל.

אין 1942 הייבט ער אָן אַרבעטן איבערן מאָטאָר „אַש־82", שאַפֿנדיק די אַפּאַראַטור פֿון אומיטלבאַרער אײַנשפּריצונג. דער מאָטאָר האָט באַוויזן גוטע רעזולטאַטן, מע האָט אים אײַנגעשטעלט אויף די סאָוועטישע פֿאַרניכטלער פֿון עטלעכע מאָדיפֿיקאַציעס, און ער האָט גאַראַנטירט אין שנעלקײַט און אין ווײַטקײַט וויכטיקע פֿאָרצוגן איבער די בעסטע דײַטשישע פֿאַרניכטלער „פֿאָקע־וואָלף־190" און „מעסערשמיט־109".

קאָסבערגס אַרבעט אין דער מילכאָמע־צײַט איז אָפּגעמערקט געוואָרן מיט הויכע רעגירונג־באַלוינונגען: מיטן אָרדען פֿונעם רויטן שטערן און מיטן אָרדען פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע פֿון דער ערשטער מאַדרייגע.

גרייטנדיק זיך צו דער שלאַכט אויפֿן קורסקער בויגן, האָט די קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ אַרויסגעפֿאַרטיקט דעם אַעראָפּלאַן „לאַ־5", וועלכער האָט געשפּילט אַ מערקבאַרע ראָל אינעם דעראָבערן די הערשאַפֿט אינדערלופֿטן.

שוין אין 1944, ווען דער סוינע האָט האַסטיק זיך אָפּגעקײַקלט אויף צוריק, האָבן קאָסבערג און זײַנע מיטדענקער אַקטיוו אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם קומענדיקן דאָר פֿון דער רעאַקטיווער אַוויִאַציע. מע האָט געדאַרפֿט שאַפֿן פּרינציפּיעל נײַע מאָטאָרן, וועלכע זאָלן אַרבעטן אין אַ רעזשים פֿון הויכע טעמפּעראַטורן און אַרומקלאַנגען־שנעלקײַטן.

קאָסבערגס פֿאַרייניקטע קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ שלאָגט פֿאָר איר אייגענע סכעמע פֿון אַ רעאַקטיוון מאָטאָר און האַלט פֿאַר מעגלעך אײַנצושטעלן אים אויף די מאָדערנע פֿאַרניכטלער. אין יענער צײַט באַגעגנט זיך סעמיאָן אַריעוויטש מיט מיכאַיִל קוזמיטש יאַנגעלן און מיט סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוון. די שמועסן מיט די דאָזיקע אַנערקענטע ספּעציאַליסטן פֿון ראַקעטן־בויונג לאָזן איבער אַ טיפֿן שפּור אין זײַן באַוווּסטזײַן.

אין 1956 פֿאַרענדיקט קאָסבערגס פֿירמע די פֿאַנאַנדעראַרבעטונג פֿון דער דאָקומענטאַציע אויף דעם פֿליסיק־רעאַקטיוון מאָטאָר, וועלכער אַרבעט אויף ספּירט און זויערשטאָף. די אויספּרוּוון האָבן באַוויזן גוטע רעזולטאַטן: דער מאָטאָר האָט אַ גרויסן אַרבעט־רעסורס, גלענצנדיק זײַנען אויסגעפֿילט באַזונדערע אַגרעגאַטן.

קאָסבערג און זײַן פֿירמע ווערן אין דער טעכנאָלאָגיע פֿון ראַקעטן־בויונג לידערס, ווײַזן אַרויס דרייסטקײַט און אָריגינעלקײַט אין דער לייזונג פֿון די וויסנשאַפֿטלעך־פּראַקטישע פּראָבלעמען. צו יענער צײַט האָט דערפֿאָלגרײַך זיך אַנטוויקלט די שול פֿון ראַקעטן־בויונג, וועמענס גרונטלייגער זײַ־



ס. א. קאָסבערג.
שטאַט בערדסק, נאָוואָסיבירסקער געגנט, 1944

ס. א. קאָסבערג. אויבן דער צווייטער פון רעכטס מיט זײַנע קאָלעגן. 1931

נען געוועזן ק. ע. ציִאָלקאָווסקי, יו. וו. קאָנדראַטיוק, פּ. א. צאַנדער, מ. פּ. וויטשינקין, ד. א. גראַווע, א. א. שטערנפֿעלד און אַנדערע. קאָסבערג וויל ניט בלויז אויסנוצן זייערע דערגרייכונגען, נאָר גיין ווײַטער צו רעאַלע דערפֿאָלגן פֿון דער ראַקעטן־בויונג. עס פֿאָדערן זיך טעאָרעטישע באַגרינדונגען, אַן אידעאַלע טעכנאָלאָגיע, שטרענגע אַנאַליזן פֿונעם אָפּגעטאָנענעם.

דעם 4 אָקטיאַבער 1957 האָט די וועלט דערשיטערט א סענסאַציע: אויף דער אָרביטע אַרום דער ערד געפֿינט זיך דער ערשטער אין דער וועלט קינסטלעכער ספּוטניק, וועלכער וועגט 83,6 קילאָגראַם. אין א כּוידעש אַרום ווערט אויף דער אָרביטע אַרויסגעפֿירט א ספּוטניק פֿון 508,3 קילאָגראַם, אין 1958 — פֿון 1327 קילאָגראַם. דאָס איז שוין א גאַנצע סיסטעם.

באַפֿרײַענדיק זיך אויף א קורצער צײַט פֿון די איניאַנים, פֿאַרלאָזנדיק זײַן שטרענגן מאָקעם־מיקלעט אין בײַקאָנור, טרעפֿט זיך קאָראָליאָוו מיט קאָסבערגן און לייגט אים פֿאָר מיטצואַרבעטן לעשעם א גראַנדיִעזער פּערספּעקטיוו.

דעם 2 יאַנוואַר 1959 איז אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד אַרויסגעשיקט געוואָרן די וויסנשאַפֿטלעכע קאָסמישע סטאַנציע „לונאַ־1", וועלכע איז, אַנטוויקלענדיק די צווייטע קאָסמישע שנעלקײַט, אַרויס אויסער די גרענעצן פֿון דער ערד, דורכגעפֿלויגן אין דער אומיטלבאַרער נאָענטקײַט פֿון דער לעוואָנע, זיך אויסגעקערעוועט אין דער זײַט פֿון דער זון און געוואָרן דער ערשטער קינסטלעכער ספּוטניק פֿון דער לעוואָנע.

וועגן די ערשטע דערגרייכונגען אין דער פֿאָרשונג פֿונעם קאָסמישן רוים האָבן געשריבן אַלע צײַטונגען אין דער וועלט, די טעלעוויזיע האָט איבערגעכאַזערט די קאַדרען פֿונעם סטאַרט פֿון „לונאַ־1".

אויף א פּרעסע־קאָנפֿערענץ, ווו דער אַקאַדעמיקער, לאַורעאַט פֿון דער לענין־פּרעמיע אַנאַטאָלי אַרקאַדיעוויטש בלאַגאָנראַוואָוו האָט געענטפֿערט אויף די פֿראַגן, האָט אַן אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענט גיפֿטיק געפֿרעגט: „צי איז עס אַן עמעס, אַז די סטאַנציע „לונאַ־1" איז געוואָרן א פּלאַנעטע פֿון דער זון־סיסטעם בלויז דערפֿאַר, ווײַל דער הויפּטציל, וואָס איז געשטעלט געוואָרן פֿאַר איר — דערגרייכן די לעוואָנע, איז ניט אויסגעפֿילט געוואָרן?"

אַנאַטאָלי אַרקאַדיעוויטש האָט א שמייכל געטאָן און, ווענדנדיק זיך צו די בײַוועזנדע, געזאָגט:

— כאָשעווע דאַמען און הערן! די פֿראַגע, וואָס איז איצט געשטעלט געוואָרן, רעדט וועגן א געוויסער ניט־אויפֿמערקזאַמקײַט פֿונעם אַווטאָר צו די אַרויסטרעטונגען פֿון מײַנע קאָלעגן. לויט מײַן מיינונג, האָבן זיי פּינקטלעך און קלאָר אויפֿגעקלערט, אַז פֿאַר דער סטאַנציע „לונאַ־1" איז געשטאַנען אַן אויפֿגאַבע דורכצופֿירן די ערשטע אויסמעסטונגען אין דעם אַרומלעוואָניקן רוים און אַרויסגיין אויף דער אָרביטע אַרום דער זון. וואָס איז שײַעך דער ראָמאַנטישער זײַט, ווייס איך ניט, וואָס עס איז מער עפֿעקטיוו — טרעטן אויף דער לעוואָנע, צי שאַפֿן א נײַע פּלאַנעטע פֿון דער זון־סיסטעם...

אין סענטיאַבער 1959 האָט סטאַרטירט די אַווטאָמאַטישע סטאַנציע „לונאַ־2", וועלכע האָט געבראַכט אויף דער אייבערפֿלאַך פֿון דער לעוואָנע ווימפּעלען פֿון אונדזער לאַנד.

אין אָקטיאַבער 1959 איז די סטאַנציע „לונאַ־3" אַרומגעפֿלויגן אַרום דער לעוואָנע, פֿאָטאָגראַפֿירט איר פֿאַרקערטע, ניט־זעעוודיקע פֿון דער ערד, זײַט און איבערגעגעבן דאָס בילד אויף דער ערד.

סעמיאָן אַריעוויטש האָט, אַרויסטרעטנדיק אויף א מיטינג, געזאָגט, אַז ערשט איצט שטייט פֿאַר אַן עמעסע אַרבעט, ס'האָבן זיך פֿאַרענדיקט די עקספּערימענטן, און עס הייבט זיך אָן די אַרבעט פֿאַר א סעריִעווײַזער פּראָדוצירונג פֿון ספּוטניקעס און אַווטאָמאַטישע סטאַנציעס.

אין די ווערטער פֿונעם אָנפֿירער איז געווען ניט קיין סאָד, נאָר א קאָנקרעטער פֿאָרשלאָג: דער אַרבעט־ריטם זאָל אײַנגעהיט ווערן אָפּן כעזשבן פֿון אײַנגלידערן נײַע טעכניק, פֿון פֿאַרבעסערן די טעכנאָלאָגיע, הייסט עס, אַז עס שטייט פֿאַר א רעקאָנסטרוקציע...

סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוו האָט צוגעגעבן א גרויסע באַדײַטונג קאָסבערגס פֿירמע, געזאָרגט וועגן דער וויסנשאַפֿטלעכער און מאַטעריעלער הילף, געקומען צו פֿאָרן אויף א באַגעגעניש מיט סעמיאָן אַריעוויטשס מיטדענקער און, אַן אָנציקטער פֿון זייער אַרבעט־ענטוזיִאַזם, גערופֿן זיי אויספֿורעמען א מאָדערנע אונטערנעמונג פֿון ראַקעטן־פּראָדוצירונג.

דער מאָטאָר „ראָ־7" האָט זיך גענייטיקט אין א ראַדיקאַלער מאָדערניזאַציע, אין העכערן די שלעפּקראַפֿט און דעם ספּעציפֿישן אימפּולס פֿון דער שלעפּקראַפֿט. אין דער זעלבער צײַט טרעט צו סעמיאָן אַריעוויטש צו דער שאַפֿונג פֿון א פֿירקאַמערמאָטאָר „רד־461" מיט א שלעפּקראַפֿט פֿון 30 טאָן.

דאָס וועט זײַן א שווערער איניען, אין פּראָצעס פֿון וועלכן עס איז פֿאָרגעשטאַנען צו לייזן פֿיל טעאָרעטישע פּראָבלעמען, אָפּאַרבעטן די טעכנאָלאָגיע פֿון דער פֿאַרבינדונג פֿון אַלע קאָמפּאָנענטן פֿונעם טרעגער, דערשלאָגן זיך א שטאַנדהאַפֿטיקע אַרבעט פֿון די שטופּעס אין א צושטאַנד פֿון וואָגלאָזיקײַט.

קאָסבערגן האָט מען אויף דער אַרבעט גערופֿן „קישעפֿמאַכער", „מעכאַשעף". ער האָט אָבער שטאַרק איבערגעלעבט, אינטויִטיוו זיך באַאומרויִקט, ניט געשלאָפֿן די נעכט.

אין 1960 איז פֿאַר די דערפֿאָלגן אין ראַקעטן־בויונג צוגעטיילט געוואָרן סעמיאָן אַריעוויטש קאָסבערגן די לענין־פּרעמיע.

לויטן באַשלוס פֿונעם ראַט פֿון די הויפּט־קאָנסטרוקטאָרן ווערט די דריטע שטופּע פֿון דער ראַקעטע, קאָסבערגס קאָנסטרוקציע, אײַנגעשטעלט אויף די ראַקעטן־טרעגער פֿונעם טיפּ „וואָסטאָק", „מאָלניִא", „וואָסכאָד", „סאָיוז".

לויט ס. פּ. קאָראָליאָווס איניציִאַטיוו פֿאַרשטאַרקן די אונטערנעמונגען, מיט וועלכע ער פֿירט אָן, די קאָאָפּעראַציע מיט קאָסבערגס פֿאַראייניקטער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ. ס'איז געשאַפֿן געוואָרן א וויסנשאַפֿט־פּראָדוצירישע באַזע פֿון א נײַעם טיפּ.

דעם 22 פֿעוורואַל 1961 איז אין צעק קפּספּ פֿאָרגעקומען א באַראַטונג וועגן דער גרייטקײַט אַרויסצושיסן די „וואָסטאָקן". עס זײַנען בײַגעוועזן

געלערנטע, קאָנסטרוקטאָרן, מיניסטאָרן, פאַראַנטוואָרטלעכע מיטאַרבעטער פון צק קפּסס און פונעם מיניסטאָרן־ראַט. אין זײַן באַריכט איז סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוו, ווי טאָמיד, געווען לאַקאָניש און האַרב אין די מיינונגען און אָפּשאַצונגען. „מיר האָבן געבראַכן די אייגענע פּלענער, וויניק עקספּערימענטירן מיר".

דער הויפּט־געדאַנק פון דער אַרויסטרעטונג איז געווען, אַז מע דאַרף גיכער צוגרייטן אַ מענטשן צום פּלוג, אויסבויען ניט וויניקער פון נאָך צען קאָסמישע שיפן.

קאָסבערג, וועלכער איז בײַגעווען אויף דער באַראַטונג, איז ניט אַרויסגעטראָטן. נאָך דער באַראַטונג האָט סערגיי פּאַוולאָוויטש זיך פאַרינטערעסירט, פאַרוואָס ער האָט געשוויגן.

— סערגיי פּאַוולאָוויטש, מיר זײַנען גרייט פאַרקאָמפּליצירן די אַרבעט... — איז געווען דער ענטפער.

דעם 9 מאַרט 1961 האָט גענומען דעם סטאַרט דער ראַקעטן־טרעגער „וואָסטאָק" מיט אַ מאַנעקען און מיט דעם הינטל „טשערנושקאַ". דער אָרביטאַלער פּלוג מיט איין אומדריי אַרום דער ערד איז דורכגעגאַן בעשאָלעם. דאָס איז געווען דאָס דריטע הינטל אין דער וועלט, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ קאָסמישע רײַזע.

אַלזאָ, ס'האָבן שוין סטאַרטירט זעקס שיפן פונעם טיפּ „וואָסטאָק", פיר פון זיי זײַנען אַרויס אויף דער אָרביטע, צוויי האָבן אויסגעצייכנט געלאַנדעט אויף דער ערד, איין שיף האָט געלאַנדעט בייס די דריטע שטופּע האָט אָפּגעזאָגט, די ערשטע און דריטע וואָלטן בעשאָלעם געלאַנדעט, ווען אויפן באָרט וואָלט געווען אַ מענטש.

דעם 17 מאַרט זײַנען אויפן קאָסמאָדראָם געקומען צו פליִען זעקס קאָסמאָנאַווטן. אין דעם זעלבן טאָג האָבן זיך באַגעגנט מיט זיי קאָראָליאָוו, קעלדיש, יאַזדאָווסקי, אַלעקסייעוו, קאָסבערג.

סעמיאָן אַריעוויטש האָט מיט גרויס אינטערעס געהערט די קאָסמאָנאַווטן, אַנאַליזירט זייערע ענטפערס, און סערגיי פּאַוולאָוויטש, זײַענדיק שוין מיט זיי באַקאַנט, האָט ווי געוואָלט מיט זײַנע פראַגן באַווײַזן זיי פון דער בעסערער זײַט.

דעם 21 מאַרט האָט סערגיי פּאַוולאָוויטש אײַנגעלאַדן די פירנדיקע קאָנסטרוקטאָרן אויף אַ נײַער באַגעגעניש מיט די קאָסמאָנאַווטן. יורי גאַגאַרין, גערמאַן טיטאָוו און גריגאָרי נעליובאָוו האָבן אָנגעטאָן די סקאַפאַנדערס. קאָסבערג, ווי, קענטיק, אויך אַנדערע כאַווײרים, וועלכע זײַנען בײַגעווען אויף אָט דעם אומגעוויינלעכן אָנטאָן פונעם קאָסטיום, האָט פאַרשטאַנען, אַז, מעגלעך, פון דעם דאָזיקן טאָג וועט בײַ דער מענטשהייט זיך אָנהייבן אַן אַנדער צײַט־אויסמעסטונג, און ער איז אַן אָנטיילנעמער פון אַ געשעעניש, צו וועלכער דער וועג איז געלעגן דורך יאָרטויזנטער.

דעם 10 אַפּרעל, שפּעט אין אָוונט, האָט זיך ווידער פאַרזאַמלט די מעלוכישע קאָמיסיע אויף צו באַהאַנדלען די פראַגע מיקויעך דעם סטאַרט פון דער שיף „וואָסטאָק". דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטן סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוו. ער האָט געזאָגט: „די שיף איז גרייט, די גאַנצע אַפּאַראַטור און די אויסשטאַטונג (קאָראָליאָוו האָט אַ קוק געטאָן אין קאָסבערגס זײַט) זײַנען דורכגעקאָנטראָלירט, און זיי אַרבעטן אויסגעצייכנט. איך בעט די קאָמיסיע דערלויבן צו דורכפירן דעם ערשטן אין דער וועלט פּלוג פון אַ קאָסמישער שיף מיט אַ פּילאָט־קאָסמאָנאַווט אויפן באָרט".

צום ערשטן מאָל זײַנען אויף דער זיצונג פון דער קאָמיסיע געווען קינאָ־אָפּעראַטאָרן. זיי האָבן איבערגעלאָזט פאַר דער געשיכטע אומשאַצבאַרע קאַדרען וועגן דעם אָנהייב פון דער קאָסמישער אָדיסייע.

דרײַ טעג זײַנען פאַרבײַ אָן שלאָף. אָן אַ געפיל פון צײַט און מידקײַט. יורי גאַגאַרין איז צוגעגאַנגען צו סעמיאָן אַריעוויטשן אויפן בײַקאָנור דעם 13 אַפּרעל, אים אַרומגענומען און געזאָגט:

— אַ דאַנק! אײַער ראַקעטע האָט מיך אַרויסגעפירט, און אָט האָב איך זיך אומגעקערט!

— און איך האָב אַזוי איבערגעלעבט, יורי אַלעקסייעוויטש... — איז זיך מודה געווען קאָסבערג.

— איך ווייס ניט, וויאַזוי אײַך צו באַדאַנקען, — האָט געזאָגט גאַגאַרין, — די רעגירונג וועט געוויס אײַך געבן דעם טיטל פון אַ העלד. און איך קאָן בלויז פאַרנייגן זיך פאַר אײַך.

— וואָס רעדט איר, יורי אַלעקסייעוויטש, דאָס דאַרף מען לאַכלוטן ניט טאָן. שענקט מיר אײַער פאָטאָ, — האָט געבעטן דער קאָנסטרוקטאָר און זיך שטאַרק דערפרייט, ווען דער ערשטער קאָסמאָנאַווט פון דער פּלאַנעטע האָט אָנגעשריבן אויף דער פאָטאָגראַפיע: „פאַר דער שטופּע", און דערלאַנגט קאָסבערגן.

די נעוויִעסדיקע ווערטער זײַנען מעקוֹיעם געוואָרן: קאָסבערגן האָט מען צוגעייגנט דעם טיטל העלד פון סאָציִאַליסטישער מי.

עס איז פאַרגעשטאַנען צו פאַרווירקלעכן נײַע גראַנדיִעזע פּלענער.

ס'האָט זיך געגרייט אַ סעריע פון אויבערשווערע ספּוטניקעס, צו וועלכע עס האָט געהאַט אַ דירעקטע שײַכעס קאָסבערג. זײַנע אַרבעטן האָבן דערמעגלעכט אַרויסצופירן אויף דער אַרומערדישער אָרביטע און אין די ווײַטע צווישנפּלאַנעטן־טראַסעס וויכטיקע סטאַנציעס און שיפן.

קעדיי רעאַליזירן אַלץ, וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן, האָט מען געדאַרפט אַרבעטן און אַרבעטן, טאָג און נאַכט און ווידער נאַכט און טאָג.

אין דעקאַבער 1964, ווען ער איז געפאָרן אויף דער אַרבעט, האָט די מאַשין זיך איבערגעקערט. סעמיאָן אַריעוויטש האָט מיט שווערער מי זיך אַרויסגעקליבן פון די בראָכשטיקער און פאַרלאָרן דעם באַוווּסטזײַן.

די דאָקטוירים האָבן געטאָן אַלץ, קעדיי צו ראַטעווען קאָסבערגן. זיי האָבן אים געביטן דאָס בלוט, אײַנגעשלאָסן אַן אַפּאַראַט פון קינסטלעכע נירן. אָבער דעם 3 יאַנואַר 1965 האָט דאָס האַרץ בײַ סעמיאָן אַריעוויטשן זיך אָפּגעשטעלט.

מיט זײַן נאָמען האָט מען אָנגערופן גאַסן אין אַ רײ שטעט, עס זײַנען געשאַפן געוואָרן מוזייען, דעם נאָמען „קאָסבערג" טראָגט אַ קראַטער פון דער לעוואָנע, אַ פּלאַנעטע פון דער זון־סיסטעם.

■ ■ ■

**ליטעראַטור-קריטיק**
**ביבליאָגראַפיע**
**פראַגן פון קונסט**

מוישע מאַרגאָלין

# וועגן איינִיקע ליטעראַרישע ווערק אין „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1986 יאָר

(איבערזיכט)

## 1

אין אָנהייב פון 1986, שוין אינעם יאַנוואַר־נומער, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָטע לוריעס אויטאָ־ביאָגראַפיש ווערק „טעג און יאָרן". אַזאַ טעמע קאָן מען לייזן אַף א טראַדיציאָנעלן אופן — אין נו־סעך פון היסטאָריש־ביאָגראַפישער באַשרײַבונג, אין שטרענג אויסגעהאַלטענער פאַקטאָגראַפיע, אין אָנגעהויפטע פּראָטים, וועלכע זײַנען נייטיק צו לייזן די אויפגאַבע, וואָס איר ציל איז — בלײַבן טרײַ די געשעענישן און באַווײַזן דאָס דורכגעלעבטע אין דער פאַרגאַנגענהײַט.

לוריע האָט אויסגעקליבן אַן אַנדער דערעך. שוין פון די ערשטע שורעס דערהערן מיר דאָס קלאַפּן פון אַן אומרויִקן דויפּעק, וואָס לאָזט זיך הערן מיט דער אינטאָנאַציע פון טרויעריקע, ער־געץ־וווּ אַפילע דיכטערישע קלאַנגען. וויאַזוי ווערט עס דערגרייכט? מיט די קינסטלערישע מיטלען, וועלכע דער אויטאָר ניצט דערבײַ אויס. ער דער־ציילט וועגן דעם קליינינקן דאָרף פון זײַן קינד־הײַט האַלושקעס און טוט עס אַזוי, אַז מיר גלייבן אין דער בענקשאַפט, וואָס נאָגט זײַן האַרץ. דאָס דאָזיקע געפיל איבערפולט אים אַזוי שטאַרק, אַז ער ווערט דער לירישער קאַמערטאָן פאַר לוריעס ווײַטערדיקער דערציילונג, אין וועלכער ס'פאַר־נעמט א כאָשעווו אָרט דער סטעפּ. דאָרט איז גע־בוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן א נײַער דאָר קרעפטיקע פּויערים, גענײטע ערדאַרבעטער, אומ־דערמידלעכע האָרעפּאַשניקעס, וועמענס זין און טעכטער האָבן מיט יוגנטלעכער ענערגיע פאָרגע־זעצט דעם פּראָצעס פון איבערבוי, פון שאַפן א נײַעם מוסטער פאַר דעם לעבן, וואָס איז געווען לאַכלוטן אַנדערש און ווײַט־ווײַט פונעם לעבן פון שאָלעם־אַליינעמס לופט־מענטשן.

ווען מע לייענט זיך אײַן אין לוריעס ווערק, דערזעט מען, אַז עס פּרעוואַלירט אין דעם דער קויעך פונעם סטעפּ, ווי דער אויטאָר איז דערצויגן געוואָרן און ווי ס'האָבן זיך אַנטוויקלט זײַנע גײַס־טיקע קויכעס, וועלכע האָבן אים אַרײַנגעלייגט די שרײַבערישע פּען אין דער האַנט. ס'וועט דורכגיין א צײַט, און נאָטע לוריע וועט אָנשרײַבן זײַן ראָמאַן „דער סטעפּ רופט", מיט וועלכן ער איז אַרײַנגע־טראָטן אין דער גרויסער ליטעראַטור. אין פּראָט פון פאַרהיימלעכן דעם סטעפּ האָט ער געהאַט א ווײַטן פאָרגייער אין דער רוסישער ליטעראַטור — דעם פּאָעט אַלעקסיי קאָלצאָוו, וועלכער האָט גע־שריבן:

Степь раздольная
Далеко вокруг
. . . . . . . . .
Степь привольная,
Широко ты, степь,
Пораскинулась.

ענלעכע עמאָציעס האָבן געבראַכט דערצו, אַז לוריע שרײַבט אין זײַנע „טעג און יאָרן": „באַלד ווי דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן, בין איך פאַר־בליבן אין דער פרעמדער גרויסער שטאָט אַן עלנ־טער, ווי אן איינזאמער זאנג אף א דורכויס אפּגע־שניטענעם נאקעטן סטעפּ". דעם זעלבן מאָטיוו גע־פינען מיר בא קאָלצאָוון, האַגאַם לוריע האָט בא אים גאָרניט „גענאַשט": ער האָט געהאַט אין האַ־לושקעס זײַן אייגענעם סטעפּ, וועלכער האָט אים אונטערגעזאָגט די זעלבע פאָרשטעלונגען.

לוריע שילדערט אין זײַנע „טעג און יאָרן" א טרויעריקע אָדיסייע, אין וועלכער ער, איר העלד, האָט זיך אָנגעשטויסן אין דער טונקעלער זײַט פונעם לעבן — די געשעענישן זײַנען דאָך פאַרגע־קומען אין א גרויזאַמער צײַט, ערעוו דער קינפטי־קער רעוואָליוציע, און אין אַן אויסערסט אָרעמער סוויווע. דעם העלד פון דער שילדערונג איז אויס־

געקומען צו פאַרזוכן „קאַלטס און וואַרעמס", פאַרשטייט זיך — מער קאַלטס, ווי וואַרעמס. אין אָט די באַדינגונגען פאַרלירט ער זיך ניט און פאַרהיט זײַן אײַנגעבוירענע נטיִע צום אײדעלן מענטשלעכן גײַסט, צום דיכטערישן באַנעם פון דעם אויסערלעכן אַרום: „אַ קוים באַלויכטענער פונעם לעמפּל, שטייט דער טאַטע אין שטוב־ווינקל באַם שטענדער, אַרײַנגעטאָן אין אַ סײפער, און פאַרגייט זיך מיטאַמאָל מיט היסלײַוועס אין אַ האַרצרײַסנדיקן ניגן; דעם טאַטנס רירנדיקער ניגן, דאָס צעצויגענע הודיען אין קוימען, דאָס טרויעריקע דזינגלערײַ פון די צונויפגעשטוקעוועטע שויבן האָבן זיך צונויפגעגאָסן פאַר מיר אין אַ געטלעכער סימפאָניע, וועלכע האָט אופגעטרייסלט מײַן נעשאָמע".

איז קיין כידעש ניט, וואָס לוריע פאַרענדיקט דעם ערשטן טייל פון זײַנע אויטאָביִאָגראַפישע נאָטיצן מיטן אויסדרוק פון דער ניט איין מאָל איבערגעכאַזערטער בענקשאַפט, וואָס שליסט זיך אָן אין דער בענקשאַפט פון דער ערד. נאָך וואָס? „נאָכן אַקער, נאָכן צאַרטן צאַפּל פון זײַנע ערשטע שפּראָצונגען, נאָך די גרין אופגייענדיקע פעלדער...".

און אַלס לעצטער אַקאָרד:

„סטעפּ! היימישער סטעפּ, ליבער סטעפּ פון מײַן קינדהײַט! איך בין פאַרקישעפט פון דיר, עס ציט מיך, עס ציט מיך צו דיר". סענטימענטאַל? יאָ, נאָר דאָס איז יענער סענטימענטאַליזם, וואָס בילדעט די אַנדערע זײַט פון לויטערער ראָמאַנטיק — אַזאַ פּערזענלעכע ראָמאַנטיש־קלינגענדיקע ליבע־דערקלערונג צום סטעפּ האָבן מיר בײַ לוריען פריִער ניט געהערט, און דאָס איז אַ נײַער פילצוזאָגנדיקער מאָטיוו אין זײַן שאַפונג.

## 2

אין נומער 3 פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1986 יאָר איז פאַרעפנטלעכט זאַלמען ליבינזאָנס רעצענזיע אויף שמואל גאָרדאָנס ווערק „די פײַל און דער בויגן". אונטער דעם דאָזיקן נאָמען זײַנען דערשינען אין אַ בוך־פאָרם אויך אַנדערע גאָרדאָנס דערציילונגען און זײַן ראָמאַן „בײַ דער וואָלגע". דער אויטאָר פון דעם דערמאָנטן אַרטיקל האָט עס באַטיטלט מיט די ווערטער „די מאָס פון מענטשלעכקײַט". דאָס האָט פאָרויסבאַשטימט ליבינזאָנס הויפּט־טעזיס, וועלכן ער האָט פאָרמולירט אין פאָלגנדיקע ווערטער: „ווער עס זאָל ניט זײַן און ווו מע זאָל ניט זײַן, מוז מען אין דער ערשטער ריי זײַן אַ מענטש. אָט דער הויך הומאַניסטישער געדאַנק ווערט קינסטלעריש דורכגעפירט אינעם ראָמאַן". זאַלמען ליבינזאָן גיט איבער זײַן אַלגעמיינע אָפּשאַצונג פון ש. גאָרדאָנס בוך „די פײַל און דער בויגן", דערקלערנדיק, אַז אין דעם דאָזיקן בוך „זײַנען קינסטלעריש פאַראַלגעמיינערט די פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אין אונדזערווירקלעכקײַט". מיט דעם באַנוצט ער זיך.

נאָר אין „בײַ דער וואָלגע" און „די פײַל און דער בויגן" ווערט מער, ווי אין אַנדערע גאָרדאָנס ווערק, אויסגעדריקט די קווינטעסענץ פון זײַן שעפערישן געדאַנקענגאַנג. אין וואָס באַשטייט זי? אין דעם, וואָס דאַפקע אין די דאָזיקע צוויי ווערק דערשײַנט פאַר אונדז די טראַגעדיע פון די הויפּט־העלדן: אין „בײַ דער וואָלגע" — די ביטערע אַנטוישונג פון פרידען, וועלכע האָט נאָכן ערשטן ניצאָכן פון איר אינטימער האַרצבענקעניש לאַנג געוואַרט אויף זײַן פאָרזעצונג — געוואַרט, נאָר זיך ניט דערוואַרט; אין „די פײַל און דער בויגן" — די אומהיילבאַרע טראַגעדיע פון אויזער עלקינען, וועלכער האָט אָנגעשטעלט די פײַל אויף זײַן פרויס האַרץ, נאָר פאַרגרינגערן זײַן ווונד האָט די פײַל שוין קיינמאָל ניט געקאָנט.

מיר קענען שמואל גאָרדאָנס שאַפונג און זײַנען נויטע צו דענקען, אַז דער טראַגיזם פונעם ליבע־געפיל, וועלכן ער האָט געמאָלט אין די אויבן אָנגערופענע ווערק, איז דאָס העכסטע, וואָס ער האָט אויף זײַן שעפערישן וועג דערגרייכט.

איך האָב אויבן דערמאָנט זאַלמען ליבינזאָנען, און דאָס גיט מיר אַ גוטע געלעגנהײַט צו באַרירן זײַנע אַרויסזאָגונגען וועגן ראָמאַנטיזם („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1968).

דער כאַשעווער ליטעראַטור־פאָרשער איז זיך סוימעך אויף פושקינס אַ בריוו צו וויאַזעמסקין, אין וועלכן פושקין האָט געשריבן וועגן דעם „נעפּלדיקן באַגריף פון ראָמאַנטיזם", און ליבינזאָן גיט צו: „די סיבע דערפון באַשטייט אין דעם, וואָס מע פלאָנטערט אָפּט איבער דעם ראָמאַנטיזם אַלס אַ געוויסן קינסטלערישן מעטאָד, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ ריי ליטעראַטורן אינעם 19־טן יאָרהונדערט, און דעם ראָמאַנטיזם, וועלכער איז אַן אייגנשאַפט פון יעדער ליטעראַטור פון קאַדמוינים אָן".

ריידן וועגן ראָמאַנטיזם אַלס אַ קינסטלערישן „מעטאָד" איז גענוג ריזיקאַל — פּאַשעט דערפאַר, ווײַל יעדער ראָמאַנטיקער האָט זײַן טעמע און זײַן נוסעך: וואָס פאַר אַן אַלגעמיינעם מעטאָד קאָן מען געפינען אין היינעס „לאָרעליי" און קופּרינס „גראַנאַטאָווע בראַסלעט", אין פּערעצעס „צווישן צוויי בערג" און אין שאָלעם־אַליכעמס „שיר־האַשירים", אָדער אין לערמאָנטאָווס „איך גיי אַרויס איינער אַליין אויפן וועג" און אין גאָרקיס „שטורעמפויגל"? איך רעד שוין ניט וועגן דעם, אַז די דאַטירונג פונעם ראָמאַנטיזם מיטן 19־טן יאָרהונדערט איז ניט קיין ריכטיקע: די „היסטאָריע פון טריסטאַן און איזאָלדע", לעמאָשל, איז דערשינען אין יאָר 1484. אין אַלגעמיינעם פּלאַן איז אין דער דאָזיקער פראַגע אינטערעסאַנט בעלינסקיס מיינונג: „אין דער לערע פונעם גײַסטרײַכן פילאָסאָף פּלאַטאָן האָט די גרימישע ליבע־באַטראַכטונג זיך דערהויבן ביז אַ הימלשער קלאָרקײַט, אַזוי אַז זי האָט גאָרניט איבערגעלאָזט דעם מיטלאַלטער, דער דאָזיקער אולטראַ־ראָמאַנטישער עפּאָכע. (...) קיינמאָל איז דער ראָמאַנטיזם ניט דערשינען אין אַזאַ שטראַלנדיקער און ריינער ליכט פון דעם גײַסטיקן וועזן, ווי אין די דאָזיקע ווערטער פונעם גרעסטן ווײלקענער אין קלאַסישן אַלטערטום".

ז. ליבינזאָן זעצט פאָר: „ראָמאַנטיזם איז אַ נאַטירלעכע אייגנשאַפט פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור". די דאָזיקע פראַזע איז שווער צו

פאַרשטיין — זײַנען דען אַלע אונדזערע שרײַבער ראָמאַנטיקער? מיט עטלעכע שורעס ווײַטער רופט ער אָן אַלס ראָמאַנטיקער יויסעף ראַבינען, דאָרע כײַקינע, אַלעקסאַנדער ליזענען, יויסעף בורגן, דער בײַ באַמיט ער זיך ניט געהעריק מאָטיווירן זײַן קלאַסיפיקאַציע — צוליב וואָס? ס'איז דאָך א „נעפלדיקער באַגריף". נאָר פון דעם דאָזיקן צעטל איז אויסגעפאַלן, לעמאָשל, כאַיִם מעלאַמוד, וועמענס „רעוואָליוציאָנערע ראָמאַנטיק" איז מיט עטלעכע יאָר צוריק ברייט באַהאַנדלט געוואָרן.

דאָ איז דאָס אָרט צו באַטראַכטן דעם וויכטיקסטן אַספּעקט פון דער פראַגע — „וואָס איז אַזוינס ראָמאַנטיזם?". זאַלמען ליבינזאָן האָט דערמאָנט פושקינס בריוו, אין וועלכן ס'איז אָנגעשריבן, אַז „קיינער קאָן ניט זאָגן, וואָס דאָס איז". אַזאַ מיינונג האָט דאַן, קימאַט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, ווירקלעך עקזיסטירט: די וויסנשאַפט ביכלאַל, די ליטעראַטור־וויסנשאַפט ביפראַט, זײַנען נאָך געלעגן, אַזוי צו זאָגן, אין די וויקעלעך. פון דעמלט אָן האָט די ליטעראַטור־וויסנשאַפט געמאַכט אַ ברייטן שפּאַן פאָרויס, אַנאַליזירנדיק די פאַקטן, וועלכע דאָס לעבן האָט אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער דערפאַרונג און דורך איר אין דער ליטעראַטור. איצט ווייסן מיר שוין, אַז פאַר די ראָמאַנטיקער איז דער מענטש אַ קליינע אַלוועלט, אַ מיקראָקאָסמאָס, וואָס ווײַזט אַרויס אַן אָנגעשטרענגטן אינטערעס צו שטאַרקע און העלע געפילן, גראַנדיעזע לײַדנשאַפטן, מעכטיקע שטרעבונגען צום אינטויִטיוון און טרוימהאַפטיקן, אָפט אַפילע באַפאַרבטע מיט שטילן טרויער. די פרײַע אַנטפּלעקונג פון דער קינסטלערישער שאַפונג איז פאַר דעם מענטשן דער העכסטער אידעאַל פון ראָמאַנטישן זעלבסט־אויסדרוק. די קינסטלערישע שאַפונג ווערט דורך אים טראַקטירט אַלס דאָס רעכט פונעם קינסטלער נאָכפאָלגן זײַן אינערלעכן געפיל, ניט רעכענענדיק זיך מיט אַלגעמיינע קלאָלים און טראַדיציאָנעלע גרענעצן פון דער קונסט. בלויז אַרויסגייענדיק פון די דאָזיקע האַנאָכעס קאָן מען ריכטיק אָפּשאַצן דאָס אָרט פון דעם ראָמאַנטישן אַווטאָר אין ברייטן יאַם פון ליטעראַרישער אַנטוויקלונג.

## 3

אין נומער 3 פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1986 איז פאַרעפנטלעכט מוישע גיציסעס דערציילונג־עסיי „קנופּן צום פאַנאַנדערבינדן". ווי קימאַט אַלע ווערק, וועלכע זײַנען אַרויסגעקומען פון אונטער דער פּען פון אָט דעם אויסטערלישן אַמעריקאַנער פּראָגרעסיוון שריפטשטעלער, איז די דערציילונג, וועגן וועלכער ס'וועט גיין אַ רייד, אָנגעלאָדן מיט פּסיכאָלאָגישע ווענדונגען, געקייפלטע אויף קאָנצענטרירטער אינטעלעקטועלער ענערגיע — אַ פּויעל־יויצע פון אַ פאַרטיפטן קוק אין לעבן. גיציס שרײַבט וועגן דעם העלד פון זײַן דערציילונג — גאָלין איז זײַן נאָמען — און רופט אָן פּינקטלעך די צײַט, דאָס יאָר נײַן הונדערט אַכט און פערציק, און דאָס אָרט — פונעם טפיסע־טויער ביז צו דער באַן־סטאַנציע: אויפן דאָזיקן וועג האָט זיך גאָלין אומגעקערט צום לעבן אויף דער פרײַ, וואָס ער האָט פאַרלאָזט מיט דרײַצן יאָר צוריק.

די „צײַט" ווערט דעשיפרירט ברייטער אין גאַנג פון דער סוזשעט־אַנטוויקלונג. גאָלין האָט פאַרבײַגייענדיק איבערגעלייענט אין אַ צײַטונג דאָס קעפּל „דער ייִדישער שטאַט (ייִדישע מעלוכע) — איז פּראָקלאַמירט", און ער האָט זיך דערמאָנט אין דער שוין פריִער געהערטער סענטענץ „דאָס ייִדישע פאָלק, אַ פאָלק אָן אַן אייגן לאַנד, קאָן ניט צוגעבונדן ווערן צו די לענדער, וווּ זיי געפינען זיך, און מאַכן פאַר זיך אַ היים". די דאָזיקע פאַלשע באַהויפּטונג האָט ער געהערט ניט איין מאָל, און זי האָט געקלונגען אין זײַנע אויערן באַזונדערס פּראָוואָקאַציאָנעל, ווען זי איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך דער ראַדיאָ מיצאַד דעם גאַלעך יאָהאַכים — אַ ווענדונג צו מיליאָנען מענטשן אין אַמעריקע.

דאָס אויבנגעזאָגטע איז אַ קורצער סאַכאַקל פון גאָלינס דורכגעמאַכטער לאַנגער פאַרגאַנגענהייט, און דער סוזשעט פון גיציסעס ווערק איז אָפּגעגעבן דער קינסטלערישער דערציילונג וועגן די געשעענישן, וועלכע האָבן צום דערמאָנטן סאַכאַקל דערפירט.

די דאָזיקע היסטאָריע אַנטוויקלט זיך, ווי אַ קאָנספּעקטירט בילד, וואָס איז באַוויזן אויפן קינאָ־עקראַן. דאָ טרעפן מיר מענטשן מיט זייערע לײַדנשאַפטן און דורכפאַלן, גלויבן און האָפענונגען. זייער אינערלעכער זין דערגייט צו אונדז, ווי דורך אַ שפּיגל אויף אַ ברייטן וועג, און דער דאָזיקער וועג איז דאָס צעצווײַגטע, פאַרשיידנאַרטיקע, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, רוישיקע און אומגעמיטלעך לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער אַווטאָר דערמאָנט די נאַכט, ווען ס'זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן סאַקאָ און וואַנצעטי. די דאָזיקע טראַגישע היסטאָריע האָט זיך איבערגעקרייצט אין זײַן מויעך מיט דער שווערער ווירקלעכקייט פון דער דעפּרעסיע, וואָס האָט זיך דעם מענטשן פון גאַס אויסגעוויזן, ווי אַן אומדערוואַרטע צאָרע, נאָר פאַקטיש האָט זי געהאַט איר גרונט אין דער סיסטעם פון געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַציִונגען. גאָלין איז געוואָרן אַן אַרבעטלאָזער, און דאָס איינציקע, מיט וואָס ער האָט זיך געקאָנט באַרויִקן, איז געווען דער געדאַנק, אַז דער גוירל האָט אים נאָך ניט אָנגעשלאָסן צו יענע אומגליקלעכע, וואָס ליגן הונגעריקע אונטער די בריקן.

די געשעענישן האָבן זיך אַלץ פאַרערגערט, און אויף דער אויבערפלאַך זײַנען אַרופגעשוווּמען די דראָענדיקע קויכעס, וועלכע זײַנען אין דער טראַגישער היסטאָריע פון אונדזער דאָר און זייערע נעמען זײַנען אַלעמען באַוווּסט און אויף אייביק פאַרשאָלטן — היטלער מיט זײַן טײַוולאָנישער קנופּיע. אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָט זיך געלאָזט הערן אַ „נײַע קריסטלעכע ליגע" און איר אָנפירער דער גאַלעך יאָהאַכים. די אָפּגעסאַמטע אַטמאָספער איז געוואָרן אַ גינסטיקע סוויווע פאַר אַלע פינצטערע קויכעס. די באַהאַלטענע, אינערלעך פאַרטיפטע סינע איז פרײַ אַרויס און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בייזאַרטיקן פאַקטאָר פון דעם טאָגטעגלעכן לעבן.

זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס האָט ארויסגערופן ספייקעס אין דער נוץ פונעם אבסאָליוט „פרייַען וואָרט". גיציס רופט אויף איינעם פון זייַנע פערסאָנאזשן, וועלכער רעדט מיט א פארביטערטער שטימונג וועגן דעם, אז יעדער דעמאגאָג קאָן זיך נעמען די פריווילעגיע ארויסצוטרעטן און באנוצן זיך מיט דער אומבארירטקייַט פון „פרי ספּיטש" — פרייַער רעדע — און פריידיקן מאָרד, אָט דאָס, וואָס דער גאלעך יאָהאכים ברענגט ארויס פארן ברייטן עולם. דער שרייַבער הייבט אויף א ביז גאָר ערנסטע פראָבלעם — איך זאָג „ביז גאָר", ווייל אויף איר קאָן מען ניט געבן א לייַכטן און אויסשעפנדיקן ענטפער, וועלכער זאָל זייַן פאסיק פאר אַלע פאלן. גיציס פארשטייט עס און דערמאָנט הירש לעקערטן, דעם נעקאָמענעמער איבערן צארישן סאטראפ, און שווארצבאָרדן, וועלכער האָט דערשאָסן פעטליורען. דאָס איז א פרווו צוצוגיין צו דער פראָבלעם פון אַן אנדערער זייַט, ווי אויף דעם בייז, וואָס טויכט אויף אין לעבן, רעאגירט מען מיט קויעך, לויטן פרינציפ, וואָס שטאמט פון דער ביבל — אַין טאכאס אַין, שיין טאכאס שיין" — אַן אויג פאר אַן אויג, א צאָן פאר א צאָן, דאָס הייסט אין דאָזיקן קאָנטעקסט פראקטיש — טויט פאר טויט. ס'איז גאנץ קלאָר, אז דאָס איז ניט קיין גלייַכע טשוווע אויף דער פראָבלעם פון „אבסאָליוט פרייַען וואָרט". די ריכטיקע טשוווע געפינט זיך אין אונדזער פעסטער פאַרשטעלונג, אז ס'איז ניטאָ קיין אבסאָליוטער עמעס — דער עמעס איז טאָמיד קאָנקרעט. אויף דעם אופן קאָן מען פארמאכן דאָס מויל יעדן דעמאגאָג.

די אידיי פון גיציסעס ווערק דריקט זיך אויס אין דער אופגאבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט — אנטבלויזן די פאקטן פון אנטיסעמיטישער, ראסיסטישער העצע אין דער אמעריקאנישער געזעלשאפט. מיט דעם דערקלערט זיך די מאָס פון אקצענטירן די צעטיילונג אויף יידן און אנדערע.

גאָלין איז ווי פון א העכסטן קויעך „באשטימט געוואָרן" צו באקעמפן דעם סוינע. דאָס האָט זיך אים ניט געגעבן גרינג. אויב דער גאלעך יאָהאכים סימבאָליזירט די פינצטערע יידנפייַנטלעכע קויכעס, אנטשטייט גאָלין ווי אַן אויסגעווײַלטער דורכן גורל זיך נויקעם זייַן אין דעם רעאקציאָנער. „גאָלין האָט געפילט, ווי עס טראָגט אים פון זייַן שטול... ווי זייַן אָטעם ווערט איבערגעריסן אין אים... ווי די געדאנקען ווערן שווערער אין זייַן מויער, ווי עפעס א פלאם צעשפרייט זיך אויף זייַן פּאָנעם, און געשרייען, וואָס ווילן זיך באפרייַען פון אים, ווערן פארשטיקט אין האלדז".

גיציס פירט דעם לייענער איבערן לייַדנשאפטלעכן וועג פון זייַן העלד און וויל באווייַזן, וויאזוי דער קימאט העכערער פון מענטשלעכע קויכעס פראָצעס האָט זיך אנטוויקלט און דערגרייכט יענע מאדרייגע פון אומדערטרעגלעכער אופרעגונג, ווען קיין אויסוואל איז מער ניטאָ. ער שרייַבט: „באנאכט האָבן זיך אים געכאָלעמט מענטשן מאָנסטערס, פאָגראָמירטע גאסן, צעהאקטע, צעבלוטיקטע גלידער אויף די ראָגן... מיטאמאָל האָט ער דערזען יאָהאכימען. ער איז געשטאנען מיט א קרייץ אין דער האנט און געקוקט מיט לאכנדיקע אייגן... און גאָלין האָט... אויסגעשטרעקט די האנט אין געזאָגט: דער קרייץ איז דער סימבאָל פון מייַן לעבן, ניט פון דייַנעם, פון מייַן וועג, ניט פון דייַנעם..." ער איז געלעגן און געטראכט: עפעס מוז געטאָן ווערן. עמעצער אין לאנד מוז אויסשרייַען אָדער טאָן עפעס אזעלכס, וואָס זאָל אופטרייסלען, אופרייַסן די אפאטיע צו דעם אומרעכט בענעגייע דער פילמיליאָניקער באפעלקערונג.

דער לעצטער אקט קומט אָן. גאָלין דערשלאָגט זיך אָן אינטערוויו בא יאָהאכימען, זייער שמועס איז ענלעך אויף א ווערטלעכן דועל, בעשאס וועלכן יאָהאכים באהויפטעט, אז „יידן זייַנען וואגאבונדן, דערפאר זייַנען זיי אזוי ראדיקאל געשטימט און רופן צו רעוואָליוציעס און פירן אָן מיט די רעוואָליוציעס; גאָלין ענטפערט אים, אז „די יידן, דאָס פאָלק פון דער ביבל, האָבן געבראכט מיט זיך אהערצו זייער הויכע מאָראל און עטיק". אין לעצטן אזארט האָט גאָלין ארויסגעשלעפט פון דער קעשענע א רעוואָלווער און אים אָנגעשטעלט אויף יאָהאכימען. „וואָס ווילט איר?" — האָט דער איבערגעראשטער יאָהאכים געפרעגט. — „אייַער לעבן", — האָט גאָלין געענטפערט. נאָר אים איז ניט אויסגעקומען צו שיסן: די אפּאָפּלעקסיע האָט פארענדיקט יאָהאכימס לעבן.

גיציס שליסט זייַן דערציילונג מיט די ווערטער: „ער (דה. גאָלין) איז געווען דער דאָזיקער, וואָס האָט געעפנט די טיר פאר דעם טויט, פאר דעם סאָף, וואָס איז ניט קיין סאָף... וואָס לאָזט זיך קיינמאָל ניט אויס..."

מוישע גיציסן איז געלונגען אופהייבן די טעמפעראטור פון אופברויז, וואָס שטעקט אָן דעם לייענער, וועלכער ווערט אַן אומזעבארער אָנטיילנעמער אין דעם גזאר-דין, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן איבערן סימבאָל פון דעם שלעכטן אויף דער ערד.

ניט בלויז אין גייַסט, נאָר אפילע אויך אין דער פראזעאָלאָגיע איז אָט דער גזאר-דין ווי א פאָרזעצונג פון דער גרויזאמער, אומהיילבארער לעצטער מילכאָמע. דער אָפקלאנג פון דעם, וואָס איז געשען מיטן פאָלק, גייט אריבער אין אַן אומענדלעכן עכאָ, אין וועלכן ס'הערט זיך א, צום באדויערן, פארשפעטיקטע טרייסט, נאָר — טאקע א טרייסט און א האָפענונג.

4

יעכיעל שרייַבמאנס קינסטלערישע שפּראך טיילט זיך אויס מיט איר ענערגישער עקספּרעסיע. דער שרייַבער שליסט אייַן אין דער בילדערסיסטעם גאנץ כאראקטערפולע שטריכן און אויסדרוק-פאָרמען. אין נומ. 8 פון „סאָוועטיש היימלאנד" לייענען מיר זייַן דערציילונג „דעם זאָקנס נעגינע", וועלכע פארמאָגט א צווייפלאנישן אינהאלט — דעם זאָקנס נעטיע צו געזאנג און א הימן דעם לעבן. די דאָזיקע קאָמפליצירטקייַט באקומט א באזונדערע שארפקייַט אדאנק דעם, וואָס

די „נעגינע" איז געגעבן ניט אין א רעאַליסטישן שליסל, וואָס עס דערלויבט דעם אוטאָר באַשענקען זײַן העלד מיט אומנאַטירלעכער אופירונג: ווען ער ליגט א שטאַרק קראַנקער צו בעט און דער פעלדשער פון דער גיכער הילף האָט אים אַרײַנגעשטעקט די נאָדל פונעם שפּריץ, צעזינגט ער זיך מיט א הילכיק קאָל. און אַנדערש מאָל, ווען ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט, מע זאָל אויסהערן זײַן געזאַנג, איז ער אַליין אַרויס אין דרויסן צום טעלעפאָן־אוטאָמאַט און אַרײַנגעקרעכצט אין דעם טעלעפאָן־רערל: „האַלאָ, כ'בין בא אַלע לעצט (!), קומט, כ'בעט אײַך, באַלד צו פאָרן!" אַזוי האָט זיך יעכיעל שרײַבמאַנס העלד אויסגעלעבט „אויף די פליגלען פון געזאַנג".

דאָס אויבנבאַשריבענע קאָן מען כאַראַקטעריזירן אַלס א קינסטלערישע גוזמע, וועלכע האָט געהאַט דעם ציל צו מאַכן דאָס געמעל מער איבערצײַגעוודיק, אָבער דער פּאַרטראַכטער ציל ווערט דערגרייכט ערשט דאַן, ווען דער העלד, אָן דער הילף פון א מעדיצינישער נאָדל, אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, האָט מעכאַבעד געווען מיט זײַן געזאַנג מענדעלע מויכער־ספאָרימען אין דער אַנוועזנהײַט פון כאַיִם־נאַכמען ביאַליקן. שרײַבמאַן ווייסט צו דערציילן, אַז נעמלעך דאַן האָט ביאַליק א זאָג געטאָן: „איר הערט, רעב מענדעלע, אָט די כעוורע, וואָס שרײַבן „דרך" מיט צוויי אײַענס, — פאַרגרײַזן, קומט אויס, דעם דרך, — ווערט זיך עס, דאַכט מיר, אַזוי באַקומען, אַז גראַדע זייער דערעך וועט זײַן דער ריכטיקער".

און דאָ קומט די ריי פון דער צווייטער טעמע — פונעם הימן דעם לעבן. שרײַבמאַן גיט איבער זײַן העלד געדאַנקען, ווי א טאַמציס פון זײַן קרעדאָ, וועלכן ער פאָרמולירט אין פאָלגנדיקע ווערטער: ליב האָבן דעם גאַנצפרי און דעם פאַרנאַכט, די זומערס און די ווינטערס... ביכלאַל שטאַרק ליב האָבן, — אַלץ גייט פון איין גרויסער ליבשאַפט, וואָס ער רופט עס אָן „ליב האָבן דאָס לעבן". דאָס לעבן האָט מען גאָר שטאַרק ליב אין צוויי צײַטן: ווען מע איז נאָך יונג, און — נאָך שטאַרקער — ווען מע איז שוין אַלט... באַזינגענדיק דאָס לעבן, באַשיצן מיר עס און היטן עס. איר באַזינגט עס מיט דער פּען, א צווייטער מיט א דאַלאָטע... מיט א דיריזשאָר־שטעקעלע... מיט א האַמער אין האַנט... מיטן רויש פון מאָטאָרן אויף דער ערד און אונטערן הימל — אַלצדינג אַרום אונדז איז שירע און נעגינע. איר האָט מיך געפרעגט — איז נאַט אײַך דעם ענטפער, אָט האָט איר דעם גאַנצן סייכל דערפון".

דער סייכל אין געגעבענעם פאַל איז דער מוסער־האַסקל פון דעם מעכאַבערס פילאָסאָפיע אין איר פּראַקטישן זין, דאָס, וואָס שרײַבמאַן האָט אין רעזולטאַט פון אייגענע ראַיוינעס אָנגענומען פאַר זיך און רעקאָמענדירט דעם לייענער אַלס פּאַדעם, בא וועלכן מע דאַרף זיך האַלטן אויף די וועגן פונעם לעבן.

זײַן פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט עס דערלאַנגט אין א ספּעציפישן, שרײַבמאַנישן סטיל, באַהויכט מיט בילדערישער פּאָעטישקײַט.

## 5

יויסעף בורגס ליטעראַרישע שאַפונג איז אונדז באַקאַנט. אירע הויפּט־שטריכן זײַנען אָפּטימיסטישער טרויער און גלויבן, וועלכע גיסן זיך אויס אין א לירישער באַפאַרבונג. די לעצטע איז די פּאָלקסטימלעכע הישטאַפּכעס־האַנעפעש, וועלכע קלינגט אַמבעסטן, ווען זי שטויסט זיך אָן אין די שאָטן־זײַטן פון דעם מענטשלעכן זײַן. אָט אַזוי האָט אין בורגס „פרידלעכע האָריזאָנטן" געפונען איר בעסטן אויסדרוק א טרויעריקע געשיכטע פון פּאַרצײַטנס, וועלכע האָט געבילדעט א רעקוויעם איבערן ווײַטן, אומפאַרגעסלעכן אָוואַר („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1986).

בורג דערציילט: „אין א שלאָס אַפּן סאַמע שפּיץ באַרג האָט געלעבט א יונגער לײַכטזיניקער גראַף, וועלכער האָט העפקערדיק פאַרטאַכלעוועט זײַן יוגנט און זײַן פאַרמעגן". עס וועבט זיך א טראַגישע היסטאָריע. דער גראַף האָט זיך דערוווּסט, אַז באַם שענקער וואַקסט א שיינע טאָכטער. ווען ער האָט, רײַטנדיק לעבן דער קרעטשמע, זי דערזען, איז ער געפּלעפּט געוואָרן פון איר פּראַכט. די בלוטן האָבן זיך אין אים צעשפּילט, און ער האָט זיך געווענדט צו איר פאָטער מיט א פּרעכער דראָונג:

— מאָשקע, אָדער דו גיסט מיר דײַן טאָכטער און איך לאָז דיר איבער פאַר גאָרניט די קרעטשמע, אָדער איך וועל הייסן דיך אויסשמײַסן און אַרויסטרײַבן פון דאָרף.

די דילעמע, וועלכע איז געשטעלט געוואָרן פאַרן קרעטשמער, איז געווען א גרויזאַמע, נאָר זײַן מאָראַלישער קויעך איז געווען שטאַרקער פונעם גראַפס ווילדער לײַדנשאַפט. אָט וואָס ער האָט געענטפערט:

— פּאָרעץ־לעבן, איך בין קוידעם א טאַטע, דערנאָך א שענקער...

די קינסטלערישע מאָטיוון פון דער דאָזיקער היסטאָריע האָבן מיר אין אַלגעמיין פאַרגעדענקט נאָך אין י.־ל. פּערעצעס „פּאָלקסטימלעכע געשיכטן" („אַראָפּגעלאָזטע אויגן"); נאָר בורג גיט זײַן דערציילונג אַן אַנדער ריכטונג, א מער טראַגישע, א באַגרינדעטע אין איר לאָגישער קאָנסעקוועַנטקײַט.

דעם גראַפס דינער האָבן געלויערט איבער דעם שענקערס שטוב און סאָפּקאָלסאָף געבראַכט דאָס מיידל א געבונדענע אין דעם גראַפס פּאַלאַץ, וועלכער האָט זיך געפונען אַפּן סאַמע באַרג־שפּיץ. עס טרעט אַרײַן אין אַן אומגלײַכן קאַמף דאָס מיידל אַליין. „א מאָדנער געדאַנק האָט אויפגעבליצט אין איר מויעך... זי איז געוואָרן ווײַבעריש צוגעלאָזט. ווייך און צאַרט האָט זי געפירט מיט אירע הענט איבער זײַנע האָר:

— שפּעטער, מײַן האַר...

שטיפּריש האָט זי געוויקלט אַרום זײַן האַלדז איר לאַנגע צעפּ:

— אַ ווײַלינקע שפּעטער..."

אַזוי האָט זי אים פּאַרלאַשטשעט, אָפּגע־שוואַכט זײַן וואַכזאַמקײט — און מיט איר צעפּ אַרום זײַן האַלדז אים דערשטיקט. מע האָט זי דערפֿאַר צוגעבונדן צו אַ פֿלאַם־פֿײַערדיק פֿערד און אין אַ ווילדן גאַלאָפּ געטריבן אים פֿונעם סאַמע באַרג־שפּיץ צום אָפּגרונט. בורג גיט צו: „הענגט איצט דער פֿעלדז איבערן טײַך, ווי אַ פֿרויען־קאָפּ, אויסגעהאַקט אין שטיין".

די געשיכטע איז, קאָן מען זאָגן, טראַדי־ציאָנעל פֿאַר בורגס שאַפֿונגס־סטיל. ער מאַכט אויך פּרוּוון צו פֿאַרברייטערן די ראַמען פֿון זײַן טעמאַטיק: אין דעם זעלבן נומער פֿונעם זשורנאַל געפֿינען מיר אַזעלכע אָריגינעלע דערציילונגען, ווי „אָף די וועגן פֿון דוירעס" און „צוויי אויס־יס". זייער אינהאַלט איז סוזשעטיש פֿאַרבונדן מיטן „העמשעך", וואָס איז געדרוקט אין דעם פֿאָלגנדן נומער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". דאָ ציט צו אונדזער אויפֿמערקזאַמקײט די מאָלערישע שפּראַך, וועלכע האָט איר אייגענע קינסטלערישע ווערט, די אָריגינעלקײט פֿון דעם אָביעקטיוו באַוויזענעם פּיי־זאַזש, די רײַכקײט פֿונעם סוביעקטיוו אויפֿגענומע־נעם, פּסיכאָלאָגיש אויסגעדריקטן געמעל.

דאָס אַלעס שאַפֿט אַ גרונט צו גלייבן אין דער קומענדיקער פֿאַרברייטערונג פֿון בורגס טעמאַטיק אײַנײנעם מיט דער אַנטשפּרעכיקער צופּאַסונג פֿון איר פֿאָרם.

## 6

טעוויע גען האָט לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רײ דערציילונגען פֿונעם וויסנשאַפֿטלעך־פֿאַנטאַס־טישן זשאַנער. אַזאַ איז די דערציילונג „דאָס לע־וואָנע־קינד", וועלכע הייבט זיך אָן מיט די ווער־טער: „דאָס יאָר 2025 האָט צווישן אַנדערע וויכ־טיקע געשעענישן אויסגעצייכנט זיך דערמיט, וואָס אָף דער לעוואָנע איז צום ערשטן מאָל געבוירן געוואָרן אַ מענטשיש קינד — אַ ייִנגעלע. מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן לויטן נאָמען פֿון אַ ווײַטן שטערן — לאַלאַנד". פֿאַנטאַסטיש איז אין טאָך אויך גענס ווערק „צו אַ נײַער פּלאַנעטע".

אין זײַן דערציילונג „אין דער וועלט ווערט גאָרניט פֿאַרפֿאַלן" („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1986) זעט דער הויפּט־העלד אַ כאַלעם. דער שרײַ־בער רעפֿאָעל גלוזקין האָט פֿאַרענדיקט זײַן ווערק, אָף וועלכן ער האָט געאַרבעט גאַנצע פֿופֿצן יאָר אין אַ שטיל אָרט ווײַט הינטער מאָסקווע. גרייטנ־דיק זיך אומקערן קיין מאָסקווע מיטן טשעמאָדאַן, אין וועלכן ס'געפֿינט זיך דער קסאַוויאַד, האָט ער דערפֿילט אַ מידקײַט און באַשלאָסן זיך אָפּרוען. „ער האָט זיך צוגעשפּאַרט מיטן רוקן צום ווייכן ווענטל פֿונעם דיוואַן, צוגעמאַכט די אויגן, און אין דער זעלבער רעגע..."

דאָ הייבט זיך אָן דער כאַלעם. גלוזקין דער־הערט מאָטל גרוביאַנס דיכטערישע סטראָפֿעס, דערזעט אוראַם גאָנטאַרן, שטאַט אָפּ אַ וויזיט מוי־שע טײַפֿן, וועלכער איז אים מעכאַבעד מיט אַ ליד:

...ניין, ניט קיין טויטע ליגן, ניין,
עס קאָן ניט שטאַרבן אַ געזאַנג...

דער שריפֿטשטעלער גלוזקין האָט אַרויסגע־נומען זײַן קסאַוויאַד און מיט שרעק און האָפֿע־נונג געפֿרעגט: „צי איז ניט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן מײַן אַרבעט?" און אַלע האָבן אים געענטפֿערט: אין דער וועלט ווערט גאָרניט פֿאַרפֿאַלן.

באַ די ווערטער האָט גלוזקין זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם ציל פֿון זײַן נעסיע, וואָס שטייט אים פֿאַר, גענומען דעם טשעמאָדאַן און איז אַרויס פֿון שטוב.

גען ברענגט זײַן העלד אין הויז פֿון אַן אַנדער פּערסאָנאַזש — מע רופֿט אים מײַער זעווין. עס פֿאַרפֿירט זיך אַ שמועס וועגן ליטעראַטור און וועגן דער לאַגע פֿון ייִדיש אין אונדזער צײַט. דער טאַמ־ציס פֿון דעם שמועס ווערט איבערגעגעבן אין קור־צע פֿיר שורעלעך:

ייִדיש לאָשן, מאַמע־לאָשן,
ס'איז דאָס לאָשן קימאַט פֿאַרלאָשן.
ווערטער אַלטע. ווערטער טרײַע.
ס'איז פֿאַרשווּנדן אײַער פֿײַער.

דער שמועס פֿאַרענדיקט זיך מיט דעם, וואָס גלוזקין לייענט פֿאַר דעם אוילעם, וועלכער האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין זעווינס שטוב, זײַן ווערק. ניט אַלע (באַזונדערס דער יונגער דאָר) האָבן גוט פֿאַרשטאַנען די שפּראַך, אייניקע האָבן „יאָ עפּעס פֿאַרשטאַנען אין לאָשן ייִדיש", אַנדערע האָבן זיך באַגרענעצט מיטן גענוס, וואָס עס האָט זיי גע־שענקט „די מעלאָדיק פֿונעם טעקסט".

טעוויע גען שליסט זײַן דערציילונג מיט דער באַמערקונג, אַז די צוהערער האָבן געבעטן דעם שרײַבער לייענען נאָך, און ער האָט מיט גרויסער הנאָע געלייענט נאָך.

ערשט דאָ הייבן מיר אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ זין ט. גען לייגט אַרײַן אין דעם ניט־פֿאַ־שטעטן סוזשעט פֿון דער דערציילונג. מעגלעך, אַז עמעצער וועט פֿרעגן, צי ס'איז קעדײַ געווען די טירכע, אויב אַ ברייטע היסטאָרישע ליוונט, וואָס הייבט זיך אָן פֿונעם מיטלאַלטער, פֿון דער שפּאַ־נישער אינקוויזיציע, ווערט צוגעפֿירט אומגעריכט צו דער פֿראַגע פֿון שפּראַך.

דאָ קאָן דערמאָנט ווערן דער אַרטיקל פֿון הירש רעלעס „ווי האַלט עס הײַנט מיט אונדזער מאַמע־לאָשן", וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין דעם זעלבן נומ. 8 פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַרן יאָר 1986. דער אויטאָר זוכט אַן אויסוועג אין זײַן טראַגישן באַוווסטזײַן, אַז מיר זײַנען איידעס פֿון דער שקיִע פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

רעלעס קלײַבט איבער אַלע מעגלעכע וואַ־ריאַנטן, וואָס זאָלן פֿאַרגרינגערן דעם ווײ פֿונעם האַרצן, נאָר ער קוקט מיט אָפֿענע אויגן אָף דער לאַגע און פֿאַרשטייט, אַז קלאָג־לידער וועלן ניט העלפֿן זי פֿאַרבעסערן.

און דאָך דאַרף מען זאָגן, אַז דער קערן פֿון דער פּראָבלעם גיט אַ מעגלעכקײט צו נעמען אין אַכט אַזעלכע פֿאַקטאָרן, ווי מאַסשטאַב און צײַט.

די צאָל ייִדישע לייענער ווערט קלענער, נאָר דער מאסשטאב איז דאָ ניט קיין אבסאָליוטער און זי וואקלט זיך איןביידע זייַטן — אָט איז זי קלענער און אָט וואקסט זי — ניט אַף קיין סאך, נאָר א צוווּקס איז פאראַן.

און די צייַט? זי איז קעגן דער שפּראַך, נאָר זי שטראָמט ניט אזוי גיך, ווי אונדז דוכט זיך, אין שאָען פון פארצווייפלונג. אַף רוסיש זאָגט מען אין אזעלכע פאלן: „אַף אונדזער דאָר וועט סטייַען".

דערנאָך וועט קומען די צייַט פון אן אנדערערווירקלעכקייַט, ווען די שפּראַך וועט ווערן „טוירע שעביקסאוו", ווען די קומענדיקע דוירעס וועלן ניט נאָר צוליב וויסנשאפטלעכע צוועקן, נאָר אויך צוליב ריין ליטעראריש־עסטעטישע און היסטאָרישע צילן פארטיפן זיך אין די שפּראַך־אוצרעס פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און פון אנדערע אויסגאבעס אין ייִדיש פאר צענדליקער יאָרן און געפינען דאָרט דאָס, וואָס אין ניט־ייִדישע שפּראַכן קאָן מען ניט געפינען — דאָס פאָלקסטימלעכע און אומפארבייַטלעכע. און אין אָט דער הינזיכט איז רעלעס גערעכט.

7

ס'זייַנען ברייט באוווּסט, באזונדערס אין דער ליטעראַרישער סוויווע, פיאָדער סאָלאָגובס ווערטער: „איך נעם א שטיק לעבן, א גראָבס און געמיינס, און שאַף פון דערינען א זיסע לעגענדע — ווייַל איך בין א פּאָעט". אין דער דערציילונג, וועלכע איז דערשינען אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8 אונטערן טיטל „לא תגנוב" („לוי סיגנויוו"), האָט כאַיִם מעלאַמוד גענומען א פּאָשעט „שטיק לעבן" און געשאַפן אן אינטערעסאנט ווערק.

דער העלד פון מעלאַמודס ווערק איז „כאָנציעלע גאנעוו" — א קינד פון דער גאס, וואָס איז „געוואקסן אַף העפקער". ער האָט גרינג און גיך אויסגעלערנט די מעלאָכע צו גאנווענען פון די פויערישע פורן און געוואָלט אויסלערנען אויך דעם דערציילער (וואָס פירט די האנדלונג אין דער ערשטער פּערזאָן), נאָר דער לעצטער האָט עס אנטשלאָסן אָפּגעוואָרפן, מאָטיווירנדיק קורץ:

— אין דער טוירע שטייט „לוי סיגנויוו", זאָלסט ניט גאנווענען.

אין א צייַט ארום, ווען די כאווּיירים זייַנען אונטערגעוואקסן, האָט זיך כאָנציע פארווערבירט קיין סאכאלין. אויך דאָרט האָט ער זיך פון צייַט צו צייַט פארנומען מיט גנייוועלעך, עמעס, ניט קעדיי צו דעקן די נויט, נאָר לעשעם א מין שפּילערייַ. די פּארנאָסע האָט ער איצט שוין געשעפּט פון זייַן פאך, וואָס ער האָט דאָ דערלערנט — דעם פאך פון א שאָפער. די קאָמבינאציע פון די דאָזיקע צוויי זייַטן פון זייַן אקטיווקייַט האָט ארויסגערופן צו אים אינטערעס פון די אונטערוועלט־פארשוינען, וועלכע האָבן אין א רעסטאָראַן, אָפּגעזונדערט פון אנדערע מענטשן, געכאפּט מיט אים א גוטע קויסע און אַף אזא אויפן באקומען זייַן האסכאָמע צו אָנטיילנעמען אין א גרויסער גנייווע. ארויסגייענדיק אָבער פונעם רעסטאָראַן, האָט זיך כאָנציע צוביסלעך אויסגעניכטערט און באשלאָסן זיך ראטעווען — אוועק אין דער מיליציע. דאָס איבעריקע איז ניט שווער צו פארשטיין.

ווען עס הייבט זיך אָן די מילכאָמע, גייט ער אוועק אין וואָיענקאָמאט און דערשלאָגט זיך, מע זאָל אים באשטימען אין דער ראזוועדקע. דאָרט באקומט ער א קאָנטוזיע, ווערט טויב, אָבער ווילנדיק אויך אַף ווייַטער ברענגען נוצן דעם פראָנט, טראכט ער צו א מין „זעניטקע", געמאכט פון א ראָד מיט אן אקס און מיט א קעגנטאנקען־ביקס. עס געלינגט אים מיט דער דאָזיקער ראָד אראָפּשלאָגן א דייַטשישן פארניכטלער.

און אָט שטייט אנטקעגן אים דער פארווונדעטער פאשיסטישער פלִיער, וועלכער האָט זיך דערוווּסט זייַן נאָמען.

— כאָנציע, כאנאן איזראַילעוויטש.

— א יודע?

— א יודע, א יודע, — האָט כאָנציע געענטפערט. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר זייַן אופגעבראכטקייַט איז געווען אזוי גרויס, אז כאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט ער אויסגעשריגן אַף ייִדיש:

— עס שטייט אין דער טוירע „לוי סיגנויוו"!

מעלאַמוד ענדיקט זייַן דערציילונג מיט די פאָלגנדיקע שורעס:

„ווערסטן און קילאָמעטערס... ווי אופגעלאָפענע בלאָטערלעך אין מייַן פארוווּנדעטן זיקאָרן. אין יעדער בלאָטערל אן אנדער געשיכטע... אָפּטמאָל שווימט פאר מיר ארויס כאָנציעלע גאנעוו, באזונדערס דאן, ווען דורך אלע פארשיידענע אינפאָרמאציע־קוואלן דערטראָגן זיך צו מיר מיט א פארטויבנדיקן אליארם די יעדִיעס וועגן די שוידערלעכע מייַסים פון די וועלט־רויבער, וועלכע פאלן אָן אַף די לענדער, וואָס וואגן אויסקעמפן פאר זיך פרייַהייַט און זעלבשטענדיקייַט. זיי זייַנען גרייט אונטערצינדן די וועלט, קעדיי פארזיכערן פאר זיך די קאָלאָסאלע רעוואָכים און פאנטאסטישע לוקסוסן. עס ווילט זיך אויסשרייַען ווי כאָנציע, ווען ער האָט דערזען פאר זיך דעם פאשיסטישן פּילאָט: „לוי סיגנויוו!", מייַנענדיק דערבייַ מיט דעם פּיל מער, ווי אלע אסערעס האדיבּרעס".

אזא איז אין טאָך דער טיפער זין פון מעלאָמודס דערציילונג.

8

אין דער דיכטונג זייַנען אין ערשטן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פארן יאָר 1986 ארויסגעטראָטן א רייַ דיכטער אין דער רובריק „כאָשעווער רעדאַקטאָר, איך שיק אייַך דאָ איין ליד מייַנע, כלויז איינע...". ווי געוויינלעך, פילט זיך אָנשוילעך די פארשיידנארטיקייַט אינעם סטיל פון די אָנטיילנעמער אין אָט דער רובריק.

א גוטן אייַנדרוק מאכט יאָסל בוכבינדערס ליד „צו מייַן קומענדיקן יאָרהונדערט". מיר לייענען דאָרט אזעלכע שורעס:

איך יאָרן פון קריג,
ווען איך בין יונג נאָך געווען.

האָב איך ניט איינמאָל געליטן
פון ציטער און שרעק,
נאָר כ׳בין קיינמאָל אַליין ניט געגאַנגען
אַף די היימישע וועגן באַזונדער,
בלויז מיט האָפענונג דרייסטער,
באַנאַנד מיטן לעבן
געשפּאַנט האָב איך יונגווייז
אַף א זיכערן, באַרגיקן וועג.

דאָ האָבן מיר דעם פאַל, ווען די פּאָעזיע דריקט אויס אין בעצימצעדיקע ווערטער דעם געדאַנק, פאַר וועלכן די פּראָזע נייטיקט זיך אין א לאַנגן שמועס.

אינטערעסאַנט איז אויך די ליד פון וועלוול טשערנין „טשע געוואַרא".

פון הימל פאַלט אַף אונדז די נאַכט,
וואָס וויל דעם מענטש אין שטוב פאַרשפּאַרן,
נאָר ווידער הייבט אונדז אוף צום שלאַכט
דער קאָמאַנדאַנטע טשע געוואַרא.

„די נאַכט צעריסן ווערט פון ווײַ",
באַ אונדז איז קיינער ניט פאַרמאַטערט,
און ווידער הערט זיך זײַן געשריי:
„היי, קאָמפּאַניעראָס! אַל קאָמבאַטע!"

די פאַקטור פון דער דאָזיקער ליד איז א גאַנץ אַנדערע אין פאַרגלײַך מיט דער אויבנציטירטער בוכבינדערס ליד, נאָר ניט קיין „ערגערע". דער כילעק צווישן זיי באַשטייט אין דעם, וואָס דער אינהאַלט פון בוכבינדערס ליד שטאַמט פון לויטער פּסיכאָלאָגישער אינערלעך־פּאַרטיפּטער שטימונג; באַ טשערנינען אָבער איז די שטויסקראַפט פון זײַן ווערק אַן אויסרוף, געווענדט קעלאַפּיי־כוק:

צו ברעכן דעם פּאַרהאַסטן אָל
טויג סײַ א וואָרט, סײַ א גראַנאַטע,
עס דונערט דאָס באַקאַנטע קאָל:
„היי, קאָמפּאַניעראָס! אַל קאָמבאַטע!"

וועלכן פון די ביידע נוסכאָעס דאַרף מען אָפּגעבן די בכוירע? די דאָזיקע פראַגע איז אַן איבעריקע. „לכל זמן" (לאַקויל זמאַן): יעדערן פון זיי — זײַן צײַט. אין מאָמענט פון אינערלעכן כעזשבן־האַנעפעש איז דער דיכטער נויטיק צום לירישן אויסדרוק, וועלכער פאַרכאַפּט דעם לייענער, אָן ענלעך געשטימטן, נאָר אין דער צײַט פון סאַקאָנע און אומבײַט פון דער לעבנס־אָרדענונג קלינגט דער אויסרוף, ווי א גלאָק, וואָס רופט צום קאַמף און זיג: „אַל קאָמבאַטע!".

אין נומער 4 פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרן ווערגעליסעס ציקל „רינג נאָך רינג". ער עפנט זיך מיט א דאַנק דער יוגנט, וועלכע איז שוין באַלד ווי פאַרבײַ:

א דאַנק דיר, יוגנט! כאָזער איבער
דײַן גרויסן קישעף נאָכאַמאָל.
און זאָל די שוין פאַרשטעלטע ליבע
צעשרײַען הויך זיך אַף א קאָל.

עס ווילט זיך איבערכאַזערן עטלעכע שטעלן פון דער ליד:

צום זיקאָרן כ׳וועל גאַרניט דערלייגן,
אין דעם לעבן האָט גאַרניט קיין סאָף.
די פון לאַנג שוין געשטאָרבענע פייגל
פליִען הײַנט נאָך אַרום אין מײַן שלאָף.
. . . . . . . . . . . . .
גאַרניט ווערט ביזן גרונט ניט פאַרדאָרבן
פלאַסטן לייגן זיך אָפּ אָן א שיר.
ס׳וועט מײַן מאַמע, וואָס איז שוין געשטאָרבן,
ווידער ווען־ניט־איז שטאַרבן מיט מיר.
. . . . . . . . . . . .
אונדזער פאָדעם — ער איז ניט פאַרלאָרן
און די זון איז פון אונדז ניט פאַרשטעלט,
ווײַל אין מײַן פילגעפּלאָגטן זיקאָרן
וועט ניט אונטערגיין קיינמאָל די וועלט.

דער רוסישער פּאָעט יעווגעני ווינאָקוראָוו האָט געשריבן: „איך פּערזענלעך האָב ליב יענע קינסטלערישע דערשײַנונג, וועלכע, לויט העמינגווייס אויסדרוק, פאַרמאָגט די אייגנשאַפט פון אַן אײַזבערג, ווען ער איז אַף דרײַ פערטל אונטער דער וואַסער און אַף איין פערטל איבער דער וואַסער". דער דאָזיקער געדאַנק, וועלכער אַנטהאַלט א געוויסן עמעס וועגן דער מאָס פון סוידעסדיקײַט אין עכטער פּאָעזיע, איז גענוג קלאָר באַוויזן אין מאָטל גאַלבשטיינס ליד „מיט דיר איז פול מײַן באַגער" („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1986):

דײַן בייט כ׳האָב פאַרזייט מיט ליבע — מיט
זוימען פון זון־אופגאַנג העלן,
ווען עס האָבן נאָך סאָלאָווייען ניט געגאַנעוועט
קיין שטערן פון טײַך,
נאָך לאַנג פאַר דעם, ווי געוואָרן אַליין ביסט
דער זון־טאַנץ פון וועלן.
די פּאָעזיע, וואָס הימליש לײַכט!
. . . . . . . . . . .
כ׳וועל באַלד זיך א שלײַדער טאָן אינעם דופט
פון די פּיירעס מײַנע טערפּקע.
קעדיי ביז דער טיף פונעם האַרצן באַגרײַפן דײַן
דינעם באַריר.
דערזען, ווי ס׳פליעסקעט דער יאַם אין אַנטבלויזטן
לײַב פון דײַן קערפּער
און טרײַבט זי, די פינצטערניש, פון אינדערפרי.

הינטער די שורעס פון גאַלבשטיינס ליד שטייט א טיפער מענטשלעכער געפיל.

## 9

איינער פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" איז דער ברייטער דיאַפּאַזאָן פון זײַנע שעפערישע קרײַזעס. ס׳וועט ניט זײַן קיין טאָעס צו זאָגן, אַז אין אָט דער הינזיכט צייכנט ער זיך אויס צווישן די קינסטלערישע זשורנאַלן אויך אַף אַנדערע שפּראַכן. די הויפּט־סיבע פון דעם, וואָס מיר דערמאָנען וועגן

דעם, איז דאָס, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד" שליסט אײַן אָרגאַניש די ווערק פון ניט־ייִדישע שרײַבער, וועלכע באַקומען דאָ זייער טיקן און פּאַסן זיך אײַן אין דער טעמאַטיק, וואָס ציט צו די אופמערקזאַמקייט פון די ברייטסטע שיכטן פון דער ייִדישער לייענער־מאַסע. צו אָט דער קאַטעגאָריע ווערק געהערט דער גרויסער ציקל ליטעראַטור־היסטאָרישע עסייען פון מיכאַיל אָסטראָווסקין, אין געגעבענעם פאַל זײַן אַרבעט „קיין בעסער לאַנד, ווי רוסלאַנד, איז אַף דער וועלט ניט פאַראַן (עטיודן וועגן איסאַק לעוויטאַנען)", וועלכע האָט זיך געדרוקט אין די נומערן 4, 5 און 9 פאַרן יאָר 1986. מע דאַרף צוגעבן, אַז דאָס קעפּל פון אָסטראָווסקיס ווערק איז פאָרמולירט לויטן אויסדרוק פון לעוויטאַנען אַליין אין זײַן בריוו צו א. מ. וואַסנעצאָוון אין 1894.

די מײַלע פון מ. אָסטראָווסקיס ווערק איז זײַן זאַכלעכקייט: דער אווטאָר „צעשמירט" ניט די פאַקטן, און שוין פון דער ערשטער שורע פירט ער אַרײַן דעם לייענער אין סאַמע „פּינטעלע" פון דער טעמע, און לויט דעם דאָזיקן מוסטער וועבט ער דעם סוזשעט אַזוי, אַז ער לאָזט ניט אָפּשוואַכן די אופמערקזאַמקייט פון די לייענער, האַגאַם מיר טרעפן זיך אָן מיט א מענגע פּראָטים פון פאַרשיידענער ווערט.

דער אווטאָר הייבט אָן זײַן עסיי מיט אַן אויספירלעכער דערציילונג וועגן לעוויטאַנס עלטערן, וועגן זייער לעבן און פריצײַטיקן טויט. אופשטעלנדיק די סוויווע, אין וועלכער דער קומענדיקער קינסטלער איז געוואַקסן, גייט ער בעהאַדראָגעדיק איבער צו זײַן מאָלערישער קאַריערע און דער סאָציאַלער און פּראָפעסיאָנעלער אַרומרינגלונג, אין וועלכער ס'האָט זיך אַנטפּלעקט זײַן ניט־געווײנלעכער טאַלאַנט. אינטערעסאַנט איז די כאַראַקטעריסטיק, וועלכע ס'האָט לעוויטאַנען געגעבן דער מאָלער גאַלאָווין אין זײַנע מעמואַרן: „איינער פון די סימפּאַטישסטע פּערזענלעכקײַטן, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען... דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער שטריך לעוויטאַנס איז געווען גראַציעזקייט... באַגעגענענדיק זיך מיט אים, ריידנדיק א פּאָר געציילטע ווערטער, האָט מען באַלד דערפילט, אַז עס איז געוואָרן פרײַלעכער אַפן האַרצן, אַף אַזויפיל האָט ער פאַרמאָגט נאָבעלע צאַרטקייט".

דער אווטאָר האָט דרייסט פאַרברייטערט די ראַמען פון זײַן ווערק, באַקענענדיק אונדז מיט די אָנגעזעענע קינסטלער און אינטעלעקטועלע קויכעס פון דער צײַט, אין וועלכער ס'האָט געלעבט לעוויטאַן, — מיט סאַווראַסאָוון, פּאָלענאָוון, סעראָוון, אַנטאָקאָלסקין, רובינשטיינען, ל. פּאַסטערנאַקן, שאַליאַפּינען, מיט דער קאָלאָריטפולער פיגור פון מאַמאָנטאָוון. א גרויסן אינטערעס שטעלט פאָר פּאָלענאָווס אָפּשאַצונג פון לעוויטאַנס מעכטיקן טאַלאַנט. קומענדיק קיין יאַלטע, האָט פּאָלענאָוו געשריבן: „ניט אײַוואַזאָווסקי, ניט לאַגאָריע, ניט שישקין, ניט מיאַסאָיעדאָוו האָבן ניט געגעבן אַזעלכע וואָרהאַפטיקע און כאַראַקטערישע שילדערונגען פון קרים, ווי לעוויטאַן". פּאָלענאָוו האָט פאַרטראַכט א בילד, וואָס זאָל שילדערן יעזוסן. אַלס מאָדעל פאַרן געשטאַלט פון יעזוסן האָט געדינט לעוויטאַן.

„באַ לעוויטאַנען, — האָט געשריבן מ. פּ. טשעכאָוו, — איז א ווונדערבאַר איידל פּנים, זעלטן האָב איך באַגעגנט אַזעלכע אויסדריקלעכע אויגן, אַזאַ זעלטענע קינסטלערישע קאָאָרדינאַציע פון ליניעס".

אין גאַנג פון זײַן פאָרשונג שרײַבט מ. אָסטראָווסקי וועגן די דערמאָנטע קינסטלערישע פּערזענלעכקײַטן ניט בלויז לויט זייער באַציִונג צו לעוויטאַנען, און דאָס ברענגט דערצו, אַז מאָמענטנווײַז גייט לעוויטאַן אָפּ ווי אין שאָטן. עמעס, דער אינטערעס צו דעם, וואָס דער אווטאָר שרײַבט, ווערט ניט אָפּגעשוואַכט — יעדער איינציקער פון די אויבן־אָנגערופענע רוסישע קינסטלער וועקט אונדזער נײַגעריקייט, ווען אַפילע ער איז פאַרבונדן מיטן העלד פון דער געגעבענער טעמע בלויז אומדירעקט, מין־האַצאַד.

די ענגע פאַרבינדונג צווישן איסאַק לעוויטאַנען און אַנטאָן טשעכאָוון איז גוט באַוווּסט, מע קאָן אַפילע זאָגן, אַז זי איז א באַדײַטנדיקער פאַקט פון דער קולטור־געשיכטע אין דער צווייטער העלפט פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. דעריבער קאָן מען ניט, שרײַבנדיק וועגן לעוויטאַנען, פאַרגעסן אין דעם, וואָס עס האָט אים און טשעכאָוון אַף א לאַנגער צײַט צעשיידט — סע רעדט זיך וועגן טשעכאָווס דערציילונג „די שפּרינגערן" («Попрыгунья»). אונטער דעם דאָזיקן קעפּל האָט טשעכאָוו געשילדערט אין אַן אָפן פאַרורטיילנדיקן טאָן די באַציִונגען צווישן דעם דאָקטער קוווּשיניקאָווס פרוי, אויך א מאָלערן, און לעוויטאַנען, וועמען טשעכאָוו ברענגט אַרויס אונטערן נאָמען „דער מאָלער ריאַבאָווסקי". דער ראָמאַן צווישן קוווּשיניקאָווען און לעוויטאַנען איז געווען אַרויסרופעריש, זייערע באַגעגענישן — קימאַט אַלטעגלעכע — אַף דער פרײַער נאַטור, ווו זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט פּייזאַזש־מאָלערײַ, זײַנען פאָרגעקומען אָפּגעזונדערט פונעם גאַנצן אַרום. אַזוי האָבן זיי זיך געפירט אין מעשעך פון א ריי זומערדיקע סעזאָנען. דאָס דערשײַנען פון טשעכאָווס דערציילונג האָט אַרויסגערופן לעוויטאַנס ווידערווילן, ער האָט זיך געפילט באַליידיקט און זיך אַף לאַנג דערווײַטערט פון טשעכאָוון. דער דאָזיקער באַרויגעז, וואָס האָט געדויערט אַריבער א יאָר, האָט זיך פאַרענדיקט אַדאַנק דער אַרײַנמישונג פון דער שרײַבערן שטשעפּקינאַ־קופּערניק, וועלכע האָט געזען, ווי ביידע צדאָדים — אי טשעכאָוו, אי לעוויטאַן — באַציִען זיך נעגאַטיוו צו זייער מאַכלויקעס און געפינען ניט קיין מיטל, וויאַזוי עס ליקווידירן. שטשעפּקינאַ־קופּערניק האָט איינמאָל, פאָרנדיק קיין מעליכאָוואָ צו טשעכאָוון, באַזוכט אַף איר וועג לעוויטאַנען. זי האָט דערפילט זײַן פאַרזאָרגטע שטימונג און גענומען אַף זיך די ראָליע פון א רודעף־שאָלעמניצע. ענערגיש איז זי באַשטאַנען אַף דעם, אַז לעוויטאַן זאָל מיט איר מיטפאָרן. די באַגעגעניש פון לעוויטאַנען מיט טשעכאָוון האָט שוין אַף שטענדיק באַנײַט זייערע פרײַנטלעכע, אופריכטיק כאַווערישע באַציִונגען ביזן סאָף: ווי באַוווּסט איז לעוויטאַן געשטאָרבן אין יול 1900, טשעכאָוו האָט אים איבערגעלעבט אַף פיר יאָר.

א שאָד, וואָס מיכאיל אָסטראָווסקי האָט דורכגעלאָזט אָט דעם היסטאָרישן עפּיזאָד אין די באַציִונגען צווישן די צוויי גיגאַנטן פֿון דער רוסלענדישער קולטור...

10

דער נומ. 8 פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַרן יאָר 1986 שליסט כאָטש ביידערס אַרטיקל „זוכן און געפֿינען". דער אוטאָר ציטירט אין אָנהייב פֿונעם אַרטיקל לויטן ערשטן נומער פֿון דער צײַטונג „אייניקייט" פֿאַרן 7 יוני 1942 איציק פֿעפֿערס ליד „די שוווּע", וועלכע איז דעם באַהאַוונטן לייענער גוט באַוווּסט:

איך שווער בײַ דער ליכטיקער זון, בײַ די
 שטויגנענדע שטערן,
איך שווער הײַנט בײַ אַלץ, וואָס אַ פּאַשעטער
 מענטש קאָן נאָר שווערן,
איך שווער בײַ די הערצער, וואָס זידן אין שלאַכטן
 און קאָכן,
איך שווער בײַ די שטאַמען פֿון גליק, וואָס דער
 פֿײַנט האָט צעבראָכן...

און אַזוי ווײַטער. די ליד איז דער אויסדרוק פֿונעם פֿאָלקס וויגעשריי, וועלכער וועט שוין קלינגען לעדוירעס, און ווערנדיק פֿאַרקערפּערט אין פּאָעטישן וואָרט, וועט ער שטענדיק אויפֿגענומען ווערן ווי דאָס קאָל פֿון אַ פֿאָלקס־דיכטער, וואָס האָט געקאָנט זאָגן „בעיני ראיתי" („בעייניי ראיסי") — מיט מײַנע אויגן האָב איך עס געזען און דורך מײַן האַרץ עס אַרויסגעבראַכט.

צום אָרט דערמאָנט דאָ דער אוטאָר מוישע טייפּס ליד „שטאַרקער פֿון טויט", וועלכע דער דיכטער האָט אָנגעשריבן אין „אַן אומרויִקער און פֿינצטערער נאַכט, ליגנדיק בײַ אַ זעניט־האַרמאַט":

געבענטשט זײַ, שטילע נאַכט!.. דו, מורמלענדי־
 קער קוואַל,
מיט זאַפֿט פֿון די בעריאָזעס
 קומסטו מיך דערנענטערן...
נאָר אומגעריכט... אַ פֿײַער פֿון האַרמאַטן־קנאַל
 צום הימל פֿליט
און רײַסט און פֿליקט די שטערן!

כאָטש ביידער דערמאָנט אויך פֿאַקטן, וועלכע ער האָט אין זײַנע זוכענישן געפֿונען — זיי וועט אויסניצן דער קינפֿטיקער היסטאָריקער, ווען ער וועט זיך שטעלן אַ קאָמפּליצירטע אויפֿגאַבע צו באַשרײַבן אונדזער צײַט, אַזאַ באַרימטע מיט קאַמפֿן און ניצחונעס.

אין די ראַמען פֿון דער ייִדישער פֿאָלקלאָריסטיק מײַדט ער ניט אויס די געטאָ־טעמע, די טעמע פֿון פֿאָלקס קאָרבן אין לעצטן קריג. ער ברענגט א ליד, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין לאַגער אין יאַנוואַר 1945, אויף דער שוועל פֿון דער באַפֿרײַונג, — דאָס לאָזט זיך שוין פֿילן אינעם טאָן פֿון דער ליד, וועלכע איז ניט אַזוי אָנגעזאַפּט מיט ייִאוש, האָגאַם וועגן באַפֿרײַונג וואָגן נאָך ניט די לאַגערניקעס אָפֿן אַרויסזאָגן:

מיר גייען גלײַך צו פֿינף אין ריי,
מיר טרעטן אײַן דעם פֿרישן שניי
מיט ליידן פֿינצטערע אין בליק,
מיט הערצער, אויסגעבענקט נאָך גליק.
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
מיר הייבן אָן דעם טאָג פֿון פּײַן.

ביידער איז גערעכט, ווען ער צווייפֿלט בענוגע דער פּערספּעקטיוו פֿון נײַע פֿאָלקסלידער, וועלכע זאָלן אָנקומען אין דער צוקונפֿט — „קאָלזמאַן ס'איז נאָך ניט שפּעט". עס קומט אָפֿן געדאַנק הײַנעס אויסרוף:

וועקט ניט מער די אײַטלע קלאָגע
אום די צײַט די אונדז פֿערזאַגט...

דאָס האָט דער גרויסער דיכטער געשריבן וועגן בילדער פֿון שענסטע טעג — וואָס זשע זאָלן מיר שוין זאָגן, ווען סע רעדט זיך וועגן דער צײַט פֿון גרויזאַמען חורבן?

* * *

אונדזער ליטעראַטור אין פֿאַרגאַנגענעם 1986 יאָר האָט אַרויסגעוויזן אַלע סימנים פֿון ווײַטערדיקן וווּקס. דאָס סאַמע וויכטיקע איז די פֿאַרשיידנקייט פֿון זשאַנרען, זייער פֿילבאַרקייט. רײַכער פֿון אַנדערע זשאַנרען איז די פּראָזע, נאָר אויך די פּאָעזיע האָט באַוויזן איר פֿעיִקייט צום פֿרישן בילד, וועלכן מיר געפֿינען קוידעמקאָל אין די לידער פֿון אַרן ווערגעליס, מאָטל גאָלבשטיין, דאָרע כײַקינע און ניט נאָר בײַ זיי. די רײַכקייט פֿון ליטעראַרישע נעמען האָט געצוווּנגען באַגרענעצן דעם באַווײַז פֿון אייגנאַרטיקע ווערק, האָגאַם אַזעלכע זײַנען דאָ אויך צווישן די ניט־דערמאָנטע דיכטער — דאָס איז שײַעך אויך די יעניקע, וועלכע ווערגעליס האָט אָנגערופֿן „יונגע שפּראָצלינגען", צווישן זיי פֿאַרנעמט שוין אַ צענטראַל אָרט באָריס סאַנדלער.

נאָר אײַנאיינעם מיט דעם שטעלט אונדזער הײַנטיקעווירקלעכקייט פֿאַר דער ליטעראַטור נײַע אויפֿגאַבן, וואָס באַזירן זיך אויף אַלזײַטיקער, שטרענגער און פֿרײַנטלעכער קריטיק — דעם הויפּט־טנײַ פֿון איבערבוי און ווײַטערדיקע דערגרייכונגען, פֿון פֿאַרטיפֿטן שאַפֿונגס־פּראָצעס אין אַלע זשאַנרען און פֿאָרמען.



# פּובליציסטיק

## עדוארד ראָזענטאַל

# די אַנאַטאָמיע פֿון שרעק

...די שרעק איז א דירעקטער באַטייליקטער אין דעם וואָפן־געיעג: פארשטאַרקערנדיק דעם אומצוטרוי און דעם פארדאַכט, בילדעט זי א פארקישעפטן קרײַז פון אַנפּאַמפען די געשפּאַנטקײַט.

**מ. גאָרבאַטשאָוו**
**(פון דער דערקלערונג דעם 15 אווגוסט 1985)**

אנומלטן בין איך געווען אין א קאָמאַנדירונג אין רוים. מײַן אווטאָמאָביל האָט א שווייצארישן נומער: פון לינקס א ווײַסער קרייץ אף א רויטן פאָן — דער קאָליר פון דעם שווייצארישן נאַציאָנאַלן פלאַג, פון רעכטס א געל־רויטע שילד מיט א שוואַרצן אָדלער און מיט שליסלען — די עמבלעמע פון זשענעווע. איך שלעפּ זיך אינעם אווטאָמאָבילן־שטראָם פאַזע דער טיבער ואַנט פונעם וואַטיקאַן. בין ניט אויווער אף די קלאָלים. איך זע אָבער, ווי א געזונטער יונגאַטש, וואָס רעגולירט די באַוועגונג, האָט אויסגעגלאָצט די אויגן אף מײַן „אָפּעל" און אופגעהויבן די האַנט. אָט איז ער צוגעגאַנגען. פון קאָפּ ביז די פיס אין בלויע און אָראַנזשעווע פאַסן. בלויז די הענטשקעס זײַנען ווײַסע. ארײַנגעשטופּט דעם קאָפּ אין אווטאָמאָביל־פענצטער:

א שווייצער? פון זשענעווע? וואָס הערט זיך דאָרט?

— ניין, איך בין א סאָוועטישער, א זשורנאַליסט. אין דער שווייץ ארבעט איך צײַטווײַליק.

— און איך בין א שווייצער. איך ארבעט באַם רוימישן פויפּסט, אין „גוארדיא סאוויצערא פאָנטיפיטשיא".

הינטער אונדז האָט מען געהאַלטן אין איין הודיען. ס'איז געווען הייס, און די שאָפערן האָבן נערווירט. איך האָב אָפּגעקערט אין א זײַט און זיך אָפּגעשטעלט גלײַך אפן טראָטואַר בא א שטעלעכל מיט אײַזקרעם. דער רעגולירער איז צוגעגאַנגען, מיר אויסגעשטרעקט די האַנט:

— מיך רופט מען הערבערט פּערוטי, איך בין פונעם קאַנטאָן וואַ. די שטאָט סענט־קרוא איז אײַך באַקאַנט?

איך האָב געקויפט צוויי פּאָרציעס מאַלינעס־אײַזקרעם, און מיר האָבן זיך צוגעזעצט אין שאָטן. פּערוטי האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פונעם שטערן:

— איצט איז הייס, נאָר דאָ, בא פּאָרט סאַנטא אַפּיא, איז גאָר ניט קיין שלעכט אָרט. דאָ קאָנסטו זיך שטיין און באַקוקן די טוריסטן. די צײַט גייט אדורך גיך. אָבער בא די בראָנזע־טויערן מוזסטו טאָרטשען ווי א פלאָקן מיט דער אַלעבאַרדע. דאָרט באַקוקן שוין דיך די טוריסטן און פאָטאָגראַפירן דיך. ווען פאַר יעדער פאָטאָגראַפיע וואָלט מען געצאָלט א לירע, וואָלט איך שוין געוואָרן א מיליאָנער.

מיר האָבן געשמועסט א מינוט פופצן. פּערוטי האָט מיט פאַרגעניגן זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ. זיך געקלאָגט, אז זעלטן גייען צו אים צו שווייצארישע טוריסטן. אָפטער אמעריקאַנער, ענגלענדער, יאַפּאַנער.

איך האָב א פֿרעג געטאָן:

— וואָס דאַרף מען האָבן, קעדיי דינען אין דער פּויפּסטלעכער גוואַרדיע?

— א וווּקס דאַרף מען האָבן אַמווייניקסטנס 174 סאַנטימעטער. כוץ דעם, דאַרף מען זײַן א באָכער און ווינטשנסווערט א קאַטאָליקער. און מער גאָרניט. ניט קיין בילדונג, ניט קיין קוואַליפֿיקאַציע פֿאָדערט זיך נישט. די איינציקע זאַך — מע דאַרף אומבאַדינגט זײַן א שווייצער, קיין אַנדערע נעמט ניט דער פּויפּסט. נאָר די שווייצער כאַפּן זיך ניט, כאָטש צאָלן צאָלט מען ניט שלעכט. זומער קומען אַהער אַמאָל סטודענטן, קעדיי אונטערצופֿאַרדינען. בא זיי פֿרעגט מען אַפֿילע ניט, צי זײַנען זיי קאַטאָליקער, צי ניט.

— און איר דינט שוין לאַנג אין דער פּויפּסטלעכער גוואַרדיע?

— דאָס דריטע יאָר. ווען איך האָב זיך געקליבן אַרויסצופֿאָרן פֿון סענט־קרוא, האָבן מײַנע גוטע־פֿרײַנט מיך געהאַלטן פֿאַר כאָסערדייע, מיך באַגלייט, ווי אין א מאָנאַסטיר. אויך מיר א מאָנאַסטיר: זומער — אַפֿן פֿליאַזש, ווינטער — אויף ליזשעס. נישקאָשע, מע געוווינט זיך צו. עמעס, אַרבעטן קומט איצט אויס א סאַך. עס דאַרפֿן זײַן א מענטשן הונדערט, נאָר דינען דינען בא זיבעציק.

פּערוטי ווינקט מיר אונטער:

— נאָר בעסער איז שוין צו טאָרטשען, ווי א גלאָמפּ, בא די בראָנזעווע טויערן, איידער מילכאָמע האַלטן מיט די רוסן.

איך האָב אויך א ווונק געטאָן:

— וואָס זשע, עס קאָן זײַן אזא מעגלעכקײַט?

ער האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסלען און געענטפֿערט, אויסציִענדיק די ווערטער:

— איך מײַן, אַז ניט. נאָר מע רעדט וועגן דעם. און די דאָזיקע געשיכטע מיטן פֿאַלקאָוניק צערקיבעל, איר האָט מיסטאָמע וועגן איר געהערט? מײַן כאַווערס פֿאָטער איז דאָרט בײַגעווען. א סקאַנדאַליעזע געשיכטע.

איך האָב געהערט וועגן איר, די געשיכטע איז ווירקלעך געווען א סקאַנדאַליעזע. געזעגענענדיק זיך, האָט פּערוטי מיר געווונטשן א גליקלעכן וועג, און איך אים — זיך ניט איבערמידן, קעדיי עס זאָלן אים ניט מאַטערן קיין בייזע כאַלוימעס.

פּערוטי האָט א ביסל צוגעהאַלטן די באַוועגונג, און איך בין ווידער אַרײַן אינעם אויטאָמאָבילשטראָם. באַם אַרײַנגאַנג אין פּויפּסטלעכן פּאַלאַץ איז געשטאַנען אויסגעצויגן, ווי א סטרונע, מיט אַן אַלעבאַרדע נאָך איין פֿאָרשטייער פֿון דער „גוואַרדיִא סאַוויצערא". א טונקל־בלויער בערעט, א שוואַרצער קאַמזויל מיט געלע פּאַסיקלעך, אין שאַראָוואַרן און עפּעס ענלעכס אויף קאַמאַשן — פּונקט אַזעלכע פֿלעגט מאָלן מיקעלאַנדזשעלאָ. און איצט פֿאָטאָגראַפֿירט מען זיי מיט א „קאָדאַק". אָט אַזוי. ערגעץ ענדיקט זיך די געשיכטע, עס הייבט זיך אָן א בוטאַפֿאָריע. נאָר יענע געשיכטע מיטן פֿאַלקאָוניק צערקיבעלן, וועגן וועלכער ס'האָט דערמאָנט פּערוטי, איז אָבער ניט געווען קיין בוטאַפֿאָריע.

דאָס איז געשען אינעם ראַיאָן פֿון דער שוואַרצער אָזערע אויף דאָרעם־מיזרעך פֿון דער שטאָט פֿריבור בייס די מאַנעווערס פֿון דער שווייצאַרישער אַרמיי. דער קאָמאַנדיר האָט באַפֿוילן דער שלאַכטגרופּע „שווייצער" זיך אַריבערקלײַבן באַנאַכט אויפֿן אַנדערן ברעג פֿון דער אָזערע, צו די פּאָזיציעס פֿון דעם „סוינע", וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן „אויסלענדישע מעלוכע". און קונציק אים פֿאַרכאַפּן אומדערוואַרט. נאָר צי עס האָט עמעצער א טשירקע געטאָן מיט א שוועבעלע — פֿאַרייכערט בייסן איבערשווימען, צי אויסגעגעבן האָט דער רויש פֿון די ווייסלעס, נאָר אין רעזולטאַט האָט זיך פֿריִער געכאַפּט דער „סוינע". די „שווייצער", וועלכע האָבן שוין אויפֿגעטראָטן אויפֿן האַרטן באָדן, האָט מען געכאַפּט און אַכזאָריעסדיק געבונדן. לויט דער אוניפֿאָרם האָבן זיך די סאָלדאַטן פֿונעם „סוינע" ניט אונטערגעשיידט פֿון די „שווייצער", ווען ניט די רויטע שטערנס אויף די העלמען. ווי ס'זאָל ניט זײַן, האָט מען אויף די געכאַפּטע אָנגעטאָן האַנטקייטלעך און אַוועקגעשלעפּט אין שטאַב. אין שטאַב האָט די שלימאַזלען גענומען אויפֿן פֿאַרהער אַליין דער קאָמאַנדיר פֿונעם „סוינע". די „פּאַטריאָטן" האָבן געשוויגן (וואָס האָבן זיי געקאָנט זאָגן?), און דעמלט האָט מען זיי איינעם נאָכן אַנדערן אַרײַנגעוואָרפֿן אין א פּײַניקונג־קאַמער. דאָ איז שוין אַלץ געווען ניט אויף קאַטאָוועס, נאָר אויף דערעמעסן. די „שווייצער" האָט מען אויסגעדרייט די הענט, פֿאַרקלעמט די פֿינגער אין שרויפֿשטיקן, געלאָזט אין דער נאָז און אין די אויגן טרערן־גאַז. אויב דער „פּאַטריאָט" האָט פֿאַרלאָרן דעם באַוווּסטזײַן, פֿלעגט דער אונטער־אָפֿיצער שרײַען: „פֿאָלגנדיקער!"

אָט אַזוי זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן די מאַנעווערס פֿון די קורסאַנטן פֿון דער אַוויאַציע־שול אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם פֿאַלקאָוניק צערקיבעל. אַלע אָנטיילנעמער האָט מען געוואָרנט, אַז אַלץ דאַרף בלײַבן א מיליטערישער סאָד. נאָר געשען איז אַנדערש. עמעצער פֿון די „פּאַטריאָטן" האָט ניט געוואָלט מויכל זײַן דעם פֿאַלקאָוניק די האַנטקייטלעך און דעם טרערן־גאַז. דער סאָד איז אַרויס, ווי בוימל אויפֿן וואַסער. ס'איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אַן אינטערפּעליאַציע אין נאַציאָנאַלן ראַט. דער

פֿאַלקאָווניק האָט באַקומען אַ שטרענגן אויסרייד... ניט פֿאַר דער מיליטערישער שפּיל, נאָר פֿאַר דעם, וואָס ער איז ניט פֿעיִק איַינצוהיטן דעם „מיליטערישן סאָד“.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט דער פֿעדעראַלער יוסטיץ־דעפּאַרטאַמענט מיטן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט צונויפֿגעשטעלט אַ קליין רויט ביכעלע „בירגערלעכע שוץ“. דאָס דאָזיקע ביכעלע איז דערשינען מיט אַ קאָלאָסאַלן טיראַזש און איז פֿאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו אַלע איַינוווינער פֿונעם לאַנד. אין איינעם אַן אינדערפֿרי האָב איך אויך עס אַנטפּלעקט אין מיַין פּאָסטקעסטל.

דאָס ביכעלע האָט געוואָרנט, אַז דער סוינע שלאָפֿט ניט און „פֿון מינוט צו מינוט קאָן ער אַראָפּפֿאַלן פֿונעם הימל“, און וויַיטער האָט זיך גענוי דערקלערט, וואָס מע דאַרף טאָן, ווען דער סוינע וועט אָנפֿאַלן. וואָס פֿאַר אַ סוינע, איז דירעקט ניט געווען אָנגערופֿן. ס׳איז געווען געזאָגט בלויז, אַז דאָס איז איינע אַ מעלוכע, וווּ די מענטשן ריידן אויף אַן אַנדער שפּראַך, באַזוכן ניט דעם קלויסטער און האַלטן זיך באַ אַן אַנדער פּאָליטישער אָרדענונג און באַ אַן אַנדער אידעאָלאָגיע.

אַזעלכע, וואָס נעמען ערנסט אויף די דאָזיקע אויסטראַכטענישן וועגן אַ „סאָוועטישער דראָונג“, זיַינען פֿאַראַן אין דער שווייץ ניט וויניק. דער שווייצאַרישער שריַיבער מ. שמיד האָט אין איינער פֿון זיַינע נאָוועלעס באַוויזן אַ באַלעבעסל, וועלכער האָט, שרעקנדיק זיך פֿאַרן אָנפֿאַל מיצאַד „איינער אַ מעלוכע“, זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרגרייטן קאָנסערוון דאָס גאַנצע לעבן. ער האָט אַזוי־אַרום אָנגעזאַמלט 63.019 באַנקעס און... איז געשטאָרבן פֿון הונגער. דער שלימאַזל האָט, נעבעך, צעבראָכן אַ פֿוס און האָט ניט געקאָנט אַרויסקריכן פֿון שטוב, וועלכע איז פֿאַרוואַנדלט געווען אין אַן עמעסער פֿעסטונג, נאָר קיין קאָנסערוון־עפֿענער האָט ער ניט געהאַט. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פּערסאָנאַזש און די פֿאַבולע פֿון דער נאָוועלע איז אויסגעטראַכט, נאָר אָט האָט איינער אַ רעאַלער, ניט קיין אויסגעטראַכטער פּערסאָנאַזש וישאַן קאָנטאַ, צוגעשיקט אַן אָפֿענעם בריוו אין דער צייַטונג „סויִס“, אין וועלכן ער שטעלט אַ פֿראַגע די שווייצאַרישע יוגנטלעכע: „אינטערעסאַנט, ווּהין וועט איר זיך פֿאַרבאַהאַלטן, ווען די סאָוועטישע טאַנקען וועלן זיך אַריבערפּעקלען איבער די קאַרפּאַטן און זיך אַ רוק טאָן אויף אונדזערע קאַנטאָנען?“.

ווי איר זעט, האָט דער דאָזיקער קאָנטאַ אַפֿילע ניט פֿאַרשוויגן, וועגן וועלכער מעלוכע עס גייט אַ רייד. און אַ סאָלידע צייַטונג האָט עס פֿאַרעפֿנטלעכט אויף אַן אָנגעזעען אָרט.

איך וואָלט געקאָנט איבערכענען אויך אַנדערע פֿאַקטן אין דעם זעלבן גייַסט, צום ביַישפּיל, די סענסאַציִאָנעלע מיטיילונג אויף די ערשטע שפּאַלטן פֿון די שווייצאַרישע צייַטונגען וועגן דעם, וויִאַזוי איבערן לאַנד איז אַרומגעפֿלויגן אַ סאָוועטישער איבערקלאַנגיקער אַעראָפּלאַן „מיג־25“. און האַגאַם אינגיכן איז געווען אָפּגעדרוקט אַ האַכקאָשע (ניט אויף די ערשטע שפּאַלטן), איז אין דעם באַוווּסטזיַין פֿון די לייענער פֿאַרבליבן אַ שפּור פֿון דער דאָזיקער פּסיכישער אופּטרייסלונג.

ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, צוליב וואָס האָט מען דאָס געטאָן, איז געווען ניט שווער — די רעאַקציע האָט זיך געפּרוּווט צו פֿאַרקאָמפּליצירן, פֿאַרערגערן די צווישנפֿעלקערלעכע לאַגע, ניט דערלאָזן קיין אָנטשפּאַנונג, וועלכע האָט אין יענע יאָרן אָנגענומען קראַפֿט. און נאָך — אָנשרעקן די געזונטדענקענדיקע פּאָליטישע טוער, וועלכע ווירקן מיט דער גינסטיקער אַנטוויקלונג פֿון די סאָוועטיש־שווייצאַרישע צווישנבאַציִונגען.

שווערער איז געווען צו ענטפֿערן אויף אַן אַנדער פֿראַגע: פֿאַרוואָס האָבן די שווייץ־איַינוווינער, מענטשן פֿאַרזיכטיקע לויט דער נאַטור, אַזוי לייַכט געגלייבט, פֿאַרשטייט זיך, ניט אַלע, נאָר אַ סאַך — אין די אַלע פּלוידעריַיען? דעם ענטפֿער אויף דער פֿראַגע האָב איך פֿעררזענלעך געפֿונען אין אַ לערנבוך, אין וועלכן פֿאַר די שווייצאַרישע קינדער ווערט דערציילט וועגן דעם, וואָס עס שטעלט מיט זיך פֿאַר דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד. פּסער, — זאָגט זיך אין דעם לערנבוך, — איז אַ גרויס לאַנד אויפֿן מיזרעך, ווּ אין 1917 יאָר איז פֿאַרגעקומען אַ רעוואָליוציע און די נייַע רעגירונג בעראָש מיט לעינען האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן די כויוועס, וואָס זיי זיַינען געבליבן שולדיק די אויסלענדישע מעלוכעס. מע דאַרף קענען די שווייץ, ווּ די פֿראַגן פֿון דעבעט און קרעדיט זויגן איַין די קינדער לעך מיט דער מאַמעס מילך, קעדיי מע זאָל פֿאַרשטיין, ווי עס זעט אויס אין זייערע אויגן אַזאַ זאַך, ווי ניט צאָלן קיין כויוועס. אַן אָנשטענדיקער מענטש, ביפֿראַט נאָך אַ מעלוכע, איז אויף אַזוינס ניט פֿעיִק. פֿאַרשטייט זיך, אַז די שילער דערציילט מען ניט וועגן דעם, אַז דאָס סאָוועטישע רוסלאַנד האָט ניט געקאָנט צאָלן די כויוועס פֿון דער צאַרישער רעגירונג, וועלכע האָט געפּרוּווט דערשטיקן די רעוואָליוציע, שוין בלויז איבער דעם, וויַיל די קרעדיטאָרן אַליין האָבן געטאָן אַלץ, קעדיי צו צעשטערן די נייַע מעלוכע, זיך אַריַינגעריסן אויף איר טעריטאָריע, געטאָפּטשעט איר ערד.

דאַרף מען זיך דען כידעשן, וואָס די נעכטיקע שילער גלייבן אין יעטווידער אויסטראַכטעניש וועגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וועגן די סאָוועטישע מענטשן. אַשטייגער, וועגן דעם, אַז די ייִדן אין פּסער לעבן שיר ניט אין געטאָ, האָבן ניט קיין שום רעכט, און זייער שפּראַך און קולטור ווערט אָן אויפֿהער פֿאַרפֿאָלגט. נאָר הערט אַ שיינע מיַיסע. אַנומלטן זיַינען מיר געפֿאָרן, איך און אַרן ווערגעליס, קיין ציריך, באַזוכט די ייִדישע געמיינדע. ס׳האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַ היפּשער עולעם, און ס׳האָבן

זיך אַ שיט געטאָן פּראָגעס וועגן דער ייִדישער קולטור, וועגן ייִדיש, און א. ווערגעליס האָט אָנגע־הויבן ענטפערן אויף ייִדיש. קוקן זיי אויף אים, פינטלען מיט די אויגן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין איין מענטש פאַרשטייט ניט קיין ייִדיש וואָרט. אָט אַזוי.

און נאָך. אין איינעם אַ שווייצאַרישן באַרג־קאַנטאָן האָט מען מיך געפרעגט, צי איז עמעס, אַז אויף די סאָוועטישע זאַוואָדן איז צו יעדער אַרבעטער צוגעשטעלט אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס, קעדיי אים צווינגען אויספּילן דעם פינפיאָר־פּלאַן. איך געדענק, איך בין אין כּעס געוואָרן און געזאָגט: „ניט מיט קיין ביקס — מיט אַ האַרמאַט!״ דאַן האָט דער פרעגער זיך צעלאַכט און געזאָגט: „איך האָב טאַקע אַזוי געטראַכט, אַז דאָס איז ליגנערײַ״. נאָר אַ ספק איז בײַ אים פאָרט געבליבן.

די לעגענדע וועגן דער „סאָוועטישער דראָונג״ אין שײַכות צו דער שווייץ האָב איך אַזוי גענוי באַשריבן ניט בלויז מחמת דעם, וואָס איך בין אַפּט אַליין געווען אין איידעס, נאָר ווײַל אין אָט דעם קליינעם נייטראַלן לאַנד זעט זי אויס באַזונדערס גראָטעסקיש. און אַוודאי איז אין דעם פּראַט די שווייץ ניט טיפּיש. די אַנטיסאָוועטישע לעגענדע זעט דאָ אויס ווי אַ טאַנדעט־שטיק אין פאַרגלײַך מיט די לעגענדעס פון די אַנטיקאָמוניסטן אין פּשא, פּרד אָדער פראַנקרײַך, ווו די זאַך איז אַוועק־געשטעלט, קאָן מען זאָגן, אויף אַן אינדוסטריעלן קאָנווייער.

אויב אין די זעכציקער יאָרן, ווען די וועלט איז ביסלעכווײַז אַרויסגעקראָכן פון דעם „קאַלטן מילכאָמע־צושטאַנד״, האָט דער פאַלקאָווניק צערקיבעל געפּרוווט אויסבאַהאַלטן פון דער געזעלשאַפט־לעכקײַט די אָפּעראַציע בײַ דער שוואַרצער אַזערע, איז הײַנט פונקט פאַרקערט: די גענעראַלן פון פּענטאַגאָן סטאַרען זיך ברייט רעקלאַמירן ענלעכע אָפּעראַציעס און דעמאָנסטרירן זיי אַפילע אין דער טעלעוויזיע. דער דאָקומענטאַלער פילם, וואָס פּענטאַגאָן האָט אַרויסגעלאָזט אונטערן נאָמען „אָפּעראַ־ציע רויטער פלאַג״, דערציילט וועגן די מאַנעווערס פון די אַמעריקאַנער מיליטערישע לופט־קרעפטן. די פילמירונג פירט זיך פון אַן עראָפּלאַן, און דער דיקטאָר קאָמענטירט אינעם גאַנג, אַז אונטן געפינט זיך אַ טעריטאָריע, וואָס איז מאַקסימאַל ענלעך צו אַ „רוסישן לאַנדשאַפט״, די אַטאַקע גייט אויף אָביעקטן, וואָס געפינען זיך אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע, און אַז ס׳איז אַראָפּגעשאָסן אַ רוסישער עראָפּלאַן אַאַוו.

אָדער דער קינאָסעריאַל, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ רוישעם — „אַמעריקאַ״. אין אים דערציילט זיך, ווי אין די 90־ער יאָרן וועלן די רוסן פאַרכאַפּן די פאַרייניקטע שטאַטן און זיי פאַרוואַנדלען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. וועגן דעם דאָזיקן פילם האָב איך געהאַט אַ שמועס מיטן פּרעזידענט פונעם פאָנד פון דער לעבעדיקער נאַטור „אַרטעמידאַ״, בראַיאַן קאָן. בראַיאַן קאָן איז אַן אַמעריקאַנער, נאָר, אין אונטערשייד פון די אַווטאָרן פון „אַמעריקאַ״, שטייט ער פאַר מיטאַרבעט מיט די סאָוועטישע מענטשן. אין מעשעך פון עטלעכע יאָר האָט ער אײַנעם מיט די סאָוועטישע אָרניטאָלאָגן געשאַפן אַ פילם וועגן אַ נאָבעלער זאַך — ראַטעווען דעם סיבירער בושל. געלט אויפן פילם האָט ער צונויפגעקליבן אין די פאַרייניקטע שטאַטן קוים מיט צאָרעס. נאָר צונויפזאַמלען מיליאָנען דאָלאַר אויף „אַמעריקאַ״ איז געווען ניט שווער, זאָגט ער, אַזעלכע פילמען האָבן אַ נאָכפרעג. בראַיאַן האַלט, אַז די מערהײַט אַמעריקאַנער באַציִען זיך צו אַזאַ מין סאָרט פילמען גאַנץ נאָרמאַל: ס׳איז דאָ אַ נאָכפרעג, פאַרוואָס זשע זאָל מען ניט מאַכן קיין ביזנעס? אויב אַפילע די אַווטאָרן זונדערן אויף דעם ביזנעס פון מאָראַל־פּראַגן. קאָן זײַן, אַז עס איז אַזוי, נאָר אַז דער נאָכפרעג אויף אַנטיסאָוועטיזם ווערט פלאַנירט און ציל־געווענדט דורכגעפירט אין לעבן, איז ניט קיין ספק. און דאָס ווערט געטאָן ווײַט ניט בלויז אין די פאַרייניקטע שטאַטן.

דער פאַריזשער וועכנטלעכער זשורנאַל „עקספּרעס״ האָט אויף דער הילע פאַרעפנטלעכט אַ בילד פונעם מיליטער־פּאַראַד אויפן רויטן פּלאַץ. און ווײַטער — זעקס שפּאַלטן מיט טעקסטן, דיאַגראַמעס, קאַרטעס, אין וועלכע עס ווערט דערציילט, ווי מעכטיק עס איז דאָס לאַנד פון סאָציאַליזם. און ווידעראַמאָל די „סאָוועטישע דראָונג״. קעדיי עס זאָל זײַן מער איבערצײַגעוודיק, ווערן געבראַכט ציטאַטן פון ספּעציאַליסטן, מעווינעס פון מיליטערלײַט. דער גענעראַל ק. כאַנט, דער שטעלפאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר פונעם צווישנפעלקערלעכן אינסטיטוט פאַר סטראַטעגישע פאָרשונגען אין לאָנדאָן, שרײַבט, לעמאָשל: „די איבערוועגנדיקע קרעפטן פונעם וואַרשעווער אָפּמאַך זײַנען אָנגעצילט אויף אָנגרײַפנדיקע אָפּעראַציעס, אין דער צײַט, ווען די דיוויזיעס פון נאַטאָ זײַנען געשאַפן צוליב שוץ״. און קעדיי מע זאָל אים גלייבן, גיט דער גענעראַל צו: „די אינטענסיווע פּסיכאָלאָגישע און מיליטערישע צוגרייטונג, ווי אויך די מעלוכישע טעלעוויזיע און ראַדיאָ פאָרמירן דעם אַרט דענקען בײַ דער סאָוועטישער יוגנט — אין הייפּעך צו דעם אַרט דענקען פון דער מײַרעוו־יוגנט״. פאַרשטייט זיך, אַז גענעראַל כאַנט ווייסט אויסגעצייכנט, אַז אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז פאַראַן אַ געזעץ, וואָס פאַרווערט צו פּראָ־פּאַגאַנדירן מילכאָמע און גוואַלדטאַט און אַז דאָס איז אײַנגעשלאָסן אין דער קאָנסטיטוציע פונעם לאַנד. נאָר ער איז זיכער, אַז וועגן דעם ווייסן ניט די מענטשן, וואָס וווינען אין די מײַרעוו־לענדער, ווײַל פון זיי פאַרשליסט מען אַזעלכע זאַכן אויף זיבן שלעסער.

אין די מיַרעוו-לענדער וויסן אויך ניט פיל מענטשן וועגן דעם, אז דער סאָוועטנפארבאנד האָט זיך אָפּגעהאלטן איינזײַטיק אין משך פון אַנדערהאַלבן יאָר פון נוקלעארע אופרײַסן, און וועגן דעם, אז דער גענעראַל-סעקרעטאר פון צק קפסס מ. ס. גאָרבאַטשאָוו איז ארויסגעטראָטן דעם 15 יאַנואר 1985 מיט א דערקלערונג, אין וועלכער ער האָט פאָרגעלייגט מיטלען, וואָס זאָלן ליקווידירן צום 2000 יאָר אַלע נוקלעארע ארסענאַלן. און נאָך א סך זאכן וויסן זיי ניט.

פארשטייט זיך, אז די, וואָס ווילן זען, זעען.

זײַנערצײַט האָט דער אַמעריקאַנער היסטאָריקער און דיפּלאָמאַט דזש. קענאַן, א ספּעציאַליסט איבער דער „רוסישער פראַגע", אויך מיטגעהאָלפן צו פארשפּרייטן די לעגענדע וועגן דער „סאָוועטישער דראָונג". דערנאָך האָט דער געזונטער פארשטאַנד גענומען בא אים די איבערהאַנט. אינעם בוך „דער וואַלקן, וואָס טראָגט געפאַר: לויפנדיקע רעאַלקײַטן פון דער אַמעריקאַנער אויסערן-פּאָליטיק" דעמאַסקירט דזש. קענאַן יענע, וועלכע „האָבן ביכלאַל קיינמאָל ניט געוואָלט קיין פארבעסערונג פון די צווישנבאַציִונגען מיטן סאָוועטנפארבאַנד", קוידעמקאָל די פאָרשטייער פונעם מיליטעריש-אינדוסטריעלן קאָמפּלעקס, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר, לויט זײַנע ווערטער, „עפּעס א מין נאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן נאַרקאָמאַן". ער פאָדערט יערלעך מיליאַרדן דאָלאַרן אױף צו באַפרידיקן זײַן פארדאָרבלעכן כאַלאַס. קעדיי צו באַרעכטיקן זײַן עקזיסטענץ, נייטיקט זיך דער דאָזיקער „נאַרקאָמאַן" אין דער ווערסיע „סאָוועטישע דראָונג". און דזש. קענאַן גיט צו: „ס'איז פּאַשעט אומבאַגרײַפלעך, וויאַזוי עס קומען פון גאַנץ פאַראַנטוואָרטלעכע קוואַלן אַזעלכע, בעפּיירעש אומבאַגרינדעטע, אָנגאַבן, וואָס ברענגען אַרײַן אין א שטאַרקער פארבלענדעניש".

נאָר ס'איז דאָ גאָר קיין כידעש ניט: שעקער איז אַן אַלט אויסגעפּרוּווט מיטל פון דער אימפּעריאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז, לויט וו. אי. לענינען, „אַן אַלטער מעטאָד פון די רעאַקציאָנערן: פריער צו פארקריפּלען דעם סאָציאַליזם, צושרײַבנדיק אים אומגעלומפּערטע אַבסורדן, און דערנאָך זיגרײַך אָפּצופרעגן די דאָזיקע אַבסורדן"[1]. אַזעלכע שקאָרים און אַבסורדן, ניט געקוקט אױף זייער אַבסורד, האַלטן זיך לאַנג, אױף וויפל די פּראָפּאַגאַנדע דויבעט זיי אײַן קעסיידער אין די מאַסן. און טאָן טוט זיך דאָס גאַנץ קונציק, מיט באַהאַוונטקײַט אין די דינסטע פּסיכאָלאָגישע מעכאַניזמען פונעם מענטשלעכן באַוווּסטזײַן, וועלכע די בורזשואַזע אידעאָלאָגן דערלערנען זייער גענוי.

נאָך אין סאָף פון XIX יאָרהונדערט האָט דער פראַנצויזישער סאָציאָלאָג גוסטאַוו לעבאָן, צוקוקנדיק די שטורמישע אַנטוויקלונג פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָצעס, געשריבן אין זײַן בוך „די פּסיכאָלאָגיע פון פעלקער און מאַסן", אַז די אָנוואַקסנדיקע רעוואָלוציע קאָן מען אָפּהאַלטן מיט דער הילף פון עמאָציאָנעלע געשטאַלטן און אימפּולסן, וועלכע מאַכן „קנעכטיש אונטערטעניק דעם האַמוין". צו אַזעלכע אימפּולסן האָט ער צוגערעכנט די געפילן פון שרעק און האַס.

באַנוצנדיק זיך מיט די העכסט-אַנטוויקלטע מיטלען פון מאַסן-אינפאָרמאַציע, האָבן די הײַנטצײַטיקע סאָציאַלע פּסיכאָלאָגן אין די מיַרעוו-לענדער פארטיפט און אָפּגעשלײַפט לעבאָנס אידיי. אינעם בוך „פּראָפּאַגאַנדע" רעדט לעבאָנס לאַנדסמאַן פּראָפעסאָר זשאַק עליול וועגן דעם, אַז „די פּראָפּאַגאַנדע דאַרף זײַן אײַנגעוואָרצלט אױפן ניוואָ פונעם אונטערבאַוווּסטזײַן", „אָפּטיילן דעם געדאַנק פון פּראַקטישער האַנדלונג", זיך דערשלאָגן בא די מאַסן „א פּאַסיוון אָנטייל". און צוליב דעם איז נייטיק מיט דער הילף פון „זייער קאָלאָריטע געשטאַלטן צו שאַפן אַנטשפּרעכיקע מיפן".

דער אַנאַליז פון דער פּסיכאָלאָגיע פון דער הײַנטצײַטיקער געזעלשאַפט, שרײַבט עליול, האָט באַוויזן, אַז „איינע פון די פארשפּרייטסטע און שטאַרקסטע מענטשן-געפילן איז שרעק". די אַטאָם-באָמבע, שלאָפקײַטן, אַרבעטלאָזיקײַט און א סך אַנדערע זאַכן ליגן הײַנט אין גרונט פון דעם דאָזיקן געפיל. פון דער צווייטער זײַט, קומט אויס לויט עליולן, אַז אַן אָנגעשראָקענער מענטש „פילט קעסיידער א געוויסע באַדערפעניש עמעצן צו פאַרהאַסן". צו הילף קומט די פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז שטענדיק גרייט „אים פאָרצולייגן אַן אָביעקט, אױף וועלכן ער קאָן אויסגיסן זײַן האַס", „אָנווײַזנדיק אױף די סאָנים, וועלכע מע דאַרף פאַרניכטן".

פונדעסטוועגן, אָנשרעקן א מענטשן, אפילע אַן אָפּגעשטאַנענעם, בלויז מיטן טעזיס וועגן דעם „איבערוואָג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד" אין נוקלעאַרן געווער איז בא הײַנטיקער צײַט ניט גאָר פּאַשעט. מאַכמעס די אידיי פון נוקלעאַרן זעלבסטמאָרד האָט פעסט באַהערשט דעם באַוווּסטזײַן פון די מאַסן, אַז אַוועלכער-ניט-איז איבערוואָג איז בעקויעך צו ראַטעווען פון אַלגעמיינעם זעלבסטמאָרד. און פאָרט האָט דאָס באַלעבעסל מוירע פאַר דער „סאָוועטישער דראָונג".

פאַרוואָס קומט דאָס פאָר?

די זאַך איז דאָ אין דעם, וואָס די שרעק פלאַנצט מען אײַן אױפן נידעריקסטן פּסיכאָלאָגישן ניוואָ, וואָס שטעקט מיט זײַנע וואָרצלען אין דעם אונטערבאַוווּסטזײַן. גאָר אַמאָל האָט זיך דער באַגריף „אַן אַנדערער" אַסאָציִירט מיט „א פרעמדער", „אַן אומפאַרשטענדלעכער" און דעריבער א געפערלעכער.

[1] В. И. Ленин. Полное собрание сочинений, т. 24, стр. 361.

פון אָט דעם „אַנדערן“ האָט מען דערוואַרט יעדן מין פּאַסקודסטווע. דאָס איז געווען אַ טאָטאַלע שרעק אויף אַ שטייגערישן ניוואָ. דער סטערעאָטיפּ „אַ פרעמדער“ לעבט אינעם באַוווּסטזײַן אויך פונעם הײַנטצײַטיקן מענטשן. בײַ אַ געניטער פּסיכאָלאָגישער אויפוויקלונג ווערט דער דאָזיקער סטערעאָטיפּ באַאַרבעט און אויפגעלעבט.

מײַן פּערזענלעכער קאָנטאַקט מיט אַמעריקאַנער, פראַנצויזן, שפּאַניער, שווייצער האָט מיך איבערצײַגט, אַז ביז זייערע אַ באַגעגעניש מיט אַ סאָוועטישן מענטשן האָבן די מערהײַט פון זיי וועגן אים אַ פאַרקריפּלטע פאָרשטעלונג. איינמאָל האָט מיר אַן אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר, וועלכער אַרבעט אין פּאַריזש, אין סאָרבאָנע, געשטעלט אַ פראַגע: צי איז עמעס, אַז אין רוסלאַנד וויקלט מען אײַן זויג־קינדער די הענט און די פיס אַזוי שטײַף, קעדיי זיי זאָלן זיך פון די ווינדעלעך צוגעוווינען צו דער אומפרײַהײַט, און זיי זאָלן ניט אַזוי שאַרף אויפנעמען די אָפּוועזנהײַט פון פרײַהײַט אין דער צוקונפט?

איך האָב אַליין געוויקלט מײַנע קינדער און האָב זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט, פאַרוואָס איך וויקל זיי אַזוי און ניט אַנדערש: מיסטאַמע לויט דער טראַדיציע, זיי זאָלן זיך ווינטער אין דרויסן ניט צעוויקלען און זיך ניט פאַרקילן. נאָר אויך דאָ האָט עמעצער זיך פאַרסטאַרעט צו דערפינדן אַן אַנטי־סאָוועטישע ווערסיע, און אַ סך האָבן אין איר געגלייבט. דערבײַ דאַרף מען אָפּמערקן, אַז די פראַגע האָט געשטעלט ניט קיין אָפּגעשטאַנען מענטשל, נאָר אַן עכטער, קאָן מען זאָגן, אינטעלעקטואַל.

מע דאַרף אָבער אָנערקענען, אַז ניט זעלטן העלפן מיר אַליין די אַנטיסאָוועטשיקעס. אונדזערע צײַטונגען דערציילן אָפט וועגן רעאַלע לעפּישקײַטן אין טאָגטעגלעכן לעבן. מענטשן פון מײַרעוו קאָנען, לעמאָשל, ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַ דירעקטאָר פון איין זאַוואָד קאָן בעשום־אויפן ניט פאַרקויפן געוויסע מעכאַניזמען, וועלכע ער דאַרף ניט, און יענער דירעקטאָר נייטיקט זיך אין זיי, פאַרוואָס פאָדערט זיך דאָ אַ ביוראָקראַטישער בריוו־אויסטויש מיט די מיניסטעריומס, אומענדלעכע שפּאַרעונישן, נערוון... שלעכט איז, פאַרשטייט זיך, ניט דאָס, וואָס אַזעלכע דערשײַנונגען ווערן פאַרעפנטלעכט, דאָס העלפט גראָד זיי אויסצוואָרצלען, נאָר דאָס, וואָס זיי זײַנען פאַראַן און באַזײַטיקן זיך ניט אַזוי גיך, ווי ס׳וואָלט זיך געוואָלט. און אַן סאָפעק שטעלן זיי אונדז צו שאַנד אין די אויגן פון די אויסלענדער.

ווי עס זאָל ניט זײַן, נאָר אַ פאַקט בלײַבט אַ פאַקט: אין דער טקופע פון אינפאָרמאַטיק זעט אויס דער סאָוועטנפאַרבאַנד בײַ אַ סך מענטשן פון די מײַרעוו־לענדער, ווי פון יענער זײַט שפּיגל, אין דער מײַסעלע וועגן „אַליסע אין דעם לאַנד פון וווּנדער“, וווּ אַלץ איז ניט ווי בײַ לײַטן, וווּ לינקס איז גאָר רעכטס און אַפילע דער זייגער גייט אין דער פאַרקערטער זײַט. גיט זיך נאָר אַ גראָב אין די געהירן פון יענע, וועלכע זײַנען אַפילע גוט באַקאַנט מיט די סאָוועטישע רעאַליעס, און ס׳וועט זיך אויך בײַ זיי אויסשיילן אַן אַנטיסאָוועטישער גראָטעסק, די פּראָפּאַגאַנדע טוט זיך איר זאַך.

דעריבער עגבערט אַ געדאַנק: מיצאַד אַזעלכע, ווי „ניט איך“, קאָן מען דערוואַרטן אַזוינס, וואָס „איך“ וואָלט ניט געטאָן. „איך“, אַשטייגער, פאַרשטיי דאָס גוט, אַז די נוקלעאַרע מילכאָמע איז אַן אומזין, נאָר טאָמער פאַרשטייען „זיי“ דאָס ניט? עמעס, זיי זאָגן אויך, אַז זיי ווילן שאָלעם און האָבן אַפילע איינזײַטיק אַ מאָראַטאָריע אויף נוקלעאַרע אויספּרוּוון אײַנגעפירט און דערנאָך אים פאַרלענגערט. נאָר וואָס וועט זײַן, אויב זיי נאַרן אָפּ און שלעפּערן אײַן מײַן וואַכזאַמקײַט? זיי ווילן, מיר זאָלן זיך אַנטוואָפּענען, און דערנאָך... ס׳איז אַפילע שרעקלעך זיך פאָרצושטעלן. לאָמיך בעסער שוין אונטערהאַלטן דעם פּרעזידענט, געבן געלט אויף זײַן קאָסמישער איניציאַטיוו, די אָפּצאָלן פאַרן שטיבל און פאַרן אויטאָמאָביל וועלן צוּוואַרטן. דערפאַר וועל איך אָבער רויִק שלאָפן. די נערוון, זיי זײַנען טײַערער, די דאָקטוירים זאָגן, אַז טויטע נערוון־קעמערלעך שטעלן זיך שוין ניט אויף. און נאָך אַ זאַך: מע דאַרף אויך געבן אויף געווער פאַר די קאָנטראַס, ווײַל די דאָזיקע רוסישע דערקלײַבן זיך שוין צו ניקאַראַגוּאַ, און צו אונדז איז עס שוין מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. עמעס, דער פּרעזידענט אווראַאַם לינקאָלן האָט געזאָגט, אַז יעדעס פאָלק האָט רעכט אויף זײַן רעוואָליוציע, נאָר דאָס איז געווען אַמאָל. דעמלט איז אַלץ געגאַנגען אַנדערש און קיין שום סאָוועטישע זײַנען אין דער וועלט ניט געווען.

באַשרײַבנדיק דעם גראָטעסקישן אַנטיסאָוועטיזם, האָב איך זיך אַליין שוין דערלויבט אַ גראָטעסק, אַ גראָטעסק — לויט דער פאָרם, נאָר לויטן טאָך איז דאָס, צום באַדויערן, זייער ניט ווײַט פון דער ווירקלעכקײַט. אויפן באַזיס פון עמאָציאָנעלן אַנטיסאָוועטיזם ווערן אויפגעבויט אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע באַריערן, וואָס פאַרצאַמען די וועגן פאַר דעם קעגנזײַטיקן צוטרוי און קעגן דער פרײַנטשאַפט צווישן מענטשן.

די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווירקט אויף אַן עמאָציאָנעל־פּסיכאָלאָגישן ניוואָ, דרינגט לײַכט אַרײַן אין דעם באַוווּסטזײַן פון דער יוגנט, וועלכע האָט נאָך ניט קיין דערפאַרונג אין פּאָליטיק.

די צײַטונג „ניו־יאָרק־טײַמס“ האָט מיטגעטיילט, אַז אין איינער פון די שולן אין דער שטאָט טשאַטנעם איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אויספרעג צווישן די שילער פון די עלטערע קלאַסן. מע האָט

זיי געשטעלט איין פֿראַגע: אַוועלכע עפּיטעטן קומען אײַך אײַן קאָפּ, ווען איר הערט דאָס וואָרט „רוסן"? 70 פּראָצענט האָבן געענטפֿערט: האַרצלאָזע, עקלהאַפֿטע, שפּיאָנען, פּסיכאָפּאַטן. דאָ באַווײַזט זיך דער עפֿעקט פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע אין זײַן בוילעטן אויסזען, אַט די כּוועריע האָבן דאָך געזען רוסן בלויז אויף דעם טעלעוויזאָר־עקראַן און אין קינאָ. בלויז זעקס פּראָצענט האָבן דערלאָזט, אַז די רוסן זײַנען עפּשער ניט אַזוי שרעקלעך, ווי מע שטעלט זיי פֿאָר.

אין אַ זאַל פֿון אַזאַרט־שפּיל־אויטאָמאַטן אין פּאַריזש בין איך געווען אַן אייעדעס, מיט וואָס פֿאַר אַ היץ האָט אַ יונגערמאַן געקוועטשט אויף די קנאָפּקעס, „פֿאַרניכטנדיק" סאָוועטישע ראַקעטעס, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט דורכרײַסן צו אַ וויכטיקן מיליטערישן אָביעקט אין אַ מײַרעוו־לאַנד. ער האָט עס דורכגעמאַכט גאַנץ געשיקט, און דאָך האָט איין ראַקעטע זיך דורכגעריסן. אויפֿן עקראַן האָט זיך באַוויזן אַ נוקלעאַרער שוואָם און אַן אויפֿשריפֿט: „די שפּיל איז געענדיקט". דער באָכער האָט זיך מיעס געזידלט אויף פֿראַנצויזיש, האָט אַרײַנגעוואָרפֿן נאָך איין מאַטבייע אין אויטאָמאַט און ווידעראַמאָל זיך געוואָרפֿן, ווי אין קאַדאַכעס, קוועטשנדיק אויף די קנאָפּקעס.

ראָד כײַד איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פֿון דער נוקלעאַרער לאַבאָראַטאָריע אין דער שטאָט ליווערמאָר (שטאַט קאַליפֿאָרניע), ווען ער איז אַלט געווען אינגאַנצן 19 יאָר. ער האָט אויך געקאָנט שפּילן אין צאַצקע־ראַקעטעס, נאָר בײַ אים האָבן זיך פֿרי באַוויזן פֿעיִקייטן פֿון אַ גרויסן געלערנטן און מ'האָט אים אײַנגעלאַדן זיך צו פֿאַרנעמען מיט ראַקעטעס, עמעסדיקע. אַליין ראָד האָט דערקלערט זײַן אָנקומען אין ליווערמאָר אַזוי: „די סאָוועטן גלייב איך ניט אַפֿילו אויף קיין צעבראָכענעם גראָשן. און איך קלײַב זיך זיי לערנען צו זײַן געהאָרכזאַם און שטיל מיט דער הילף פֿון עטלעכע גוט־אָנגעצילטע וואַסערשטאָף־באָמבעס.

איר ווערט אַוודאי פֿרעגן, וואָס עפּעס האָט ער באַשלאָסן אונדז צו לערנען געהאָרכזאַמקייט? ראָד האָט געענטפֿערט אויך אויף דער דאָזיקער פֿראַגע: „אַ קאַטאַקליזם וועט באַדײַטנדיק פֿאַרגיכערן די עוואָליוציע, אויף וויפֿל ס'וועלן פֿאַרניכטעט ווערן די נידעריקערע לעבנס־פֿאָרמען און וועט געבן אַ פֿרײַע מעגלעכקײַט צו אַנטוויקלען די העכערע".

איצט האָסטו שוין פֿאַרשטאַנען, מײַן טײַערער לייענער, אין וואָס עס גייט דאָ? ווײַזט זיך אַרויס, אַז איך און דו זײַנען נידעריקע באַשעפֿענישן, וועלכע עס פֿאַראַכטעט דער סופּערמען ראָד כײַד, אַ מין רעמבאָ פֿון דער וויסנשאַפֿט. פֿונוואַנען נעמט זיך אַזוינס?

אין די אַמעריקאַנער טעלעוויזיע־קאַנאַלן דרייט מען קעסיידער אַ מולטפֿילם־ראָליק אויף דרײַ מינוט: אַ פֿײַנע אַמעריקאַנער מישפּאָכע רוט אָפּ בײַ איר שטיבל, דער טאַטע לייענט אַ צײַטונג, די מאַמע שטריקט עפּעס, די קינדערלעך שפּילן זיך אין סאָד. פּלוצעם פֿונוואַנען, פֿון וואָס, — דעם סוינעס ראַקעטעס! אָט פֿאַרשטעלן זיי שוין די זון. נאָך איין אויגנבליק — און ס'איז אַ סאָף צו דער מישפּאָכע־אידיליע. נאָר אָט, ווי דורך אַ קישעף, וואַקסט אויס אַנטקעגן די ראַקעטעס אַ רעגנבויגן — אַ שוץ־וואַנט פֿון דער סאָי־סיסטעם. די ראַקעטעס צעשײַטן זיך אויף אַש און פּאָרעך, און ווידער שײַנט די זון און עס צוויטשערן די פֿייגל. און די קינדערלעך בעטן דעם טאַטן מיט דער מאַמען ניט זשאַלעווען קיין געלט אויף דער סטראַטעגישער שוץ־איניציאַטיוו.

אָט אַזוי. פֿריִער מולטפֿילמען, נאָכדעם לערנביכער, שפּילצײַג־ראַקעטעס און עמעסדיקע ראַקעטעס. די דאָזיקע פֿילמען, לערנביכער און שפּילכלעך מאַכן דאָך די זעלבע, וועלכע מאַכן עמעסדיקע שלאַכט־ראַקעטעס. די מיליטערישע אַמטן אין די מײַרעוו־לענדער האָבן אין זייער רעשוס אַ צעצווײַגטע נעץ פֿון אינפֿאָרמאַציע־קאַנאַלן, פּענטאַגאָן, לעמאָשל, פֿינאַנסירט מער פֿון 1000 צײַטונגען, בײַ 400 זשורנאַלן און ביולעטענען מיט אַן אַלגעמיינעם טיראַזש פֿון העכער 12 מיליאָן עקזעמפּליאַרן. דאָס מיניסטעריום פֿון די מיליטערישע יאַם־קויכעס פֿון פֿשאַ האַלט אונטער ענגע באַציִונגען מיט 600 טעלעוויזיע־צענטערס און 5000 ראַדיאָסטאַנציעס. פֿאַר די לעצטע 20 יאָר זײַנען די אַסיגנירונגען, וואָס די אַמעריקאַנער רעגירונג טיילט אויס דעם שוץ־מיניסטעריום אויף דורכשווענקען די געהירן דער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, אויסגעוואַקסן אין 15 מאָל.

אויף אַ הויכן ניוואָ שטייט דער מעכאַניזם פֿון ליגנערײַ. די ריידערײַען וועגן דער „סאָוועטישער דראָונג" ווערן, אַלס קלאָל, פֿאַרשטאַרקט גראָד דאַן, ווען עס גייט אויס דער טערמין פֿון דעם רעגירונגס־קאָנטראַקט מיט דער אָדער יענער מיליטערישער פֿירמע. אַזוי האָבן זיך אין די 70־ער יאָרן באַוויזן אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע מיטיילונגען וועגן דעם, אַז די מאַנעוורס, וואָס ס'האָט דורכגעפֿירט פּענטאַגאָן, האָבן באַוויזן די ניט־פֿעיִקייט פֿון די יאַבאָשע־קויכעס אויסצופֿילן זייערע פֿאַרטיידיקונג־אויפֿגאַבעס אין די באַדינגונגען פֿון דער הײַנטצײַטיקער הויך־מאָבילער מילכאָמע. באַזונדערס גרויסע פּרעטענזיעס זײַנען געווען אויסגעדריקט בענעגייע די טאַקטיש־טעכנישע מעגלעכקײַטן פֿון די טאַנקען. ס'האָט זיך אַפֿילו גערעדט וועגן זייער „נעבעכדיקן צושטאַנד". מ'האָט זיך באַקלאָגט, אַז די טאַנקען־בויונג אין פֿשאַ שטייט אָפּ פֿון דער סאָוועטישער איבער דער ניט־גענוגנדער ביודזשעט־אַסיגנירונג. און קעדיי ס'זאָל קלאָר זײַן פֿאַר די מענטשן, צו וואָס עס קאָן ברענגען, האָט דער זשורנאַל „מיליטאַרי רעוויו" פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סכעמע פֿון אַ „גאַנץ רעאַלער יאַבאַשעדיקער אינוואַזיע

פון די סאָוועטן" אין מיזרעך־אייראָפּע לויט דריי ריכטונגען: דורך בייערן, פראַנקפורט־אַם־מיין און דורך דעם צאָפנדיקן פלאַכלאַנד לעבן לאַ־מאַנש.

אַ שרעק? נאָר אַ מין שרעק! ווו זשע איז דער אויסגאַנג? אַן אויסגאַנג איז פאַראַן. „אינגאַנצן צופעליק" האָט זיך באַם קאָנצערן „קרייסלער" (דעם באַשטענדיקן צושטעלער פון פּענטאַגאָן) געפונען אַ גרייטער פּראָיעקט פון אַ נייעם טאַנק, וואָס איז „לויט אַלע אָנגאַבן ניט ערגער פון די סאָוועטישע טאַנקען". רייגאַן האָט דאָס אַליין דערקלערט דעם קאָנגרעס, און דער קאָנגרעס האָט באַשטעטיקט די באַשטעלונג „קרייסלערן", וואָס באַטרעפט 20 מיליאַרד דאָלאַרן אויף דער פּראָדוצירונג פונעם טאַנק .«XM-1»

פונקט לויט דער זעלבער סכעמע: „סאָוועטישע דראָונג" — מיליטערישע באַשטעלונג — מיליאַרדן דאָלאַרן — האָט זיך פּענטאַגאָן דערשלאָגן אַ באַשטעלונג אויף בויען אַ סטראַטעגישן באָמבאַרדירער «B-1» פאַר דער פירמע „ראָקוועל אינטערנעשנל", בא וועלכער ס'איז אויך „אינגאַנצן צופעליק" שוין גרייט געווען אַן אַנטשפּרעכיקער פּראָיעקט.

לויט דעם, ווי עס שרייבט די צייטונג „וואַשינגטאָן פּאָסט", זאָגט אָן דער פּראָיעקט סאַי „גאָלדענע טעג" ניט פאַר איינעם און ניט פאַר צוויי, נאָר פאַר אַ סאַך פירנדיקע מיליטערישע קאָנצערנען אין פּשא, וועלכע וועלן צווישן זיך צעטיילן אַ קיילעכדיקע סומע פון איינעם ביז צוויי טריליאָן דאָלאַרן. מאַשמאָעס, אַז אָט דאָס טאַקע האָט היינט אין די מיזרעך־לענדער אַריינגעאָטעמט אַ נייע קראַפט אין דער לעגענדע „סאָוועטישע דראָונג".

דער „מיטעלער אַמעריקאַנער — דער פּאַטריאָט", וועלכן די פּראָפּאַגאַנדע האָט קינסטלעך געשאַפן, איז גרייט אויפצונעמען ניט נאָר די אידיי פון "Pax Americana" (אַמעריקאַנער הערשאַפט), אָדער די נויטווענדיקייט אויפצושרויפן דעם וואָפן־געיעג, קעדיי איינהאַלטן די „אימפּעריע פון בייז". ער איז גרייט אויפצונעמען די אידיי וועגן דעם, אַז סאָנים קאָנען זיין אויך צווישן לאַנדסלייט, אויב זיי זיינען ניט גענוג פעסט אין זייער באַציִונג צום אויסערלעכן פיינט. אָט אַזוי באַוויזן זיך אינערלעכע סאָנים. אין דער ערשטער ריי זיינען דאָס די קאָמוניסטן, נאָר ניט בלויז זיי. אין דער קאַטעגאָריע סאָנים פאַלן אַריין מענטשן, וועלכע באַטייליקן זיך אין די דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם וואָפן־געיעג אָדער קעגן אוועקשטעלן אַמעריקאַנער ראַקעטעס אין מיזרעך־אייראָפּע, פּראָפעסאָרן פון די אוניווערסיטעטן, וועלכע וואָרענען קעגן דער מיליטאַריזאַציע פונעם קאָסמאָס, און אַפילע קאָנגרעס־מיטגלידער, וועלכע צווייפלען אין דער נויטווענדיקייט צו פינאַנסירן די ניקאַראַגואַנער קאָנטראַס.

„דעם פּאַטריאָטיזם איז נישט צו דערשטיקן!" — דערקלערט דער „פּאַטריאָט" סילוועסטער סטאַלאָנע און טוט אַליין אַלס רעזשיסער און אַקטיאָר (ער שפּילט די ראָל פון רעמבאָ) אַלדאָס מעגלעכע, אַז „פּאַטריאָטן", אַזעלכע ווי ער, זאָלן ווערן וואָס מער. אַזעלכע, וואָס זאָלן גלייבן, אַז די פאַרשלאָגן פון פּסטר וועגן פאַרבאָטן די נוקלעאַרע אויספּרוּוון — דאָס איז „נאָך איין סאָוועטישע פּאַסטקע", אַז דער סאָוועטנפאַרבאַנד איז גרייט אוועקשטעלן נוקלעאַר געווער אין ניקאַראַגואַ, אַז מאָסקווע און האַוואַנע דראָען דעם מיזרעכדיקן האַלבקייַלעך, אַז די אַגרעסיע פון פּשא קעגן ליוויע האָט אַרויסגערופן פּסטר מיט זיינע האַנדלונגען, אַז אַ בולגאַר פּרוּווט מאַכן אַן אַטענטאַט אויפן רוימישן פּויפּסט, אַז אַ ראַדיאָאַקטיווער וואָלקן פון טשערנאָביל וועט אָט־אָט איינהילן די פּשא, אַז די סאָוועטישע מעדיקער האָבן דערפונדן אַ מיטל צו פאַרקירצן דעם טערמין פון שוואַנגערשאַפט פון די פרויען, קעדיי איבעריאָגן אַמעריקע אינעם פּראָדוצירן קינפטיקע סאָלדאַטלעך, און אַ סאַך אַנדערע זאַכן אין דעם זעלבן גייסט.

די טאָטאַלע שרעק פאַר „פרעמדע" טויג אויך פאַר דעם אינערלעכן געברויך. דאָ טוט אויף זיינס דער עפעקט, וועגן וועלכן ס'האָט אַמאָל דערמאָנט פ. דאָסטאָיעווסקי. ענטפערנדיק די ציניקער, וועלכע האָבן געזאָגט: „ס'איז ניט קעדיי צו ווינטשן גוטס דער וועלט, ווייל ס'איז געזאָגט, אַז זי וועט אונטערגיין", האָט דער שרייבער אָפּגעמערקט אין זיין נאָטיץ־ביכל: „אין דער דאָזיקער אידיי איז פאַראַן עפּעס אַ מין אומזיניקייט און אומערלעכקייט. כוץ דעם, איז דאָס אַ זייער באַקוועמע אידיי פאַרן שטוב־געברויך: אויב אַלע זיינען שוין יאָ פאַרורטיילט, איז וואָס זשע דאַרף מען זיך סטאַרען, צו וואָס ליב האָבן טאָן גוטס? לעב זיך צוליב דיין בויך".

און היינט זיינען די אָנגעשראָקענע זייער באַקוועם, זיי גיבן זיך לייכטער אונטער דער אויפווירקונג, זיי איז גרינגער צו מאַכן פאַר עגאָיסטן, אוועקפירן אין צושטאַנד פון געברויכערישקייט, אָפּוועגדן פון די „טרייפע" אידייען פונעם פּרעזידענט לינקאָלן און פון פילאָסאָפישע געדאַנקען ביכלאַל.

אויף איינער אַ פּרעסע־קאָנפערענץ האָט מען דעם פּרעזידענט רייגאַנען געשטעלט אַ פראַגע: צי האַלט ער, אַז נאָך דער באַגעגעניש אין זשענעווע זיינען צום אָרט פילמען פונעם טיפּ „רעמבאָ" און צי האָט ער גערעדט וועגן דעם מיט זיינע פריינט אין האָליוווד? „ניין, — האָט געענטפערט דער פּרעזידענט, — איך האָב מיט זיי גערעדט דאַן, ווען זיי האָבן געמאַכט פּראָקאָמוניסטישע פילמען". קורץ גערעדט, רייגאַן איז אַפסניי אַרויסגעטראָטן, קעדיי שטיצן די קינאָ־פּראָדוקציע, וואָס ניט זי

פאַרייניקט, נאָר זי צעשיידט פעלקער. ער האָט ווידער אַרויסגעוויזן אַ קאָנסעקווענטקײַט, מאַמעש מעקאַנע צו זײַן, מיט וועלכער ער פּרוּווט זיך אויסמעקן אינעם באַוווּסטזײַן פון די אַמעריקאַנער די טראַדיציאָנעלע פאַר אַמעריקע אידיי פון טאָלעראַנטקײַט צו די אַנדערש־דענקענדיקע. און נאָך רייקיאַוויק האָט זיך אין רייגאַנס לעקסיקאָן באַוויזן כוץ „די אימפּעריע פון בייז" אַ צוגאָב „אַ יאַם פון פינצטערניש". אי דאָס, אי יענץ ווערט אָנגעווענדט בענעגייע צו אונדזער לאַנד.

וואָס איז דאָס, אַ סימען פון קראַפט? מיר דוכט זיך, אַז פאַרקערט — אַ סימען פון שוואַכקײַט, אַן אָנערקענונג, אַז די פּאָליטיק פון דער פּאָזיציע פון קויעך באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד סײַ אין די פאַרייניקטע שטאַטן און סײַ אין די מײַרעװ־לענדער, דאָס איז אַ פּרוּוו אײַנצוברעכן דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד, ניט לאָזן אים זיך צעוואַקסן.

דער אַכציקיאָריקער דזש. אוויליאַם פולברײַט, געוועזענער פאָרזיצער פון דער סענאַט־קאָמיסיע פאַר אויסערן־איניאָנים, אַ מענטש זייער אַ פּאָפּולערער אין די פאַרייניקטע שטאַטן, שרײַבט: „פאַר וואָס קאָנען מיר ניט אָנעמען די עקזיסטענץ פון רוסלאַנד ווי אַ רעאַלן פאַקט? עס עקזיסטירט און מיר קאָנען דאָ גאָרניט טאָן... מיר כאַזערן אײַנגעשפּאַרט איבער, אַז די רוסן זײַנען מאָנסטערס, מיר ווילן, אַז אַלע זאָלן אין דעם גלייבן, און דאָס איז עקלהאַפט". פולברײַט אַפּעלירט צו דער זיכקײַט און צו דעם געזונטן פאַרשטאַנד פון די אַמעריקאַנער. ער רעכנט, אַז הײַפעך צו ראָנאַלד רייגאַנען און די אַלע פּאָליטיקער, וועלכע גייען אַרויס פון דער פּערספּעקטיוו פון אַן אומפאַרמײַדלעכער „קאָנפראָנטאַציע", אַז דער סייכל־האַיאָשער פון „דעם פאָלק דעם פּראַגמאַטיקער" וועט אין סאַכאַקל זיגן, פּונקט ווי ער האָט אין דער ניט ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט דערהאַלטן אַ זיג איבער די „יעגערס נאָך מעכאַשייפעס" און איבער אַנדערע „שפּאַרבערס".

פולברײַט איז גערעכט. אויב ניט די מאָראַל, וואָס עס מײַדט אַזוי אויס די אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע, דאַרף דער פּראַגמאַטיזם און דער סייכל־האַיאָשער פון די אַמעריקאַנער נעמען די איבערהאַנט. אַזוי איז געווען, אַשטייגער, מיטן פיזיקער־טעאָרעטיקער כײַ דעוויט, וועלכער איז נאָך 27 יאָר אַרבעט אין דער ליווערמאָרער נוקלעאַרער לאַבאָראַטאָריע געקומען צום אויספיר, אַז די פּערספּעקטיוו פון מיליטאַריזירן דעם קאָסמאָס וועט שאַרף העכערן די ריזיקע פון אַ מילכאָמע, נאָר זי קאָן אָבער ניט זיכערן די פאַרטיידיקונג פון דער אַמעריקאַנער טעריטאָריע. אַזעלכע געלערנטע זײַנען אין דער הײַנטיקער אַמעריקע פאַראַן ניט ווייניק. מיט זייערע וויסנשאַפטלעכע אויסרעכענונגען דערווײַזן זיי, אַז רייגאַנער סאָד שטעלט מיט זיך פאָר אַ מער רעאַלע געפאַר, איידער די פּראָבלעמאַטישע „סאָוועטישע דראָונג". איין שרעק לייגט זיך אויף דער אַנדערער שרעק, און עס רופט אַרויס באַ אַ סאַך אַן אויסניכטערונג.

צוריקגערעדט, איז אַליין די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס בויט זיך אויף שרעק, פאַרורטיילט אין לעצטן סאַכאַקל אויף אַ מאַפּאָלע. ניט אומזיסט זאָגט דאָס פאָלק אַ ווערטל, אַז שרעק איז אַ שלעכטער אײַצעגעבער. ס'איז אָן ספק, אַז שרעק קאָן עמאָציאָנעל זייער שטאַרק מאַשפּיע זײַן אויפן מענטשן, צווינגענדיק אים צו האַנדלען, ניט באַטראַכטנדיק זיך. אויף דעם רעכענען אויס די אוטאָרן פון דער „פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע". דאָ אָבער איז פאַראַן איינער אַ וואָגיקער „נאָר": וואָס העלער ס'איז די עמאָציע, אַלץ ווייניקער שטאַנדהאַפטיק איז זי. מע קאָן אָנוואַרפן אַ טויט־שרעק אויפן מענטשן, נאָר ס'איז אומעגלעך אַ וויפל־ניט־איז לאַנגע צײַט אים האַלטן אין אַזאַ צושטאַנד, זײַן פּסיכיק וועט פּאַשעט ניט אויסהאַלטן די סטרעס־איבערלאָדונג. נאָך אַזאַ מין אָנשטרענגונג פאָדערט זיך אַן אָנטשפּאַנונג. די טעאָרעטיקער פון דער „פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע" דיסקאָנטירן עס, זיי שרויפן אויף די שרעק אין די מאָסן און נאָכדעם גיבן זיי אײַצעס, וויאַזוי פון איר פּאָטער צו ווערן.

נאָר לאָמיר אַ קוק טאָן, וואָס באַקומט זיך דאָ. אָנשרעקנדיק דעם קליינבירגער מיט דער „סאָוועטישער דראָונג", לייגט אים פאָר די אַמעריקאַנער פּראָפּאַגאַנדע אַ רעצעפּט קעגן דער שרעק — זיך באַוואָפענען, קעדיי צו זײַן שטאַרקער פונעם קעגנער. און אויף אַ געוויסער צײַט איז די באַוואָפענונג־פּראָגראַם אים פּעיִק צו „באַרויִקן". נאָר דער מיליטעריש־אינדוסטריעלער קאָמפּלעקס קאָן דאָך ניט זיך באַנוגענען מיט איינער אָדער מיט צוויי מיליטער־פּראָגראַמען. קעדיי צו באַקומען הויכע קערסיידערדיקע האַכנאָסעס, פאָדערן זיך אַלץ נײַע און נײַע פּראָגראַמען. און צו דערווײַזן זייער נויטווענדיקײַט דאַרף מען אָפּסנײַ שרעקן מיט דער „סאָוועטישער דראָונג" און ווידעראַמאָל „באַרויִקן" מיט איבערבאַוואָפענונג, דערוואָפענונג און אַנדערע זאַכן.

אַזויאַרום, ווערט די „סאָוועטישע דראָונג" פאַרוואַנדלט בעהאַדראָגעדיק אין אַ באַשטענדיקער שרעק, דערבײַ ווערט אָן אַזאַ שרעק איר ערשטיקע שאַרפקײַט. און מענטשן, ווי זיי זאָלן ניט זײַן לײַכטגלויביק, הייבן זיך אָן פאַרטראַכטן, קעגנשטעלן פאַרשיידענע פאַקטן, און דאָ שליסט זיך שוין אײַן דער עלעמענט פון ראַציאָנעלן דענקען. די לאָגיק שטויסט אומפאַרמײַדלעך אָן אויפן געדאַנק: צי איז ניט פּאַשעטער פּאָטער צו ווערן פון דער שרעק ניט דורך דעם פאַרמערן דאָס געוווער, נאָר פאַרקערט, מיט דער הילף פון „פאַרפרירן" און דערנאָך באַגרענעצן און ביכלאַל פאַרקירצן די צאָל געוווער?

ניט זעלטן דערוועקן אַזעלכע ספּיקעס אַליין די אַמעריקאַנער. דער באַוווּסטער אַקטיאָר פּאָל ניומען האָט, לעמאָשל, בוכשטעבלעך געכאַפּט פאַר דער האַנט די ליגנערס פונעם זשורנאַל „ניוסוויק", וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט אַ רעפּאָרטאַזש וועגן דער ראַקעטן־נוקלעאַרער „איבערהאַנט" פון פסר איבער פשא. פּאָל ניומען, וועלכער איז אַ ראַט־מיטגלידער פונעם וואַשינגטאָנער צענטער פאַר שוץ־אינפאָרמאַציע, איז פּאַשעט געווען שאָקירט מיט די געבראַכטע אָנגאַבן. אין אַ בריוו צו דער רעדאַקציע „ניוסוויק" האָט ער אָנגעוויזן, אַז די אויטאָרן פונעם רעפּאָרטאַזש האָבן אָפּגעטאָן אַ קונץ און „פאַרלאָרן" 450 ראַקעטעס „מיניטמען־II" און 350 ראַקעטעס „טרײַדענט־1", באַוואָפנטע מיט 1920 נוקלעאַרע אופרײַס־קעפּלעך, וואָס זייער אופרײַס־קראַפט שטײַגט אַריבער אַלץ, וואָס עס איז געווען אופגעריסן בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. און נאָך — 192 פליגל־ראַקעטעס און די גאַנצע באָמבאַרדירנדיקע אַוויִאַציע פון פשא. ניומען מאַכט דעם אויספיר, אַז ווען ניט זײַן „שוואַכער זיקאָרן", וואָלט דער זשורנאַל באַדאַרפט אָנערקענען, אַז די אַרסענאַלן איז נייטיק צו פאַרקירצן אין דער ערשטער ריי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. איך מיין ניט, אַז די אַמעריקאַנער וועלן כוישעד זײַן ניומענען אין פּראָסאָוועטיזם, ער האָט, אַגעוו, אָפּגעשפּילט אין קינאָ עטלעכע ראָלן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן אָנצופּאָמפּען שרעק פאַר די רוסן. מיסטאָמע האָט ער אָנגעהויבן אופנעמען די לאַגע מער ניכטער און רופט צו דעם אויך זײַנע לאַנדסלײַט.

איך רייד שוין ניט פון דעם, וואָס אַף אַן ערנסטן יישעוו־האַדאַס שטויסט אָן די אַמעריקאַנער אויך דער פאַקט, וואָס פאַר זייער שרעק מוזן זיי קעסיידער צאָלן אין דער קאַזנאַ פון פענטאַגאָן. וואָס־וואָס, נאָר ציילן געלט קאָנען די אַמעריקאַנער, אַפילע די „מיטעלע". און האַגאַם דער פּראָפּאַגאַנדע גיט זיך נאָך איין אונטערצוהאַלטן די שרעק פאַר דער „סאָוועטישער דראָונג" אַף אַ באַדײַטנדיקן ניוואָ, האָט אָבער איר פּראָפּאַגאַנדיסטישער עפעקט אַ טענדענץ צו אַן אָפּשוואַכונג. ווי עס אַנערקענט דער סענאַטאָר־רעפּובליקאַנער מ. כעטפילד, איז די באַוועגונג פאַר „פאַרפרירן" דאָס נוקלעאַרע וואָפן און פאַר זײַן ווײַטערדיקער פאַרקירצונג געוואָרן אין פשא אַן אַלפאָלקישע און האָט אַרומגעכאַפּט צענדליקער מיליאָנען מענטשן.

אַזוי איז שוין, צום גליק, געבויט דער מענטש, אַז ער קאָן ניט נישט דענקען. אַליין דאָס לעבן פירט אים אַרוף אַף אַן ערנסטן יישעוו־האַדאַס. און ניט זעלטן, ווי דאָס זאָל ניט קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, ברענגען אים צו דעם גראַד יענע, וועלכע פּרוּוון אים אָפּלערנען דענקען. אײַנפלאַנצנדיק אינעם מענטשנס באַוווּסטזײַן טאָטאַלע שרעק, דערוועקן זיי אין אים אַ טאָטאַלע נײַגעריקײַט, אַ שטרעבונג צו געפינען דעם קוואַל פון דער שרעק. ווי ס'איז צו זען, האָט נאָך קיינמאָל פריִער דער סאָוועטישער מענטש און זײַן קוק אַפן לעבן ניט אַרויסגערופן אַף מײַרעוו אַזאַ נײַגעריקײַט און אינטערעס, ווי הײַנט.

איך געדענק, אַז אַן ערעך דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען ערעוו דער העלסינקער באַראַטונג פאַר געפאַרלאָזיקײַט און מיטאַרבעט אין אייראָפע. דעמאָלט האָט מיר די דירעקציע פונעם זשענעווער אוניווערסיטעט פאָרגעלייגט דורכפירן אַ ציקל סעמינאַרן וועגן דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע. פאָרגעלייגט האָט זי עס ניט מיט איר גוטן ווילן, פּאַשעט די סטודענטן האָבן געפאָדערט, אַז וועגן מאַרקסיזם זאָל זיי דערציילן ניט קיין מאַרקסאָלאָג — אַ מײַרעוודיקער „ספּעציאַליסט פון מאַרקסיזם", נאָר אַן עכטער מאַרקסיסט. די זעלבע מײַסע כאַזערט זיך איבער אויך הײַנט און ניט בלויז אין מײַרעוו־אייראָפע, נאָר אויך גופע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַלס באַווײַז דערפון וועל איך ברענגען די אַרויסזאָגונג פון גאַס האָלן: „נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק זײַנען די טירן פון די אוניווערסיטעטן געווען פאַר אונדז פאַרמאַכט. ווען די פּראָפעסאָרן אָדער די סטודענטן האָבן געוואָלט אָרגאַניזירן לעקציעס אַף דער טעמע, וואָס אַזוינס איז קאָמוניזם אָדער וואָס עס טראַכטן די קאָמוניסטן וועגן דער אָדער יענער קאָנקרעטער פראַגע, האָבן זיי זיך געווענדט צו די ספּעציאַליסטן פון אַנטיקאָמוניזם. הײַנט לאַדן אײַן די אוניווערסיטעטן אַליין די קאָמוניסטן. אָן טומל, אָן קיין שום פײַנטלעכע אַבסטרוקציעס. פאַרקערט, מע הערט אונדז אויס אויפמערקזאַם, מע שטעלט אונדז ערנסטע פראַגעס".

נײַגעריקייט איז אַ געפיל — ניט קיין קלענערע איידער שרעק. און די פּסיכיק טאָטשעט עס ניט ווייניקער: עס צווינגט צו צווייפלען, זוכן, טראַכטן. דאָס איז ריכטיק קוידעמקאָל בענוגייע דער יוגנט. אי די שרעק איז בא איר שטאַרקער, — בא די יונגע מענטשן איז דאָך וויכטיק די צוקונפט, ווילן זיי זי טאַקע ניט פאַרלירן, — אי די נײַגעריקײַט איז העלער און טיפער, די זוכונגען — אַקטיווער. באַגעגענענדיק זיך צווישן זיך און נעמענדיק אָנטייל אין דער מאַסעווער אַנטימילכאָמע־באַוועגונג, איבערצײַגן זיך די יונגע מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע אָנשויונגען אַף דער אייגענער דערפאַרונג, אַז דער „אַנדערער" איז גאָרניט קיין „סוינע". זיי גיבן זיך אַלץ קלאָרער אָפּ אַ כעזשבן, אַז אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, פון וועלכער זײַט זי זאָל ניט זײַן אויסגעשטרעקט, טאָר מען ניט אָפּשטויסן. דאָס אַנערקענען דעם דאָזיקן עמעס ווערט אַ באַשטאַנדטייל פונעם הײַנטצײַטיקן באַגריף — פּאַטריאָטיזם. ווײַל פאַרטיידיקן הײַנט דעם שאָלעם און מעמיילע דאָס אייגענע לאַנד, זײַן קולטור און זײַנע טראַדיציעס איז מעגלעך בלויז אַף אַ געמיינזאַמען אופן. און ניט אַזוי וויכטיק איז אין דעם געגעבענעם פאַל — צי איז די אויסגעשטרעקטע האַנט פון לינקס אָדער פון רעכטס.

קומט אויס, אז גופע די אינערלעכע דינאמיק פון דער „פסיכאָלאָגישער מילכאָמע" ווערט ערנסט געהאמעוועט. און דאָ גייט ניט אין קיין פריוואטן פאַל, נאָר אין די פרווון ארויסצוטרײַבן פונעם באַוווסטזײַן דאָס ראַציאָנעלע, אָפּלערנען די מענטשן פונעם לאָגיש דענקען איז פאַרורטיילט אף אן אומפאַרמײַדלעכן דורכפאַל. זיי גייען אין אײַנרײַס מיט די ביאָלאָגישע געזעצן פון דעם מענטשלעכן באַוווסטזײַן, מיט זײַן אינערלעכער סטרוקטור, אין וועלכער די געפילן און די לאָגיק זײַנען געייניקט אין איין געשמעלץ און וואָס זײַן נאָמען איז — פאַרנונפט. אין מיטלאַלטער, אין דער גרויזאַמער צײַט פון דער אינקוויזיציע, האָבן די טויזנטער שײַטערס, אף וועלכע מ'האָט פאַרברענט די דענקענדיקע „הערעטיקער", ניט געקאָנט אויסראָטן דעם פאַרנונפט. עס וועלן אויך ניט אָפּשטעלן זײַן אנטוויקלונג די הײַנטיקע סטראטעגן פון דער „פסיכאָלאָגישער מילכאָמע".

איך וויל דערמאָנען די באַוווסטע ווערטער פון דעם זעלבן לינקאָלן וועגן דעם, אז מע קאָן אָפּנארן די גאנצע צײַט איין מענטשן, אין מעשעך פון א צײַט־אָפּשניט — אלעמען, נאָר ס'איז אוממעגלעך די גאנצע צײַט אָפּנארן אלעמען. דערבײַ נאָך ווערט א מאסן־נאַרערײַ צעזייט, אלס קלאל, אין די פאַראַנטוואָרטלעכסטע מאָמענטן פון דער געשיכטע. הײַנט־צו־טאָג איז אזא מאָמענט אָנגעקומען. נאָך קיינמאָל איז דער מענטש ניט געשטאַנען פאַר אזא פאַראַנטוואָרטלעכן אויסוואַל, פון אים איז אָפּהענגיק דער גוירל פון דער מענטשהײַט, צי זאָל זײַן אָדער ניט זײַן. איך פאַרזענלעך בין איבערצײַגט, אז דאָס לעבן אליין וועט צווינגען דעם „מיטעלן אמעריקאנער" זיך אָפּקערן פון די מיליטאַריסטן, אָפּזאָגן זיי אין צוטרוי. און ניט מאכמעס דעם, וואָס ער וועט פלוצעם הייס ליב באַקומען די רוסן, ניט מאכמעס דעם זעלבסטפאַרהיטונג־געפיל, פּאַשעטער — דער אינסטינקט פון לעבן, וואָס איז זייער שטארק, ניט געקוקט אף דעם, וואָס די אמעריקאנער פּראָפּאַגאַנדע פרווט אײַנריידן, אז די נוקלעאַרע מילכאָמע איז גאָר ניט אזוי שרעקלעך, ווי עס דוכט זיך, אז אויב מע זאָל דעם נוקלעאַרן קלאַפּ דורכפירן פריִער איידער דער קעגנער, און דערבײַ „באַגרענעצן" דעם קאָנפליקט, קאָן מען בלײַבן לעבן, גלייבט מען שוין אין דעם אלץ ווייניקער.

„מײַן דאָר געדענקט גוט דעם שוידער פון דער נוקלעאַרער באָמבאַרדירונג פון כיראָסימא און נאגאסאקי, — זאָגט האַראָלד אויִלענס, א ביזנעסמען פון לאָס־אנדזשעלעס. — און אויב אורטיילן לויט דעם, ווי די געשעענישן אנטוויקלען זיך הײַנט, איז לויט מײַן מיינונג, געקומען די צײַט צו טרומייטערן אן אליאַרם, אנדערש וועלן מיר אלע פליִען אין קאַפּעקאָל". מאשמאָעס, אז אלץ מער מענטשן קומען צו די דאָזיקע געפילן אין די מײַרעוו־לענדער: ביזנעסמענער און פּאָליטיקער, גאלאָכים און דאָקטוירים, יוריסטן און געלערנטע פונעם עלטערן דאָר און פון דער יוגנט.

און דאָס איז גוט. דאָס גיט צו האָפענונג.






# „פּאַמיאַט" באַקומט די געהעריקע אָפּשאַצונג

אין פֿאַריקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן מיר שוין דערציילט, ווי אַזוי די סאָוועטישע פּרעסע האָט זיך אָפּגערופֿן אויף די פּרוּוון פֿון אייניקע אָנפֿירער פֿון דער פֿאַראייניקונג „פּאַמיאַט" („זיכּאָרן") אויסצוניצן די באַוועגונג פֿאַר אָפּהיטן די היסטאָרישע דענקמעלער בײַ אונדז אין לאַנד אויף צו פֿריידיקן שוואַרצמייעדיקע אידייען, באַזונדערס צווישן דער ניט־דערפֿאַרענער יוגנט. מיר האָבן געבראַכט אויסצוגן פֿון די צענטראַלע צײַטונגען „איזוועסטיאַ", „סאָוועטסקאַיאַ קולטוראַ", „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ", פֿון דער מאָסקווער „וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ", פֿונעם וואָכן־זשורנאַל „אָגאָניאָק", אין וועלכע די פּראָוואָקאַטאָרן און דעמאַגאָגן האָבן באַקומען אַ געהעריקע אָפּשאַצונג.

געניי איז דערציילט געוואָרן וועגן איינעם פֿון די אַקטיוויסטן פֿון „פּאַמיאַט" — וואַלערי יעמעליאַנאָוון. און אָט איז נאָך איינער — אַלעקסאַנדער קאַזאַנצעוו. וועגן אים שרײַבט אינעם אַרטיקל „לויט דער שפּאַרגאַלקע פֿון בילבולים" די צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ ראָסיאַ".

א. קאַזאַנצעוו איז אַ מיטאַרבעטער פֿונעם נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעם־שטעטל, איינצײַטיק אַ מיטגליד פֿון דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פֿון דער פֿאַראייניקונג „פּאַמיאַט". אינעם אַקאַדעם־שטעטל און בכלל אין נאָוואָסיבירסק זעט ער אומעטום „שפּיצלעך פֿון די ציוניסטן". איינמאָל קומט ער אַרײַן אין קולטור־הויז אויף דזשעזשינסקיס נאָמען און דערוויסט זיך, אַז אַ קינאָ־פֿילם, וועלכן מע האָט אין יענעם אָפּדערנאַכט געדאַרפֿט דעמאָנסטרירן, וועט ניט באַוויזן ווערן. פֿאַרוואָס? דער דירעקטאָר פֿונעם קולטור־הויז גייט אַרויס צו די צושויער און אַנטשולדיקט זיך: דער זאַל איז פֿאַרנומען — דאָרט קומט פֿאָר אַ וויכטיקע פּראָדוקציע־באַראַטונג.

אַ פֿאַרדראָס, פֿאַרשטייט זיך. מע קאָן פֿאַרוואַרפֿן די קלוב־טוער, אַז זיי קאָנען ניט ווי עס באַדאַרף צו זײַן פּלאַנירן די אַרבעט. אָבער דער קאַנדידאַט פֿון פֿיזישע וויסנשאַפֿטן א. קאַזאַנצעוו האָט דאָס אויסגעטײַטשט אויף זײַן אופֿן: אָפּלייגן די דעמאָנסטראַציע פֿונעם פֿילם „דער ציוניזם פֿאַרן מישפּט פֿון דער געשיכטע" איז „אַ פֿאַרשווערונג פֿון די ציוניסטן און מאַסאָנען". ער וויל ניט וויסן, אַז אין משך פֿונעם יאָר זײַנען אין דעם זעלבן קולטור־הויז אָפּגעשאַפֿן געוואָרן איבער פֿאַרשיידענע סיבות נאָך אַ צוואַנציק געמעלדעטע אין די אָפֿישן מאָסמיטלען!

און א. קאַזאַנצעוו, אָפּלייגנדיק אין אַ זײַט די וויסנשאַפֿט, טרעט אַרויס מיט לעקציעס אין פֿאַרשיידענע אַאודיטאָריעס, שרײַט מיט שוים אויף די ליפּן, אַז אונדזער לאַנד איז אין אַ שרעקלעכער געפֿאַר — די „פֿינצטערע קרעפֿטן" שפּינען אַ פֿאַרשווערונג קעגן דעם רוסישן פֿאָלק...

„סאָוועטסקאַיאַ ראָסיאַ" גיט איבער אַ שמועס פֿונעם קאָרעספּאָנדענט פֿון טאַסס מיטן צעיושעטן „לעקטאָר". אָט וואָס די צײַטונג שרײַבט:

„די באַגעגעניש איז פֿאָרגעקומען אינגיכן נאָך דעם, ווי די ביוראָ פֿון דעם נאָוואָסיבירסקער שטאָטקאָם פֿון קפּסס האָט אויסגעשלאָסן א. קאַזאַנצעוון פֿון דער פּאַרטיי.

צי האָט דער שטאָטקאָם געקאָנט האַנדלען אַנדערש? נאָך אין סאָף פֿונעם פֿאַריקן יאָר האָט די ביוראָ פֿון דעם סאָוועטישן ראַיקאָם פֿון קפּסס פֿון נאָוואָסיבירסק, באַהאַנדלענדיק די פֿראַגע וועגן געוויסע נעגאַטיווע דערשײַנונגען אינעם געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישן לעבן פֿון דעם ראַיאָן און וועגן די מאָסמיטלען אויף צו בײַקומען זיי, קאָנסטאַטירט, אַז אייניקע מענטשן האָבן אויפֿגענומען דעם קורס אויף דעמאָקראַטיזירן די געזעלשאַפֿט ווי אַ באַפֿרײַונג פֿון די פֿליכטן און פֿון דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר וואָרט און טאַט, פֿאַר זייערע אויפֿטוען און מעשׂים. די ביוראָ האָט אַרויסגעטראָגן א. קאַזאַנ־

צעוון א שטרענגן אויסרייד און אופגעפאָדערט, ער זאָל אָפּשטעלן זײַן דעמאַגאָגישע לעקטאָרישע טעטיקייט. די דאָזיקע פאָדערונג האָט קאַזאַנצעוו ניט אויסגעפילט. וויאַזוי זשע קאָן מען אָפּשאַצן אַזאַ מין פאַקט?

די פּאָזיציע פון א געלערנטן, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט אַקטיווער פּראָפּאַגאַנדע פון ווײַט ניט קיין וויסנשאַפטלעכע, צווייפלהאַפטע אידייען, פאַרט זיך ניט מיטן נאָמען קאָמוניסט. און די ביוראָ פונעם שטאָטקאָם פון דער פּאַרטיי האָט געגעבן א פּרינציפּיעלע אָפּשאַצונג קאַזאַנצעווס מײַסים. ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי.

קאַזאַנצעוו טײַנעט, אַז אייניקע נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעמיקער זײַנען מאַסאָנען. די מאַסאָנעןציאָניסטן, וועלכע זײַנען, לויט קאַזאַנצעווס מיינונג, אַרײַנגעדרונגען אומעטום, שטעלן פאַר זיך א ציל צו דערפירן אונדזער לאַנד צו א קורבן.

איינער פון די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע פון פּאַרטיי־קאָנטראָל באַם געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי, יע. זאַוויאַלאָוו, וועלכער האָט געשמועסט מיט קאַזאַנצעוון אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן אַפּעלאַציע, דערציילט:

— איך פרעג בא קאַזאַנצעוון, מיט וואָס קאָן ער באַשטעטיקן זײַנע באַהויפּטונגען, אַז די פּערזאָנען, וועלכע ער האָט אָנגערופן, זײַנען בעעמעס מאַסאָנען? באַקום איך אַן ענטפער: „מע האָט מיר דערציילט", „כ'האָב געהערט פון אַנדערע", „כ'האָב זיך וועגן דעם דערוווּסט פון אַן אַנאָנימען בריוו, וועלכן איך האָב באַקומען..."

אָט אַזעלכע זײַנען קאַזאַנצעווס „לאָגישע" גענג. ער פּרוּווט געפינען כייך בא יענע, וואָס גייען ניט צו קריטיש צו דער אָפּשאַצונג פון די פאַקטן, וואָס ער ברענגט. אייניקע צוהערער געפעלט זײַן אָנגעלייענטקײַט, זײַן פאַרופן זיך אויף די „רעטענישפולע" „פּראָטאָקאָלן פון זיקניי ציָען". ער לייענט א לעקציע נאָך א לעקציע, און עס שאַפט זיך אַן אײַנדרוק, אַז אינעם אַקאַדעם־שטעטל איז ניטאָ קיינער, וועד עס וואָלט געקענט געבן א קריטישן אַנאַליז פון קאַזאַנצעווס „טעאָרעטישע קאָנסטרוקציעס".

קיינער ניט? מע קאָן טאַקע אַזוי מיינען... אָט זשאַלעוועט זיך טאַקע דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־ביוראָ פונעם אינסטיטוט פון געשיכטע, פילאָלאָגיע און פילאָסאָפיע ג. באָטשאַנאָווא:

— אין אונדזער אינסטיטוט זײַנען ניט פאַראַן קיין ספּעציאַליסטן פון דער דאָזיקער פּראָבלעמאַטיק, און אָנגעפאָרענע לעקטאָרן קומען צו אונדז אויך זעלטן.

סאַראַ קאַזוס!

ווו איז דער קוואַל פון קאַזאַנצעווס אופירונג? וואָס פאַר א סיבעס האָבן אַרויסגערופן זײַנע גענג?

— קאַזאַנצעוו איז מיט פיל יאָרן צוריק געווען איינער פון די גרינדער פון אַן אינדוסטריעלווירטשאַפטלעכער פירמע „פאַקעל", — זאָגט וועגן דעם געוועזענעם מיטגליד פון זײַן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטביוראָ פונעם אינסטיטוט פון פיזיק פון האַלב־דורכפירער פּ. באָראַדאָווסקי. — ער האָט אַרײַנגעלייגט אין אָט דער זאַך די גאַנצע נעשאָמע און ענערגיע. און דאָס, וואָס די פירמע האָט אופגעהערט צו עקזיסטירן, איז געווען פאַר אים א קלאַפּ. אויך ווײַטער האָט ער ניט געהאַט קיין מאַזל אין דער אַרבעט. אַזוי האָט זיך שוין באַקומען. דאָס אַלץ האָט געקאָנט בא אים אַרויסרופן א פאַרשטעלונג, אַז עמעצער שטערט אים. אויף זײַנע פּלאַפּלערײַען וועגן מאַסאָנען און ציָעניסטן האָבן מיר ניט געלייגט קיין באַזונדערע אַכט. מיר האָבן אים בלויז פאַרפליכטעט ניט אַרויסצוטרעטן אויף די דאָזיקע טעמעס אויסער אונדזער קאָלעקטיוו, און, אָפן גערעדט, פאַר אונדז איז געווען אומגעריכט, וואָס דער ראַיקאָם פון דער פּאַרטיי האָט אים דערקלערט א שטרענגן אויסרייד, און בייס מע האָט אינעם שטאָטקאָם באַהאַנדלט זײַן אַפּעלאַציע האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון די פּאַרטיי־רייען.

וווּנדער שעבעוווּנדער! דער קאָמוניסט קאַזאַנצעוו פּראָפּאַגאַנדירט אין די יוגנטלעכע און אַרבעטס־קאָלעקטיוון זײַנע „אידייען", און די ערשטיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט פּאַקטיש זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק!

דערווײַל נעמט אויף א. קאַזאַנצעוו דער „עמעס־זוכער" די פּרינציפּן פון עפנטלעכקײַט, וועלכע ווערן אַלץ שטאַרקער אין אונדזער געזעלשאַפט, ווי א מעגלעכקײַט אַרויסצוטרעטן מיט שעדלעכע פּלאַפּלערײַען. דאָס פאַרשפּרייטן קאַלערליי קלאַנגען איז שטענדיק באַהאַנדלט געוואָרן אַלס א זאַך, וואָס פּאַרט זיך ניט מיט די נאָרמעס פון מאָראַל. אָבער אַפילע נאָך דעם, ווי מע האָט קאַזאַנצעוון אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, זעצט ער פאָר זײַן טעטיקײַט..."

די סאָוועטישע געזעלשאַפטלעכקײַט איז לאַכלוטן ניט גלײַכגילטיק צו די דעמאַגאָגישע אַרויסטרעטונגען פון די אַקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט". אין פאַריקן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן מיר געבראַכט אויסצוגן פון בריוו, וועלכע די צײַטונג „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" האָט באַקומען נאָך דעם, ווי אין אָט דער צײַטונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן א דעמאַסקירנדיקער מאַטעריאַל וועגן דער דאָזיקער פאַרייניקונג. אָפּרופן אויפן אַרטיקל „וועגן וואָס טומלט איר?" האָט באַקומען אויך דער זשורנאַל „אָגאָניאָק" — איינער פון די סאַמע פּאָפּולערע סאָוועטישע צײַטשריפטן. אָט זײַנען אייניקע פון זיי.

„אין פּעריאָד פון די סאַמע קאָמפּליצירטע עטאַפּן פון אונדזער געשיכטע, — שרײַבט נ. ג. דיטיאַטיעווא פון אַרכאַנגעלסק, — פלעגן די בעסטע פאָרשטייער פונעם רוסישן פאָלק אַרויסטרעטן קעגן אָבסקוראַנטיזם און אַלצדערלויבלעכקײַט. יאָ, אין אונדזער געשיכטע איז געווען דער „פאַרבאַנד פונעם רוסישן פאָלק", אויף זײַן געוויסן זײַנען דער ביילים־פּראָצעס און דער מאָרד פון באַומאַנען, הונדערטער פּאָגראָמען, קעגן וועלכע עס זײַנען צאָרנדיק אַרויסגעטראָטן ל. טאָלסטאָי, מ. גאָרקי, א. טשעכאָוו, וו. קאָראָלענקאָ. דאָס איז פאַר מיר געשיכטע. נאָר איך פּערזענלעך געדענק יע. קאָנאָנענקאָס אַרטיקל „מענטשן אין ווײַסע כאַלאַטן": אויף מײַנע אויגן איז באַגאַנגען געוואָרן א ווילדקײַט, און ווען איך האָב זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוטרעטן

אפן מיטינג אין שייַכעס מיט אַט דעם אַרטיקל־
בילבל, האָבן מיך אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן „אומגע־
ריכטע" שוועריקייַטן..."

„קאַמף קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם" איז שוין גע־
ווען אינעם לעבן פון מייַן דאָר. נאָך אים האָבן מיר
אָנגעווירן א סאך נעמען אין דער וויסנשאפט,
ליטעראטור, מוזיק...

לייענענדיק דעם אַרטיקל „וועגן וואָס טומלט
איר?", האָב איך געטראכט: גוט, וואָס עס זייַנען
ארויסגעקראָכן פון די לעכער און האָבן אָנגעהויבן
אַף א קאָל צו שרייַען וועגן „ראטעווען דאָס פּאָ־
טערלאנד" יענע, וועמען מע וואָלט ניט געקאָנט
באמערקן באצייַטנס.

זיקאָרן — דאָס איז אונדזער קולטור, אונדזער
געוויסן און עמעס. מע טאָר ניט, אז צו אים זאָלן
זיך צורירן אָבסקוראנטן".

אָבער ניט אַלע זייַנען מאסקים מיט אזא אָפּ־
שאצונג. אָט, לעמאָשל, שרייַבט דער מאָסקווער
טוישעוו נ. סטעפּאנאָוו:

„די אוטאָרן (געמיינט די אווטאָרן פונעם אַר־
טיקל „וועגן וואָס טומלט איר?". — רעד.) גיסן
מוטנע וואסער אַף דער טעטיקייַט פון דער רוסי־
שער פּאטריאָטישער געזעלשאפט „פּאמיאט". מיט
וואָס זייַנען ניט צופרידן די אווטאָרן — דערמיט,
וואָס די אָנטיילנעמער פון „פּאמיאט" פארטיידיקן די
היסטאָרישע דענקמעלער פונעם לאנד, אנטפּלעקן
די עמעסע סאָנים פונעם פאָלק, וועלכע פארניכטן
די דאָזיקע דענקמעלער?! אינעם אַרטיקל שמוגלט
זיך דורך א פארבאהאלטענע אומצופרידנקייַט מיט
דער איבערבויונג, מיט דער דעמאָקראטיע".

די קעמפערישע „פּאטריאָטן" האָבן פארטיידי־
קער ניט בלויז אין מאָסקווע. אָט, לעמאָשל,
שרייַבט ס. ד. בערעזין פון קראסנאָדאר:

„דער פּראָצעס פון פארניכטן דעם פאָלקס־זי־
קאָרן און די געשיכטע דויערט, ניט געקוקט דע־
רוף, וואָס עס באווייַזן זיך איי‌ניקע פּובליקאציעס.
אינעם אַרטיקל „וועגן וואָס טומלט איר?" האָט איי־
ער זשורנאל זיך ארופגעוואָרפן אַף דער בעפיירעש
פּאטריאָטישער אָרגאניזאציע „פּאמיאט". ברוטאל, א
ביזאָיען... איר האָט ניט געלאָזט די אָנפירער פון
„פּאמיאט" ארויסזאָגן זייערע געדאנקען, ווי איר
האָט געלאָזט דאָס טאָן אַף דער צווייטער זייַט ד.
ראזערן (אגעוו, מיין איך, א ייִדן). איר ווילט פאר־
לעשן דעם פונק פון זיקאָרן".

מע לאָזט ניט — און שוין! קארג זייַנען זיי
שוין ארויסגעטראָטן — מע וויל נאָך און נאָך...
אָט — געפונען נאָך א ייִדן, זאָל זייַן אפילע אין
קיין שום שייַכעס מיט „פּאמיאט", נאָר א ייִדן! דאָ
שטעקן בוילעט ארויס די אויערן פון יענע, וועלכע
האָבן גענומען פאר זיך א ציל צעקריגן צווישן זיך
אונדזערע סאָוועטישע פעלקער. וועגן דעם, וועגן
וואָס פאר א פּאטריאָטיזם עס גייט א רייד, האָט
קלאָר און דייַטלעך זיך ארויסגעזאָגט אין דער צייַ־
טונג „איזוועסטיא" דער אקאדעמיקער ד. ס. ליכא־
טשאָוו. דאכט זיך, אָט דעם בעקאָוועדיקן געלערנטן
קאָן מען ניט באשולדיקן אין איגנאָרירן די געשיכ־
טע און די ווערטן פונעם רוסישן פאָלק!

ריידנדיק וועגן שאפן א צענטראלן מוזיי פון
דער אַלט־רוסישער קולטור און קונסט אַף אנדריי
רובליאָווס נאָמען (דער גרינדער פון דעם דאָזיקן
צענטער איז געווען דער איצט שוין פארשטאָרבע־
נער דאַוויד ארסענישווילי), שטרייַכט דער געלערנ־
טער אונטער, אז „קולטיווירן א געשמאק צום
פּראכטפולן, צום באגרייַפן די לייַבלעכע געשיכטע,
די קולטור — דאָס איז דאָך א לעבנסוויכטיקע אופּ־
גאבע. סאָפּקאָלסאָף איז דאָס א פראגע פון קוואַ־
ליטעט פונעם מענטשנס מי, מיט וואָס פאר א פּאָך
ער זאָל זיך ניט פארנעמען. און אוודע איז עס
א פראגע פון עכטן פּאטריאָטיזם". און ער גיט צו:
„מע טאָר בעשום־אויפן ניט דערלאָזן, אז אין
דער טעטיקייַט פונעם צענטער זאָלן זיך אָפּרופן
וועלכע־ניט־איז נאציאָנאליסטישע טענדענצן. עס
דארף זייַן פארקערט. די אַלט־רוסישע קולטור גיט
פּרעכטיקע לעקציעס פאר דערציִען אינטערנאציאָ־
נאליזם... פארוואָס, אגעוו, איז דער גרוזינער ד.
אי. ארסענישווילי „קראנק געוואָרן" אַף דער קונסט
פון דער אוראַלטער רוס אַף אזויפיל, אז ער האָט
זייַן גאנץ לעבן אָפּגעגעבן אַף שאפן דעם מוזיי?
מיר דאכט זיך, אז איך קאָן דאָס דערקלערן. אכוץ
דער דערהויבענער קינסטלערישער פרייד, וואָס די
דאָזיקע קונסט ברענגט, איז זי דורכגעדרונגען מיט
בייַשפּילן פון נאציאָנאַלער ווירדע, ווי אויך פונעם
גלויבן אין מענטשן אלס אזעלכן. צוליב דעם לוינט
ארבעטן..."

אזא איז די מיינונג פונעם באוווּסטן געלערנטן
אין געביט פון פארהיטן די דעראָבערונגען פון דער
רוסישער קולטור, פון אירע היסטאָרישע דענקמע־
לער. בעשום־אויפן ניט דערלאָזן, אז דעמאגאָגן און
ספּעקוליאנטן זאָלן אויסניצן די דאָזיקע פּאטריאָטי־
שע זאך צוליב נאציאָנאליסטישע טענדענצן.

„לויט מייַן מיינונג, — שרייַבט ס. שאָר פון
קויבישעוו, — פארדעקן זיך די אָנפירער פון „פּא־
מיאט" גאנץ קונציק מיט דער זאָרג וועגן די קול־
טור־היסטאָרישע ווערטן פונעם לאנד. אינדערעמעסן
פּרווון זיי ארייַנטראָגן א שפּאלטונג אין דער נא־
ציאָנאלער אייַנהייַט פונעם היימלאנד, זיי שפּייַען
אַף דער פעלקער־פרייַנטשאפט, אפן אינטערנאציאָ־
נאליזם. ארויסטרעטנדיק קעגן דעם, וואָס עס איז
צעשטערט געוואָרן דער באסיין „מאָסקווא", פאר־
געסן די שרייַערס פון „פּאמיאט", וויפל קונסט־
ווערק פון דער אַלטער רוס זייַנען פארניכטעט גע־
וואָרן אין דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן יאָר־
הונדערט אונטערן לאָזונג „זעלבסטהערשונג, פּראַ־
וואָסלאוויע, פאָלקישקייַט".

ל. ג. ביזאָוו, אן עלטערער וויסנשאפטלעכער
מיטארבעטער פונעם אינסטיטוט פון עקאָנאָמיק און
פּראָגנאָזן פון דעם וויסנשאפטלעך־טעכנישן פּראָ־
גרעס בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון פסםר,
איינעם פון די געזעלשאפטלעכע אינספּעקטאָרן פון
דער מאָסקווער שטאָטישער אָפּטיילונג פון דער
אַלפארבאנדישער געזעלשאפט פאר אָפּהיטן די
דענקמעלער פון קונסט און קולטור וואָאָפּיִק,
שרייַבט אין „אָגאָניאָק":

„ביז אַפּרעל 1987 האָב איך אקטיוו זיך פאר־
נומען מיט אָפּהיטן די קולטור־היסטאָרישע יערו־
שע אין די ראמען פון וואָאָפּיִק. די שפּאלטונג
אָבער פון דער מאָסקווער שטאָטישער אָפּטיילונג

פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט אין פּראָצעס פון צוגרייטן די 10־טע באַריכט־ און וואַל־קאָנפערענץ און די ווײַטערדיקע געשעענישן האָבן מיר און א סאַך מײַנע כאַווײרים ניט געגעבן קיין מעגלעכקײַט פאָרזעצן די אַרבעט צוזאַמען מיט דער איצטיקער אָנפירונג פון דער מאָסקווער אָפּטיילונג. וואָס זשע איז פאָרגעקומען?

טראָץ דעם כּטאַטוט און די פּראָצעדור־נאָרמעס פון וואָאָפּ״יק, האָבן אין מאַרט־אַפּרעל 1987 די אָנפירער פון דער מאָסקווער שטאָטישער אָפּטיילונג, אין דער ערשטער ריי ס. וו. קאַראַליאָוו און וו. א. ווינאָגראַדאָוו, פּאַקטיש מיטגעהאָלפן צו פאַרוואַנדלען די אָפּטיילונג אין א פיליאַל פון דער פאַרייניקונג „פּאַמיאַט״, וועלכע פּריידיקט, באַנאַנד מיט ריכטיקע געדאַנקען וועגן פאַרהיטן די דענקמעלער, דעמאַגאָגישע און פּאַשעט כאַסערדייעדיקע אידייען. די אַקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט״ אונטער דער אָנפירונג פון וו. א. ווינאָגראַדאָוון האָבן געשטעלט פאַר זיך א ציל — אַרויסטרײַבן פון דער געזעלשאַפט אַלעמען, וועמען עס איז ניט מאַסקים מיט די אײַנשטעלונגען פון „פּאַמיאַט״. מע איז פּאָטער געוואָרן פון אַזעלכע אַקטיווע מיטגלידער, ווי וו. ל. מאַכנאַטש, א. א. קלימענקאָ, אי. ק. רוסאַקאָוואָכקי, ק. וו. פאַרפּיאַנאָוו, ל. ג. ראַסאַדניקאָוו, ס. ב. פּיאַטאָוו, יע. ב. פּכאַר, ר. ע. ראַכמאַטולין און אַנדערע...

איך וויל, מע זאָל מיך ריכטיק פאַרשטיין. איך בין אויך אופריכטיק פאַרזאָרגט מיטן צושטאַנד פון אונדזער היסטאָרישער ירושע, איך טרעט אַרויס פאַר באַשטראָפן די הויפּט־שולדיקע פון דעם אומקום פון ווערטפולע דענקמעלער. נאָך מער, איך ווייס, אַז צווישן די מיטגלידער פון „פּאַמיאַט״ און פון די נאָענטע צו זיי לויט די אָנשויונגען זײַנען פאַראַן א סאַך ערלעכע, פּאַטריאָטיש געשטימטע מענטשן. זייערע פאַרדינסטן פאַר אונדזער געזעלשאַפט זײַנען גאַנץ גרויסע, אָבער זיי זײַנען, צום באַדויערן, אָנגעשטעקט מיט דעמאַגאָגישער פּראָזעלאָגיע״.

איצט איז שוין ניט קיין סאָד, אַז ניט ווייניק אַקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט״ שטרעבן אויסצונוצן די דאָזיקע פאַרייניקונג אין זייערע „פּערזענלעכע אינטערעסן. און אין דעם פּראַט איז באַלערנדיק די געשיכטע מיטן קינאָפילם „לערמאָנטאָוו״, וועלכן ס׳האָט געשטעלט ניקאָלײַ בורליאַיעוו.

א באַוווּסטער אַקטיאָר, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר א שלעכטן רעזשיסער, דערצו נאָך פאַר אַן אומבאַהאָלפענעם סצענאַריסט פון דעם זעלבן פילם. אויך די הויפּט־ראָל האָט ער אינעם פילם געשפּילט. און ווידעראַמאָל — ניט געלונגען. די פריערדיקע סצענאַרן וועגן לערמאָנטאָוון זײַנען געווען א סאַך בעסערע, נאָר אין דער אומגעבונג, וואָס האָט געהערשט א לאַנגע צײַט אין דער סיסטעם פונעם מעלוכע־קינאָ, זײַנען יענע סצענאַרן ניט דורכגעגאַנגען. בורליאַיעוו אָבער האָט זיך אײַנגעגעבן דורכצושמוגלען סײַ דעם שלעכטן סצענאַרי, סײַ דעם שלעכטן פילם, ניט געקוקט אַף זייער היסטאָרישער און קינסטלערישער אומבאַהאָלפנקײַט. דאָס האָט זיך אים אײַנגעגעבן מיט דער הילף פון קרוווישע פאַרבינדונגען און מעכטיקע פּראָטעקציעס. אפן 5־טן צוזאַמענפאָר פון די קינעמאַטאָגראַפיסטן, ווו ס׳איז פאָרגעקומען אַן אָפן־ריכטיקער און שאַרפער געשפּרעך וועגן דעם צושטאַנד פון אונדזער קינאָ און וועגן די סיבעס פון אַזאַ צושטאַנד, האָט מען בורליאַיעווס פילם אָנגערופן „א פאַמיליע־אונטערנעמונג״.

נ. בורליאַיעוו האָט זיך געפילט באַליידיקט און געפאָדערט פון דער נײַער אָנפירונג פונעם פאַרבאַנד פון קינעמאַטאָגראַפיסטן אַן אופקלערונג. ס׳איז פאָרגעקומען אַן ערנסטע באַהאַנדלונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט באַוווּסטע ליטעראַטור־פאָרשער, קינאָקריטיקער, קינאָמײַסטערס. און אָט וואָס פאַר א רעזאָליוציע ס׳איז אָנגענומען געוואָרן:

„אינעם פילם... איז ניטאָ קיין פּראָבלעם־דראַמאַטורגישער יעסאָד. די קינעמאַטאָגראַפישע פאַרקערפּערונג דערמאָנט אין די פאַרעלטערטע שטאַמפּן פון די פילמען פון צוריק מיט 20 יאָר, וואָס עס באַווײַזט דעם שלעכטן קינסטלערישן געשמאַק פונעם רעזשיסער... די פּערזענלעכקײַט פונעם דיכטער ווערט פאַרגעשטעלט אין א פאַרקריפּלטן אויסזען, אַנטשפּרעכט ניט דער היסטאָרישער, קינסטלערישער און נאַציאָנאַלער באַדײַטיקײַט... די אָנטיילנעמער פון דער זיצונג פונעם כעקרעטאַריאַט האָבן איינשטימיק אַרויסגעזאָגט א מיינונג, אַז דער פילם האָט זיך ניט באַקומען לויט אַלע קאָמפּאָנענטן״.

וועגן דעם פילם האָבן געשריבן א ריי סאָוועטישע אויסגאַבעס. קריטישע רעצענזיעס האָבן פּובליקירט „סאָוועטסקאַיאַ קולטורא״, „סאָוועטסקי עקראַן״, „איסקוסטוואָ קינאָ״. די צײַטונג „פּראַוודאַ״ האָט געשריבן:

„לערמאָנטאָוו... איז פאַרגעשטעלט ווי א געלאַסן־זיסינקער, גוטינקער, וועלכער טראָגט איבערן לעבן זײַן מיסיע פון א גאָטסדערוויילטן. אין זײַן מויל ווערן אפן קינאָ־עקראַן אַרײַנגעלייג׳ט מעליצעדיקע און פּאַסכאַלנע ווערטער וועגן ליבע צום פאָטערלאַנד, און באַגלײַך מיט דעם אַזאַ טעקסט:

„...אין כאַמע גענעם האָט א שטראַל א ליכטיקער געריכטעט דעם רעטער... אין סאַמע גענעם פון אייגענוץ... מע האָט ניט געוואָלט הערן דאָס וואָרט פון עמעס און אים געקרייצט...״ אָט אַזוי: אפילע וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו האָט אָנגערופן לערמאָנטאָוון — אַנטיכריסט, נאָר דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער אווטאָר רעדט וועגן עפּעס א באַזונדערער רעליגיעזקײַט פונעם דיכטער, וואָס קיינער האָט ביז איצט ניט אַנטדעקט!״

א נעגאַטיווע רעצענזיע האָט אָפּגעדרוקט אויך די וואָכנבלאַט „ניעדיעליאַ״. אָפּגעדרוקט נאָך דעם, ווי פונעם פילם האָט זיך אָפּגעקערט דער צושויער. אָבער דאָ האָט זיך אופגעהויבן א טומל: אין אַלע הויכע אינסטאַנצן האָבן זיך א שאָט געטאָן אַנאָנימע בריוו מיט באַשולדיקונגען קעגן דעם אווטאָר פון דער רעצענזיע, געשריבן אין איין סטיל, מיט איין טײַנע: „די רעצענזיע איז א פאַרשווערונג פון מאַסאָנען און ציוניסטן קעגן דעם אווטאָר פונעם פילם!״ פאַרוואָס איז בורליאַיעווס „לערמאָנטאָוו״ ניט געפעלן געוואָרן די „מאַסאָנען און ציוניסטן״? גאַנץ פּאָשעט:

„דער קינאָפילם האָט צום ערשטן מאָל אָפּן אנטפּלעקט פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אויך לערמאָנטאָוו (נאָך פּושקינען) איז געפאַלן אַ קאָרבן פון אַ מאַסאָנישער פאַרשווערונג, וועלכע ס׳האָט פאַרווירקלעכט ניקאָלײַ סאָלאָמאָנאָוויטש מאַרטינאָוו... אָבער די רוסן, וואָס זייער קולטור שטיקן פאַריסענע רוסאָפאָבן, פּרוּוון „אופשטיין פון שלאָף". עס צעשפּרייט זײַנע גיגאַנטישע פליגל דער רוס — דער ריז! און ס׳זײַנען פאַרציטערט געוואָרן זײַנע פאַרביסענע סאָנים".

אָט וואָס, לאָזט זיך אויס, עס קומט פאָר. די פאַרביסענע סאָנים, וועלכע זיצן אין „פּראַוודאַ", „סאָוועטסקאַיאַ קולטוראַ", אין „ניעדיעליאַ", אין די קינעמאַטאָגראַפישע זשורנאַלן און אין דער סאָוועטישער קינאָ בכלל, זײַנען אָנגעפאַלן אַף דעם וואָרט פון עמעס וועגן דער ציוניסטישער פאַרשווערונג. וועגן דעם האָבן מיטגעטיילט אין זייערן אַ בריוו דער געאָלאָג ג. קאָנדראַשקאָוואַ און מיט איר נאָך 14 אונטערגעשריבענע.

„מיר האָבן פאָרגעלייגט דעם געאָלאָג ג. קאָנדראַשקאָוואַ, — ווערט געזאָגט אינעם אַרטיקל „וועמען זשע איז עס ליונבאַר?", וואָס די „ניעדיעליאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם נומער 25 פאַרן 1987, — איבערגעבן דער גרופּע אַ ביטע אַרײַנצוקומען אין דער רעדאַקציע צוליב אַ דירעקטן געשפּרעך". אַן אָנגענומענע פּרויעקט־טערמין האָט אין טעלעפאָן צוגעזאָגט זיך אויסצייצענען. זי האָט זיך אויסגעצייצעט און זיך אָפּגעזאָגט. קיין דירעקטער שמועס האָט זיך ניט באַקומען.

און בריוו זײַנען אַלץ געגאַנגען. שרעקלעכע געשיכטעס וועגן מאַכאַנישע פאַרשווערונגען, וועגן דעם, אַז די רוסישע קולטור קומט אום, און וועגן איר לעצטן מאָשיעך — ניקאָלײַ בורליאַיעוון.

געגאַנגען זײַנען זיי אויך אין די אָרגאַנען פון קינאָפּראָקאַט. און אין פאַרבאַנד קינעמאַטאָגראַפיסטן. געגאַנגען פון מאָסקווע און פון אייניקע אַנדערע.

די געאָגראַפיע פון די בריוו איז אַף אַ מאָדנעם אופן צונויפגעפאַלן מיט די מאַרשרוטן פון בורליאַיעווס רײַזעס און פון זײַנע אַרויסטרעטונגען אַף די ערטער. געוויסע צוריק־אַדרעסן אַף די קאָנווערטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט־עקזיסטירנדיקע. אייניקע אַוטאָרן, מיט וועלכע די רעדאַקציע האָט געפּרוּווט זיך צונויפבינדן, האָבן פון דעם בריוו זיך אָפּגעזאָגט. אַנדערע האָבן דערקלערט, אַז דעם בריוו האָבן זיי אונטערגעשריבן, ניט קוקנדיק דעם פילם, לויט דער באַקאָשע פון באַקאַנטע.

ענדלעך, איז אָפּן אַדרעס פונעם אַוטאָר פון דער רעצענזיע אין „ניעדיעליאַ" סטאַניסלאַוו ראַסאַדין אָנגעקומען פון דער שטאָט וואָלאָגדאַ אַ פּאַקעט, און אינעם פּאַקעט — אַ נומער פון דער דאָרטיקער יוגנטלעכער צײַטונג, ווו אָפּן ראַנד איז געווען אַ צושריפט: „דעם זשיד־מאַסאָן — פון די רעשטן פונעם רוסישן פאָלק". יאָ, יאָ, „פון די רעשטן פונעם רוסישן פאָלק"!.. גאַנצע צוויי זײַטן פאַרנעמען אין דער צײַטונג די מאַטעריאַלן וועגן בורליאַיעווס פילם. און אַלע — אַף דער העכסטער היסטאָרישער נאָטע. וואָלט איר געמיינט, אַז די אַוטאָרן פון „וואָלאָגאָדסקי קאָמסאָמאָלעץ" דריקן אויס זייער מיינונג וועגן דעם פילם? ס׳הייבט זיך אפילו ניט אָן. דאָס גאַנצע פײַער איז געווענדט קעגן ס. ראַסאַדינען...

ס׳האָט פאַרשמעקט מיט יענע צײַטן, ווען עס האָבן זיך צעבושעוועט פינצטערע לײַדנשאַפטן, און בכלל איז דאָס אַ גאַנץ באַקאַנטער מאָטיוו: פּונקט אַזוי האָט אין „יענע" צײַטן די קריגערישע אַמעראַצעס געפירט אַ העצע קעגן די כּפּעציאַליסטן — גענעטיקער, קיבערנעטיקער, באַשולדיקט זיי אין „פאַרשווערונגען" און פאַרעכנט פאַר „אַגענטן". און זיך דערשלאָגן, אַז אונדזער וויסנשאַפט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן אין איר אַנטוויקלונג אַף צוריק.

די נײַע זוכער פון פאַרשווערונגען רופן אונדז, דאַכט זיך, נאָך ווײַטער — שיר ניט אין מיטלאַלטער. און דאָ האָט בורליאַיעווס פילם אַרײַנגעגאָסן בוימל אין פײַער: זײַן העלד כקירעט אומופהערלעך וועגן אַן „אויסלייזער", וועגן אַ „גײַכט אַן אַלמעכטיקן", וועגן רוכעס, וועגן „כריסטאָפּראָדאַווצעס" און מאַלאַכיי־כאַבאַלעס, וועלכע האָבן „אָנגעבויט קאַבאַקן, פאַרשיקערט רוסלאַנד, קעדיי דער ריז זאָל ניט וואַגן זיך אופהייבן..."

בורליאַיעוון האָט זיך אײַנגעגעבן צו פאַרנעפּלען די מויכעס ניט בלויז בא די זשורנאַליסטן פון וואָלאָגדאַ. אויך די מורמאַנסקער צײַטונג „קאָמסאָמאָלעץ זאַפּאָליאַריאַ" האָט זיך געכאַפּט אַף זײַן ווענטקע. דאָס איז צו זען פון דעם אינטערוויו, וואָס בורליאַיעוו האָט געגעבן דעם מורמאַנסקער זשורנאַליסט יו. כמירנאָוו. דער זשורנאַליסט פאַלט אַרײַן אין ראַזש און דערגייט צו אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּאַראַלעלן. אָט לעמאָשל: „דאָס, וואָס עס טוט זיך איצט אַרום דעם פילם, קאָן מען פאַרגלײַכן מיט דעם, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום לערמאָנטאָוון גופא אין זײַן צײַט. און ניט בלויז אַרום אים, נאָר בכלל אַרום אַלדאָס רוסישן..." און בורליאַיעוו גיט צו: „אין אונדזער לעבן איז פאַר יעדערן פון אונדז, פאַר יענע, ווער עס איז לויט דער נאַציאָנאַליטעט אַ רוס, זאָגן, אַז דו ביסט אַ רוס, — טוט שוין אַ שמעק מיט עפּעס שאָוויניסטישן".

אַזאַ איז דער פּאָרטרעט פונעם נײַעם מאָשיעך, וועלכער איז אַרויס אין שלאַכט אין נאָמען פון די „רעשטן פונעם רוסישן פאָלק", האַלטנדיק הויך אין דער פאַרהויבענער האַנט זײַן פילם וועגן דעם גרויסן רוסישן דיכטער. און בורליאַיעוון קומט ניט אָפּן געדאַנק, אַז דער רעאַלער לערמאָנטאָוו לייגט זיך בעשום־אופן ניט אַרײַן אין דער קאָנצעפּציע פונעם פילם. לעשעם דער פאַלשער קאָנצעפּציע קאָן מען אפילו לערמאָנטאָוון אַ פּראַווע טאָן. און אָט וויאַזוי: „אַפּאָנעם, אַזאַ לערמאָנטאָוו (ווי אינעם פילם) האָטווירקלעך ניט געקאָנט שאַפן די ליד „אַדיע, דו רוסלאַנד אומגעוואַשענע", כאָטש מע שרײַבט זי אים צו, — באַהויפּטעט „קאָמסאָמאָלעץ זאַפּאָליאַריאַ". — צופיל איז עס ענלעך אַף אַ רעכילעס". אַזאַ אומפאַרשעמטע אַמעראַצעס!

„ניעדיעליאַ" מאַכט אַן אויספיר:

„אַלזאָ, לעשעם אַזאַ „קאָנצעפּציע" איז אפילו דערלאָזבאַר צו פאַרקריפּלען היסטאָרישע פאַקטן... וועמען איז ליונבאַר אין אונדזער פילנאַציאָנאַל לאַנד

פראָדוצירן א פילם, וועלכער איז אָנגעצילט אַף ארויסרופן סינע צו „אינאַראַדצעס", צושרײַבנדיק בעקיוונדיקע הינטערפיסלעך בענעגייע דער רוסישער קולטור?

און דעמלט הייבט מען אָן זוכן „סאָנים". אזא „קאמף" איז פּעיִק ערנסט אָפּצוסאַמען די גײזעלשאַפטלעכע אטמאָספער, אַפּוועגדן פון לײַזן לעבנסוויכטיקע אויפגאבן פון דער צײַט — אויפגאבן פון דער רעוואָלוציאָנערער איבערבויונג. ער איז געריכטעט אַף אונטערדרייסן די אידיישע און גײַסטיקע אײנהייט פון אונדזער פילנאַציאָנאַל לאַנד..."

די אקטיוויסטן פון „פּאַמיאַט" האָבן א גרויסן טאָעס, מײנענדיק, אז זײער דעמאַגאָגיע וועט געפינען א שטיצע אינעם פאָלק, אין דער ערשטער ריי — אינעם רוסישן. מע האָט שוין גוט צעקײַעט, און וואָס דאָ גייט. די צײַטונג פון די רוסישע שרײַבער „ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַן ארטיקל פונעם באַוווּסטן דיכטער, פּראָזאַיקער און דראַמאַטורג סערגיי מיכאַלקאָוו „א קוואַל פון פּראָגרעס און זעלבסטאַנטוויקלונג", אין וועלכן ער שרײַבט, צווישן אנדערס:

„פּרוּוואַנדלען דאָס אָפּהיטן דענקמעלער פון דער געשיכטע אין אַן אַלפּאַלקישער זאַך איז נײַטיק... אָבער די געזעלשאַפט „פּאַמיאַט" זאָרגט, ווי ס'איז צו זען, וועגן גאָר עפּעס אנדערס. אומפּאַראַנטוואָרטלעכע, היסטאָריש-אַמראַציִשע רעדעס פּאַרפּלאָנצן אין ניט קיין צוגעגרייטע, דעריקער אין יוגנטלעכע אאודיטאָריעס, נאַציאָנאַליסטישע, שאָוויניסטישע, אַנטיסעמיטישע שטימונגען. וואָס קאָן מען זאָגן? אַפּאָנעם, די אָנפירער פון דער געזעלשאַפט „פּאַמיאַט" האָבן א פאַלשע פאַרשטעלונג וועגן אונדזער דעמאָקראַטיע. געשיקט זיך, מיינען זיי, אז אין דער אומגעבונג פון עפנטלעכקײַט וועט זיך זיי אײַנגעבן אויסבאַהאַלטן זייער אומאַנשטענדיקן מאַראַלישן אָנבליק, די אַמעראַציִשקײַט, די שמוציקע קאַוואָנעס? ווײַזט אויס, ס'האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אז קיינער קאָן זיי ניט געבן קיין ווידערשטאַנד, אוועקשטעלן אַפּן אָרט. אויסלאַכן, סאַפּקאָלסאַפּ? זיי האָבן געמיינט, א מירן זיי ניט זאָגן מיט דער גאַנצער אופריכטיקײַט: נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם פּאַרן זיך ניט מיט סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם, און קיין שום אַנשטענדיקער מענטש וועט זיך ניט שטעלן אונטער אזעלכע לאָזונגען, פאַרקערט, ער וועט האַלטן פאַר זײַן כּוויוו צו פאַרווטיילן זייער פאַלשע קאַוואָנע, זייער צעשטערנדיקע קראַפט.

איך בין א רוס. איך בין דערצויגן געוואָרן אין א רוסישער אינטעליגענטער סוויווע, אין טראַדיציעס פון עכטער רוסלענדישער אינטעליגענץ. אַלעמען איז באַוווּסט, אז פאַרשטייער פון אַט דעם טייל פון דער געזעלשאַפט זײַנען פאַר רוסלאַנד געגאַנגען אַף באַליביקע, דערונטער אויך אַף זייער שרעקלעכע קאָרבאָנעס. אָבער אידייען, וועלכע האָבן זיך אײַנגעשטעלט אין דער געזעלשאַפט „פּאַמיאַט" (זיי זײַנען לאַכלוטן ניט קיין נײַע), האָבן רוסישע אינטעליגענטן שטענדיק באַקעמפט. און אַט דער קאַמף איז אונדזער זיקאָרן, אונדזער הייליקע טראַדיציע, וועלכע מיר זײַנען מעכויעוו היטן".

די אָנפירער פון „פּאַמיאַט" פּרוּוון עס ניט באַמערקן. זיי האַנדלען לויטן פּרינציפּ: טרײַבסט זיי ארויס דורך דער טיר — קריכן זיי אַרײַן דורכן פענצטער. אין מאָסקווע האָט מען שוין גוט פאַרשטאַנען, וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר, און קיין שום קלוב נעמט ניט אַף זיך די ריזיקע צוצושטעלן פאַר זיי אַן אאודיטאָריע. דאַן זאַמלען זיי צונויף אַן אוילעם אין די פּאַרקן, נעמען זיך צונויף אין פּאַרמאַכטע געבײַדעס, דערבײַ שטעלן זיי ארויס „א וואַך", עס זאָל זיך, כאַלילע, ניט אַרײַנרײַסן עפּעס א „פרעמדער". פאַר „פרעמדע" האָבן זיי מוירע — „פרעמדע" קאָנען דערווידערן, דעמאַסקירן די אידייען פון „פּאַמיאַט".

וועגן אזעלכע פאַלן דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט פון „סאָוועטסקאַיאַ ראָסיאַ" פּאַוועל גוטיאָנטאָוו.

„אַף אָט די אָוונטן, — שרײַבט ער, — בין איך געווען עטלעכע מאָל. פאַרשטייט זיך, ניט אָן ריזיקע, ווײַל נאָך דער „אָרדענונג" שפּירן דאָ געזונטע בויִאָנעס, וועלכע טוען אמאָל אָן אַרעמבאַנדן פון דרוזשיניקעס. זיי פירן גלײַך אָפּעראַטיוו ארויס פונעם זאַל א באַליביקן, ווער עס וואַגט אויסצודריקן ניט-אײַנשטימיקײַט מיט דעם, וואָס עס פּריידיקט זיך פון דער בינע. אזוי איז געשען אינעם קולטור-הויז אַף גאַרבונאָוס נאָמען — די „וועכטער" האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ דעם דיכטער (אַן איבערזעצער און קאָמענטאַטאָר פונעם גאוניאַלן רוסישן עפּאָס „דאָס געזאַנג וועגן איגאָרס כאַיל") א. טשערנאָוו.

וואָס זשע באַהאַנדלט זיך אַף די דאָזיקע צונויפקומענישן? וואָס פאַר א דראָשעס ווערן פאַרשריבן אַף מאַגניטאָפאָנען און פאַרשפּרייט אין הונדערטער עקזעמפּלאַרן?

פאַרשטייט זיך, — „פּאַטריאָטישע דראָשעס": די פאַרייניקונג רופט זיך דאָך אליין „היסטאָריש-פּאַטריאָטישע"! אין גרונט זײַנען דאָס פראַגן אָנגעווייטיקטע, שאַרפע: מע דאַרף טאַקע פאַרייניקן אַלע קויכעס — מעלוכישע און געזעלשאַפטלעכע און פּאַשעטע ערלעכע דענקענדיקע מענטשן, וועלכע נעמען אַף זיך די זאָרג וועגן אָפּהיטן די היסטאָרישע דענקמעלער (א סאַך פון די דאָזיקע ווערטן זײַנען אומבאַגרינדעט און אפילו אַף א באַרבאַרישן אויפן צעשטערט געוואָרן)... אַזויאַרום, וואָלט מען געקאָנט אונטערהאַלטן די אָוואַציעס, מיט וועלכע עס ווערן באַגלייט די רעדעס פון די אָראַטאָרס אַף די זיצונגען פון „פּאַמיאַט", — ווען דאָס וואָלט טאַקע בעעמעס געהאַט א פּאַטריאָטישן ציל. אָבער אייניקע עקזאַלטירטע רעדנער האָבן אין זינען גאָר עפּעס אנדערס.

זיי זײַנען דאָך „מעסירעסנעפעשדיקע ענטוזיאַסטן פון דער רוסישער קולטור", ווי זיי רופן זיך אליין אָן, — דעריבער זעען זיי אין אַלע אומגליקן בלויז שפּורן פון א גלאָבאַלער „ציִעניסטישמאַסאָנישער פאַרשווערונג". און די געשיכטע גופע פון אונדזער לאַנד שטעלן זיי פאָר ווי איין אומענדלעכע קייט פון פּרוּוון מיצאַד דעם פאַלשן סוינע צו שענדן און דערנאָך פאַרניכטן דאָס רוסישע „גאָטטרעגערישע פאָלק".

דער קאָרעספּאָנדענט זעצט פאָר:

„איך בין געווען, כאָזער איך איבער, אף עטלעכע זיצונגען פון „פּאמיאט”, און אלעמאָל בין איך ארויסגעגאנגען פונעם זאל מיט א געפיל, אז דאָס, וואָס עס האָט זיך דאָרט גערעדט, איז עפּעס ווי אומרעאל. אן אומגעבונג פון מאניאקאלער פארדעכטיקייט, היסטעריע, שיר ניט ווי עפּעס א שיידים־טאנץ...

שלעכט איז ניט בלויז דאָס, וואָס אזעלכע אָראטאָרן פּאָמפּען אָן אין דער סוויווע פון זייערע צוהערער אן אומגעבונג פון אן ארומגערינגלטן לאגער (למשל, די „ווענדונג צום רוסישן פאָלק”, וואָס זיי האָבן אָנגענומען און וואָס פארמאָגט א פּאניקאלן רעפרען „דאָס פאָטערלאנד איז אין געפאר!”). מיט דער אידיי פון א „פארשווערונג” פון אָן א שיר סאָנים, וועלכע ווימלען אף שריט און טריט, ווילן זיי דערקלערן אלע אונדזערע פּראָבלעמען, אלע אונדזערע שוועריקייטן”.

דער „זשורנאליסט” ד. וואסיליעוו (אין זיינע פּילצאָליקע ארויסטרעטונגען רופט ער זיך אָן אמאָל אלס „אומפּארטייישער באָלשעוויק־לענינעץ”, אמאָל אלס „עכט גלויביקער מענטש”) לייגט פאָר אף צו לייזן אלע דראָענדיקע אומגליקן פּאָשעט א רעצעפּט פון די ארסענאלן פון די שווארצמייעניקעס פונעם אָנהייב יאָרהונדערט: „סאָפקאָלסאָף האָט דער רוסישער מענטש רעכט צו נעמען אין די הענט א לאָם און זיך צערעכענען מיט זיינע כאָנים...” וואסיליעוו און זיינע נאָכפאָלגער האָבן א טאָעס, מיינענדיק, אז עס וועט זיך זיי איינגעבן ארייַנדרינגען אין דער נעשאָמע פון אונדזערע סאָוועטישע מיטצייַטלער מיט סאם און מיט גיפט פון ראסיזם און אנטיכעמיטיזם. ניט פאר זיי האָט זיך בא אונדז אָנגעהויבן דער נאָבעלער פּראָצעס פון עפנטלעכקייט און דעמאָקראטיזאציע, און ניט זיי זיינען די העלדן פון אונדזער צייט.

„ס'איז א כאָפעק, צי מיט דער דעמאָקראטיזאציע אָדער מיט דער עפנטלעכקייט, — שרייבט „סאָוועטסקאיא ראָסיא”, — קאָן מען בארעכטיקן די העצערישע רופן, די אופריכטיקע רעכילעסן, די פּרוּוון צו זייען נאציאָנאלע רוגזע, פארדאכט, שפּיאָנאָמאניע. נאָר ס'איז לאכלוטן ניט גילטיק אויך דער מעטאָד, וואָס איז פאנאנדערגעארבעט פריער: „ארויסרופן א מיליציאָנער”, ווי אייניקע לייגן פאָר, און פּאָשעט „מאכן א סאָף” צו די אומפאראנטוואָרטלעכע פּלאפּלערייען. מע דארף ניט פארגעסן, אז אלעמאָל אפּלאָדירן די וואסיליעווס הונדערטער מענטשן, אין דער גרעסטער מערהייט אופריכטיקע און ערלעכע. אפּאָנעם, די שטאטנע אָראטאָרן פון „פּאמיאט” נעמט מען אינדערעמעסן אויף אלס מוטפולע קעמפער פאר דער פאָטערלענדישער געשיכטע און קולטור, עמעצן געפעלט די איינשטעלערישע „אופריכטיקייט”, מיט וועלכער די דאָזיקע אָראטאָרן זאָגן ארויס זייער שטאנדפּונקט אף די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין אונדזער געזעלשאפט. ניט צופעליק הייבט אלעמאָל אָן וואסיליעוו זיינע ארויסטרעטונגען מיט טראגישע נאָטעס: „איך בעט אנטשולדיקונג, וואָס איך וועל רעדן לאנג. עס ווילט זיך זאָגן ווי ווייט מעגלעך מער, ווייל דאָס איז עפּשער מיין לעצטע ארויסטרעטונג...” אים ווילט זיך זייער, מע זאָל אים פארפאָלגן, „ארייַניאָגן אין דער אונטערערד”, ער פּרעטענדירט שוין איצטער אף א דערנער־קראַנץ פון א מארטירער...”

מע קאָן, פארשטייט זיך, דערקלערן, פארוואָס עס זיינען ארויס פון די לעכער אָט אזעלכע דעמאגאָגן און פארוואָס זיי געפינען א גינסטיקע אאודיטאָריע. צופיל האָט זיך בא אונדז פארצויגן די צייט, ווען מיר זיינען אָפּגעוווינט געווען פון א „דירעקטן דיאלאָג”. אין יענע יאָרן איז גענוג געווען צו „אָפּשמייסן” אין דער פּרעסע עפּעס א פילם אָדער א בוך, ווי אין דער ביבליאָטעק אָדער אין דער קאסע פונעם קינאָ־טעאטער זאָל זיך אויסשטעלן נאָך זיי א ריי. עס זיינען געווען פארמאכט פאר אן עפנטלעכער באהאנדלונג א סאך „זאָנעס פון דעליקאטער אופמערקזאמקייט”. אָדער לאָמיר זיך דערמאָנען די „ווייסע פלעקן” אין די ביכער פון געשיכטע. דעריבער ווערן איצט אופגענומען פאר אופריכטיקע די אמעראצישע ספּעקוליאציעס אף דער פארגאנגענהייט. עס ווירקט נאָך אויך דאָס ניט קענען איבערצייגן, די געוווינשאפט, אז דער הויפּט־ארגומענט אין א באליביקן שטרייט איז א ציטאטע.

אצינד איז געקומען די צייט פון קענען איבערצייגן. ניט גלאט פארורטיילן, נאָר איבערצייגן, עס זאָל ניט זיין ענלעך אף דער סיטואציע אין איליא אילפס און יעווגעני פּעטראָווס ראָמאן „די גאָלדענע קאלב”: „קיין גאָט איז ניטאָ!” — האָט געזאָגט אָסטאפּ. „א גאָט איז דאָ!” — האָבן געזאָגט די קסיאָנדזן. אזעלכע „שטרייטן” געפעלן די לידערס פון „פּאמיאט”, פאר אן אָפענער דיסקוסיע האָבן זיי מוירע.

דער באוווּסטער פּובליציסט פיאָדער בורלאצקי שרייבט אין זיין ארטיקל „זיך לערנען דעמאָקראטיע”, וואָס עס האָט פארעפנטלעכט די „פּראוודא”.

„מיר פארמאָגן גענוג דערפארונג, קעדיי צו פארשטיין, אז אָרטיקער נאציאָנאליזם און גרויסמאכטערישער שאָוויניזם, אנטיסעמיטיזם און ציעניזם נערן איינס דאָס אנדערע און טרינקען דערביי פון איין קאָס — פון אנארכיע, אומאָרדענונג, פון א נעבעכדיקער, ניט־ציוויליזירטער פּאָליטישער קולטור.

ווי גיך דרינגען ארייַן איינער אין דער אנדערער דעמאָקראטיע און אָכלאָקראטיע! (לויט אריסטאָטעלן איז א אָכלאָקראטיע די מאכט פונעם האמוין פון דער גאס). ערשט נעכטן האָבן די פאָרשטייער פון „פּאמיאט” פארטיידיקט, למשל, די גערעכטיקע אידיי פון פארהיטן די דענקמעלער פון דער רוסישער נאציאָנאלער קולטור — דענקמעלער פון אלטערטום, ארכיטעקטור, די טראדיציאָנעלע נעמען פון שטעט, גאסן, ראיאָנען. קורץ גערעדט, זיי האָבן פארטיידיקט אונדזער נאציאָנאלן פארמעג, געפּאָדערט, עס זאָלן ברייט אויסגעניצט ווערן די ווערטן פון דער פארגאנגענהייט. און דאָס איז געווען גוט. נאָר צו אָט דער באוועגונג האָבן זיך צוגעשארט מענטשן, וועלכע טרעטן ארויס פון פּאָזיציעס פון נאציאָנאליזם און שאָוויניזם”.

■ ■ ■

# די שטאָט ביראָבידזשאַן פייַערט איר 50־יאָריקן יוביליי

דעם 2 מאַרט 1937 איז לויט א באַשלוס פון דער סאָוועטישער רעגירונג צוגעייגנט געוואָרן דעם ארבעטער־ייִשעוו ביראָבידזשאַן דער סטאטוס פון א שטאָט. אין צוזאמענהאנג מיט דער דאָזיקער דאטע האָט די הויפּט־שטאָט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט פייַערלעך אָפּגעמערקט איר 50־יאָריקן יוביליי.

אין גרויסן זאל פון דער געגנטלעכער פילהארמאָניע איז פאָרגעקומען א פייַערלעכע זיצונג פונעם שטאָטישן סאָוועט פון פאָלקס־דעפּוטאטן, אויף וועלכער עס זייַנען בייַגעווען, כוץ די דעפּוטאטן, פיל ערשטע בויער פון דער שטאָט, אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, העלדן פון די ערשטע פינפיאָרן, ווי אויך דעלעגאציעס פון כאבאראָווסק, קאָמסאָמאָלסק־אויפן־אמור און אנדערע ווייַטמיזרעכדיקע שטעט.

מיט א פאָרטראָג „50 יאָר פון דער שטאָט ביראָבידזשאַן" איז ארויסגעטראָטן דער ערשטער סעקרעטאר פונעם שטאָטקאָם פון דער פּארטיי ל. ק. סלעפּניאָוו. ער האָט דערציילט וועגן דער געשיכטע און וועגן דער אנטוויקלונג פונעם געגנטלעכן צענטער.

די ביאָגראפיע פון ביראָבידזשאַן, — האָט ער אָפּגעמערקט, — האָט זיך אָנגעהויבן פון דער מעסירעספּעשדיקער מי פון די ערשטע איבערוואנדערער, וועלכע זייַנען געקומען אין 1928 אויף דער קליינער אייַזנבאן־סטאנציע טיכאָנקאיא. דאָס גאנצע לאנד האָט געהאָלפן בויען דעם נייַעם קאנט. די מעלוכע האָט געגעבן די איבערוואנדערער אלדאָס נייטיקע, — טראנספּאָרט, טעכניק, בוי־מאטעריאלן, קרעדיטן. עס זייַנען אויפגעקומען די ערשטע לאנדווירטשאפטלעכע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, שולן, טעכניקומס, קלובן, ביבליאָטעקן. אין 1930 האָבן אָנגעהויבן דערשייַנען צוויי געגנטלעכע צייַטונגען — א ייִדישע און א רוסישע.

די רעוואָליוציאָנערע, שלאכטישע און ארבעטס־טראדיציעס פון די ביראָבידזשאנצעס, זייער איבערגעגעבנקייַט דעם סאָציאליסטישן היימלאנד האָבן זיך מיט א קאָלאָסאלער קראפט אנטפּלעקט אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. די שטאָטישע פּארטיי־אָרגאניזאציע האָט אָפּגעשיקט אין דער אָפּערירנדיקער ארמיי 42 פּראָצענט פון איר באשטאנד. אויפן פראָנט זייַנען העלדיש געפאלן דער ארבעטער פונעם וואגענער־זאוואָד יויסעף בומאגין, דער ארבעטער פונעם פלייש־קאָמבינאט מיכאיל סטיאזשקין; ביידן איז צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד. אין קאמף פאר דער הייליקער זאך פון פארטיידיקן די דעראָבערונגען פונעם סאָציאליזם האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן העכער 1300 ביראָבידזשאנצעס.

די שטאָט האָט אין די מילכאָמע־יאָרן געארבעט פארן פראָנט — ארויסגעלאָזט געווער, מיליטערישע טאטשאנקעס, סאָלדאטישע קליידונג, פּאראשוטן. עס זייַנען טעטיק געווען הונדערטער קאָמיוגיש־יוגנטלעכע פראָנט־בריגאדעס.

זינט די סטאנציע טיכאָנקאיא האָט זיך פארוואנדלט אין דער שטאָט ביראָבידזשאַן איז איר באפעלקערונג אויסגעוואקסן אין 100 מאָל. ביראָבידזשאן איז הייַנט איינער פון די גרעסטע אינדוסטריעלע צענטערס פונעם כאבאראָווסקער קאנט. דאָ זייַנען אויפגעקומען און דערגרייכט א הויכן ניוואָ פון אנטוויקלונג אונטערנעמונגען פון עלעקטראָטעכנישער, לייַכטער אינדוסטריע און שפּייַז־אינדוסטריע, לאנדווירטשאפטלעכער מאשינבויונג, געהילץ־באארבעטונג. די אונטערנעמונגען פון דער שטאָט גיבן דעם לאנד טוווע־ און סילאָס־קאָמבייַנען, קראפט־טראנספאָרמאטאָרס, אייַזנבעטאָן און געהילץ־מאטעריאלן, זיי לאָזן ארויס מעבל, קליידער, שוכווארג און אנדערע סכוירעס פונעם פאָלקס־געברויך. די ביראָבידזשאנער פּראָדוקציע איז באוווּסט ווייַט אויסער די גרענעצן פון דער געגנט און פונעם קאנט און אויך אין אויסלאנד.

פיל יאָרן עקזיסטירט אין ביראָבידזשאן א ייִדישער און רוסישער פאָלקס־טעאטערס, א פּראָפעסיאָנעלער ייִדישער מוזיקאלער קאמער־טעאטער און א שאָו־גרופּע „פריילעכס". מיט דערפאָלג טרעט ארויס דער געגנטלעכער פידלער־אנסאמבל. ס'איז אויסגעבויט געוואָרן און פונקציאָנירט א געגנטלעכע פילהארמאָניע.

מיט ווארעמע ווערטער, געווענדט צו דער שטאָט, מיט וועלכער זיי שטאָלצירן, זייַנען אויפן פייַערלעכן אָוונט ארויסגעטראָטן איינע פון די ערשטע אירע בויער עספיר קאָכמאן, דער העלד פון סאָציאליסטישער מי, די נייטערן פון דער ביראָבידזשאנער זאָקן־טריקאָטאזש־פאבריק יעלענע ארנאפּאָלינא, דער וועטעראן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע גריגאָרי קאבלוקאָוו און אנדערע.

פאר די אָנטיילנעמער פונעם יוביליי־אָוונט איז געגעבן געוואָרן א גרויסער קאָנצערט.

אויפן אנדערן טאָג זייַנען די פייַערונגען, פאָרגעזעצט געוואָרן אויפן שטאָטישן סטאדיאָן. דער טעאטראליזירטער יאָמטעוו „די שטאָט פון אונדזער גוירל" האָט אָפּגעשפּיגלט די וויכטיקסטע עטאפּן אין דער אנטוויקלונג פון דער שטאָט, אָנהייבנדיק פונעם באהערשן די טייַגע און פארענדיקנדיק מיט דער בויונג הייַנט־צו־טאָג. דער גאנצער עוילעם האָט שטייענדיק באגריסט די קאָלאָנע וועטעראנען, וועלכע האָט דורכמארשירט פארבייַ דער טריבונע. דערנאָך איז פאָרגעקומען א פאראד פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען בעראָש מיטן זיגער אין דער סאָציאליסטישער פארמעסטונג — דעם קאָמבייַן־זאוואָד „דאלסעלמאש".

★

# די גוטע וועלט פון מאָלערײַ

ווי יעדער אופריכטיקער מענטש און קינסטלער, וואָלט פּאַוועל טײַבער געקאָנט איבערכאַזערן די באַוווּסטע דעפיניציע פון א. סענט־עקזיופּערי: „אַלע שטאַמען מיר פון דעם לאַנד, וואָס רופט זיך קינדהײַט". די מערהײַט זײַנע מאָלערישע און גראַפישע לײַוונטן האָט ער געשאַפן, באַזירנדיק זיך אַף דערינערונגען. דערבײַ זײַנען עס ניט נאָר קיין העל־פאַרביקע זוּנגען פון עפּעס א כאַרקאָווער אידיליע, וועלכע דער קינסטלער רופט אָן מיטן נאָמען פון א קאָנקרעטן שטאָטישן ראַיאָן — זשוראַווליאָווקע. דאָס זײַנען אויך בעטמעס דראַמאַטישע זיכרוינעס וועגן די יאָרן פון עוואַקואַציע, וואָס זײַנען געקניפּט און געבונדן מיט זײַן אופהאַלטן זיך אין מיטל־אַזיע. די סעריע ווערט טאַקע אַזוי אָנגערופן: „מילכאָמע־יאָרן". זי איז געשאַפן געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון די 70־קער יאָרן און איז ניט קיין גרויסע, אָבער די אײַנדרוק־קראַפט אירע איז א גאַנץ באַדײַטנדיקע.

הינטער אַלע קאָנקרעטע פילפאַרביקע זוּנגען, פאַרייביקטע אַף טײַבערס לײַוונטן, פילט זיך דאָס אָנגעשטרענגטע, שווערע לעבן בײַס די מילכאָמע־יאָרן. ניט צופעליק זײַנען די קאָמפּאָזיציעס געמאָלט געוואָרן מיט לײַדנשאַפטלעכער עקספּרעסיע.

די סעריע „מילכאָמע־יאָרן" — דאָס איז בלויז א באַשטאַנדטייל פון טײַבערס מאָלערישער וועלט. די מערהײַט ווערק זײַנע, געשאַפענע אין די לעצטע יאָרצענדליקער, און ביפראַט נאָך אין די 80־קער יאָרן, — דאָס איז א גאַנצהײַטלעכע האַרמאָנישע וועלט פון דער פאַרמילכאָמעדיקער און נאָכמילכאָמעדיקער צײַט, אין וועלכער די האַנדלונג וויקלט זיך פאַנאַנדער אַף דעם פאָן פון א דאָרעמדיקן שטאָטפּייזאַזש.

פאָרמעל שטאַמט טײַבערס נוסעך פון דער מאָלערישער קונסט פון די אַלטע אײראָפּעיִשע מײַסטערס, פון דער פאַסטאָזער שײַנשאָטנדיקער פּלאַסטיק, וועלכע איז געווען אײגנטימלעך די פלעמישע און האָלענדישע זשאַנריסטן. טײַבערס שטייגער גייט אינעם שניט פון רעמבראַנדטס שעדעווערס. עס גייט דאָ א רייד ניט וועגן בוכשטעבלעכער אַנטלײַונג, נאָר וועגן דער אײנהײַטלעכקײַט פון דער אַטמאָספער פון אָט דער הומאַניסטישער קונסט, אין וועמענס טראַדיציעס עס זעצט פאָר צו אַרבעטן דער כאַרקאָווער מײַסטער.

פאַוועל טײַבערס גוטע מאָלערישע וועלט איז אַלזײַטיק און אוניקאַל, ווי טאָמיד יעטווידע וועלט פון אַן עכט שעפערישער פערזענלעכקײַט.

**וו.** מיילאַנד

## פאַוועל טײַבער. כאַרקאָוו

**אין וואַרשטאַט. 1980**





קינדער. אין אָוונט.
שאפּיטאָ. 1984



א ייִנגעלע מיט א הינטל.
1979



בייס דער עוואקואציע. פון דער סעריע „דערינערונגען. מילכאָמע־יאָרן” 1977—1978



# די איבערבויונג און די סאָוועטישע ליטעראַטור



דער סעקרעטאר פונעם סאָוועטישן שרײַבער־פאַרבאַנד, הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו" סערגיי בארוזדין איז געשטאַנען בעראָש פון דער דעלעגאַציע פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכע איז געווען צוגאַסט אין ייִסראָעל אין צוזאַמענהאַנג מיטן 42־טן יאָרטאָג פונעם זיג איבערן פאַשיסטישן דײַטשלאַנד. ס. בארוזדינס אײַנדרוקן פון דער דאָזיקער רײַזע האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אין פאָריקן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". ווײַטער ברענגען מיר דעם אינטערוויו, וועלכן ער האָט געגעבן דער טעל־אַוויווער צײַטונג „זאָ האַדעך".

סערגיי בארוזדין האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין עלטער פון צען יאָר, פאָלגנדיק דער אייצע פון נ. ק. קרופּסקאַיאַ. ווען ער איז אַלט געוואָרן 15 יאָר, איז דאָס נאַציסטישע דײַטשלאַנד אָנגעפאַלן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד. דער דיכטער־אָנפאַנגער איז אַוועק אויפן פראָנט, און אין סאָף פונעם קריג איז ער דערגאַנגען ביז פראָג און בערלין. נאָך דער מילכאָמע האָט ער פאַרענדיקט די מיטל־בילדונג און שפּעטער דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אױף א. מ. גאָרקיס נאָמען. א באַדײַטנדיקער טייל פון זײַן שאַפונג איז געווידמעט די קינדער און דער יוגנט. די צענטראַלע אויפגאַבע פון זײַנע ווערק איז — פאַרייניקן די מענטשן קעגן א נײַער מילכאָמע. דער אַלגעמיינער טיראַזש פון סערגיי בארוזדינס ביכער דערגרייכט זיך צו 87 מיליאָן עקזעמפּלאַרן. ער איז באַלוינט מיט מעלוכע־פּרעמיעס פון פססר.

פראַגע: סערגיי אַלעקסייעוויטש, צי קאָנט איר ניט דערציילן אונדזערע לייענער, אין וואָס עס דריקט זיך אויס דער איבערבויונג־פּראָצעס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור?

ענטפער: דער דאָזיקער פּראָצעס איז א רעזולטאַט פון דער ווירקונג פון פאַקטאָרן, וועלכע האָבן ערשט ניט לאַנג צוריק ניט געקאָנט געפינען קיין לייזונג. די פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען געוואָרן אַקטועל אינעם גאַנג פון דער איבערבויונג, זײַנען שוין איצט אויפגעהויבן געוואָרן אין א גאַנצער רײ ווערק. איך האַלט, אַז די איבערבויונג וואָלט אין א געוויסער מאָס געווען אוממעגלעך, ווען ס'וואָלט ניט עקזיסטירט אונדזער פילנאַציאָנאַלע ליטעראַטור.

וואָס איז שײַך דער דירעקטער השפּעה פון דער איבערבויונג אויף אונדזער ליטעראַטור, איז וויכטיק אָפּצומערקן, אַז עס פּובליקירן זיך ווערק סײַ פון די איצט לעבעדיקע שרײַבער, וועלכע האָבן פריִער ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן אָפּגעדרוקט צו ווערן, סײַ אויך פון יענע שריפטשטעלער פון דער פאַרגאַנגענהײַט, וועמענס ווערק עס האָבן ביז איצט קיינמאָל בײַ אונדז זיך ניט געדרוקט.

פראַגע: וואָס פאַר אַן אָפּקלאַנג האָט אַזאַ בוך ווי אײַטמאַטאָווס „עשאַפאָט", אַבולאַדזעס פילם „אַלכעט" אָדער ביקאָווס „סטראַשידלע" און ראַזאָווס פּיעסע „קאַבאַנטשיק", וועלכע האָבן דערזען די ליכטיקע שײַן בלויז ערשט ניט לאַנג צוריק?

ענטפער: אָט די אַלע ווערק האָבן אַרויסגערופן פילצאָליקע שטרײַטן. און דאָס איז נאַטירלעך. אין דער ליטעראַטור און קונסט איז אוממעגלעך צו ריידן וועגן דער איינהייט פון מיינונגען און געשמאַקן. די ליטעראַטור און קונסט קאָנען ניט געריכטעט ווערן מיט מעלוכישע סטאַנדאַרטן, ווײַל אין זיי איז אַלץ אײַנגעשטעלט אין העסקעם מיט אוניקאַלע נאָרמעס.

פראַגע: וועלכע זײַנען אין גאַנג פון דער איבערבויונג די ווירקלעכע ענדערונגען אין דער אָרדענונג פון פּובליקירן ווערק?

ענטפער: אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווען א רעזשיסער, לעמאָשל, האָט געוואָלט שטעלן א פּאָלע־

מישן פילם, איז אים געווען ביז גאָר שווער צו געפינען פאר אים די נייטיקע מיטלען, אויב א געוויסער פאראנטוואָרטלעכער באאמטער האָט אָפּגעוואָרפן די ארבעט. איצט זײַנען אָט די פּענטעס פּאנאנדערגעריסן געוואָרן. איך קאָן ריידן וועגן דעם אפן סמאך פון דער אייגענער דערפארונג אלס הויפּט־רעדאקטאָר פונעם זשורנאל „דרוזשבא נאראָדאָוו”. אין דער פארגאנגענהײַט איז אונדזער לייענער און דער הויפּט־ריכטער פון אונדזער שאפונג געווען דער אנשטאלט „גלאוועליט”, מיט אנדערע ווערטער — די צענזור. אַנשטאָט פארנעמען זיך מיט אירע דירעקטע פליכטן, דה. ניט דערלאָזן דאָס פּובליקירן מיליטערישע סוידעס, פלעג זי זיך ארײַנמישן אין דער ליטעראטור־קריטיק, צומאָל אויך אין דעם פּראָצעס פון שאפונג. איצט האָט אלץ זיך געשטעלט אפן געהעריקן אָרט. דער צענזור איז געזאָגט געוואָרן: פארנעם זיך בלויז מיט דײַנע פליכטן. און אָט זײַנען שוין פארבײַ צוויי יאָר, ווי דער זשורנאל גייט ארויס צו דער צײַט, מע ענדערט ניט אין אים קיין איין וואָרט, קיין איין קאָמע אפילע. אלס רעדאקטאָר טראָג איך די פולע פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דעם, וואָס עס ווערט פּובליקירט. דער פּראָצעס פון באפרײַען זיך פון דער צענזור און פון פינאנסיעלע באגרענעצונגען פילט זיך אויך אין אנדערע ספערן פון דער קונסט. ס'איז, למשל, געשאפן געוואָרן דער פארבאנד פון טעאטראלע טוער. די קינאָ האָט באקומען א נאָך גרעסערע זעלבשטענדיקײַט. די מעלוכישע קינאָקאָמפּאניע („גאָסקינאָ”) מישט זיך שוין ניט ארײַן אינעם שאפונגס־פּראָצעס. זי האָט מער קיין רעכט ניט צו באשטעטיקן סצענארן און קאָנטראָלירן די ארבעט פונעם רעזשיסער. בא דער אָפּוועזנהײַט פון אָט די אלע באגרענעצונגען שאפט זיך די סאמע דעמאָקראטישע אטמאָספער, וועלכע העלפט מיט דער אנטשטייונג פון א שעפערישער אומגעבונג. איך מיין, אז דאָס וועט זיך אָפּרופן אף דער קוואליטעט פון די ווערק.

פראגע: וויאזוי פארשטייט איר פערזענלעך דעם טאָך פון דער איבערבויונג און דעם צווייטן באגריף, וועלכע הייסט „עפנטלעכקײַט” — „גלאסנאָסט”, דה. אָפנקײַט (ביידע באגריפן זײַנען הײַנט געוואָרן לאָזונגען)?

ענטפער: קוידעמקאָל דארף מען נעמען אין אכט, אז עס גייט א רייד וועגן א לאנגדויערנדיקן פּראָצעס, וועמענס רעזולטאטן וועלן זיך אנטפלעקן ניט מיטאמאָל און אפילע ניט מאָרגן. פון מײַן זײַט וועט זײַן א טאָעס, אויב איך וועל זאָגן, אז אלע בא אונדז שטיצן די איבערבויונג, און ניט נאָר אין דער ליטעראטור. עס זײַנען פאראן ניט ווייניק מענטשן, אײַנגעשלאָסן ליטעראטאָרן, וועלכע שטרעבן אָפּצושטעלן אָט דעם פּראָצעס. פריִער איז זיי געווען באקוועמער צו לעבן.

אייניצײַטיק עקזיסטירן אזעלכע נעגאטיווע טענדענצן, וועלכע אנטפלעקן זיך אין רעזולטאט פונעם פּראָצעס פון איבערשאצן די געשעענישן. ס'זײַנען פאראן מענטשן, וואָס ניצן אויס די גרעסערע פרײַהײַט פונעם וואָרט בלויז קעדיי פערזענלעך זיך אָפּרעכענען מיט עמעצן — טרײַבן רעכילעס. אנדערע, באזונדערס צווישן די שריפטשטעלער, זאָגן, אז „די איבערבויונג איז א גוטע זאך, אָבער צוליב וואָס דארף מען ווידער איבערשאצן אונדזער געשיכטע פונעם שטאנדפּונקט פון באזונדערע פערזענלעכקײַטן? צוליב וואָס דארף מען איבערטרייסלען דאָס שמוציקע גרעט פאר אלעמענס אויגן?” איך פּערזענלעך בין איבערצײַגט, אז עס וועט נוצלעך זײַן אפּסנײַ א קוק טאָן און ווידעראמאָל באטראכטן אונדזער פארגאנגענהײַט — סײַ דאָס גוטע, סײַ דאָס שלעכטע אין איר. האָט מען דען ווייניק גוטע איניציִאטיוון בא אונדז אָפּגעשטעלט בלויז דערפאר, ווײַל מיר האָבן זיך דערשלאָגן א געוויסן פּראָגרעס פאָרמעל, אָבער אין טאָך קיין זאך ניט געענדערט אינעם טאָגטעגלעכן לעבן. אזוינס איז געשען אין די צײַטן פון כרושטשאָוון, ברעזשנעוון, די באזע פאר דער איבערבויונג הײַנט — איז אריבערגיין פון וואָרט צו טאט. דאָס האָט א שײַכעס אויך צו דער ליטעראטור. באזונדערס שארף איז עס נעגייע דער סיסטעם פון בילדונג. צום גרויסן באדויערן, האָבן מיר פולקום פארביוראָקראטעוועט דעם לערן־פּראָצעס אין די שולן, טעכניקומס, פּראָפעטכשולן. אין די לערןפלענער טראָגן מיר אונטער פיל פאקטן פון אונדזער געשיכטע אײַנזײַטיק. אויב אונדזער יוגנט וועט וויסן דעם עמעס — און אָן עמעס איז קיין שום איבערבויונג ניט מעגלעך, — וועט דעמלט, מעגלעך, אף א נײַעם אויפן אָפּגעשאצט ווערן אונדזער געשיכטע.

פראגע: וויאזוי ווירקן אין סאָוועטנפארבאנד די טעלעוויזיע און קינאָ אף דער קינסטלערישער ליטעראטור? צי אנטשטייט ניט בא אײַך א סיטואציע, ווען מענטשן, באזונדערס די יוגנט, פארוואנדלען זיך אין פּאסיווע געברויכער פון דער קולטור?

ענטפער: איך ווייס, אז אפן מײַרעוו שטייט די דאָזיקע פּראָבלעם זייער שארף, אָבער בא אונדז איז זי ניט אזוי אקטועל. און פונדעסטוועגן פילן זיך אויך בא אונדז אנאלאָגישע טענדענצן, באזונדערס צווישן דער יוגנט. בייס דער איבערבויונג רעדן מיר וועגן דעם, — און איך דארף עס אונטערשטרײַכן, — אז צומאָל מאכן מיר פארדריסלעכע פעלערן, האָבנדיק אפילע אין זינען די בעסטע קאַוואָנעס. מיר קעמפן ביז א זיגרײַכן סאָף מיט די מאָדערנע טענץ, נאָכדעם פארבאָטן מיר זיי, און דעמלט ווערט קלאָר, אז די יוגנט טאנצט ניט קיין וואלס, טאנגאָ, נאָר בלויז מאָדערנע טענץ. מיר האָבן אפילע געמיינט, אז די דזשאז־ און פּאָפּ־גרופּעס זײַנען פּראָדוקטן פון דער מײַרעוודיקער קולטור, און ווען מיר האָבן, ענדלעך, זיי אנערקענט, האָבן אָנגעהויבן בליִען בא אונדז גרופּעס פון זינגער אָן שטימען, וועלכע מאכן א ראַש, א געקראך, שפּרינגען ארום איבער דער בינע, און די צאָל פון אזעלכע גרופּעס שטײַגט איבער יענע, וואָס זעצן פאָר אונדזער קולטור־טראדיציע. ווײַזט אויס, אז מיר האָבן ווידער זיך א וואָרף געטאָן אין אן אנדער עקסטרעמקײַט.

איך מיין, אז די אויספורעמונג פון אונדזער נײַער סיסטעם פון דערציִונג וועט באשטיין אין דער אומצערײַסבארער פארבינדונג פונעם דערציִען א גוטן געשמאק און אן עטישע אופירונג, דערבײַ טאָר מען ניט לאָזן, עס זאָלן זיך אנטוויקלען ביז

אומגעהייערע מאסשטאבן יענע טענדענצן, וועלכע האָבן זיך פֿארשפּרייט איבערן מיִרעוו. איך דארף באטאָנען, אז אין דער קולטור־טראדיציע פֿונעם סאָוועטישן מענטשן האָט קעסיידער עקזיסטירט א דראנג צו ליטעראטור. ניט די ראדיאָ, ניט די טעלעוויזיע קענען ניט פֿארבײַטן א בוך. עס איז פֿאראן א פֿארקערטער פּראָצעס: נאָך דער דעמאָנסטראציע פֿונעם פֿילסעריע־פֿילם „קריג און פֿרידן" האָבן א סאך צושויער זיך געווענדט צום אורקוואל, צו טאָלסטאָיען. דאָס איז בלויז איינער פֿון א סאך בײַשפּילן.

פראגע: אלס סעקרעטאר פֿונעם סאָוועטישן שרײַבער־פֿארבאנד און רעדאקטאָר פֿון א זשורנאל, איז אײַך מיסטאמע אויסגעקומען באריִרן זיך מיט דער ייִדישער ליטעראטור אין סאָוועטנפֿארבאנד. צי קאָנט איר ניט זאָגן עטלעכע ווערטער מיקויעך אָט דער פראגע?

ענטפער: איך בין טאקע אינדערעמעסן גוט באקאנט מיט אָט דער פראגע. פֿאר די לעצטע 26 יאָר בין איך געווען פֿאָרזיצער פֿון די קאָמיסיעס, געווידמעט דעם 100־טן און 125־טן געבורטסטאָג פֿון שאָלעם־אליכעמען, וועלכער איז בא אונדז, ווי איר ווייסט, זייער פּאָפּולער און באליבט. אין זשורנאל „דרוזשבא נאראָדאָוו" דרוקן זיך ווערק פֿון שריפטשטעלער, וועלכע שרײַבן אַף ייִדיש, ווי אויך ווערק, געווידמעט דער ייִדישער טעמאטיק. מיר פּובליקירן פּראָזע, פּאָעזיע, רעצענזיעס אַף די ביכער, וואָס דערשײַנען אַף ייִדיש. איך אליין האָב געדרוקט פֿיל מאָל מײַנע ווערק אינעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" און ארויסגעלאָזט א בוך אין דער איבערזעצונג אַף ייִדיש. א פּראָבלעם פֿון דער ייִדישער ליטעראטור איז דאָס קעסיידערדיקע פֿארקלענערן זיך פֿון דער צאָל לייענער. די דאָזיקע דערשײַנונג רופֿט ארויס אומרו אויך אין אנדערע לענדער. אגעוו, מערקט זיך די טענדענץ פֿון דער פֿארקלענערונג פֿון דער צאָל מענטשן, וואָס לייענען די ליטעראטור אַף זייער מוטער־שפּראך, אין אלע סאָוועטישע רעפּובליקן. אלץ מער און מער מענטשן לייענען ביכער אַף רוסיש.

פראגע: און, לעסאָף, אין וואָס זעט איר די הויפּט־אופגאבע פֿון דער סאָוועטישער ליטעראטור הײַנט?

ענטפער: די צענטראלע פּראָבלעם — צי וועט קאָנען אונדזער ליטעראטור אָפּשפּיגלען די פּראָצעסן פֿונעם לעבן און די נײַע צילן, ווײַל די ליטעראטור שפּיגלט ניט סטאם פֿאָטאָגראפֿיש פּינקטלעך אָפּ מיט קינסטלערישע מיטלען די הײַנטצײַטיקע סיטואציע, נאָר זי איז קעכיידער געריכטעט אין דער צוקונפֿט. דעריבער באשטייט די פראגע אין דעם, אַף וואָס פֿאר אן אויפֿן וועט די ליטעראטור מיטווירקן דער איבערבויונג, דער ענדערונג פֿונעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע, ווײַל אָן דעם מענטשן איז די איבערבויונג אומעגלעך. איך מיין, אז דאָס איז די שליסל־פראגע, וועלכע שטייט הײַנט אפֿן טאָג־סיידער פֿון אונדזער ליטעראטור.

**יאראָן באָקער**

(„זאָ האדערעך" פֿארן 10 יול 1987)



מאַניע קאָטליאַראָווע

# צום אָנדענק פון סידי טאַל

סידי טאַל איז בעעמעס געווען איינע פון די פּערל, פון וועלכע עס באַשטייט דאָס גרויסע שנירל צירונג, וואָס באַשיינט דאָס יידישע פאָלק. א געבוירענע אין א קליין שטעטל אין אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע, האָט זי זיך דאָס גאַנצע לעבן באַמיט צו באַווייַזן געשטאַלטן פונעם פאָלק — סיי פּאָזיטיווע, סיי נעגאַטיווע.

ווי באַוווּסט, איז נאָר יענע קונסט לעבנספעיִק, וועלכע פאַרמאָגט וואָרצלען אינעם לעבן, אינעם פאָלק. עמעס קונסט לעבט ניט נאָר אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער סוויווע — זי פּליסט אַריבער אירע גרענעצן. דערפאַר איז סידי טאַל געווען באַקאַנט און ליב דעם צושויער אין אַלע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן פון אונדזער סאָוועטנפאַרבאַנד און אויך אויסער זייַנע גרענעצן.

וועגן דער נאָך דעמלט יונגער, טאַלאַנטפולער אַקטריסע סידי טאַל האָבן מיר, אַקטיאָרן פונעם מאָסקווער גאָסעט, זיך דערוווּסט אין 1939, ווען שלוימע מיכאָעלס צוזאַמען מיט בינּיאָמין זוסקינען און לייב פּולווערן האָבן געזען די אַקטריסע אין בעסאַראַביע. אַלע האָבן זיי מיט באַגייַסטערונג דערציילט וועגן איר. דערזען האָב איך סידי טאַל צום ערשטן מאָל אין טאַשקענט בייס דער מילכאָמע, ווּהין אונדזער טעאַטער איז געווען עוואַקויִרט. אין 1942 האָבן דער רעזשיסער יאַנקעוו שטערנבערג, סידי טאַל און פּינכעס פאַליק צונויפגעשלאָגן א קליינע גרופּע אַקטיאָרן און צוגעגרייט אַן עסטראַדע־פּראָגראַם, וועלכע זיי האָבן באַוויזן אויף די אָפענע עסטראַדעס אין די פּאַרקן פון טאַשקענט. די גרופּעס זייַנען געווען קימאַט צופעליקע און מערסטנסטייל פון שוואַכע אַקטיאָרן, אָבער סידי טאַל האָט ווי אַרויסגעשייַנט פון דער אַרומרינגלונג.

גאָר אַנדערש האָט סידי א בלישטשע געטאָן, ווען זי איז געקומען צום ערשטן מאָל אויף גאַסטראָלן קיין מאָסקווע אין 1947. דער באַשטאַנד פון דער טרופּע, די פּראָגראַם — אַלץ איז געווען שוין גאָר אויף אַן אַנדער ניוואָ. די אַקטיאָרן כאַליף, לייבאָוויטש, דינע זלאַטאַיא און שפּעטער גאָלדמאַן, מסטיסלאַווסקע, זייַנען געווען ווי א דערגאַנצונג — א גאָלדן ראַמל פאַר א פּרעכטיק בילד. מיט גוטע פּאַרטניאָרן איז אינטערעסאַנטער צו שפּילן, און סידי האָט גלענצנד באַוויזן אירע פאַרשיידענע געשטאַלטן: יונגע מיידלעך, פרויען, אַלטע יידענעס און פלינקע, פּונקט ווי קוועקזילבער, יינגעלעך. יעדער געשטאַלט איז געווען אויסגעטאָקט און אויסגעשליפן. א סאַך געדענקען אין דער אויספירונג פון דער אַקטריסע גאָוואָראָשן, מאָטל פּייסי דעם כאַזנס, דאָס נעגער־ייִנגל. ווען סידי אין דער ראָל פונעם נעגערל פלעגט אַרויסטראָגן א קאַסטן, האָט זיך געדוכט, אַז דער קאַסטן וועגט א פּוד פּינף, כאָטש ער איז געווען א פּוסטער. דערנאָך שטעלט זי אַוועק דעם קאַסטן און זינגט א ליד וועגן דעם שווערן לעבן פון די נעגערס אין אַמעריקע.

דאָס אַלץ איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַזא אומעט און טרויער, אַז דאָס האַרץ הייבט אָן וויי טאָן פון מיטגעפיל צו דעם אָרעמען נעגערל — אַזוי מייַסטעריש האָט די אַקטריסע באַוויזן דאָס געשטאַלט.

איך געדענק, ווען סידי האָט אייַנגעלאַדן דעם באַוווּסטן באַלעטמייסטער עמיל מיי שטעלן די באַוועגונגען, איז ער נאָך דער רעפּעטיציע געקומען א דערשיטערטער פון דער אַקטריסע — ווי זי באַנעמט און ווי זי פילט גלייַך אויס די קאָמפּליצירטסטע באַוועגונגען.

וועמען איז ניט באַוווּסט די פאָלקסליד „וואַרנעטשקעס"? עס האָבן זי געזונגען אַלע עסטראַדע־זינגער, אַפילע מאַנצבלען. אָבער סידי טאַל האָט זי געזונגען גאָר אַנדערש. די אַקטריסע האָט געמאַכט אַן עמעס געשטאַלט פון א קליינשטעטלדיק מיידל, וועלכע גוואַלדעוועט די גאַנצע צייַט „ווּ נעמט מען?", און ווען עס גייט צום סאָף דער שטאַרקסטער — „ווּ נעמט מען א באָכער?", האָט זי אַן עפן געטאָן דאָס מויל, אָבער דער „ווּ נעמט מען?" בלייַבט בא איר שטעקן אין גאָרגל און דאָס



אָפּן מויל שווײַגט, און ערשט דערנאָך ברענגט זי אַרויס: „אַ באָכער". שטענדיק פֿלעגט אין אָט דעם אָרט אויסברעכן אַ שטורעם אַפּלאָדיסמענטן.

ס׳איז אוממעגלעך צו ריידן וועגן אַלע געשטאַלטן, וועלכע סידי טאַל האָט באַוויזן אויף דער בינע אין משך פֿון העכער פֿינף צענדליק יאָר, אָבער וועגן צוויי מוז איך זאָגן כאָטש אַ פּאָר ווערטער. אָט שפּילט זי אַ „ייִדענע", וועלכע האָט, זיצנדיק אויפֿן וואָקזאַל און וואַרטנדיק אויפֿן צוג, זיך צערעדט מיט די שכנים, וואָס זײַנען געזעסן לעבן איר. בײַ ס זי רעדט עסט זי אַן עפּל, און דערבײַ בלויז מיט איין צאָן — מער האָט זי ניט. סידי האָט אַזוי קונציק געגעסן דעם עפּל מיטן איינציקן צאָן, אַז דער צושויער און אַפֿילו איך, וואָס כ׳האָב גוט געוווּסט, אַז בײַ סידין זײַנען אַלע ציינער, זײַנען געווען זיכער, אַז בײַ דער אַקטריסע איז טאַקע בלויז איין צאָן...

און נאָך איין עפּיזאָד. מיר זײַנען שוין געוווינט געווען צו דעם, אַז סידי איז אַן אויסערגעוויינלעכע עסטראַדע־אַקטריסע, וועלכע טיילט זיך אויס מיט אירע שאַרזשן און איבערהויפּט מיט איר לעבנסלוסטיקייט אויף דער בינע. דערפֿאַר איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, ווען זי האָט אײַנגעשלאָסן אין איר נײַער פּראָגראַם דעם טראַגישן מאָנאָלאָג „דער מאַמעס האַרץ" (אַ מוטער באַוויינט די אומגעקומענע און רופֿט צו שאָלעם). דאָ האָט סידי טאַל זיך באַוויזן ווי אַ גרויסע טראַגישע אַקטריסע, וועלכע וואָלט אין דעם בעסטן טעאַטער פֿאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, אַ נײַ און וויכטיק בלעטל ניט בלויז אין דער ביִאָגראַפֿיע פֿון דער אַרטיסטקע, נאָר אויך פֿאַר דער עסטראַדע, פֿאַר דער ייִדישער קונסט, וועלכער זי האָט מיט איר גרויסן טאַלאַנט געדינט מיט לײַב און לעבן אַלע אירע יאָרן, פֿון קינדווײַז אָן. דאָס איז געווען אין סידי טאַלס לעצטער פּראָגראַם, מיט וועלכער זי איז געקומען קיין מאָסקווע מיט איר קאָלעקטיוו צוזאַמען מיט פּינכעס פֿאַליקן. דאָ וועט זײַן ניט איבעריק צו דערמאָנען אַז סידיס שטענדיקער באַגלייטער — איר מאַן פּינכעס פֿאַליק האָט געהאַט אַ גרויסן כיילעק אינעם דערפֿאָלג פֿון דער אַקטריסע.

פּינכעס פֿאַליק האָט אין משך פֿון עטלעכע צענדליק יאָר געאַרבעט אַלס הילפֿס־דירעקטאָר פֿון דער טשערנאָוויצער פֿילהאַרמאָניע. זײַן נאָמען איז געווען באַוווּסט אין אַ סך קאָנצערט־אָרגאַניזאַציעס פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, איבערהויפּט אויף אוקראַיִנע, ווו מע האָט אים געהאַלטן פֿאַר דעם בעסטן אָרגאַניזאַטאָר, פֿאַר דעם געניטסטן אַדמיניסטראַטאָר. זײַנע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער ייִדישער בינע זײַנען אומגעהייער גרויס. דאָס איז געווען אַ טעאַטראַלער מענטש מיט אַ הויכער קולטור.

פּינכעס פֿאַליק האָט זיך אויך אויסגעטיילט מיט זײַן געשמאַק. דערפֿאַר איז קיין איין עסטראַדע־נומער ניט דורכגעגאַנגען אָן זײַן האַזשגאָכע. אויף די גאַסטראָלן קיין מאָסקווע פֿלעגן זיי אויך שטענדיק קומען צוזאַמען, און יעדער גאַסטראָל האָט געבראַכט מיט זיך עפּעס נײַס, אינטערעסאַנטס.

די גרעסטע מײַלע פֿאַר אַן אַקטיאָר איז די מאָס. סידי טאַל האָט קיינמאָל ניט „איבערגעטריבן", ניט „איבערגעשפּילט". אויך אין לעבן איז סידי געווען פֿול מיט הומאָר און כיין. די נאַטור האָט זי געבענטשט מיט אַלע מײַלעס אין דער פֿולער מאָס. אַ שיינער צווײַג, וואָס שטאַמט פֿון טיפֿע וואָרצלען פֿונעם פֿאָלק, וועט סידי טאַל אויף שטענדיק פֿאַרבלײַבן אין אונדזערע הערצער.

• • •





ביראָבידזשאַן. אף דער
גאָרקי־גאַס

די פאַרקויפערנס אינעם שטאָטישן ביכער־הויז (פון רעכטס אף לינקס) אָלגע ספיוואַקאָווא, מאַרינע פוקס
און אירינע באָוואַזשילאָוואַ



# פאָטאָ־רעפּאָרטאַזש



די מעדיצין־שוועסטער נאַטאַליע קאַדינסקאַיאַ



פרייד פון מוטערשאַפט



די דאָקטוירים פונעם שטאָטישן שפּיטאָל (פון רעכטס אַף לינקס) ד. קאַראַלקאָווא, ד. בעקער, ל. דימענט, מ. שיימאַן

# САМОУЧИТЕЛЬ ЕВРЕЙСКОГО (ИДИШ) ЯЗЫКА

**Урок V** (продолжение)

**לימעד פינף** (פאָרזעצונג)

I. Любая форма притяжательного местоимения, **не** оканчивающаяся на [-э], — признак **единственного** числа определяемого существительного:

1) моя сестра, 2) моё произведение,
3) моему учителю,
4) её дочери (*ед. ч.*)

מײַן ש׳וועסטער, 2) ווערק מײַנס,
3) **דעם ל׳ערער מ׳**ײַנעם
4) **דער ט׳אָכטער א׳**ירער.

З а м е т ь т е!

II. Притяжательное местоимение с окончанием [-э], подобно артиклю [ди], многозначно. Оно указывает

— либо на единственное число существительного женского рода:

1) моя мать, 2) его дочь

1) **די מ׳וטער** מ׳ײַנע, 2) **די ט׳אָכטער** ז׳ײַנע

— либо на множественное число существительного любого рода:

3) мои друзья, 4) наши дети

3) מ׳ײַנע פרײַנט, 4) **די ק׳ינדער** א׳ונדזערע

Число существительных определяется в таких случаях по контексту, по смыслу всего предложения, например:

**Все** мои сёстры (*мн. ч.*)
**живут** в Киеве

׳אלע **שוו׳עסטער מ׳ײַנע** לעבן **אין** קיִעוו

**Задание 8.** Выучите перевод притяжательных местоимений.

**מײַן, דײַן, זײַן, איר, א׳ונדזער, א׳ײַער, ז׳ייער.**

**Задание 9*.** Укажите номера словосочетаний
а) с существительными единственного числа,
б) с существительными множественного числа.
Образец записи ответа: ед. ч. — 1, 3,...
**мн. ч. — 2. 4,...**

**1) זײַן ׳ארבעטער, 2) ז׳ײַנע ׳ארבעטער, 3) ז׳ייער שוו׳עסטער, 4) ז׳ייערע שוו׳עסטער, 5) א׳ונדזערע ט׳אָקער, 6) א׳ונדזער ט׳אָקער, 7) איר ט׳אָכטער, 8) א׳ירע ט׳עכטער, 9) ז׳ײַנע פרײַנט, 10) זײַן פרײַנט, 11) א׳ײַערע פרײַנט, 12) איר בריוו, 13) א׳ירע בריוו, 14) ד׳ײַנע ווערק, 15) דײַן ווערק.**

**Ключ к заданию 9.** Ед. число: 1, 3, 6, 7, 10, 12, 15;
Мн. число: 2, 4, 5, 8, 9, 11, 13, 14.

# КРАТКАЯ И ПОЛНАЯ ФОРМА ПРИЛАГАТЕЛЬНЫХ

Подобно притяжательным местоимениям, еврейские прилагательные употребляются в двух формах: в краткой (несклоняемой) форме и в полной (склоняемой) форме.

Краткая форма — это основа прилагательного без каких-либо окончаний, например:

| | |
|---|---|
| 1) «хорош», 2) «красив», 3) «мал» | 1) גוט, 2) שיין, 3) קליין |

Полная форма прилагательного состоит из краткой формы + одного из известных уже вам окончаний [-э, -эр, -эн, -н, -эм, -с], например:

| | |
|---|---|
| 1) «хороший сын», 2) «красивая женщина», 3) «малое дитя» | 1) דער ג׳וט־ער זון; 2) די ש׳יינ־ע פרוי; 3) א קינד א קליינ־ס |

*Примечание.* Более подробно о склонении и падежных окончаниях прилагательных вы узнаете позже, в уроке XIV.

В русско-еврейском и еврейско-русском словарях прилагательные приводятся в полной форме именительного падежа мужского рода с окончанием [эр], например:

| | |
|---|---|
| хороший | ג׳וטער |
| красивый | ש׳יינער |
| малый | קל׳יינער |

В текстах же прилагательное может встречаться с каким-либо другим окончанием, например:

| | |
|---|---|
| «хорошему товарищу» | דעם ג׳וט־ן כ׳אווער |
| «хорошая дочь» | די ג׳וט־ע ט׳אָכטער |

или же в краткой форме, без какого-либо окончания, например:

| | |
|---|---|
| «хорошее дитя» | א גוט קינד |

Перевод подобных прилагательных с помощью словаря не представляет трудностей, т. к. основная часть прилагательного в тексте и в словаре совпадает; надо только помнить, что в словаре это прилагательное будет всегда в окончанием [-эр].

## אווראָם לעווענבראַון

אווראָם לעווענבראַון איז געבוירן געוואָרן אין 1916 אינעם שטעטל שטעפאַנעשטי, רומעניע. ער איז פרי געבליבן א יאָסעם און דערצויגן געוואָרן בא קרויווים. אריבערגעפאָרן קיין פראַנקרייך, ווו געאַרבעט אין אן אייזנבאַן־וואַרשטאַט און געווען נאָענט צו די פראַנצויזישע קאָמוניסטן. אין 1938 קומט ער קיין ערעץ־ייִסראָעל, אַרבעט אין א קיבוץ, אין כייפער פאָרט און אין אן אונטערנעמונג פון כעמישער אינדוסטריע. געווען טעטיק אין דער פראָפאַריינען־באַוועגונג. אין 1954 טרעט ער אַריין אין דער ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. געווען דער פאָרשטייער פון די קאָמוניסטן אינעם אַרבעטער־ראַט פון כייפע, א מיטגליד פון צק פון דער ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָנגעפירט מיט דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פונעם כייפער קרייז, א געוויסע צייט געווען א קנעסעט־דעפּוטאַט. אַקטיוו געאַרבעט אין דער אָנפירונג פון דער פרייַנטשאַפט־באַוועגונג ייִסראָעל—ראַטנפאַרבאַנד, פונעם ייִסראָעלדיקן שאָלעם־קאָמיטעט, פון א ריי אַנדערע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

דער טויט פונעם כאַווער לעווענבראַון איז א שווערער פאַרלוסט פאַר די פּראָגרעסיווע קרייזן אין ייִסראָעל.

ערע זייַן אָנדענק.

## מוישע באַרזילײַ נאָף

דער דיכטער מוישע באַרזילײַ נאָף איז געבוירן געוואָרן אין 1914 אין ווין. אין זייַן פרייִער יוגנט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין עסטרייַכישע אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. אין 1934, אַלס קעמפער אינעם באַוואָפנטן אַנטיפאַשיסטישן אויפשטאַנד, ניט געקאָנט בלייַבן אינעם לאַנד און זיך רעפּאַטרייִרט קיין פּאַלעסטינע. בעשאַס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע זיך געשלאָגן קעגן דעם נאַציזם אין די רייען פונעם בריטאַנישן מיליטער.

אין דער ייִסראָעלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז באַרזילײַ נאָף אַרייַנגעטראָטן אין 1960 און פון דעמלט אָן געווען אן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין לייַטעראַרישע רעדאַקציעס פון די העברעיִשע קאָמוניסטישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס „קאָל האאַם" און „זאָ האַדערעך".

מוישע באַרזילײַ נאָף האָט געשריבן לידער אויף העברעיִש און אויף ענגליש, זיך געדרוקט אין ייִסראָעל און אין אויסלאַנד, אַרויסגעלאָזט דרייַ העברעיִשע לידער־זאַמלונגען, איבערגעזעצט אויף העברעיִש און פאַרעפנטלעכט אין א בוך־פאָרם די ווערק פונעם קובינישן דיכטער ניקאָלאַס גילייען, ווי אויך איבערגעזעצט די ייִסראָעלדיקע העברעיִשע און אַראַבישע דיכטונג אין ענגליש און אין דייַטש. די דאָזיקע אַרבעט זייַנע איז אָפּגעמערקט געוואָרן מיט ספּעציעלע באַלוינונגען אין מייַרעוו־דייַטשלאַנד און אין די פּשא.

דער כאַווער באַרזילײַ נאָף איז געווען א מיטגליד פון דער אָנפירונג פונעם פּראָגרעסיוון פּראָנט „כאַדאַש", פון דער ייִסראָעלדיקער ליגע פאַר מענטשן־רעכט, דער סעקרעטאַר פונעם פרייַנטשאַפט־קאָמיטעט ייִסראָעל—קובע.

ערע זייַן אָנדענק.

## אַלפרעד גראַנט (סימאָן צוקער)

פון פּאַריז איז אָנגעקומען א טרויעריקע יעדיִע, אַז נאָך א לאַנגער שווערער קראַנקהייַט איז געשטאָרבן דער באַוווּסטער טוער פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער באַוועגונג אין פראַנקרייַך אַלפרעד גראַנט (סימאָן צוקער).

דער כאַווער אַלפרעד גראַנט איז געווען טעטיק אין דער ברייט פאַרצווייַגטער פּראָגרעסיווער ייִדישער באַוועגונג פון פראַנקרייַך נאָך אינעם פאַרמילכאָמעדיקן פּעריאָד. בייַס דעם פאַשיסטישער אָקופּאַציע איז ער געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

נאָך דער באַפרייַונג איז ער געוואָרן אן אָנגעזעענער אָנפירער פון די ייִדישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, דערונטער, אין מעשעך פון א סאַך יאָרן, — גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם „פאַרבאַנד פון די ייִדישע געזעלשאַפטן", פּרעזידענט פונעם „פאַרבאַנד פון די ייִדישע ווידערשטענדלער", א שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער פּראָגרעסיווער פּאַריזשער צייַטונג „נייַע פּרעסע".

אַלפרעד גראַנט איז אין פּאַריז און אין גאַנץ פראַנקרייַך געווען פּאָפּולער און באַליבט אַלס וועטעראַן פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער באַוועגונג, און באַגלייַך מיט דעם אַלס וועטעראַן פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ערע זייַן אָנדענק.

*"Obras aparecidas en la revista "Soviétish Héimland" en 1986* es el título de la sinopsis del crítico literario Moishe Margolin (Moscú), que analiza novelas, relatos, poesías y artículos de crítica literaria. Presentamos, luego, las memorias de María Kotliarova (Moscú) sobre la famosa actriz judía Sidi Tal.

El kievliano Yákov Káper es uno de las contadas personas que por un milagro pudieron salvarse de Babi Yar. Ofrecemos su testimonio titulado *"Del Infierno"*, que narra los monstruosos crímenes de los verdugos hitlerianos. El autor participó como testigo de la ocusación en uno de los procesos contra los monstruos fascistas, organizados poco después de terminada la guerra.

El periodista Eduard Rozental recorrió muchos países y tiene qué contar a los lectores. Entregó a nuestra redacción una serie de ensayos, uno de los cuales, *"Anatomía del miedo"*, se publica en el presente número. El autor analiza el mecanismo de mentira utilizado por la prensa, literatura y arte burguesas con el fin de moldear la mentalidad del público, sobre todo, joven, fomentando el antisovietismo.

En agosto ofrecimos el ensayo del diplomático y orientalista Oleg Guerásimov (Moscú), titulado *"Calor de las manos"*, que trataba de las impresiones del autor sobre la Etiopía antigua y actual. En esta ocasión el lector puede conocer el nuevo artículo de Guerásimov, *"En la zona oriental de Libia"*.

Continuamos la discusión sobre la asociación informal "Pámiat" ("Memoria"), que desarrolló sus actividades seudopatrióticas y provocativas en Moscú, Novosibirsk, Sverdlovsk y otras cuidades de la URSS. Comenzamos este tema en el número anterior. Esta vez presentamos la sinopsis de los artículos dedicados a "Pámiat" que vieron la luz en la revista *"Ogoniok"*, el semanario *"Nedelia"*, los diarios *"Soviétskaia Rossiya"*, *"Literatúrnaia Rossiya"*, *"Izvestiya"* La opinión pública del país desenmascaró la verdadera esencia de dicha asociación tendiente a azuzar las discordias e intolerancias nacionalistas, comprendidas las de carácter antisemita.

El 2 de marzo de 1937 una disposición del Gobierno soviético concedió al poblado obrero Birobidzhán, cabeza de la Región Autónoma Judía, el *status* de la ciudad. Este año en Birobidzhán se celebró con solemnidad el 50 Aniversario de la urbe. En el presente número de la revista aparece la información sobre estas actividades.

Al fin ofrecemos las secciones tradicionales: *"Cronica de la vida cultural"*, *"Manual autodidáctico del idioma yiddish"* y otras.



**Suplemento al número:**
**Gueorgui Shmígov "Democracia del saco de oro"**

# EL RESUME

## "Soviétish Héimland ("La Patria Soviética") N° 10, octubre, 1987

"La *perestroika* pasó a presidir nuestra vida cotidiana, convirtiéndose en su parte inalienable. No lo hizo de la manera simple ni pomposa. Engendró estusiasmo y esperanzas, pero también contradicciones reveladoras de la profundidad que alcanzan estos procesos sociales y estimuladoras del anhelo de vivir y trabajar de buena fe, superando la pasividad e indiferencia. Plantea problemas difíciles, desagradables, a veces incluso dolorosos, pero nos inspira con sus persepectivas", manifestó A. N. Yákovlev, miembro del Buró Poiítico y secretario del Comité Central del PCUS, al hacer uso de la palabra ante los activistas del partido en la ciudad de Kaluga, el 14 de julio último. Los planteamientos de este discurso abren el número de octubre de "Soviétish Héimland".

Volvemos a ofrecer escritos dedicados al 70 Aniversario del Gran Octubre. Esta vez se trata de dos fragmentos: de *"Odesa"*, novela de Shaya Shkarovski (1891-1945), y de *"Casa"*, noveleta de Itsik Kipnis, que tratan sobre los tormentosos días de la revolución y la guerra civil en Ucrania.

De poesía presentamos un ciclo poético de Max Riant (Samarcanda), así como obras de Dora Jáikina (Kíev), Motl Gruvman (Nóvgorod), Motl Colbshtein (Simferópol), Lipa Héller (Minsk), Jaim Béider (Moscú), Avrom Kátsev (Jersón), Pinia Plotkin (Bobruisk), Elia Béider (Gorki), Lev Berinski (Moscú), Hirsh Reles (Minsk), Velvl Chernín (Moscú) y Félix Jaimóvich (Minsk), según el esquema: un poeta — una poesía.

Aparecen nuevos relatos de Shmuel Gordón (Moscú), titulados *"Fueguecillo oculto"*, *"En una mañana asoleada"*, *"Asumir la responsabilidad"* y *"Olmo"*.

En números anteriores de la revista comenzamos a publicar la segunda parte de *"Erase una vez un shtetl"*, novela de Hershl Poliánker (Kíev). En el presente número los lectores encontrarán el final de esta parte. También seguimos dando a conocer la novela autobiográfica del odesita Note Lurié, titulada *"Días y años"*. En esta ocasión ofrecemos el capítulo *"Nubes bajas sobre Guliái-Polie"*.

Con el motivo del 70 aniversario de Iósif Shúster (Moscú) incluímos su ensayo *"De la vida de los Kóvler"*.

Entre las *"Nuevas traducciones"* aparecen poesías de destacados autores rusos Nikolái Gumiliov (1896-1921) y Konstantín Bálmont (1867-1942), vertidas al yiddish por Arón Verguelis (Moscú).

En la sección *"Espacio"* publicamos *"Trayectoria de un diseñador"*, ensayo de la moscovita Evguenia Malajóvskaia consagrado a A. S. Kósberg, Doctor en Ciencias Técnicas, Premio Lenin, Héroe del Trabajo Socialista. Hijo de herrero en su *shtetl*, que aprendió del padre este oficio, Semión Kósberg se granjeó fama como diseñador de motores para aviones y cohetes.

by the literary critic Moishe Margolin (Moscow), included in the current issue, which analyses the novels, stories, poems and literary critical works published last year. Issue No 10 carries the memoirs of Maria Kotlyarova (Moscow) about the outstanding Jewish actress Sidi Tal.

Yakov Kaper (Kiev) is one of the very few who miraculously saved themselves from Babiy Yar. Included in the current issue is his documentary story "From Hell" which tells of the monstrous crimes perpetrated by the nazi butchers. The author's testimony was used at a trial of the nazi butchers soon after the war.

Journalist Eduard Rozental visited many countries and he has much to tell about. The essay he has contributed to the present issue entitled "Anatomy of Fear", analyses the machinery of lies used by the bourgeois press, literature and art for the psychological brain-washing of the readers and viewers, particularly young people, for the purpose of rousing anti-Sovietism.

The August issue carried an essay by the diplomatist and oriental scholar Oleg Gerasimov (Moscow), entitled "Warmth of Hands", travel notes about ancient and modern Ethiopia. The current issue carries his third essay "In the Eastern Regions of Libya".

The current issue continues to publish materials, started in the previous issue, about the pseudo-patriotic and provocative activity of the informal association "Pamyat" ("Memory") in Moscow, Novosibirsk, Sverdlovsk and other cities of our country. It reviews the materials about "Pamyat" published in the magazine "Ogonyok", the weekly "Nedelya", and newspapers "Sovietskaya Rossiya", "Literaturnaya Rossiya", "Izvestiya". The Soviet public opinion exposes the real essence of this association aimed at instigating national hatred and intolerance, in particular anti-Semitism.

The workers settlement of Birobidzhan, the center of the Jewish Autonomous Region, was granted, by the decree of the Soviet government of March 2, 1937, the status of city. The celebrations of the city's 50th Anniversary are reported in the present issue.

Included are the magazine's traditional sections "Chronicle of the Cultural Life", "Teach Yourself Yiddish" and others.



**Supplement to the issue: "Democracy of the Money Bag"**
**by Georgi Shmygov**

# RÉSUMÉ

"Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
No 10, October, 1987

"Perestroyka (restructuring) has entered into our daily life to become an integral part of it. Its entrance was neither simple nor ceremonial. It gave rise not only to enthusiasm and hope but also to contradictions which emphasize the depth of our social processes, urging us to live and work honestly, to overcome passiveness and indifference. It raises many complex, unpleasant and even at times painful problems, but it inspires us with its prospects" said comrade A. N. Yakovlev, member of the Politbureau, secretary of the Central Committee of the CPSU, in his speech to the most active members of the Party organization of Kaluga on July 14, 1987. The current "Sovietish Heimland" issue opens with a summary of the speech.

The issue carries another selection of materials devoted to the 70th Anniversary of the Great October: an extract from the novel "Odessa" by Shaya Shkarovsky (1891-1945) and an extract from the novella "Home" by Itsik Kipnis (1854-1974), which reflect the stormy events of the Revolution and the Civil War in the Ukraine.

Poetry is represented in the issue by a series of poems by Max Riant (Samarkand) and a selection consisting of one poem by Dora Khaikina (Kiev), Motl Gruvman (Novgorod), Motl Golbshtein (Simferopol), Lipa Heler (Minsk), Chaim Beider (Moscow), Avrom Katsev (Kheson), Pinya Plotkin (Bobruysk), Elya Beider (Gorky), Lev Berinsky (Moscow), Hirsh Reles (Minsk), Velvl Chernin (Moscow), Felix Khaimovich (Minsk).

Included in the issue are stories by Shmuel Gordon (Moscow): "The Smouldering Fire", "On One's Own Responsibility" and "The Elm".

The previous issues carried part 2 of the novel "There was a Shtetl Once" by Hershl Polyanker (Kiev). The current issue contains the conclusion of this part as well as a chapter of the autobiographical novella "Days and Years" by Note Lurie (Odessa), entitled "Heavy Clouds over Gulyaipole".

To celebrate the 70th Birthday of Yosif Shuster (Moscow) the magazine publishes his essay "From the Life of the Kovler Family".

"The New Translations" section presents a selection of poems by the outstanding Russian poets Nikolai Gumilyov (1886-1921) and Konstantin Balmont (1867-1942) translated by Aron Vergelis (Moscow).

"Oour Space Corner" includes an essay by Yevgenia Malakhovskaya (Moscow), entitled "The History of a Designer's Life" which is devoted to S. A. Kosberg, Ph. D. (Technology), Hero of Socialist Labour, Lenin Prize Winner. Son of a village smith who inherited, at an early age, his father's trade, Semyon Kosberg became famous as a most talented designer of aircraft and rocket engines.

"Works Published by "Sovietish Heimland" in 1986" is the title of the review

В рубрике «Наш космический уголок» печатается очерк Евгении Малаховской (Москва) «История жизни конструктора», посвященный Герою Социалистического труда, лауреату Ленинской премии, доктору технических наук С. А. Косбергу. Сын местечкового кузнеца, сам унаследовавший с юности профессию отца, Семен Косберг прославился как талантливейший конструктор моторов для самолетов и ракет.

«Произведения в журнале «Советиш геймланд» за 1986 год» — так озаглавлено обозрение литературного критика Мойше Марголина (Москва), помещенное в настоящем номере. В статье проанализированы романы, рассказы, стихи и литературоведческие работы за прошлый год. Публикуются воспоминания Марии Котляровой (Москва) о выдающейся еврейской актрисе Сиди Таль.

Яков Капер (Киев) — один из считанных людей, чудом спасшихся из Бабьего яра. Публикуется его документальное повествование «Из ада», в котором рассказывается о чудовищных преступлениях гитлеровских палачей. Свидетельские показания автора воспоминаний были использованы на одном из процессов над фашистскими палачами вскоре после войны.

Журналист Эдуард Розенталь объездил много стран, и ему есть о чем рассказать. Серия очерков об увиденном он передал в редакцию журнала, и один из них — «Анатомия страха» публикуется в нынешнем номере. В очерке анализируется механизм лжи, применяемый буржуазной прессой, литературой и искусством для психологической обработки читателей и зрителей, особенно молодежи, с целью разжигания антисоветизма.

В августовской книжке журнала был напечатан очерк дипломата и востоковеда Олега Герасимова (Москва) «Тепло рук» — путевые дневники о древней и современной Эфиопии. В нынешнем номере публикуется третий очерк этого автора — «В восточных районах Ливии».

Продолжается разговор о неформальном объединении «Память», его псевдопатриотической, провокационной деятельности в Москве, Новосибирске, Свердловске и других городах нашей страны, начатый в предыдущем номере журнала. В октябрьской книжке дается обзор материалов о «Памяти», опубликованных в журнале «Огонек», еженедельнике «Неделя», газетах «Советская Россия», «Литературная Россия», «Известия». Советская общественность разоблачает истинную суть этого объединения, направленную на разжигание национальной розни и нетерпимости, в частности антисемитизма.

2 марта 1937 года постановлением Советского правительства рабочему поселку Биробиджан — центру Еврейской автономной области был присвоен статус города. В связи с этой датой в Биробиджане торжественно отметили 50-летие города. Отчет о праздновании публикуется в настоящем номере журнала.

В конце номера — традиционные рубрики «Хроника культурной жизни», «Самоучитель еврейского языка» и др.



**Приложение к номеру:**
**Георгий Шмыгов «Демократия денежного мешка»**

# РЕЗЮМЕ

«Советиш геймланд» («Советская Родина»)
№ 10, октябрь, 1987

«Перестройка вошла в нашу повседневность, стала ее неотъемлемой частью. Вошла не просто и не парадно. Она породила не только энтузиазм и надежду, но и свои противоречия, которые подчеркивают глубину общественных процессов, побуждают жить и работать по совести, преодолевать пассивность и равнодушие. Она поднимает немало трудных, неприятных, иногда даже болезненных вопросов, но вдохновляет своими перспективами», — так говорил в своем выступлении на партийном активе г. Калуги 14 июля 1987 года член политбюро, секретарь ЦК КПСС товарищ А. Н. Яковлев. Изложением этого выступления открывается октябрьская книжка «Советиш геймланд».

В номере печатается очередная подборка материалов, посвященных 70-летию Великого Октября. Публикуются отрывок из романа Шаи Шкаровского (1891—1945) «Одесса» и фрагмент из повести Ицика Кипниса (1894—1974) «Дом», в которых отображаются бурные события революции и гражданской войны на Украине.

Поэтическая рубрика представлена в номере циклом стихотворений Макса Рианта (Самарканд) и коллективной подборкой одного стихотворения: Доры Хайкиной (Киев), Мотла Грувмана (Новгород), Мотла Голбштейна (Симферополь), Липы Гелера (Минск), Хаима Бейдера (Москва), Аврома Кацева (Херсон), Пини Плоткина (Бобруйск), Эли Бейдера (г. Горький), Льва Беринского (Москва), Гирша Релеса (Минск), Велвла Чернина (Москва), Феликса Хаимовича (Минск).

Печатаются новые рассказы Шмуэла Гордона (Москва) — «Затаенный огонек», «Солнечным утром», «На свою ответственность» и «Вяз».

В предыдущих номерах журнала начала печататься вторая часть романа Гершла Полянкера (Киев) «Было когда-то местечко». В нынешнем номере публикация этой части завершается. Продолжается также публикация автобиографической повести Нотэ Лурье (Одесса) «Дни и годы». В настоящем номере дается глава «Тяжелые тучи над Гуляйпольем».

В связи с 70-летием Иосифа Шустера (Москва) печатается его очерк «Из жизни семьи Ковлеров».

Рубрика «Новые переводы» представлена подборкой стихотворений выдающихся русских поэтов Николая Гумилева (1886—1921) и Константина Бальмонта (1867—1942) в переводе Арона Вергелиса (Москва).

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**

**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**

*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны:
главный редактор — 228-27-91
ответственный секретарь — 923-96-07

Художественная и техническая редакция
С. Черняк, Е. Чернина
Корректор В. Чернин

Сдано в набор 30.07.1987. Подписано к печати 21.09.1987. Формат $70 \times 108^1/_{16}$. Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75). Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 409.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
«Союзполиграфпрома» Государственного
Комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
Москва, 121019, пер. Аксакова, 13.

Цена 70 коп.
70821

issn 0134—4315

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

■

**В НОМЕРЕ:**



1987

№ 10